## אינהאַלט:

# שטויב

צוועלף ניי־מאַשינען. זעקס קעפּ — זעקס מעטאַלענע פערדלעך מיט שוואַרצע, גלאַנציקע רוקנס און גרויע, קאַנטיקע מאַרדעס — צו־געשמידט צו אַ הילצערנעם טיש און צעמענטענעם באָדן, פון איין זייט, זעקס פון דער צווייטער זייט, און אַ קאַרעטע אינמיטן. אַכט אינדערפרי האָט אַ מענטשלעכע האַנט אַ נעם געטון אַ מעטאַלן הענטל לעבן אַ שוואַרץ קעסטל, אַ הענטל פון אַ פייערדיקער בייטש, און דורך די צוועלף מעטאַלענע פערדלעך איז דורכגעלאָפן אַ ציטער — גרייט צו לויפן. צוועלף „מיידלעך", צוועלף דזשאַקיס, זייערע קעפּ — שוואַר־צע, בלאָנדע, רויטע, גרויע — אויף איין פלאַך מיט די מעטאַלענע קעפּ, האָבן מיט די פינגער געטאַרעט די פערדלעך: גיי! גיי! גיכער! גיכער! די פערדלעך, קעפּ און פיס צוגעשמידט, האָבן געציטערט פון אויפרעגונג, געקריצט מיט די ציינער — הב! הב! גיב! גיב! די מיידלעך האָבן געשטופּט שפּייז אין די ציינער: נאַ! נאַ, פרעס! פרעס! די שפּיציקע שאַרפע צינגער האָבן זיך אַריינגעשטאָכן, די ציינער האָבן זיך איינגעביסן אין ציק, זייד, סאַמעט, שיפאָן און סאַטין, עס צעקייט און אַריינגעוואָרפן אין דער קאַרעטע אינמיטן. פול די קאַרעטע, איז געקומען מר. נודלמאַן — די מעטראָפּאָליטאַן דרעס קאָמפּאַניע — און זי אויסגעליידיקט. די מיידלעך האָבן ווידער אָנגעפילט די קאַרעטע און מר. נודלמאַן האָט ווידער אויסגעליידיקט. אַזוי אַכט שעה אַ טאָג.

אַזוי אין ברען פון סעזאָן.

בין הזמנים, אין אַ יולי פרימאָרגן, האָט דער אַרבעט־צימער פון דער מעטראָפּאָליטאַן דרעס קאָמפּאַניע מיט די צוועלף ניי־מאַשינען, פּרעס־ברעטן, שנייד־טישן, מעסט־פיגורן, בייגקלעך, טישן און שאַפעס אויסגעזען ווי אַ טראַמוויי אויף דער ענדע פון דער ליניע שפּעט

ביינאַכט. אין אַווינקל ביי אַ פענצטער איז געזעסן איינע אַ מיידל, זיך געפּורקעט מיט אַ קליידל — אַ שפּעטער פּאַסאַזשיר, וועמען עס אַרט ניט ווען דער טראַמוויי וועט זיך רירן, צי וועט ער זיך אינגאַנצן גאָר רירן פון אָרט. מר. נודלמאַן — אָן אַ רעקל, די ווייסע אַרבל און העמד־ברוסט אַרויסשטאַרטשענדיק פון דער פונאַנדערגעשפּיליעטער קאַמזויל, מיט אַ ווייכן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ — אַ מאָטאָרמאַן אָדער קאָנדוקטאָר אָנגעטון אינם אַרבעט־רעקל מיט די מעשענע קנעפּלעך, נאָר מיט אַ ווייכן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, יאָ מאָטאָרמאַן און נישט מאָטאָרמאַן — חול המועד. דער כמו מאָטאָרמאַן האָט אַ וואָרף געטון אַ קוק אויף דעם איינציקן פּאַסאַזשיר: וועט ער וועט עס גיין טרייבן אַ טראַמוויי צוליב איינעם אַ מענטש? זאָל ער זיצן דער מענטש. ער, דער מאָטאָרמאַן, וועט דערווייל . . . פאַררויכערן. מר. נודלמאַן האָט פאַררויכערט. ער האָט פאַרדרייט דעם קאָפּ אָן אַ זייט, די לינקע זייט פּנים אַרויף, די רעכטע אויף אַרונטער, דאָס רעכטע אויג אַ ביסל פאַרקנייטשט און אַרויסגעלאָזט דעם רויך אין אַ דין שטראַמעלע דורך דעם לינקן ווינקל פונם פאַרדרייטן מויל. דאָס לינקע אויג וואָס האָט געקוקט אַרויף צו דער סטעליע האָט פּלוצלונג דערזען אַז די שער אויפן טיש ליגט ניט אויפן ריכטיקן פּלאַץ. האָט ער איבערגעלייגט די שער מיט אַ פּאָר צאָל ווייטער ווי זי איז פריער געלעגן, נאָכאַמאָל פאַרצויגן אַ ביסל רויך און עס אַרויסגעלאָזט, דאָס מאָל שוין פון מיטן מויל, האָט אַ פיר געטון מיט דער האַנט איבער דער קלאָץ שנייד פּאַפּיר, נאָך אַ צי רויך, איבערגעלייגט די שער צוריק אויפן פריער־דיקן פּלאַץ און אַרויסגעגאַנגען פון אַרבעטס־צימער אין אָפּיס אַריין.

דאָס פּראַסטיקע גלאָז פון אָפּיס פענצטער האָט אָפּגעשלאָגן נודלמאַנס קוק פון זיך, אים אַרויפגעוואָרפן אויפן שרייב־טיש. איז דער קוק געשפּרונגען פון דעם טויבן טעלעפאָן צו דער שטעכיקער שפּיטשקע, אויף וועלכער עס זיינען געווען אָנגעשטאָכן פאַרשידענע פּאַפּירלעך, האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן שרייב־געצייג. וואָס זוכט ער? אַ פּאָר גלאַנציקע קנעפּלעך האָבן אַ שפּרונג געטון אַנטקעגן: אונדז אפשר? זעסטו, טאַקע דאָס זוך איך! טאָ וואָס־זשע? אַהאָ! ער האָט זיך צוגעזעצט צום שרייב־טיש, אַוועקגעלייגט דעם ציגאַרעט אויפן ברעג פון טיש, אויפגעעפנט דעם מיטלסטן שופלאָד און אַרויסגענומען אָן אָפּענעם בריוו.

נודלמאַן האָט ניט נאָר שוין געקענט דעם בריוו אויף אויסנווייניק, די ווערטער זיינען שוין אַ טאָג צייט אים געשטאַנען פאַר די אויגן. „. . . אייער וועקסל איז פעליק דעם צוואַנציקסטן . . .“ האַלטנדיק דעם בריוו האָט ער ממש אָנגעטאַפּט די שטימע פון דעם וויצע־פּרעזידענט פון באַנק. „. . . ניט ווען איר האָט פאַרמשכנט די מאַשינעריע. פאַרמשכנט די מאַשינעריע מיינט מ י ר האָבן קיין גאַראַנטיע. די מאַשינעריע איז אייערע, פאַרשטייט זיך, איר קענט מיט איר טון וואָס איר ווילט, אָבער דאַן קענט איר ניט דערוואַרטן מיר זאָלן אייך לייען געלט. דאָס וועקסל קען ניט באַנייט ווערן, עס מוז באַצאָלט ווערן.“ דער בריוו — אַן עכאָ שוין פונם וויצע־פּרעזידענטס שטימע, דאָך האָט ער נאָכאַמאָל געקוקט אויף אים, געלייענט: אייער וועקסל איז פעליק דעם צוואַנציקסטן. דער קוק האָט אַ שפּרונג געטון צום גרויסן קאַלענדאַר אויף דער וואַנט. דער צוואַנציקסטער איז . . .

דער טויבער טעלעפאָן — אַ פאַרטייעטער הונט — האָט זיך אויפֿגעכאַפּט מיט אַ געביל. — העללאָ! מר. ווער? וואָסער נומער ווילט איר? דאָס איז טאָקער 7557! — נודלמאַן האָט אַ זעץ געטון דאָס טרייבל אויפן פאַסטאַמענט און גלייך געװמען האַסטיק דרייען דאָס רעדל. ביז אַ שטימע האָט זיך דערהערט, האָט דאָס אויג דערוויַיל דערזען אַז דער קאַנט פון טיש איז שוין פאַרברוינט פון ברענענדיקן ציגאַרעט. ער האָט אַ כאַפּ געטון דעם ציגאַרעט, אַ פּיפּקע געטון און, בלאָזנדיק רויך אין טעלעפאָן מויל, אויפגערעגט גערעדט: — „טראָבל דעפּאַרטמענט? הערט! יעדן טאָג קריג איך אפשר פופציק טעלעפאָנס פון מענטשן וואָס רופן אַ „פּיונעראל פּאַרלאָר“. איך וויל איר זאָלט וויסן אַז איך בין ניט קיין באַגרעבער. (ניט אין טרייבל אַריין) איך בין געננוג באַגראָבן. איך מאַך קליידלעך און איך וויל ניט מ׳זאָל מיר אַלע מאָל קלינגען וועגן לוויות. וואָס? מיין נומער איז טאָקער 7557 און דער נומער פונם „פּיונעראל פּאַרלאָר“ איז טריניטי 7557. פאַרשטייט איר שוין? וואָס מיינט איר, איר קענט ניט העלפן? און אַז דער טעלעפאָן איז אַן אויטאָמאַטישער, איז דאריבער? וואָס? וואָס זאָגט איר? בייטן דעם נאָמען? אָה, דעם נו־מער! אַהאַ. הם . . . יע־ס. אָלריי . . . — דער „טעס“ פונם „אָלרייט“ איז שוין געפאַלן אויף אַ טויבן טעלעפאָן. — בייטן דעם נומער, — האָט מר. נודלמאַן אַ זאָג געטון צו זיך. דער קוק האָט אַ שפּרונג געטון צו דער פּראַסטיקער

טאפליע, דורך וועלכער עס האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ שפּיגל־כּתב „מעטראָפּאָליטאַן דרעס קאָ.“. — בייטן דעם נאָמען, — איז דורכ־געפלויגן אַ געדאַנק. — זיי אַרויסשטעלן אַלעמען אַ פייג, אי די זייד־הייזער, אי דער באַנק — אויס מעטראָפּאָליטאַן דרעס קאָמפּאַניע, און טוט מיר עפּעס! — ער האָט אַ שאַר געטון דעם בריוו פון באַנק, אַ לעצטן צי געטון דאָס ציגאַרעטל, עס אַרונטערגעוואָרפן און אַרויפ־געטראָטן דאַרויף מיטן פוס, אָן עפן געטון דעם שופלאָד, אַריינגע־וואָרפן דעם בריוו פון באַנק, פאַרקלאַפּט דעם שופלאָד און זיך גע־לאָזט צוריק אין אַרבעט־צימער, ווען די טיר האָט זיך געעפנט.

— אַ גוטער מאָרגן. זייט איר דער אייגנטימער פון דער מעטראָ־פּאָליטאַן דרעס?

— יאָ, וואָס איז?

אַ פליכטיקער קוק אויף מר. גווינס וויזיט־קאַרטל און אַ קאָסער קוק אויף דעם מר. גווין. אַ זייד־פּאַרקויפער וואָלט ער איצט אויך אויפגענומען ווי אַ גמילות חסד בעטער, ווער שמועסט נאָך אָט דעם אַ. נאָך אַ האַנדלס־קאַמער גייט אים אָפּ.

— די האַנדלס־קאַמער גייט איצט אָן מיט אַ קאָמפּאַניע פאַר דעם „אַמעריקאַנער פּלאַן“, און כּמעט אַלע פאַבריקאַנטן האָבן זיך שוין אָנגעשלאָסן און מיר דערוואַרטן איר זאָלט זיך אויך אָנשליסן, ווערן אַ מיטגליד.

— נו, כ׳דיינק איכ׳ל שוין זיין דער „כּמעט“, — האָט גודלמאַן אַ זאָג געטון מיט אַ שמייכל אין די אויגן. — ס׳טוט מיר לייד . . . — ער האָט שוין געמאַכט אַ באַוועגונג עפענען די טיר אין אַרבעטס־צימער אַריין. מר. גווין האָט אויפגעכאַפּט די באַוועגונג פונקט אין צייט.

— די האַנדלס־קאַמער העלפט יעדן פאַבריקאַנט אין פאַל ער האָט צרות מיט די אַרבעטער.

— איך האָב ניט קיינע צרות מיט די אַרבעטער. איך האָב צרות פון ניט האָבן קיין אַרבעט. קענט איר געבן אַרבעט?

— נו, די האַנלדס־קאַמער גיט אַכטונג אויף דאַרויף.

— ווי ווי?

— איר׳ט זיין איבערראַשט ווען איר׳ט אויסגעפינען אַז אייניקע פאַבריקאַנטן קענען ניט קריגן קיין געשעפט דערפאַר ווייל זיי באַ־לאַנגען ניט צו דער האַנדלס־קאַמער.

— גאָר אַזוי? איר מיינט צו זאָגן אַז די האַנדלס־קאַמער איז אַ מסור, אַ . . .

— נו, איך וואָלט ניט געברויכט אַזעלכע שאַרפע ווערטער, — האָט מר. גווין אַ זאָג געטון מיט שטעכיקער העפלעכקייט. — עס איז גאַנץ איינפאַך. די גרעסטע געשעפטן זיינען מיטגלידער פון דער האַנדלס־קאַמער, זיי זיינען די האַנדלס־קאַמער, און אויב איר ווילט פאַרקויפן אייערע פראָדוקטן דאָ אין שטאָט מוזט איר זיך אַנשליסן, באַלאַנגען.

— אַזוי? מוזט! נו, אַמעריקע איז אַ פרייע מדינה, ניטאָ אַזאַ זאַך ווי מוז. איך מוז ניט אויב איך וויל ניט.

— און איר ווילט ניט, וואָס?

— ניין, איך וויל ניט!

— אָל־ל־רייט.

מר. גווין האָט, ציענדיק דעם אָלרייט, באַטראַכט ניט נאָר דעם מר. נודלמאַן, נאָר אויך זיין אָפיס און אַפילו די טיר מיט דעם נאָמען געשריבן אויף פאַרקערט וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך דער פראָסטיקער טאַפליע, ווי ער וואָלט דאָס אַלץ וועלן גלייך, שוין אַריינ־כאַפּן אין קאָפּ, פאַרצייכענען אין זכרון, האָט אַ זאָג געטון אַ גוטן טאָג און פאַמעלעך אַרויסגעגאַנגען, שטיל צומאַכנדיק די טיר.

— אַזאַ אַנשיקעניש! — האָט נודלמאַן אַ קנייטש געטון מיט די אַקסל. נאָך דאָס פעלט אים. ער האָט אָן עפן געטון די טיר אין אַרבעטס־צימער און זיך אַריינגעלאָזט אַהין, געמעגט שווערן די אַר־בעט ברענט דאָרטן.

(2)

די אַרבעט האָט דאָרט ניט געברענט. די מוסטער־צייכנערין האָט אַרויפגעצויגן דאָס קליידל, וואָס דאָס מיידל האָט גענייט, אויף אַ מאַנעקען, אַרומגעפּאַדעט אַרום דעם, דאָ געגעבן אַ צי, דאָרט אַריינ־געשטעלט אַ שפּילקע, אָפּגעטראָטן אַ ביסל, באַטראַכט דאָס קליידל פון דער ווייט און געוואָרפן אַ קוק צו מר. נודלמאַן. מר. נודלמאַן האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון דער פיגור מיטן קליידל, האָט, דוכט זיך, אויך באַטראַכט דעם מוסטער, האָט אָבער גאָרניט געזאָגט און אָוועקגעשפּאַנט צום לאַנגן, שווערן שנייד־טיש.

— מוסטערן! — האָט ער אַרויסגעברומט צו זיך. מר. גודלמאַן האָט ניט געהאַלטן פון מוסטערן און אַפילו ניט פון מאָדעס. מ׳שניידט סחורה אומזיסט און אומנישט. אַז „זיי" — די קראָמען — דאַרפן קליידלעך דאַרף מען זיי ניט ברייגנען קיין מוסטערן, וואָס מ׳ברייגנט איז גוט, זיי קומען נאָך קליידלעך, פאַר אַ בויט געבן זיי אַ מוסטער, אַ „פּאַריזער מאָדעל" וואָס איין שניידער האָט קאָפּירט פון צווייטן, געגאַנוועט, און נאָ מאַך. און אַז זיי דאַרפן ניט, איז ברייגנ זיי גאַנץ פּאַריז וועלן זיי אויך ניט קויפן. מוסטערן. און די מאָדעס, אַלע גייעג־דיקע מאָדעס ליגן אין אַ שטייענדיק פּעסל. דעם סעזאָן אַזאַ מאָדע, אַ צווייטן סעזאָן אַן אַנדער מאָדע, מ׳מאָדעוועט אַזוי לאַנג ביז דאָס מאָדע־פּעסל איז אָנגעפּילט, דאַן קערט מען עס איבער מיטן דעק אַרויף און וואָס מ׳האָט געטראָגן פאַר צען יאָרן ווערט ווידער מאָדע. מאָדעס. אַזאַ דריידל, אַזאַ דריידל, היינט שליאַרעס, מאָרגן פאַלדן, איבערמאָרגן ווידער שליאַרעס. אוי די ווייבער מיט זייערע מאָדעס!

ווייבער אין פאַרשידענע קליידער, ווייבער גאָר אָן קליידער, איין ווייב . . . האָט זיך אַריינגעריסן אין גודלמאַנס געדאַנקען־גאַנג, זיך דאָרט געפּלאָנטערט, אים פאַרפּלאָנטערט זיינע געדאַנקען, אים גע־שפּרונגען פאַר די אויגן. די ווייב אין שטעק־שיך, אינדערפרי אין קיך . . . אָנבייסן . . . רייד . . . פּיזשאַמעס . . . ער האָט זיך קוים אַרויסגעריסן צוריק צו זיך, צום טיש, צו די מאָדעס. אוי די מאָדעס! נאָר גאָרניט, אַ ברירה האָט מען?

לית ברירה, האָט מר. גודלמאַן אַרונטערגענומען דעם קאַפּעליוש, אַנטפּלעקנדיק קורצע, געקרייזלטע, ברוינע האָר אויף וועלכע עס האָט זיך שוין פאַרצויגן אַ שטייף פּרעסטל, אים אויפגעהאנגען אויף אַ טשוועקל און זיך גענומען צום „מאָדע־פּעסל", צו די פּאַפּירענע אויס־שניטן פון פאַר דריי יאָר, פאַר פינף יאָר. אַזוי פירט זיך שוין מר. גודלמאַן, יעדן בין הזמנים לייגט ער איבער אַלע פּאַפּירענע אויסשניטן, ציט אַרויס פון איין קליידל אַן אַרבל, פון אַ צווייטן אַ קאָלנער, פון אַ דריטן אַ געסקע און שטעלט צוזאַמען אַ „ניי" קליידל. עפּעס וועט דאָך זיין אין מאָדע, ניט דער אַרבל, איז דער קאָלנער, די געסקע. לפנים גיט ער עס אַוועק דער מוסטער־צייכנערין, זי זאָל זיך דאָרט פּאַטשקען דערמיט, מאַכן עפּעס „נייעס". אַ צייכנערין מוז מען דאָך האַלטן, זאָל זי עפּעס טון.

דער שטויב פון יאָרן האָט געקלעפּט אויף זיינע פינגער, געקראָכן אין נאָז, אין האַלדז אַריין. ער האָט געפילט דעם שטויב אויף די ליפּן. צו „באַנעצן" די ליפּן האָט ער פאַררויכערט אַ ציגאַרעט און דער ציגאַרעט האָט אויך געהאַט עפּעס אַ שטויביקן טעם, האָט ער אים אַוועקגעלייגט אויפן קאַנט פון שנייד־טיש. ערשט ווען דער טיש־קאַנט האָט זיך גענומען סמאַליען האָט ער ווידער גענומען אַ צי פון ציגאַרעט, צווישן איין צי און דעם צווייטן דערווייל אַרויסגעפּישט פון איין בינטל אויסשניטן אַן אַרבל, פון צווייטן אַ פראַנט, אַ קאָלנער, דער סקעלעט פונם „בייעם" קליידל איז שוין געווען אַזוי גוט ווי צוזאַמענגעשטעלט.

איך האָב זיך פאַרליבט אין אַ שיין יינגעלע,
אין אַ שיין יינגעלע,
שיין איז ער ווי די גאַנצע וועלט . . .
— האַ? וואָס איז דאָס? ווער זינגט עס?

אַ דריי און פופציק יאָריקע ספּרונזשינע האָט ליכט־שנעל זיך גענומען וויקלען אויף צוריק און ביי צען האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, ציטערנדיק, וויברירנדיק. זיין שוועסטער זיצט און דרייט דאָס הענטל פון דער מאַשין, בייט זאַנעסענע וועש און זינגט: איך האָב זיך פאַרליבט אין אַ שיין יינגעלע . . . און ער זיצט, קוקט אויף איר, הערט זיך צו. זיין שוועסטער. האָדל. אָבער דאָ זינגט דאָך . . . חושך! דריי און פערציק יאָר האָבן זיך שווער אַ שפּאַר געטון, פאַרוויקלט צוריק די ספּרונזשינע, דריי און פופציק יאָריקע אויגן האָבן געקוקט צום פענצטער וואו „חושך" איז געזעסן און גענייט.

„חושך" — אַזוי האָבן די מיידלעך זי גערופן פאַר איר שוואַרצקייט. אַלץ הייסט שוואַרץ! מיידלעך האָבן זיך געוויצלט: גייענדיק מיט איר אין נעגערשן געגנט איז זי פּלוצלונג פאַרפאַלן געוואָרן, די נעגערס האָבן זי אויסגעכאַפּט, אַ זייעריקע. די מיידלעך זיינען געווען ניט אינגאַנצן גערעכט, איר שוואַרצקייט איז ניט געווען די פעטע נעגערשע שוואַרצקייט, נאָר אַ טרוקענע, ציגיינערישע, און די שוואַרצקייט האָט איר געפּאַסט. דער קליינער קערפּער, דאָס ביינערדיק, שוואַרץ פּנים, די קויל־שוואַרצע אויגן, די סמאָלע־שוואַרצע, אַזש בלויע האָר, דאָס אַלעס — אַ האַרמאָניע אין שוואַרץ. און אָט ווי קליין און שוואַרץ דאָס איז געווען אַזוי איז עס געווען זשוואַווע, לעבעדיק און פריילעך. אַפילו דער נאָמען מיטן צונאָמען האָבן האַרמאָנירט — חייקע חושך. אַרבעט

האָט געברענט אונטער אירע הענט, און איז זי אַריינגעקומען אין שאַפּ האָט דער שאַפּ אויפגעלעבט. האָט זי אַ וואָרף געטון מיט די שוואַרצע אויגן מיט אירע, האָבן זאַכן און מענטשן אויפגעלעבט אונטער אָט דעם קוק, און האָט זי אַ רעד געטון, אַ לאַך אָדער אַ זינג, איז געוואָרן פריילעך אויפן האַרצן, ליכטיק אין די אויגן. און גערופן האָט מען זי חושך. ווען מ׳האָט זי אָבער אַ רוף געטון ביי דעם נאָמען האָט מען געקענט דערפילן די גוט־ברודערישקייט, ווי ווען יינגלעך רופן אַ פּעטן יינגל „דאַרינקער״ און אַמאָל אַפילו אַזאַ צאַרטלעכקייט ווי אין „קע־צעלע״, אָדער „חזירל״, וואָס אַ פאַרליבטער זאָגט אַרויס.

נודלמאַן אַליין האָט זי . . . ליב געהאַט. זי, מער ווי ווער עס איז אין שאַפּ, איז אים דערגאַנגען די יאָר. זי האָט זיך געריסן פאַר פרייזן, זי האָט אַכטונג געגעבן אויף טיילן די אַרבעט ריכטיק, ניט איין מאָל איז ער געווען אין כעס אויף איר, זיך געקריגט מיט איר, האָט זי אָבער קיינמאָל ניט פיינט געהאַט ווי לינאַן אַשטייגער, מיט איר געלער שטימע, וואָס אַז זי הויבט אָן גראַגערן וואָלט ער בדאי אַנטלאָפן פון שאַפּ. צוליב איר אַליין וואָלט ער געדאַרפט בייטן דעם נאָמען . . . פטור ווערן פון איר. אַ מענטש האָט עס אַ שטימע! ריצנאַייל, ממש ריצנאַייל. און די אַנדערע — פעני, מיני, בערטא . . . גלייכגילטיק, ער געדיינקט קוים זייערע פּנימער, אָבער „חושך״, זי . . .

. . . פאַר דיר וועל איך סטראַדאַיען . . .

דער ציגאַרעט האָט שוין אויסגעברענט נאָך אַ שוואַרץ ברוינעם קאַרב אויפן שנייד־טיש. נודלמאַן האָט כלאחר יד אַ שאַר געטון דאָס בערגעלע אַש און די האַנט איז געבליבן רוען אויפן קאַנט פון טיש, זיינע אויגן האָבן פאַרקוקט אין דער ווייט . . .

. . . סטראַדאַיען מיין וועלט . . .

„סטראַדאַניע״ האָט זיך פאַרשפרייט אין דער לופט, זיך לייכט געוויגט אין די לופט־כוואַליעס, געפאַרבט די לופט אין אַ וואָרעמען בלוי, זי אַנגעזאַפט מיט לייד, אומעט און בייינקעניש.

. . . אַ פּיסקעוואַטע, אַ שייגעץ, אַ קאָמוניסטקע, רייסט זיך, שלאָגט זיך, יאָ שלאָגט זיך ממש אין צייט פון אַ סטרייק און . . . סטראַדאַיען . . .

. . . און ער? שעפער, אַרבעט, אַרבעטסלאָזיקייט, אַ באַלעבאָס געוואָרן, דינגט זיך, רייסט זיך, האַנדלס־קאַמער . . . ווען ס׳איז אָבער

שטיל אין שאַפּ . . . סטראַדאַיען . . . אַ קליין ייִנגל וואָס בייַנקט נאָך דער שוועסטער . . . שוועסטער . . .

— מר. נודלמאַן!

אַ שקאַצישער געלעכטער האָט זיך צעשאָטן איבערן שנייַד־טיש, זיך דערקייַקלט צו נודלמאַנען, אים אַנגערירט. — וואָס איז דער מער? איר שלאָפט?

חייקע חושך האָט געקיבעצט איר באַלעבאָס.

— געענדיקט די קליידל, איר האָט נאָך עפּעס צו טון?

— האָסט ניט וואָס צו טון? — האָט נודלמאַן צעטראָגן געפרעגט און ערשט דאַן אַ קוק געטון אויף איר מיט פאַראיבל. נאָך וואָס האָט זי אים אויפגעוועקט? — האָסט ניט וואָס צו טון? איך האָב אויך ניט. גיי אַהיים. אָבער קום אַריין מאָרגן. יאָ, קום אַריין.

געבליבן אַליין, האָט נודלמאַן אַ שאַר געטון די פּאַפּירענע אויס־שניטן אויפן טיש, אַפּירגעגאַנגען און זיך געלאָזט צו דער שאַפּע מיט סחורה, זען וואָס פאַר אַ סחורה זאָל ער געברויכן פאַרן נייעם מוסטער. ביי דער אָפענער שאַפּע זייַנען די אויגן געבליבן רוען אויף די שטיק־לעך זומערדיקע סחורות וואָס זייַנען אויסגעבליבן. — פּייערוועדק דעם פינפטן יולי. וואָס וועט ער טון מיט די אַלע זומערדיקע סחורות?— ער האָט אַ הויב געטון איין שטאָס סחורה. — דאָ גענוג. כאַטש נעם און פאַרקויף עס אויף שמאַטעס. ווער זאָל זיך עס ריכטן אויף אַזאַ קאַלטן זומער? איצט ווערט הייס. — די האַנט זייַנע האָט גענומען בלאָנזשען איבער די ניט־ראַזירטע באַקן, זיך פאַרשלאָסן אַרום קין מיט דער שטעכיקער גרויער סטערנע. נודלמאַן איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן ביי דער אָפענער שאַפּע. זייַן געענדזענער נאָז, לאַנג, פאַרשפּיצט בייַם ענדע, די נאָז־פּליגל עטוואָס אויסגעקאַרבט, ברוינע, לאַנגע, נאַסע האָר אַרויסשטאַרטשענדיק פון די נאָז־פּליגל, האָט ניט געפילט דעם פאַר־לעגענעם שניטוואַרג ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער שאַפּע; זייַנע ברוין־גרויע אויגן, אָפּגעבליאַקעוועטע, קאַלטע, מידע, האָבן ניט געזען דאָס שטיקל סחורה פאַרן נייעם מוסטער־קליידל, שוין אַפילו ניט געזען די טויטע סחורה וואָס איז דאָרט געליגן, דער אינעווייניק פון דער שאַפּע, אַלע מאָל טונקל, איז איצט געווען חושך און אין דער חשכות איז פאַרזונקען געוואָרן נודלמאַנס קוק, אין מוח האָט ניט

אויפגעבליצט קיין איין געדאַנק, קיין שום איינפאַל וואָס זאָל דורכ־שניידן די פינצטערניש פון דער שאַפע. פינצטער, חושך.

די טיר פון אָפיס האָט אויסגעשניטן אַ דריי־עק, אַריינלאָזנדיק אַ שטראָם ליכט, און זיך ראַשיק פאַרמאַכט. נודלמאַן האָט אַ דריי געטון דעם קאָפ. דערזעענדיק ווער עס איז אַריינגעקומען האָבן זיינע אויגן אויפגעלויכטן. ער איז ראַש אַרויסגעגאַנגען באַגעגענען.

(3)

— העללאָ, מרס. פינלי! ווי קומט אי ר אַהער? זיצט!

— העללאָ, נודל! וואָס איז דער מער? שאַ־בעס? — האָט מרס. פינלי, די קויפערין פון דער „עמפאַריום" קראָם, אַ ווייז געטון אויפן שאַפע.

אַן איירישע, האָט זי אָבער פון יאָרן האַנדלען מיט יידישע קליידל פאַרקויפער, געקענט אַרויסרעדן די נעמען פון די יידישע יום־טובים ווי יאָם קיפור, ראָש האשאָנאָ, פייסאַק, פון שאַ־בעס איז אָפגערעדט. זי האָט אויך געקענט און ניט פיינט געהאַט אַ שפּאַר ביסל גראָבע יידישע אויסדרוקן ווי אויך שמאַלציקע וויצן, וואָס די יידישע קליידל פאַרקויפער, די יונגע לייט מיט די גלאַט אויסגעקעמטע קעפּעלעך און גלאַטע, געשליפענע צינגלעך האָבן געליפערט אין אַ גאָר גרויסער מאָס.

— נו, ניט געגנוי שבת, — האָט מר. נודלמאַן, שעמענדיק זיך פאַר זיין פוסטעוועדיקן שאַפע, זיך פאַרענטפערט, — אָבער, איר ווייסט דאָך, בין הזמנים. וואָס מאַכט איר? זיצט!

— אַ דאַנק. איך בין אָלרייט. איך האָב זיך אַרויסגעלאָזט זוכן מציאות, ווייסטאָך, מיר האָבן אונדזער יערלעכן אויגוסט אויספאַר־קויף, זיך מישב געווען, אַריינגיין זען וואָס מאַכט עפּעס דער אַלטער נודל.

— זייער פיין פון אייך. וואָס זשע קען איך עפּעס טון פאַר אייך?

— ווילט אַ ביסל אַרבעט? פאַרשטייט זיך. וואָס דען? גוט. איר האָט עפּעס געבלומטע סחורה? לאָמיך זי זען.

די שאַפע וואָס האָט מיט עטלעכע מינוט צוריק געעפנט איר פינצטער מויל אויף נודלמאַנען, איינשלינגענדיק אים אין דער פינצ־טערניש, איז איצט באַלויכטן געוואָרן פון נודלמאַנס לויפנדיקע פינקל־

דיקע אויגן. די שטילקייט וואָס האָט געהערשט אינעווייניק אין דער שאָפּע איז צעטרייסלט געוואָרן פון בודלמאַנס פיבערישן וואַרפן, שלעפּן די שטיקלעך סחורה.

מרס. פינלי האָט געפינגערט די סחורות פון אייניקע שטיקלעך, אויף אַנדערע בלויז געוואָרפן אַ קוק, און אייניקע אַפילו ניט געעפנט אַ קוק צו טון. — האָט איר עפּעס פּאַרטיקע קליידלעך?

— דאָ עטלעכע. מוסטערן בלויז. אַ פּאָר האָט איר געזען, אויף צוויי האָב איך געהאַט אַ באַשטעלונג פון אייך.

— געדיינק ניט. ווייזט זיי מיר.

— אַלרייט. ווילט איר אַזוי גוט זיין אַריינגיין אין מוסטערן־צימער.

אינם חדר מיוחד וואָס האָט כלומרשט געדינט אַלס מוסטערן־צימער צו ווייזן קונים די מוסטערן פון קליידלעך, וואו קונים זיינען אָבער זעלטן אַריינגעקומען, בודלמאַן איז צו זיי געגאַנגען, זיינען גע־שטאַנען צוויי אייזערנע שטאַנגען אויף וועלכע עס זיינען געהאנגען היפּשע עטלעכע טוצן קליידלעך, אויסן געבליבן פונם פרילינג סעזאָן. דאָרט איז אויך געווען אַ שפּיגל, די פולע לייגג פון אַ מענטשן, אַ טישעלע, צוויי שטולן און אויך אַ קושעטקע אויף וועלכער מר. בודלמאַן פלעגט גאַנץ אָפט כאַפּן אַ דרימל. די מרס. פינלי האָט קודם זיך אַ דריי געטון פאַרן שפּיגל, ערשט נאָכדעם זיך געווענדעט צו די שטאַנגען מיט די קליידלעך. אייניקע האָט זי בלויז אַ וויג געטון, אָט ווי מ׳טרייסלט אָפּ אַ ביסל שטויב, אויף איין געבלומט קליידל האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, עס אַרונטערגענומען פון שטאַנג און נאָך מיטן הייגגער דאָס אַ מעסט געטון צו זיך. — איר דיינקט דאָס קליידל וועט מיר פּאַסן?

— אירגענד וועלכע קליידל וועט פּאַסן א י י ך , — האָט בודל־מאַן אַ זאָג געטון מעשה קאַוואַליער וואָס מאַכט אַ קאָמפּלימענט, אין קאָפּ האָט אָבער געפּיקט: מיינט זי טאַקע קויפן קליידלעך, אָדער גע־קומען פּשוט נעמען אַ קליידל פאַר זיך? ער וואָלט איר ניט געזשאַ־לעוועט אַ קליידל — אַ נאַווינע געבן אַ קויפערין אַ קליידל! — אָבער צי מיינט זי געשעפט?

— דאָ האָט איר אַ ניקל פאַרן קאָמפּלימענט, — האָט מרס. פינלי אַ זאָג געטון, — אָבער פאַרן קליידל וועל איך אייך ניט געבן קיין

צוויי סענט. — פונדעסטוועגן האָט זי עס אַ דריי געטון אויף איין זייט, אַ צווייטער, און עס נאָכאַמאָל צוגעלייגט צו דער ברוסט.

— איר ווילט איך זאָל עס אָנמעסטן אויף אייך?

— אַלטער נאַר! — האָט זי שעלמיש אַ זאָג געטון.

— איר ווייסט דאָך, וואָס עלטער דער אָקס אַלץ שאַרפער דער האָרן.

— דאָס איז שוין צו שאַרף פאַר מיר. וואַרפט זיך אַרויס. איך וויל עס אָנמעסטן.

נודלמאַן האָט זיך אַרויסגעשאַרט פונם מוסטערן־צימער, אַריינגעגאַנגען אין שאַפּ, וואו די מוסטער־צייכנערין, נאָר וואָס אַריינגעקומען, האָט נאָך געקוקט אין שפּיגעלע, געפּעטשלט די האָר ביי די שלייפן. ער האָט איר איינגערוימט דעם סוד אַז די מרס. פינלי פון דער „עמפּאַריום" איז דאָ, מעסט אַ קליידל, וועט אפשר זיין אַ באַשטעלונג, זאָל זי זיין גרייט טאָמער דאַרף מען עפּעס פאַרריכטן און זיך גלייך אַרויסגעלאָזט צום מוסטערן־צימער — קינדער שפּילן אין בלינדעניש, דער מיט די פאַרמאַכטע אויגן וואַרט אויפן רוף: גרייט? זי האָט אים שיר ניט דערלאַנגט מיט דער טיר אין פּנים אַרויסגייענדיק פון צימער.

— איר זעט אויס ווי אַ מיליאָן דאלאר!

— נודל! איר רעדט נאַרישקייטן. איר האָט שוין אַמאָל געזען אַ מיליאָן דאלאר? איר האָט עס קיינמאָל ניט געזען, וועט עס ניט זען אויך. איר זאָגט מיר ווי פּאַסט מיר דאָס קליידל?

— ווירקלעך, איר זעט אויס זייער גוט אין דעם, און עס פּאַסט אייך . . . דאָס איז מיין מוסטער־צייכנערין, מיסס סטיין. דאָס איז מרס. פינלי פון דער „עמפּאַריום". זעט אויב דאָס קליידל ליגט גוט. פּאַסט אויסגעצייכנט, האַ? דעם אַקסל אַ ביסל אויפהויבן? דאָס איז אַ קלייניקייט, ווייטער אַזוי ליגט עס ווי אויסגעגאָסן. איר'ט אָנטון דאָס קליידל אין קראָם וועט איר אין איין טאָג פאַרקויפן אַ הונדערט, אויב ניט מער.

אַ קאַפּוליע אָנצוהערעניש. קריגסט אַ קליידל אָבער איך וויל אַ באַשטעלונג. פון אַלע קויפערינס מיט וועלכע נודלמאַנען איז אויסגעקומען צו האַנדלען האָט ער גערן געהאַט טאַקע אָט די מרס. פינלי. — ניט קיין שלעכטע איירישע, — האָט ער שוין ניט איין מאָל גע־

טראַכט וועגן איר, — האָט אַ פּיסק, קען אַמאָל אָפּזידלען, אָבער האָט אויך ליב אַ וויץ, קען פּאַרטראָגן אַ קיבעץ און, דער עיקר, איז ניט קיין פאַלשע, וואָס אויפן לונג דאָס אויפן צונג. אַ קליידל? אַ מציאה אַ גרויסע! אַלע נעמען, כאָטש זיי טאָרן ניט נעמען, די באַצאָלט נאָך כלומרשט דריי דאָלאַר צי וויפיל דאָרט, ווען זי באַשטעלט נאָר אַ . . .

— נו, נודל, ווי געפעלט איך אייך איצט, ניט אין אייער קליידל?

— אַ שיין קליידל באַשיינט אַמאָל אַ מיאוס מיידל, אַ שיינע ווייבל שיינט אַרויס אַפילו פון אַ מיאוס הייבל.

— איר מיינט צו זאָגן אַז מיין קלייד איז מיאוס?

— גייט שוין גייט, איך מיין צו זאָגן איר זייט אַ שיין ווייבל.

— שוין געהערט ייגגערע פון אייך דאָס זאָגן.

— און דאָך זייט איר ניט פאַרהייראַט.

— די מעשה איז די. מיין ערשטער מאַן איז געווען סקאָטש־איריש. דער איירישער אין אים איז געווען אַלרייט, אָבער דער סקאָטש־מאַן — ער וואָלט אויפגעקליבן די נעגל וואָס ער האָט אָפּגעשניטן פון די פינגער און געמאַכט פון זיי אַ געריכט. האָב איך אים געשיקט אויפקלייבן די נעגל. דער צווייטער מיינער איז שוין גראָד געווען דורכאויס איריש, און ער איז געווען אַלרייט, ער האָט שוין געקענט אויסגעבן אַ דאָלאַר גיכער ווי ער האָט אים פאַרדינט, אָבער ער האָט אים קיינמאָל ניט פאַרדינט. האָב איך אים געשיקט פאַרדינען . . .

— נעמט מען אַ דריטן.

— שוין געטראַכט וועגן נעמען אַ דריטן, פּרוּאוון גאָר אַ יידישן, האָב איך אָבער מורא, אַ ייד וועט זיין אַ שיכור . . .

— דאָס איז אַ גוטער וויץ, — האָט זיך נודלמאַן צעלאַכט, — דאָס איז אַ גוטער, איירישער וויץ.

די מרס. פינלי האָט געשמייכלט. — איצט לאָמיר רעדן געשעפט. וויפיל סחורה האָט איר? פון אָט די געבלומטע. איך דאַרף . . . אָה, לאָמיך זאָגן, אַ פינף און צוואַנציק טוצן. יאָ, איך קען געברויכן אַ דריי הונדערט קליידלעך, בתנאי אויב איך וועל זיי קריגן אויפן ריכטיקן פּרייז.

דריי הונדערט קליידלעך! טויזנט יאַרד סחורה. אים וועט דאָך ווערן אַ ליכט אין די אויגן. פּטור ווערן פון אַ חמץ. — וואָס רופט איר אַ ריכטיקן פּרייז?

— איך קען קויפן פינף און צוואַנציק טוצן אויף דריי און דריי־סיק דאלאר אַ טוצן.

— דריי און דרייסיק דאלאר!

— זיך משער געווען איר׳ט זיך דערשרעקן. נו, פאַר אייער אינ־פאָרמאַציע, אַט ערשט האָב איך געקויפט ביי פינגערהוטן צו דרייסיק דאלאר. די אורזאַך וואָס איך לייג אייך פאַר מיט דריי דאלאר מער, ווייל איך ווייס אייער שטאָך איז אַ קלענערער, און איך דערוואַרט גוטע אַרבעט אויך דאָסמאָל, און צופיל קינדער פון איין טאַטע־מאַמע טויג ניט, נאָך אַ טאַטע שאַדט ניט. וואָס זאָגט איר?

נודלמאַנען איז שוין ניט געליגן אין קאָפּ קיין וויצן. — דרייסיק דאלאר אַ טוצן! ווי קען ער דאָס פאַרקויפן?

— איר גלויבט מיר ניט?

— איך גלויב אייך, אָבער ווי קען ער דאָס?

— דאָס, מר. נודלמאַן, וועט איר א י ם פרעגן. ער איז בלויז איין שטאָק איבער אייך, — האָט זי אַ ווייז געטון מיטן פינגער. — איך גיב אייך מיין פרייז. קענט איר עס מאַכן?

— ווי קען איך? זאָגט אַליין. די סחורה קאָסט מיך מער ווי דאָס, הייַנט וואו איז אַרבעט, הוצאות?

— אָלרייט, קענט ניט, קענט איר ניט. באַהאַלט די סחורה אויף איבעראַיאָר, דאַן וועט איר אפשר קריגן מער.

דער שטאָך האָט געטראָפן ריכטיק. — אַ כיטרע איירישע. — דאָך האָט מר. נודלמאַן אַ קוק געטון אויף דער מרס. פינלי ניט מיט כעס אָדער פאָרוואורף, נאָר מיט געבעט: קוילעסט מיך אָן אַ מעסער...

— איך ווייס איר׳ט ניט מאַכן קיין געלט אין דער באַשטעלונג,— האָט זי שוין גערעדט ווייכער, — אָבער ווי עס ווייזט אויס, קענט איר ניט אַריינבעמען אין אייער נאַדל־קעפּל אַז איך קויף סחורה פאַר אַן אויספאַרקויף. איר האָט באַדאַרפט זען די פרייזן וואָס מ י ר שטעלן אַרויס! די הויפּט־זאַך איז — פּטור ווערן פון די שמאַטעס. דאָס איז געשעפט.

— אַלץ הייסט געשעפט.

— נו, עס ווענדט זיך אָן אייך. איר קענט ניט, קענט איר ניט. צווינגען צווינגט מען קיינעם ניט. אַ פרייע מדינה! — מרס. פינלי האָט שוין געמאַכט אַ באַוועגונג צו דער טיר.

— וויפיל קליידלעך, האָט איר גזאָגט, דאַרפט איר?

מרס. פינלי האָט אַ שמייכל געטון. — איר האָט געהערט וואָס איך האָב געזאָגט. דריי הונדערט! וועט איר זיי מאַכן?

— מאַכן. אַ ברירה האָב איך? ווי זאָגט איר, אַ פרייע מדינה. וועלכן מאָדעל?

— אָה, — האָט די מרס. פינלי זיגעריש אויסגעצויגן, — וועל־כער ס'איז מאָדעל. וואָס דיינקט איר מכוח דעם זעקס צוויי און פער־ציק? אַ „פאָרד״ געווען, געגאַנגען אין די הונדערטער, גוט? בלייבט עס אַזוי — זעקס צוויי און פערציק.

— ווען דאַרפט איר זיי?

— אַזוי שנעל ווי איר קענט זיי מאַכן.

דער צוואַנציקסטער פון קאַלענדאר האָט אַ וואונק געטון: קענסט נאָך ביז דאַן קריגן דאָס געלט.

— אָלרייט, — האָט נודלמאַן אַרויסגעזאָגט, — וועל זען זיי אַרויסקריגן אַזוי שנעל ווי נאָר מעגלעך.

— פיין. זייט פיר אַזייגער ביי מיר אין אָפיס. אָבער פיר אויפן זייגער. ברייינגט מיט אַ מוסטער פון יעדער שטיקל סחורה און איך'ל אייך געבן די באַשטעלונג.

— וואָס איז מכוח דעם קליידל?

— ברייינגט עס אויך. איך וועל עס נעמען. וויפל קומט אייך דערפאַר?

— מיר'ן זיך שוין אויסרעכענען.

— אָלרייט, אַ גוטן. פאַרגעסט ניט — פ י ר אַזייגער.

נודלמאַן איז געבליבן שטיין הינטער דער פאַרמאַכטער טיר. ווייבערישע הויכע קנעפּעלעך אויף צעמענט האָבן געקלאַפּט אין נודל־מאַנס קאָפּ, געטראָטן אויף די ציפערן וואָס האָבן זיך דאָרטן געדרייט, פאַר די אויגן האָט ראַביעט די געבלומטע סחורה. ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג צוזאַמענלייגן איין שטיקל סחורה, האָט עס אָבער בלויז אַ שאַר געטון, איבערגעלאָזט די צעוואָרפענע סחורות, צוגעגאַנגען צום טיש, זיך אַנידערגעזעצט און גענומען רעכענען — רעכענען.

(4)

קלאָר, פאַרלירן מוז ער, די פראַגע — וויפל? די סחורה — דריי

הונדערט קליידלעך זיכער אַ טויזנט יאָרד — ביי איר גייט דאָך עס פון פערצן ביז פיר און פערציק — קאָסט אים קנאַפּע אַכט הונדערט דאָלאַר, קריגן וועט ער אינגאַנצן אַ אַכט פינף און צוואַנציק, און אַז גאָט וועט העלפן וועט נאָך אַרונטערגיין צוויי פּראָצענט, היינט אַרבעט, וואו איז שניידן, נייען, פּרעסן?

נודלמאַן האָט שוין געזען דעם פּרייז קאָמיטעט, חייקע חושך, ווי מ׳דינגט זיך, רייסט זיך איבער אַ ניקל, און זיינע פינף פינגער זיינען אַריינגעפּאָרן אין די שיטערע געקרויזטע האָר, אַ רייב געטון דעם קאָפּ. ער האָט אַ מאַך געטון מיטן האַנט. — זאָל עס גיין אין דרערד אַריין. אַ באַשטעלונג! — ער האָט זיך אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו די צע־וואָרפענע שטיקלעך סחורה. — האַלט עס אויף איבעראַיאָר, דאַן וועט איר אפשר קריגן מער. — ער האָט אַ דריי געטון אַ שטיקל סחורה. די מוסטער־מאַכערין איז אַרויסגעקומען פון אַרבעטס־צימער מיטן קליידל וואָס די מרס. פינלי האָט אויסגעקליבן. — דאָס פאַרריכטן? מ׳דאַרף אויפהויבן די אַקסל. — נודלמאַן האָט פרעמד אַ קוק געטון אויף דער מיידל, אַ בלאַנדזשע געטון איבערן קליידל. — פיר אַזייגער דאַרף איך זיין אין קראָם. — די מיידל האָט שוין געוואָלט אַריינגיין צוריק אין אַרבעטס־צימער. נודלמאַן האָט אַ נעם געטון דאָס קליידל, באַקוקט דעם פון פאָרענט, פון הינטן. — וואָס קען מען דאָ אַרונטער־גאַנווענען? איך מיין וואָס קען מען אַרונטערנעמען עס זאָל זיין וויני־ציקער אַרבעט און מ׳זאָל עס ניט באַמערקן?

— וואָס מ׳קען דאָ אַרונטערנעמען?

די מיידל האָט גענומען באַקוקן, באַטראַכטן. נודלמאַן האָט גע־וואָרפן אַ פאַראַכטונגס־קוק אויף דער מיידל. קאָפּ מענטש! וואָס זי קען שוין אויסגעפינען! אַ צייכנערין! ער האָט שוין געזען וואָס מ׳קען אַרונטערנעמען. די לעכלעך וועלן, פאַרשטייט זיך, זיין מאַשינאָווע, ניט ביים האַנט, די קעשענע וועט זיין אָן אַרויפגעשטעפּטע, ניט קיין איינגעשניטענע, פון די פעלבלעך קען מען אַרונטערגאַנווענען אַ שטיקל סחורה, זיין אַ ביסל פלאַכער וועט אויך זיין גוט, ביי דער לייסט קען מען אויך איינשפּאָרן, אי סחורה אי אַרבעט, אָבער נאָך דעם אַלעמען וויפיל קליידלעך קען אַ מיידל מאַכן אַ טאָג? מילא שניידן וועט ער שוין אַליין, אָבער שטעפּן, אַרויסענדיקן, פּרעסן.

וויפיל ער זאָל ניט צאָלן איז ריינער פּאָרלוסט. ער האָט מיט כעס געוויקלט אַ קלעצל סחורה, און, צוזאַמענגעוויקלט, עס אַ שמיץ געטון.

— מ׳קען דאָ אַרונטערנעמען, — האָט די מיס סטיין אָנגע־הויבן דערקלערן.

— מיר׳ן שוין זען שפּעטער, — האָט ער אַ זאָג געטון. — דערווייל פאַרריכט דאָס ווי דאָס איז.

די שטיקלעך סחורה וואָס זיינען געווען אין לויזע פּאַפּירן, ניט אויף ברעטלעך, האָבן זיך געקנייטשט אונטער זיינע נערוועזע פינגער, זיך ניט געלאָזט איינלייגן, האָט ער נאָך מיט מער כעס געדרייט די סחורה, מיט גוואַלד געוואָלט אַריינשטופּן אין די ריכטיקע לאַגן, סוף כל סוף פאַרקנייטשט די סחורה, פאַרקלאַפּט ביידע ברעגן, אַ וויש געטון דעם שטויב פונם פּאַפּיר און אַ וואָרף געטון. — ברענט עס ווי אַ ליכט! אַ באַשטעלונג! מאַכט אים גליקלעך. אַזעלכע גליקן אויף פינגערהוטן געזאָגט געוואָרן. און יענער מאַכט נאָך מיט אַ פערטעלע ביליקער. היינט גיי מאַך. דער שוואַרץ־יאָר ווייסט אים. מילא אַרבעט קאָסט אים ביליק, ווייסט ניט פון קיין יוניאָן, אָבער די סחורה אַליין! „האַלט עס אויף איבעראַיאַר״. דאָס איינציקע טאַקע — אויסשניידן אַ ביסל סחורה. כאַטש וואָס וועט אים בלייבן? פינף הונדערט דאָלאַר דער באַנק, אַרבעט . . . בלייבט ניט קיין סחורה, ניט קיין געלט. אפשר גאָר פאַרקויפן די סחורה אַ גאַרגל־שניידער, ניט נאָר די געבלומטע. די ג אַ נ צ ע סחורה, און אויס, האַדיע, פּטור, ניט, גיין זיך עסקן, שניידן, זיך רייסן מיט די מיידלעך . . . און וואָס דאַן? עד . . .

פיר אויפן זייגער איז מר. גודלמאַן שוין געשטאַנען ביי מרס. פּינלי אין ענגן צימערל, איר אַפּיס.

— אָלראַיט, — האָט זי אימפּעטיק אַ זאָג געטון. — געבראַכט די שטיקלעך סחורה? אָלרייט, זעצט זיך אַנידער.

— דאָ איז אייער קלייד.

— לאָזט עס אין קעסטל. שפּעטער אַרויסנעמען.

— איר ווילט עס גאַרניט אָנמעסטן?

— איך האָב איצט קיין צייט ניט מעסטן קליידלעך. עס אָנ־מעסטן מאָרגן.

— איך דאַרף עס אָבער האָבן פאַר אַ מוסטער.

— קענט איר עס נעמען צוריק, וועט עס ברענגען מאָרגן. איך גיי ניט נאָקעט, גיי איך? גיט די שטיקלעך סחורה.

עפּעס געפעלט אים ניט די גויע. די פינגער פון דער לינקער האַנט האָבן פלינק געקנייפּט, געוואָרפן די שטיקלעך סחורה און די פינגער פון דער רעכטער האַנט האָבן פּאַמעלעך געצייכנט די באַ־שטעלונג: איין פערצענער, פיר זעכצענער, דריי אַכצענער, דריי אַכט און דרייסיקער, צוויי פערציקער, איין צוויי און פערציקער, איין פיר און פערציקער. נודלמאַנס אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט דעם בלייפעדער און, קומענדיק צו די פערציקער מאָסן, האָבן די אויגן רמאיש געזאָגט: זאָלסט אַזוי זיין מיט דער נאָז ווי דו וועסט קריגן אַ פיר און פער־ציקער צי אַפילו אַ צוויי און פערציקער.

אויסגעשריבן די באַשטעלונג האָט זי זיך ראַש אויפגעהויבן. — איצט קומט מיט מיר צו מר. העגגערן וועט ער אונטערשרייבן די באַשטעלונג.

נודלמאַן איז ניט נאָר געווען פאַרוואונדערט, נאָר האָט דערשפּירט עפּעס ניט גוטעס. געוויינלעך חתמעט זי די באַשטעלונגען, מיט אַמאָל אַ מר. העגגער. מרס. פינלי האָט אים ניט געענטפערט, אים ניט געגעבן קיין צייט אַפילו זיך וואונדערן צו לאַנג. ווי אַ ווינט האָט זי אַן עפן געטון דאָס שמאָלע טירל און דער ווינט האָט אים אַ צי געטון, אים איינגעזויגן — געגאַנגען! טראַגנדיק זיין קאַפּעליוש און דאָס קעסטל מיט איר קליידל אין איין האַנט איז ער איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ חדר־ייִנגל גייט נאָך דעם באַהעלפער אויפן וועג צום רבין, ווער ווייסט, אפשר כאַפּן שמיץ.

— מר. העגגער! דאָ איז אַ באַשטעלונג פאַר מר. נודלמאַן, — האָט זי אַנגעוויזן אויף אים. — איר׳ט זיין אַזוי גוט און אונטער־שרייבן. — אָפּגעזאָגט און פאַרשוואונדן.

— צופרידן אייך צו קענען, — האָט מר. העגגער אַ זאָג געטון מיט אַ שמייכל. — זיצט. ווי איז געשעפט?

— אָה, אַזוי זיך.

מר. העגגערס גרויע אויגן — אַ ווירע צוגעלייגט צו מר. נודל־מאַנען, אַ ווירע וואָס מעסט אין דער לייַנג, אין דער ברייט. מר. נודלמאַנס קוק — אַ דינער שנאָבל, אַ פּיק, אַ בליק און צוריק. וואָס וויל ער, דער מר. העגגער?

— וואָס, ניט צו ראַשיק?

— נו, בין הזמנים.

— מיר קענען דערוואַרטן אַ גוטן סעזאָן.

— יאָ, אַזוי זאָגט מען.

— יאָ, דער נעקסטער סעזאָן מוז זיין אַ בעסערער. די גע־שעפטסלייט דאַרפן זען ער זאָל זיין אַ בעסערער. איר ווייסט, די געשעפטסלייט זיינען עס די וואָס קענען מאַכן געשעפט זאָל זיין בעסער.

נודלמאַן האָט אויף אים אויסגעשטעלט אַ פּאָר טאַמעוואַטע אויגן: געשעפטסלייט מאַכן עס זאָל זיין בעסער? — האָבן זיי געפרעגט און צו דערזעלבער צייט אַריינגעכאַפּט די שיטערע שטרוי קאָליר האָר, פאַרקעמט אין דער ברייט צו פאַרדעקן דעם פּליך.

— דורך קאָאָפּעראַציע! — האָט מר. העגגער אַרויסגעקלאַפּט דאָס וואָרט קאָאָפּעראַציע. דאָס וואָרט האָט אים אַליין קענטיק גע־קלונגען זייער חשובדיק, געוויכטיק. — ווען יעדער איינער, געדיינקט, ווען י ע ד ע ר  א י י נ ע ר געשעפטסמאַן זאָל קאָאָפּערירן, ווען אַלע זאָלן אַרבעטן ווי איין קערפּערשאַפט, מוז געשעפט זיין בעסער.

נודלמאַן האָט ניט געפונען קיין וואָרט אַריינצושטעלן אין דער פּאוזע וואָס מר. העגגער האָט געמאַכט, האָט נאָך אַלץ ניט געוואוסט וואָס דער פאַרשוין וויל פון אים. מר. העגגער האָט געמאַכט די פּאוזע ניט ווייל ער האָט דערוואַרט אַ וואָרט פון מר. נודעלמאַן. ניין, אַ פּאוזע, האָט ער געלערנט, גיט צו חשיבות צום רעדן. ווען ער האָט געפילט אַז זיין שווייגן האָט שוין געמאַכט דעם חשובן איינדרוק, האָט ער פאָרטגעזעצט: — נעמט אונדזער שטאָט. די בעסטע שטאָט אין לאַנד. אויב דאָס לאַנד איז גאָטס לאַנד, און עס איז, גאָט צו דאַנקען, דאָס פרייסטע לאַנד אויף דער וועלט, דאַן איז אונדזער שטאָט דער גן־עדן פון גאָטס לאַנד. נעמט אונדזער האַנדלס־קאַמער . . .

אַהאַ! נודלמאַנס געדאַנק האָט אַ שפּרונג געטון צום פאַרשוין וואָס איז געווען ביי אים אינדערפרי. וואָס איז געווען זיין נאָמען? כאַפּט אים דער רוח. אָבער ווי שנעל דאָס אַרבעט! ער האָט פאַרהערט אַ ביסל רייד פון מר. העגגער, בלויז געכאַפּט . . . — יעדער איינער געשעפטסמאַן מוז באַלאַנגען צו דער האַנדלס־קאַמער, דיינקט איר ניט אַזוי?

— איך דיינק . . .

— געוויס! עס איז אין ז י י נ ע א י נ ט ע ר ע ס ן! אָבער עס זיינען דאָ מענטשן וואָס פאַרשטייען ניט זייערע אייגענע אינטער־רעסן סיידן מ׳דערציילט עס זיי, מ׳מאַכט זיי קלאָר. דאָ זעט איר? דאָ איז אַ בוך פון דער האַנדלס־קאַמער, וואו עס זיינען פאַרצייכנט די נעמען פון אַלע מיטגלידער. אַ היפּשע צאָל נעמען, אָבער עס וואָלט געקענט, געדאַרפט זיין אַ סך מער. אַ קאַמפּאַניע ווערט איצט אָנגעפירט פאַר מיטגלידער און די „עמפּאָריום" האָט זיך פאַרפליכ־טעט אַריינצושטעלן הונדערט נייע נעמען. אייער נאָמען איז דאָרט נאָך ניטאָ, איז ער?

— ניין, איך . . .

— אָבער איר וואָלט געוואָלט זיך אָנשליסן, ניט אַזוי?

— נו, איך . . . איך . . .

— נו, אַלץ וואָס איר דאַרפט טון איז אויספילן אָט דעם בלאַנק, בלויז אונטערשרייבן דעם נאָמען, דעם נאָמען פון דער פירמע און אייער פערזענלעכן נאָמען. אָט דאָ אָ, אויף דער שורה, און — פּאַוזע — אַ טשעק אויף צען דאלאר, אַ ספּעציעלער איינטריט־פּרייז. זייער ביליק.

נודלמאַן האָט שוין אונטערגעשריבן דעם נאָמען און פאַרווירט געקוקט אויף דעם מר. העגגער. — איך, איך האָב ניט מיין טשעק־ביכל מיט זיך, — האָט ער גענומען טאַפּן אין אַלע קעשענעס, אַפילו אין קאַמזויל קעשענעס. די פינגער, בלאָנזשענדיק איבער די קנעפּלעך, האָבן געוואָלט צעשפּיליען, אָפּרייסן די קנעפּלעך פון קאַמזויל, פון העמד, רייסן, רייסן!

— מיט וועלכער באַנק האַנדלט איר?

— פוירסט נעשאַנאַל.

— אַ גוטע באַנק, — האָט מר. העגגער מעשה מבין אויף באַנקען גוטגעהייסן.

— יאָ, אַ גוטע באַנק, — האָט נודלמאַן צוגעבאַמקעט. „דעם צוואַנציקסטן" האָט זיך אַ באַמבל געטון ביי אים אין געדאַנק. ווער ווייסט, קען זיין אַז ווען ער זאָל אויסשרייבן אַ טשעק וועלן זיי שוין אים ניט אויסצאָלן, ביז וואָס ווען וועלן זיי אַרויפלייגן אַ לאַפּע אויף די פּאָר דאלאר.

— איך קען אייך געבן אַ בלאַנק פון דער פוירסט נעשאַנאַל.

— אַ דאַנק, — האָט נודלמאַן דערשראָקן געענטפערט. — איך,

איכ׳ל . . . די זאַכן צאָל איך בעסער מזומן. — ער האָט נאָכאַמאָל גענומען שאַרן אין די קעשענעס. — דאָ האָט איר פינף דאָלאַר און דעם באַלאַנס . . .

— עס איז אַלרייט, מר. גודלמאַן, אייער וואָרט איז גוט גענוג. איר׳ט קריגן די אינסיגנא פון דער האַנדלס־קאַמער, אַ פיינע אינסיגנא, קלעפּט זי אַרויף אויף דער טיר ביי אייך אין געשעפט. זאָל עס אייער שכן אויך זען, זאָלן עס אייערע אַרבעטער זען. איר׳ט אויסגעפינען עס איז אַ גוטע פּראַטעקציע . . . נו, דאָ האָט איר אייער באַשטעלונג. — אַ גלאַטע אָבער קרעפטיקע האַנט. — טוט מיר אמת הנאה וואָס איך האָב זיך באַקענט מיט אייך, מר. גודלשטיין.

— מיר אויך. אַ גוטן.

— אַ גוטן טאָג, מר. . . .

מר. העגגער האָט זיך שוין פאַרהיקעט ביים נאָמען, אָבער גודלמאַן האָט עס שוין ניט געהערט. אים איז געוואָרן הייס. ער האָט זיך געאיילט אַרויסצוגיין פון קראָם, שוין אַפילו ניט געגאַנגען זאָגן קיין גוטן טאָג דער מרס. פינלי. אין דרויסן האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, גענומען טאַפּן אין די קעשענעס, זוכן אַ טיכל. אַ פּאַפּירל איז אַריינגעקראָכן אין האַנט — די באַשטעלונג אויף די קליידלעך. ער האָט עס געטון אַ קנייטש צוזאַמען אין אַ פאַרקרעמפּטן קולאַק. — אַ וואָרף טון, אַ שליידער טון! אין פּנים אַריין געדאַרפט אַ וואָרף טון. — די פינגער האָבן גענומען נאָכלאָזן. ער האָט אַ קוק געטון אויף דער אָפענער האַנט מיטן צעקנייטשטן פּאַפּירל דאָרט. אַ פאַרבייגייער האָט זיך אָנגעשטויסן אָן אים, דאָס פּאַפּירל איז אַרונטערגעפאַלן. אַ מאָ־מענט — און אַ מענטשליכער פוס האָט שוין געהאַלטן אין אַרויפ־טרעטן דאַרויף. גודלמאַן האָט זיך אַ וואָרף געטון נאָכן פּאַפּירל. פאַרבייגייער האָבן ברוגז אויסגעבויגן בויגנס אַרום אים. — אַנט־שולדיקט, — האָט גודלמאַן געשטאַמלט אויסגלייכנדיק זיך, אָבער די ברוגזע פאַרבייגייער האָבן ניט געהערט שוין זיין אַנטשולדיקונג, זיי זיינען שוין געווען ביים ראָג, דער מענטשן־שטראָם האָט זיך אָנגע־רוקט און אים אויך אַוועקגעשלעפּט צום ראָג פון זיין שאָפּ.

דאָרט, ביים שרייב־טיש, אָן אַ היטל, אָן אַ רעקל, האָט ער אַרומ־געווישט דעם פּנים, מיט קאַלטע גלאַנצלאָזע אויגן באַטראַכט דאָס פּאַפּירל, עס אויסגעגלייכט, אַרויפגעלייגט זיין האַנט דאַרויף, געקוקט

אויף דער האַנט, דעם שרייב־טיש, דעם טעלעפאָן. ער האָט גענומען בלעטערן דאָס ביכעלע מיט די פאַרצייכנטע טעלעפאָן־נומערן, דרייען דאָס רעדל, רופן די מיידלעך זיי זאָלן מאָרגן אַריינקומען צו דער אַרבעט.

(5)

ביי דער שיין פון אַ שרייענדיקער ליכט, שווערע שער אין האַנט, איז נודלמאַן געשטאַנען איבערגעבויגן איבער דעם פעלד־גרויסן שנייד־טיש, צושניידנדיק דעם ערשטן שניט פאַר די מיידלעך וואָס דאַרפן אַריינקומען צו דער אַרבעט. ניט אַלע האָט ער געקענט גרייכן דורכן טעלעפאָן. וועלן קומען זעקס, אַכט, נאָך בעסער. שווער אָנצוהאַלטן. וויפיל, אַשטייגער, וועלן זיי מאַכן אַ טאָג? וויפיל וועלן זיי פאָדערן? ער האָט שוין באַשטימט. אַ פּערטעלע. אַ סענט ניט מער. די שפּיצן פון דער שווערער שער וועלכע זיינען קוים אַריינגעקראָכן אין אַ פּאַכוועס אויסשניט זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, צוגעקנאַקט — אַ סענט ניט. דער צונג וואָס האָט געמאַכט אַלע תנועות פון דער שער האָט זיך צוריק אַריינגעכאַפּט הינטער די ציין, זיך באַהאַלטן. — וואַרט, אים פעלט דאָך קעשענעס! אַזאַ מאָדע! אַ געבלומטע קליידל מיט אַ קעש־שענע. מאַלטיך, זי׳ט זיך שוין באַדרייען מיט אַן אַרויפגעשטעפּטער, ניט איינגעשניטענער, קעשענע.

צעלייגנדיק די צוגעשניטענע סחורה, אויססאָרטירנדיק זי אין בינטלעך, האָט מר. נודלמאַן דערהערט ווי די טיר האָט זיך געעפנט. — זיי קומען. — די פינגער האָבן זיך גענומען באַוועגן שנעלער, צו שנעל, אַ פראָנט פון איין קליידל האָט פאַרבלאָנזשעט צו אַ צווייט קליידל. ער האָט אויף גיך צוריקגעכאַפּט דאָס פאַרבלאָנזשעטע שטיקל סחורה און זיך אָנגעשטריינגט סאָרטירן ריכטיק. — סאָרטירן, סאָר־טירן פּאַמעלעך אָבער ריכטיק. זיינען זיי דאָ! וועלן זיי נייען! וועלן זיי? — איצטער אָ אַ לאָמפּ?

נודלמאַן האָט פאַרוואונדערט אַ קוק געטון אויף דער שטימע, גלייך איבערגעוואָרפן דעם קוק צום לאָמפּ איבערן שנייד־טיש, זיך געכאַפּט — יאָ, דער לאָמפּ ברענט. ער האָט גאָר ניט באַמערקט דעם לאָמפּ, אויך ניט די ליכט פונם יולי פרימאָרגן וואָס האָט זיך שוין לאַנג אַריינגעריסן אין אַרבעט־צימער. ער האָט פאַרדרייט דאָס ליכט

און אַ זאָג געטון: די מינוט. איך בין שוין פּאַרטיק. — ניט פאַר־בינדנדיק די צוגעשניטענע סחורה האָט ער צוגעטראָגן די „לויזע מערע״ צו יעדער מאַשין, וואַרפנדיק אויגן אויף די מיידלעך, ווער עס איז אַריינגעקומען און ווער ניט.

— דאָס איז דאָס קליידל?

— יאָ, דאָס איז דאָס קליידל. זעצט זיך צו דער אַרבעט. אַ ראַ־שיקע באַשטעלונג.

— און דער פּרייז?

דער רבי האָט געפרעגט: וואו האַלט מען. באַלד קומט דער פּאַטש. נאָר ניט אַרויסווייזן קיין שוואַכקייט. — דריי דאָלאַר אַ טוצן.

— וואָ־־־ס?

— אַ קוואָטער אַ שטיק, — האָט ער געפּרואווט אָנהאַלטן דעמ־זעלבן נאָכלעסיקן טאָן.

— אַזוי זאָגט איר? מיר וועלן . . .

— הויבסט שוין אָן דיינע שטיק. חושך דו. אַ ביליקע געבלומטע קליידל, צוויי נעט פאַרנייען, דאָס אַלעס.

חייקע חושך האָט אַ דריי געטון די פיגור, באַטראַכט דאָס קליידל אַרום און אַרום. — דאָס איז ביי אייך צוויי נעט?

— דאָס איז בלויז דער מוסטער, צוגעשניטן גאַנץ אַנדערש, ווייס־טאָך, דאָ אַרונטערגענומען, דאָרט . .

— אָבער מיר האָבן דאָך שוין געמאַכט דאָס קליידל! געדיינקסט. פּעני? דאָס איז דאָך דער זומער . . . זעקס צוויי און פערציק. מיר האָבן דאַן געקראָגן . . . פופציק סענט, ביין?

— דאַן! דאַן האָב איך אויך געקראָגן מער, איצט קריג איך אַ העלפט, קיין העלפט אויך ניט, איך דערלייג, אויף מיינע באמנות איך דערלייג געלט צו דעם קליידל.

— מיר ווייסן שוין אייער דערלייגן. פון אונדזערע קעשענעס דערלייגט איר. געהערט אַ געשיכטע, אַ קוואָטער אַ קליידל!

— איך קען ניט, אויף מיין וואָרט איך קען ניט מער.

— אַז מ׳קען ניט נעמט מען זיך ניט אונטער.

די מיידלעך אין אַ האַלבן קרייז פאַרן מאַנעקען מיטן קליידל, נודלמאַן ביי דער זייט פון מאַנעקען, איינער קעגן אַ מחנה, דער מאַ־נעקען אויסגעסטראַצלט אין קליידל — אַ שטומער, נאַרישער צושויער.

דער איינער האָט אַ קוק געטון אויף דער מחנה, די מחנה האָט גע־ענטפערט מיט אַן אַנטשלאָסענעם קוק.

— הערט! — האָט דער איינער גענומען רעדן שוין נערוועז, דערוויטערנדיק זיך פונם האַלבן קרייז, — איר ווילט זיך זעצן אַר־בעטן, מאַכן דאָס קליידל איז אַלרייט, ניט איז ניט. כאַפּט עס דער רוח, מיט אַלץ מיט אַנאַנדער.

אַ מאַך מיט ביידע הענט און ער האָט זיך אַ לאָז געטון צום שנייד־טיש. דאָרט האָט ער אַ לייג געטון די שער פון איין פלאַץ אויפן צווייטן, אַ שאַר געטון אַ פּאָר שמאַטקעס, זיך אומגעקוקט צו די מייד־לעך. זיי זיינען שוין מער ניט געשטאַנען אין האַלבן קרייז פאַר דער פיגור, ווער עס איז געזעסן מיטן רוקן צו די מאַשינען, ווער עס איז געשטאַנען.

— נו, וואָס שטייט איר? פאַרוואָס זעצט איר זיך ניט אַרבעטן?

— פופציק סענט, וועלן מיר . . .

— זאָלסט אַזוי זיין מיט דער נאָז, מיט דיינער, ווי דו וועסט קריגן פופציק סענט. פופציק סענט גיב איר פאַר אַט דער שמאַטע, — האָט ער צוגעאיילט צו דער פיגור און אַ צופּ געטון דאָס קליידל. — וואָס איז דאָ דאָ, צוויי נעט? קענסט דאָך אַריינשיסן זעכצן אַ טאָג.

— און אַז זעכצן, איז וויפיל וועט עס אויסטראָגן נאָך אייער חשבון? פיר דאָליאַרעס!

— הערסט דאָך, פיר דאָליאַרעס! גיב מיר פיר דאָלאַר אַ טאָג וועל איך ביי דיר אַרבעטן.

— איר ווילט אַ דזשאַב, מר. גודלמאַן? רופט אָפּ די יוניאָן.

— רופן די יוניאָן?

— נו יאָ, — האָט חייקע חושך געשמייכלט, — איר׳ט דאָך ניט גיין אַרבעטן אין אַ ניט־יוניאָן שאַפּ.

— איך דיינק איכ׳ל טאַקע רופן די יוניאָן, רופן אייער פאַר־וואַלטער, זאָל ער קומען, זאָל ע ר זיך מיט אייך צוזאַמענריידן, א י ך קען ניט. — ער האָט פאַררויכערט.

— ווילט רופן דעם פאַרוואַלטער — רופט אים. די קליידלעך וועט ע ר ניט נייען, מיר׳ן זיי נייען, און מיר דאַרפן באַשטימען דעם פּרייז.

— טאָ וואָס זשע ווילט איר? — האָט ער אויסגעשאָסן די פראַגע און אַ שטראָם רויך האָט באַגלייט דעם שאָס.

— פופציק סענט.

— איר'ט עס ניט קריגן. קיינמאָל אין לעבן, — האָט שוין נודלמאַן אויפגערעגט גערעדט. — אַ קוואָטער. אַ סענט ניט מער. ווילט איר נייט, ווילט איר גייט, — האָט ער אַ וואָרף געטון צו די מיידלעך און אַ שמיץ געטון דאָס ניט־דעררויכערטע ציגאַרעטל.

— וו — אַ — אַ — ס ? !

אַ שאַרפער בליץ האָט אַ שניט געטון, באַלד, אַ מאָמענט, און אַ שווערער דונער וועט אַ קנאַל טון, אַ קנאַק טון גלייך איבערן קאָפּ. ער האָט דערשראָקן אַ קוק געטון אויף די מיידלעך. פון וואַנען קומט עס אָט דער וו־אַ־אַ־ס ?

— וואָס מיינט איר, ווילט איר נייט, ווילט איר גייט? מיר קענען גיין, אָבער . . .

— איך מיין גאַנץ פּשוט, איר ווילט ניט מאַכן דאָס קליידל, גייט אייך געזונטערהייט. איך וועל דאָס קליידל ניט מאַכן. — ער האָט אַ שטופּ געטון די פיגור. — ברענט עס ווי אַ פייער! נאַדיר אַ באַשטעלונג! איך זאָג אייך איך וועל דאָס קליידל ניט מאַכן, — האָט ער זיך אומגעקערט צו די מיידלעך. אים האָט באַגעגנט אַ מיסטרוי־לעכער קוק.

— מיר גייען ניט, — האָט חייקע חושך אַ זאָג געטון און זיך אַ זעץ געטון אויף אַ ביינקל מיטן רוקן צו דער מאַשין. די איבעריקע מיידלעך האָבן זיך אויך אָוועקגעזעצט. — מיר ווייסן שוין . . .

מר. נודלמאַן האָט זיך געטון אַ דריי אויס, אַן עפן געטון די טיר פון אַרבעטס־צימער אין אָפיס אַריין און אַ זעץ געטון מיט דער טיר. מיט ציטערנדיקע פינגער האָט ער גענומען דרייען דאָס טעלעפאָן־רעדל. די מיידלעך אין שאַפּ האָבן זיך איבערגעשושקעט: דאָס רופט ער פלאַטקינען. זאָל ער רופן. זאָל יענער קומען. איין זאַך — פאַר אַ קוואָטער מאַכן מיר ניט דאָס קליידל. געדיינקט זשע!

(6)

— העללאָ, מויש!

— העללאָ, פלאַטקין!

— ווי גייט׳ס?

— עס גייט, אויף פאַרדן געזאָגט געוואָרן, זיץ.

פלאַטקין האָט זיך אַוועקגעזעצט, אַרויסגענומען פון דער אויבערש־טער קעשענע אַ ציגאַר פאַר זיך, פאַרגעשלאָגן נודלמאַנען אַ ציגאַר. נודלמאַן האָט אָנגעוויזן אויף זיין פעקל ציגאַרעטן. ביידע האָבן פאַר־רויכערט. משה נודלמאַן און חיים פלאַטקין האָבן אַמאָל — מיט אַ יאָר צען צוריק — געאַרבעט אין איין שאַפּ, געשטאַנען אפילו ביי איין טיש און געשניטן. צען יאָר, און משה נודלמאַן, דער קליידל פאַבריקאַנט, איז געוואָרן אַ סך גרויער ווי ווען ער האָט געעפנט די פאַבריק און האָט גערויכערט צוויי מאָל אַזוי פיל ציגאַרעטן ווי ווען ער איז געווען אַ צושניידער ביי יענעם. די ציגאַרעטן האָט ער אייגנטלעך ניט אויס־גערויכערט, ער האָט פאַררויכערט, געטון אַ פּאָר צי און געלאָזט דעם ציגאַרעט זיך אויסרויכערן אויף אַ ברעג טיש. דער שנייד־טיש, דער שרייב־טיש האָבן געטראָגן די סימנים, די וואונדן פון נודלמאַנס רויי־כערן. פלאַטקינס קאָפּ האָט די צייט אויסגעמיטן. זיינע האָר זיינען ניט אויסגעקראָכן, ניט גרוי געוואָרן, די צייט האָט זיך באַזעצט אויף זיין פנים, געפאַרבט אים אין אַ מין וואַקסענעם קאָליר, דער קאָליר פון אַ נאָנע פנים, מער ניט, ניט אַזוי גלאַנציק. די צען יאָר האָבן זיך פאַרקליבן אין דער שלאַבערדיקער פעטקייט וואָס איז אַרונטערגעהאנגען פון ביידע זייטן, דער אונטערשטער טייל פון פנים — אַ חלה וואָס איז איבערגעלאָפן איבערן בעקעלע. דער קורצער, שמאָלער קין איז דער־טרונקען געוואָרן אין דער פעטקייט. דערפאַר האָט פראָמינענט אַרויס־געסטאַרטשעט דער ציגאַר, וואָס האָט כמעט שטענדיק זיך געוויקט ביי אים אין מויל. עפּעס אַ מין לאַנגער, ברוינער צאָן האָט אַלע מאָל אַרויסגעשטעקט פון מויל־ווינקל, אַ פאַלשער צאָן, וועלכן פלאַטקין האָט געשיקט איבערגעוואָרפן פון איין מויל־ווינקל צום צווייטן, ניט נוצנדיק די פינגער. די צען יאָר האָבן זיך אַ וויג געטון אין דעם רויך. ווען דער רויך איז זיך אַביסל צעגאַנגען זיינען פאַבריקאַנט און יוניאָן־פאַרוואַלטער געזעסן פנים אל פנים, קלאָר געזען איינער דעם צווייטן.

די מיידלעך אין אַרבעטס־צימער — אַ בערגל מוראַשקעס צערו־דערט. — ער איז שוין דאָ. סודעט זיך שוין מיטן באַלעבאָס. ניט גע־קענט אַריינקומען פריער צו אונדז. זאָל ער רעדן. איר הערט, מיר מאַכן ניט דאָס קליידל, און פטור.

— נו, וואָס הערט זיך, משה?
— וואָס זאָל זיך הערן? צרות.
— גאַנץ פרי, אויפֿן ניכטערן האַרצן שוין צרות.

נודלמאַנען האָט אַ צי געטון „אונטערן לעפעלע“. אַרויסגעגאַנגען פון דערהיים פאַרטאָג, דאָס ווייב איז נאָך געשלאָפן, געכאַפּט אַ טעפּל קאַווע און זיך געשטעלט שניידן, איצט האָט ער דערפילט ער איז הונגעריק.

— אויפֿן ניכטערן האַרצן איז ריכטיק.

— וואָס אַזוינס?

— ווייסטאָך, פּלאַטקין, — האָט זיך נודלמאַן צוגערוקט נעענ־טער צו אים, — מיין שאַפּ איז אַ יוניאָן שאַפּ, אַן אמתער יוניאָן שאַפּ, ניט קיין געבלאָפטער ווי אַנדערע. איך האָב דיך נאָך קיינמאָל ניט געבאַדערט. ווייסטאָך, אין אַ שאַפּ, מ׳רייסט זיך אַמאָל וועגן פּרייזן, אַרבעט, אָבער איך האָב אַלע מאָל געזען דורכקומען. איצטער אָבער איז אַזאַ מעשה. איך האָב אַריינגעקראָגן אַ באַשטעלונג אויף דריי הונדערט קליידלעך, אַ שלעכטע באַשטעלונג, איך דערלייג געלט.

— מוזסט האָבן אַ רייכע באָבע. אַלע פאַבריקאַנטן דערלייגן דער באָבעס ירושה. רק איר דערלייגט. וואו נעמט איר אַזוי פיל צו דערלייגן? — דער ציגאַר אין מויל האָט זיך אַ רוק געטון פון אייןווינקל צום צווייטן, צעשפּרייטנדיק דעם איראָנישן שמייכל איבערן גאַרן מויל זיינעם.

— גלויבסט מיר ניט, האַ? — האָט זיך נודלמאַן געטון אַ רוק אָפּ, אַן עפּן געטון דעם שופלאָד. — נאַ, זע! זעסט? צוויי פינף און זיבעציק אַ קליידל. די סחורה אַליין קאָסט מיך מער ווי דאָס. איצט גלויבסטו שוין? — ער האָט אַ וואָרף געטון זיין ציגאַרעט.

— איך גלויב דיר, אָבער ווער הייסט דיר נעמען אַרבעט אויף דערלייגן? מע צווינגט דיך? אַמעריקע איז אַ פרייע מדינה.

ער אויך מיט דער „פרייער מדינה“. — ווער צווינגט מיך. איך האָב דאָך אַ שאַפּ, דאַרף דאָך אים אָנהאַלטן, ניין?

— דאָס איז שוין דיין עסק. איך בין ניט אין די קליידל געשעפטן. איך האָב די יוניאָן אויף מיין קאָפּ, און דאָס איז גענוג פאַר מיר. — פּלאַטקינס שמייכל האָט זיך געדראַפּעט לענג אויס דעם ציגאַר און פון

סאַמע שפּיץ אַ שפּרונג געטון, אַ שנאַל געטון גודלמאַנען אין נאָז — ווייסטו שוין?

גודלמאַנס אויגן האָבן פון אונטן אַרויף אַ קוק געטון אויף פלאַט־קינען — אים איז גוט, פרעסט, זויפט, טוט גאָרניט, אַ יוניאָן־פּירער, יוניאָן . . .

— אַז דו ביסט שוין יאָ אַ יוניאָן־פּירער, איז אפשר האָסטו פאַר מיר אַ דזשאָב. גיב מיר אַ דזשאָב גיב איך אויף דעם שאָפּ הײַנטיקן טאָג.

— אַ פאַרוואַלטער פון אַ יוניאָן וואָס גאַראַנטירט עמיצן אַ דזשאָב איז ווי אַ דאָקטאָר וואָס גאַראַנטירט אַ רפואה.

— זעסטו, קיין דזשאָב קענסטו ניט געבן.

— געבן. וועסט זוכן ווי אַלע אַנדערע.

— דו ווייסט גאַנץ גוט אַז איך קען שוין קיין אַרבעט ביי יענעם ניט קריגן. אַ צושניידער אַז ער הויבט אָן ווערן גרוי מעג ער גלייך פאַר זיך צושניידן ווייסע תכריכים. מיט אָט דעם קאָפּ וועל איך שוין קיין דזשאָב ניט קריגן. צוליב דעם געוואָרן אַ באַלעבאָס, מישטיינס געזאָגט, איז מיט מיר קעמפט מען, פינגערהוטן לאָזט מען צורו, נאָר מיר . . .

— הער, מויש, טיקע מיר ניט דעם פינגערהוט. אַלע אין איין קול — פינגערהוט און פינגערהוט. דו לאָז פינגערהוטן צורו. מיט אים וועט זיך שוין די יוניאָן ספּראַווען. האָסט מיך גערופן לאָמיר רעדן געשעפט. וויפיל גיסטו זיי פאַרן קליידל?

— אַ פערטעלע.

— אַ פערטעלע? וויפיל קליידלעך קען אַ מיידל מאַכן אַ טאָג?

— וויפיל קליידלעך. איך ווייס וויפיל? פערצן, זעכצן, אַכצן, וואָס ווייס איך?

— זיי האָבן שוין אַמאָל געניייט דאָס קליידל?

— שוין געניייט.

— און וויפיל האָבן זיי דאָן געמאַכט?

— איך געדיינק ניט. מער ליגט מיר שוין גאָרניט אינזינען.

— וויפיל האָסטו זיי געצאָלט דאָן?

— אַ האַלבן דאָלאַר.

— פון אַ האַלבן אויף אַ פערטל!

— אָבער פאַרגעס ניט וויפיל איך האָב דאָן גענומען פאַרן קליידל.

— וויפיל האָסטו גענומען?

— וויפיל איך האָב גענומען? מיר דוכט אַז פיר פופציק.

פלאטקין האָט אויף שנעל אַ רעכן געטון אין געדאַנק. פון פיר פופציק אויף צוויי פינף און זיבעציק. עפּעס מער ווי זעכציק פּראָצענט. די מיידלעך זאָלן אויך קריגן עפּעס מער ווי זעכציק מיינט עס דרייסיק, פינף און דרייסיק סענט. אויף דעם פּרייז קען מען שליכטן דעם סכסוך. כאָטש אַז ער זאָגט מ י ר ד ו כ ט פיר פופציק מיינט עס מסתם פינף פופציק, און אפשר גאָר זעקס. אין דער הויך האָט ער אַ זאָג געטון: האָסטו דאָך געמאַכט געלט דאַן.

— נו יאָ, וואָס זשע, איך אַרבעט אויף עולם הבא?

— דאַן האָסטו אָבער ניט גערופן די יוניאָן. איצטער . . .

— האָב איך דאָך דאַן געצאָלט פופציק סענט! — האָט שוין נודלמאַן אויפגערעגט געשריען.

— מאָלטיך האָסט געקענט צאָלן מער. אָבער וואָס געווען איז געווען. איצטער איז אַזוי. ווען אַ קוואָטער איז אָפּגערעדט. דו קריגסט מיט עטלעכע און דרייסיק פּראָצענט ביליקער ווי פריער, זע איך ניט איין פאַרוואָס די מיידלעך זאָלן פאַרלירן פופציק פּראָצענט. אַז די מיידלעך זאָלן פאַרלירן די דרייסיק פּראָצענט איז שוין אויך גענוג. און ווידער, דו האָסט געזאָגט אַ קוואָטער, זיי האָבן געזאָגט פופציק סענט, דו וועסט זיך איינשפּאַרן אויף דיינס וועלן זיי זיך איינשפּאַרן אויף זייערס, דאָס מיינט אַ סטרייק, און קיין סטרייקס ווילן מיר ניט.

— ווער וויל אַ סטרייק? איך וויל אַ סטרייק?

— דאָס וואָס איך זאָג: קיין סטרייק ווילן מיר ניט. איז אַ קאָמ־פּראָמיס. דו וועסט מוזן העכערן, זיי אַרונטערלאָזן. אַריינגיין צו זיי. —

פלאטקין האָט זיך אויפגעהויבן.

— אָלרייט, גיי אַריין. איך גיי אַרונטער בלויז כאַפּן אַ טעפּל קאַווע. וועל באַלד אַרויפקומען.

נודלמאַן איז אַרויס כאַפּן אַ טעפּל קאַווע. פלאטקין איז אַריין אין שאַפּ צו די מיידלעך.

— העללאָ, מיידלעך! — האָט ער אויסגערופן וואוילינגעריש.

— וואָס איז דאָ ביי אייך פאַר אַ צרה?

— דער באַלעבאָס האָט דאָך אייך שוין דערציילט, וואָס דאַרפט איר נאָך א ו נ ד ז פרעגן? — האָט חייקע חושך שניידיק אַ זאָג געטון.

— דו, רויטע, שווייג! — האָט פּלאַטקין שנאַהדיק אַ זאָג געטון.

— האָט שוין געעפנט איר פּה קדוש. איז דאָס דאָס קליידל?

— יאָ, דאָס איז עס, — האָט פּעני געענטפערט שטיל און רוגזהדיק.

פּלאַטקין האָט איבערגערוקט דעם ציגאַר אין מויל. — וויפיל קענט איר מאַכן אַ טאָג?

— וויפיל מיר קענען מאַכן ווייסן מיר ניט. וואָס מיר ווייסן איז אַז פאַר דעמזעלבן קליידל האָבן מיר געקראָגן פופציק סענט און איצט באָט ער פינף און צוואַנציק. פאַרשטייט איר שוין? — האָט חייקע חושך אים אַריינגעשיפּעט אין פּנים אַריין.

— דיך פרעגט מען ניט. דו שווייג שטיל!

— ווער וועט מיר פאַרמאַכן דאָס מויל? איר? ווער וועט זיך זעצן מאַכן דאָס קליידל? איך וועל עס מאַכן, מיר, און איכ׳ל רעדן צי עס געפעלט אייך אָדער ניט . . . געהערט אַ מעשה? שווייג!

ניט נאָר חייקע חושך, אַלע מיידלעך האָבן גערעדט, געשריען.

בודלמאַן האָט געטרונקען קאַווע. אַ מאַן גייט אַרום אין קאָרידאָר פון שפּיטאָל ווען זיין ווייב גייט צו קינד. אַ וואַרטערין קומט אַרויס פון צימער וואו זיין ווייב שרייט, שיינקט אים אַ שמייכל, באַגעגנט אַ צווייטע וואַרטערין און זיי שמייכלען זיך איבער. זיין ווייב, ער . . . און ער דערפילט זיך איבעריק, נאַריש. ער׳ט בעסער אַרויסגיין. אַרויסגעגאַנגען, גענומען אַ טעפּל קאַווע, שטאַרקן די נערוון, אָבער טרינקען אַ טעפּל קאַווע נעמט צייט, אפשר אין דער צייט האָט זי שוין אויפגעהערט שרייען, שוין דאָ אַ . . . בודלמאַן האָט זיך געאיילט אַרויפגיין אין שאַפּ. גייענדיק צו זיין טיר האָט ער שוין געהערט די געשרייען. שרייט נאָך אַלץ. פאַרפאַלן. ווען בודלמאַן איז אַריינגעקומען האָבן די געשרייען זיך אָפּגעהאַקט. ער האָט בלויז געהערט פּלאַטקינען אַ זאָג טון: — אָלרייט, לאָמיר גיין אין דער יוניאָן, דאָרט וועלן מיר אָפּהאַלטן אַ שאַפּ זיצונג. קומט אַלע! — תוך כדי דיבור איז ער שוין געשטאַנען אין אָפיס, אַ בורטשע געטון בודלמאַנען: ׳טזיין אָלרייט. דיר אָנקלינגען שפּעטער, — און אַרויסגעגאַנגען. די מיידלעך האָבן זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. בודלמאַן איז געזעסן מיטן פּנים צום טעלעפאָן, בלויז מיטן רוקן געפילט ווי די מיידלעך גייען אַרויס.

(7)

אַ פֿאַרמאַטערטער איז נודלמאַן געזעסן ביים טויבן טעלעפֿאָן, טעמפּ געקוקט אויף דער וואַנט קעגנאיבער. דער טעלעפֿאָן וועט קלינגען, פּלאטקין וועט רעדן, די מיידלעך וועלן אַרבעטן. ער וואָלט זיך באַדאַרפֿט שטעלן שניידן, די הענט האָבן זיך אָבער ניט געהויבן, די פיס האָבן זיך ניט גערירט. שאַפּ, קליידלעך, מיידלעך. ווער דאַרף עס? די שטילקייט פון שאַפּ האָט נאָך טיפער געדריקט אויף זיין גע־דריקטן געמיט. ער האָט געצונדן איין ציגאַרעטל נאָכן צווייטן, דער רויך האָט שוין ניט געהאַט קיין טעם. טעמלאָז, דאָס גאַנצע לעבן זיינס טעמלאָז. ווי גוט עס איז אים געווען אַמאָל, אַמאָל ווען ער איז געווען יונג. געווען אַרבעט — געווען, ניט געווען — נו איז וואָס? ווען ער איז געשלאָפן אין פּאַרק אויף אַ באַנק איז אים דאָך געווען בעסער ווי איצט. וואָס האָט אים געפֿעלט? איצט — אַ מאַנופֿעקטשורער מיט אַ שאַפּ, מיידלעך, קליידלעך, צרות. צרות און דאָס אַלעס. אָדער ניט האָבן קיין העמד אויפֿן לייב אָדער זיין אַ גביר, אָבער טאַקע אַ גביר, ניט ווי ער. אויסגעביטן די פּאַרק באַנק אויף דער געלט באַנק. באַנק, פּראָצענט, וועקסלען. אָבער פֿאַרפֿאַלן. צוריק גיין קען מען ניט. פון דער באַנק אין פּאַרק האָט אַ פּאָליסמאַן געטריבן, איצט טרייבט ד י באַנק, און ניט נאָר די באַנק, אַ הויז, מעבל, אויטאָמאָביל, ווייב . . . און . . . קיין קינד . . .

די טיר האָט זיך געעפֿנט. נודלמאַן האָט פֿאַמעלעך אַ דריי געטון דעם קאָפּ, דערזען זיין ווייב און געקוקט אויף איר מיט אַ פרעמדן קוק. איז דאָס וויכנע? אויסגעפּרעסט דעם שטערן און די באַקן, אָנגעפּאַרבט דעם פּנים, די ליפּן, אויפֿן גאַנצן פּנים אויסגעמאָלט אַ פּערציק — אָפּגענאַרט די צייט. אָבער ער האָט זי דאָך געזען מיט עטלעכע שעה פריער! וויכנע אין בעט, די ציין אַרויסגענומען, די באַקן איינגעפֿאַלן, געקנייטשט, דאָס מויל פֿאַרשנורעוועט, די האָר — ביי די וואָרצלען גרוי, אינמיטן ברוין, ביי די שפּיצן שוואַרץ—צעוואָרפֿן, דער האַלדז . . .

אָט די וויכנע פון שלאָף־צימער האָט געוואונקען צו אים: קוק ניט אויף אָט דער אָ, אויף מיר קוק. זעסט? קוק זיך גוט צו. די קאַרבן אויפֿן האַלדז זעסטו? און די קנייטשעלעך אין די סאַמע ווינקלען פון די אויגן זעסטו? דאָס האָט אַפֿילו דער „ביוטי פּאַרלאָר" ניט געקענט

אַרויסנעמען, דאָס האָט די עלטער מיר אַ פּאַטש געטון אין פּנים, מיט די פינגער אין סאַמע ווינקל פון אויג. פאַרפאַלן. אַי זי בלאָפט? זאָל זי!

די צוויי וויכנעס גיסן זיך צונויף, וויכנע און, ווי זי הייסט פאַר דער וועלט, וויוויען, און עס איז וויכנע און ניט וויכנע. אַזוי אויסגעפּוצט. גייט שוין פון דאָקטאָר מסתם.

— אַזוי שטיל?

נודלמאַן האָט, כלומרשט ניט פאַרשטייענדיק וואָס זי מיינט, אַ קוק געטון פרעגנדיק.

— האָסט׳אך געזאָגט האָסט אַ סך אַרבעט, אַנטלאָפן אַ שעה פאַרצטאָג . . .

— די מיידלעך קומען אַריין נאָכמיטיק, — האָט ער נאכלעסיק אַ זאָג געטון. — וואוהין האָסטו זיך עס אַזוי פאַרפּוצט.

— איך קום פון מורן.

— נו?

— נו גאָרניט, דאַרף אַן אָפּעראַציע.

— אַזוי האָט ער געזאָגט, מור?

— ניין, איך האָב געזאָגט!

— ווען?

— ווען. וואָס גיכער אַלץ בעסער. דער טיומאָר וואַקסט.

— נו?

— נו, נו! הויבט שוין אָן מיט זיין נוקען.

— איך מיין וואָס דיינקסטו צו טון?

— אָפּגעמאַכט מיט מורן אויפן צוואַנציקסטן.

— דעם צוואַנציקסטן?! — האָט נודלמאַן אַ צעשראָקענער אַ פרעג געטון. די אויגן האָבן אַ קאַסע געטון דעם קאַלענדאַר.

— דעם צוואַנציקסטן וועט ער האָבן פאַר מיר אַ בעט אין שפּיטאָל.

— מילא, דעם צוואַנציקסטן איז דעם צוואַנציקסטן.

— דאַרפן צוויי הונדערט דאָלאַר.

— פאַרן שפּיטאָל?

— אָט האָסטו דיר! פאַרן שפּיטאָל? פאַר מורן! ער גייט ניט צום טיש ביז מ׳באַצאָלט אים נישט אָפּריער. דער שפּיטאָל איז אַ חוץ.

— איך מיין, מ׳קען דאָך קריגן אַ שפּיטאָל מיט אַ דאָקטאָר פאַרן זעלבן געלט.

— אַודאי קען מען. מ׳קען קריגן אומזיסט. ווען מיין מאַן זאָל ניט זיין קיין מאַנופֿעקטשורער וואָלט איך געקענט גיין אין סטאַטישן שפּיטאָל גאָר אָן געלט. ביסטו דאָך אָבער אַ מאַנופֿעקטשורער, בעט איך איבער דעם קאָוועד, אַ ביזנעסמאַן, מעטראָפּאָליטאַן דרעס, אַ קליי־ניקייט!

— יאָ, מעטראָפּאָליטאַן דרעס. און וויפֿיל קאָסט דער שפּיטאָל?

— צען דאָלאַר אַ טאָג חוץ עקסטראַס.

— אַ גאַנץ פֿיינער האָטעל, מ׳קען ניט זאָגן. קיין אַנדער שפּיטאָל קען מען שוין ניט קריגן?

— מ׳קען, אַוודאי קען מען, אָבער איך מוז דאָך גיין אין דעם שפּיטאָל וואו מור קומט אַריין.

— איז ניט מור. וואו שטייט עס געשריבן דווקא מור? קאָרג שניידער אַחוץ מורן?

— אפשר וואָלט איך גענומען בערנשטיינען?

— וואָס גאָר בערנשטיין? דאָ גענוג גוטע שניידער וואָס רע־כענען ביליקער ווי מור.

— אַ ביליקער דאָקטאָר קען אַמאָל מיינען אַ טייערע לויה.

— וועגן דעם האָב איך ניט געטראַכט.

— וועגן דעם האָט ער ניט געטראַכט, געטרייער מאַן. וואָס איז דאָ צו טענהן? איך האָב אָפּגעמאַכט מיט מורן אויפֿן צוואַנציקסטן און אַזוי וועט עס זיין. דאָס בין איך געקומען דיר זאָגן זאָלסט וויסן אַז דעם צוואַנציקסטן וועסטו דאַרפֿן צוויי הונדערט דאָלאַר. ביי דיר קען דאָך נאָך אַמאָל פּאַסירן דו זאָלסט ניט האָבן אויך.

— הלואי זאָל עס אַזוי ניט פּאַסירן ווי עס פּאַסירט.

— און איצט האָסטו עפּעס געלט?

— דיר געלאָזט דאָך!

— האָב איך עס פֿאַרשפּילט אין קאָרטן. געלאָזט. פֿינף דאָלאַר האָט ער געלאָזט. מ׳גייט אַריין אויסוואַשן דעם קאָפּ . . .

— נו יאָ, איז וויפֿיל דאַרפֿסטו איצט, אַנ׳ם קאָפּ, מיין איך אַנ׳ם וואַשן?

— וויפֿיל איך דאַרף. אַ טויזנטער! האָסט? איך דאַרף גיין איינ־קויפֿן טשאַכאַלן. איידער איך גיי אַוועק אין שפּיטאָל איבערציען דאָס מעבל, אַניט וועט ווערן אַ תל דערפֿון.

— נויטיק ווי אין לעבן.

— איך מיש זיך עפּעס אין דיינע געשעפטן? מיש זיך ניט אין מיינע.

— טשאַכאַלן קענסטו איינקויפן אין די „עמפּאַריום". דאָרט איז מיין קרעדיט גוט. פרעג מר. העגגערן . . .

— וואָס פאַר אַ העגגער?

— אָה, דו ווייסט ניט ווער מר. העגגער איז? — האָט נודלמאַן מיט פאַרבאַהאַלטענעם, בייזן הומאָר געזאָגט. — מעגסט זיך מיט אים באַקענען, אַ פיינער יונגערמאַן.

— דריי מיר ניט קיין מוח מיט דיין מר. העגגער. האָסט געלט?

— וויפיל דאַרפסטו?

— גיב. איך ווייס וויפיל? אַ צענערל האָסטו?

— מר. העגגער האָט אויך געוואָלט אַ צענערל, געגעבן האָב איך אים דערווייל אַ פינפערל. אפשר קען מען ביי דיר אויך אָפּדינגען אַ פינפערל?

— וועסט מיר אויפהערן צו העגערן? האָסט געלט? גיב, איך דאַרף נאָך גיין אין עטלעכע פּלעצער.

— נאָ, נאָ, — האָט ער אָפּגעשיילט אַ צענערל, דערלאַנגט. אויסגעמיטן אַ שטורעם.

— ווען ועסטו זיין אין דערהיים?

— ווי אַלע טאָג. וואָס הייסט ווען?

— אַ קשיא אויף דיר? וועט אַריינקומען אַ באַשטעלונג אויף צוועלף קליידלעך וועסטו קומען דרייצן אַזייגער, און איך דאַרף זיצן און פאָדען איבער דער וועטשערע.

— די באַשטעלונג איז שוין אַריינגעקומען, וויכנע. שוין אַריינ־געקומען.

— אַ דריבנער טעלעפאָן קלונג האָט זיך פּלוצלונג צעשאָטן. וויכנע נודלמאַן האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — ביי . . . און פאַרמאַכט די טיר. נודלמאַן האָט אויפגעהויבן דאָס טרייבל. — העללאָ, — האָט ער שלאַבעריק אַ זאָג געטון. — יאָ, יאָ. פּלאַטקין? האָ? פינף און דרייסיק? מילא. אָלרייט. וואָס? אַריינבלייגן נאָך אַ קליידל? וואָס פאַר אַ קליידל? וועלכן נומער טראָגט זי, דיין יידענע? זיכער אַן אַכצענער? אַן אַכט און דרייסיקער איז זיכערער. אַריינלייגן. וואַרט, פּלאַטקין.

לעווין, דער צושניידער לעווין, ער איז אפשר דאָ אין דער יוניאָן? זאָג אים ער זאָל אַריינקומען. וואָס הייסט ווען? שוין! יאָ. פּרעסער? זאָג סעמקען, ווייסט'אָך, דעם איינאוגלדיקן, ער זאָל אַריינקומען נאָכמי־טיק. איינער וועט זיין גענוג אויף היינט. אַ גוטן . . .

נודלמאַן האָט נאכלעסיק אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל אויפן פּאָס־טאַמענט. זאָל ער קומען, זאָל ער שניידן, זאָלן זיי נייען, סיי ווי . . . אָפּעראַציע . . . באַנק . . . פּלאַטקין . . . מוז זיין פאַרליבט אין זיין ווייב. אַזאַ שור הבור אַן אַכצענער! מילא נאָך אַ קליידל . . .

נודלמאַן האָט גאָר ניט געהערט ווי די טיר האָט זיך אַן עפן געטון, בלויז דערפילט עפּעס פאַלט. — אַנטשולדיקט, — האָט דער בריוו־טרעגער געלאָזט פאַלן מיט אַ שמייכל און גלייך פאַרשוואונדן. נודלמאַן האָט געעפנט די „פּאָסט". אָט דאָס איז דאָס, די א י נ ס י ג נ א. „קלעפּט זי אויף אויף אייער טיר, מר. נודלמאַן. אַ גוטע פּראָטעקציע פאַר די אַרבעטער," אַ נכפה אויף זיי. ער האָט אַ נעם געטון דאָס גלאַנציקע, פאַרביקע שטיקל פּאַפּיר, עס צעריסן אין דער לענג און, ווי האַלטנדיק אַ מייזל פאַרן עק, עס אַרונטערגעלאָזט אין פּאַפּיר־קערבל.

— אַרבעטן פּינקטלעך. אַ כאָלעריע אויף זיי.

די מיידלעך האָבן זיך גענומען אַריינשטעלן. נודלמאַן האָט יעדן פרימאָרגן געזען אויסמיידן צו זיצן אין אָפּיס ווען די מיידלעך קומען אַריין. ער געדיינקט נאָך ווען ער האָט געאַרבעט ביי יענעם, ווי שווער עס איז אים אָנגעקומען צו זאָגן דעם גוט־מאָרגן, און ווי שווער עס איז אים אויך געווען פאַרבייצוגיין שטומערהייד, פלעגט ער זיך א ר י י נ־כ אַ פּ ן אין שאַפּ. איצט איז ער געזעסן ביים שרייב־טיש, פונקט אַנט־קעגן דעם אַריינגאַנג, און די מיידלעך, איינע נאָך דער אַנדערער — טורמעניקעס אונטערן אויג פון דעם וועכטער, גייען פאַרביי, האָט ער געעפנט דעם שופלאָד, דאָרט געזוכט עפּעס . . . אַבי ניט צו קוקן אויף די מיידלעך.

חייקע חושך האָט זיך אָבער ניט געפילט ווי אַ טורמעניצע. — נו, מר. נודלמאַן, געסעטלט! — האָט זי אויסגערופן אַריינקומענדיק.

מר. נודלמאַן האָט אויפגעהערט זוכן אין שופלאָד, אַ קוק געטון אויף איר. אַ ממזר! זאָלסט עס זאָגן אַ סימן פון דער פריערדיקער בייזקייט. — געסעטלט, געסעטלט, — האָט ער צוגעבאָמקעט, און געפילט אַז דער פּאַרדרוס פון גאַנצן פרימאָרגן וועפּט זיך אויס. ער

האָט געזען די מיידלעך האָבן זיך שוין איבערגעטון, געזעצט זיך צו די מאַשינען. ער האָט שוין געוואָלט אַריינגיין אין שאַפּ, ווען חייקע איז אַריינגעקומען צו אים אין אָפיס.

— וואָס שוין ווידער?

זי האָט אויפגעעפנט אַ ביכעלע מיט אַ מין קופּאָנעס.

— וואָס איז דאָס?

— דאָס איז. דאָס איז . . . איר פאַרשטייט, איצט האָבן מיר געסעטלט, אָבער, לאָמיר זאָגן, מיר סטרייקן, איז ניט ביי אייך איז ביי אַן אַנדערן, און מ׳אַרעסטירט מיך צי עמיצן אַנדערש, איר ווייסט דאָך, אַמעריקע איז אַ פרייע מדינה, — האָט זי ממזריש אַ שמייכל געטון, — דאַרף מען דאָך מיך אַרויסנעמען פון טורמע, ניין?

ער וואָלט איר אַ גוטן, גוטן קניפּ געטון פאַר איר „פרייער מדינה“, פאַר איר ממזרישן שמייכל. — ווילסטו אַז איך זאָל עס דיך אַרויס־נעמען?

— אַרויסנעמען וועלן מיך אַרויסנעמען אַנדערע, איר דאַרפט בלויז געבן אַ פּאָר דאלאר. — און זי שמייכלט מיט איר שוואַרצן אָבער ליכטיקן פּנים. — איר׳ט דאָך געבן . . .

— אַי, חושך, חושך! דו ווייסט גאָרנישט ווי גוט דיר איז. ווילסט טאַקע מזומן? גלייך אויפן אָרט? וועסט מיר אפשר גלויבן אויפן וואָרט?

— אייער וואָרט איז גוט, מזומן איז נאָך בעסער.

. . . מר. העגגער . . . — מזומן איז בעסער. נו, נאַ, נאַדיר דיינע צוויי דאלאר און גיי זעץ זיך אַרבעטן. — ער האָט אַריינגעשטופּט די צוויי דאלאר אין איר האַנט אַריין, אַ שטויס געטון די האַנט, דער שטויס — אַ גלגול פון יענעם ניט געגעבענעם קניפּ.

חייקע חושך האָט אַ לייג געטון אויפן טיש צוויי קוויטלעך און, אָרעמס אויסגעצויגן אין דער הויך, די צוויי פּאַפּירלעך פלאַטערנדיק צווישן אירע פינגער, האָט זי אַריינגעטענצלט אין שאַפּ אַריין. — געקראָגן צוויי דאלאר! געקראָגן צוויי דאלאר!

נודלמאַן האָט נאָכגעקוקט חייקע חושך ווי זי האָט אונטערגע־טאַנצט מיט די פּאַפּירלעך צווישן די פינגער און איז איר מקנא געווען מיט דער קנאה פון אַן אַלטן מענטשן וואָס זעט יינגלעך שטיפן. איר איז גוט. געקראָגן אַ צווייערל פאַר „אירע זאַכן“, טאַנצט זי. ער? ער האָט אַ קוק געטון אויף די צוויי קוויטלעך וואָס חייקע חושך האָט אים

געלאָזט, זיי אַ נעם געטון, אַ ריס געטון צווישן די פינגער און אַריינ־געוואָרפן אין פּאַפּיר־קערבל צו דער אינסיגנא פון דער האַנדלס־קאַמער. ער איז אַריינגעגאַנגען אין שאַפּ, זיך אַוועקגעשטעלט ביים שנייד־טיש. ביז לעווין וועט קומען וועט ער דערווייל אויסלייגן די סחורות.

לעווין איז שוין געשטאַנען און געשניטן. נודלמאַן האָט אַרומגע־טאַנצט פון שנייד־טיש צו די מאַשינען, דערלאַנגט די מיידלעך צו דער האַנט, ווען ער האָט דערזען די טיר אין אָפיס האָט זיך געעפנט, עפּעס אַ מאָדנער פאַרשוין האָט זיך אַריינגעשטעלט. נודלמאַן איז אויף גיך אַריין אין אָפיס.

(8)

אַ ייד אין אַ שוואַרצן פילצענעם קאַפּעליוש מיט ברייטע ראַנדן, פון אונטער וועלכן עס זיינען אַרונטערגעהאנגען פּעך שוואַרצע, עגבויער פּיאות, אַ קורצע, ברייטע פאַרטוך באָרד, אויסגעקעמט אַזוי פיין אַז יעדע האָר, געקרייזלט ווי זי איז געווען, האָט מען געקענט זען באַזונדער; צווישן באָרד און וואָנצעס אַזעלכע זאַפּטיקע, רויטע ליפּן, דאָס שטיקל פּנים וואָס האָט זיך אַרויסגעזען פון דער באָרד אַזוי אויסגעפּילט, גלאַט און וואָס העכער צו די שלייפן עטוואָס בלאַסער, די „איידעלע" בלאַסקייט פון רבנים, כלי־קודש.

— זייט איר מר. מעטרא . . . ? כ׳מיין, איר זייט דער באַלעבאָס?

— יאָ, וואָס איז?

— איך בין פון ארץ ישראל. דאָ קענט איר זען. — ער האָט אונ־טערגעטראָגן נודלמאַנען אַ פּאַפּיר. געזען יענער לייענט ניט, האָט ער געצויגן דאָס פּאַפּיר צוריק זייער פּאַמעלעך און גערעדט. — איך גיי אַרום קלייבן געלט פאַר אַ כשרער קיך פאַר די אַרבעטער אין ארץ־ישראל.

— אַ כשרע קיך פאַר אַרבעטער?! — נודלמאַנס פאַרחידושטער קוק — דער מענטש איז משוגע, צי חסר דעה?

— איר ווייסט דאָך, אַרבעטער, בעוונותינו הרבים, עסן טרפות, זייער קיך אַ טריפה, דאָ אָבער אויך פרומע אַרבעטער, כן ירבו, כשרע יידן וואָס דאַרפן אַ כשרע קיך, דאַרף מען זיי אויסהאַלטן . . .

נודלמאַן האָט געקוקט אויפן משולח. זעט ניט אויס צו זיין קיין גנב אָדער אַ שווינדלער, אָבער מאָדנע, די אַלע משולחים, קומען פון

הונגערלאַנד און זעען אויס — הלואי אויף די אַמעריקאַנער „זאַטע״ געזאָגט געוואָרן. דער אָ האָלט קענטיק נישט פון תעניתים. אָבער אַן איינפאַל! אַרומגיין דאָ אין אַמעריקע קלייבן געלט פאַר אַ כשרער קיך פאַר אַרבעטער אין ארץ־ישראל! ניט געבען. אַ סענט ניט. און ער שעמט זיך גאָרניט. גייט פון טיר צו טיר אין אַט דעם קאַפּעליוש אין זיינעם, מיט זיין באָרד . . .

— רב ייד, איר האָט ניט געטראָפן אין ריכטיקן פּלאַץ. איך האַלט ניט פון די זאַכן. — דער קוק נאָך די ווערטער – פאַרשטאַנען? טראָג זיך אָפּ!

— וואָס זשע, איר זייט חלילה ניט קיין ייד?

עה! דער ייד איז דאָך אַ חוצפּהניק.

— וואָס הייסט ניט קיין ייד? וואָס דען בין איך? אַ טערק? געהערט אַ מעשה!

— אַודאי זייט איר אַ ייד. די גמרא זאָגט: ישראל אף על פּי שחטא, אַ ייד, אויב אַפילו ער האָט געזינדיקט, ישראל הוא, איז ער פאָרט אַ ייד. יידן, בעוונותינו הרבים, זיינען מחלל שבת, דערפאַר טאַקע איז דאָ אַ חברה שומרי שבת, יידן עסן טרפות, דאַרף זיין אַ כשרע קיך. איז וויפיל זאָל איך אייך פאַרשרייבן?

— פאַרשרייבט גאָרניט!

— וואָס זשע?

— כ׳האָב בילכערע זאַכן.

— וואָס קען דען זיין בילכער ווי כשרות? אַפילו ביי אייך אין אַמעריקע איז בשר כשר . . .

נודלמאַן האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. דער משולח איז מבולבל געוואָרן — מאַכט עס דער ייד אַוועק מיט דער האַנט די אַמע־ריקאַנער כשרות, אָדער שלאָגט ער עס אים איבער אַזוי גראָב אין ריידן? ער האָט אַ גלעט געטון די באָרד. — עס שטייט געשריבן: דריי פריינט האָט דער מענטש — זיינע קינדער, זיין געלט און זיינע מעשים טובים. קומט צום שטאַרבן, רופט ער די קינדער: ראַטעוועט! אָבער וואָס קענען די קינדער טון? דאָס געלט קען אַודאי גאָרניט אויפטון. אדם, אַ מענטש, יסודו מעפר, קומט פון שטויב, וסופו לעפר, גייט צו שטויב. דערפאַר אָבער די מעשים טובים, געבן צדקה, דאָס . . . דאָס . . . צדקה תציל

ממות. וויפיל מ׳גיט אויף דער וועלט ווערט עס פֿאַררעכנט אויף יענער וועלט.

— אָט האָסטו דיר, שוין יענע וועלט אויך, פֿאַרקויפֿט מיר שוין אַ שטול אין גן־עדן. איך גלויב ניט אין די זאַכן.

— איר גלויבט ניט. שלעכט, זייער שלעכט וואָס איר גלויבט ניט. אַ ייד דאַרף גלויבן. — דער משולח האָט ווידער אַ גלעט געטון די באָרד. דער טויט העלפֿט אויך ניט. אויב אַזוי . . . ער האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ. — זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, רב . . . (נודלמאַן, האָט נודלמאַן אונטערגעזאָגט), זאָלט איר מיר געזונט און שטאַרק זיין, גיט איר טאַקע קיינמאָל ניט אויף עפּעס אין וואָס איר גלויבט ניט? (דאָס פּאַפּיר־קערבל האָט אַ שפּרונג געטון פֿאַר נודלמאַנס אויגן) איך גיי שוין אַרום אַ שיינע פּאָר יאָר צווישן אַחינו בני ישראל און איך ווייס אַז יידן, רחמנים בני רחמנים, גיבן. די גמרא זאָגט: ישראל נתבעין לעגל ונותנין, נתבעין למשכן ונותנין. איר גיט דאָך אויפֿן עגל, פֿאַרוואָס זאָלט איר ניט געבן אויפֿן משכן אויך? פֿון גיבן איז נאָך קיינער בדלות ניט געבליבן. — די גרויסע, ברוינע אויגן, אָנגעשטעלט אויף נודלמאַנען, האָבן געבעטן: גיב!

נודלמאַן האָט געזען, געהערט — גיב! גיב! די באַנק, די זייד־הייזער, דער פּראָצענטניק, די האַנדלס־קאַמער, מרס. פינלי, מר. העג־גער, פּלאַטקין, חייקע חושך, דער — אַלע אין איין קול — גיב!

— איך גיב, איך גיב געָנוג, — האָט נודלמאַן אַרויסגעזאָגט מיט אַ זיפֿץ און זיינע פֿינגער האָבן שוין בלינד געלישטשעט די פּאַפּירלעך ביי זיך אין קעשענע. ער זאָל נאָר ניט אַרויסציען דאָס פֿינפֿערל. זעקס דאָלאַר, געדיינקט ער, האָט ער נאָך אין קעשענע, אַ פֿינפֿערל און אַן איינציקער דאָלאַר. געוויינלעך לייגט ער דאָס גרעסערע געלט אינע־ווייניק, די קלענערע פּאַפּירלעך פֿון אויבן. די פֿינגער האָבן שוין אָנ־געטאַפּט דאָס פּאַפּירל, געצויגן עס אויף אַרויס. מיט אַ ווינקל פֿון אויג האָט ער אַ בליק געטון צו דער קעשענע — שלעפּט ער ניט דאָס פֿינפֿערל? געכאַפּט ס׳איז דער דאָלאַר, האָט ער אים אויף גיך אַרויס־געצויגן, דערלאַנגט — נאָט! און פֿאַרשרייבט ניט. זיין גוט אַזוי. — מ׳פֿאַרשרייבט זיך ביי זיי איין מאָל קען מען שוין פֿון זיי ניט פּטור ווערן.

— איך מוז אייך אָבער געבן אַ קבלה.

דער משולח האָט זיך גענומען אויסשטעלן די קבלה. דער שאַפּ איז מיט אַמאָל טויב געוואָרן. די מיידלעך האָבן זיך געלאָזט גיין עסן מיטיק. דערזען די מיידלעך, האָט דער משולח זיך אַ ביסל אָפּגערוקט, זיך שטאַרק פאַרטיפט אין אויסשטעלן די קבלה. כמעט אַלע מיידלעך זיינען שוין געווען אַרויסגעגאַנגען, בלויז חייקע חושך איז נאָך געבליבן. נאָר וואָס אַרויס פון אַרבעטס־צימער, דערזען דעם משולח, האָט איר אימפּעט געקראַגן אַ שטויס אויף צוריק. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַ וואָרף געטון אַ קוק אויפן משולח, דאַן אויפן באַלעבאָס, אַ געלעכטער האָט גענומען שפּרודלען אין אירע אויגן, אַרומגעטאַנצט אַרום מויל, אָט אָט פּלאַצט זי אויס. זי האָט זיך אַ לאָז געטון צו דער טיר, נאָכאַמאָל אַ בליק געטון אויפן משולח און, מיט איין האַנט אַריבערגעלייגט איבערן מויל, אַרויסגעלאָפן, ניט פאַרמאַכנדיק די טיר.

— נאָט! — האָט דער משולח דערלאַנגט נודלמאַנען אַ קוויטל. — זאָל אייך דערפאַר דער אויבערשטער ממלא זיין מיט געזונט און פּרנסה. אַ גוטן טאָג. — ער האָט זיך אַרויסגערוקט אין דער אָפענער טיר מיט אַ שמונה עשרה אויסגאַנג, מיטן פּנים צו נודלמאַנען און פאַמעלעך צוגעצויגן, פאַרמאַכט די טיר.

נודלמאַן איז געבליבן שטיין מיטן קוויטל צווישן די פינגער. דער שאָטן פונם משולח האָט זיך נאָך געזען דורך די פּראַסטיקע פענצטער. נודלמאַן האָט נאָך „געזען" חייקע חושך ווי זי לאַכט, לויפט צום עלעווייטאָר און לאַכט. איר איז גוט, זי קען לאַכן. ער? אַ מאָדנער ייד אָט דער משולח. דער שאָטן איז שוין פאַרשוואונדן, נודלמאַנס אויגן האָבן אים נאָכגעיאָגט. ווי האָט ער געזאָגט: דריי פריינט. קינדער, געלט און וואָס נאָך? וואָס איז געווען דאָס דריטע? ער האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ צום אַרבעטס־צימער. מעשים טובים! מעשים טובים, קינדער, געלט. קינדער . . . געלט . . . מעשים טובים . . .

דריי מאַנעקענען, נאַקעטע, אָן קליידלעך אויף זיי, האָבן טאַמעוואַטע געקוקט אויף נודלמאַנען און ער האָט צום ערשטן מאָל דערזען אַז די מאַנעקענען זיינען אָן קעפּ. ער האָט אויך „דערזען" ווי די דריי „העלדזער„ זאָגן אַרויס: זעסט? קאָפּלאָז. קאָפּלאָז. קאָפּלאָז. די אַנקעפּיקע ברואים האָבן זיך גענומען רוקן, אָט אָט קומען זיי אַרויס פון אַרבעטס־צימער. נודלמאַן האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ, דערפילט עפּעס איז אַרויסגעפאַלן פון זיין האַנט. דערזען דעם משולחס קבלה אויף

דער ערד, האָט ער אַ שטויס געטון מיטן שפּיץ שוך און, ניט טרעפנדיק אינם שטיקל פּאַפּיר, דערפילט אַ דראַנג אין גאַנצן קערפּער צו כאַפּן אָט דאָס שטיקל פּאַפּיר, עפּעס טון דערצו. ער האָט זיך אָנגעבויגן, אַ כאַפּ געטון דאָס שטיקל פּאַפּיר, אָט ווי ער וואָלט געמאַכט אַן אָנפּאַל אויף אַ פליג, עס שטאַרק פאַרקוועטשט אין האַנט, זיך אַ צי געטון צום פּאַפּיר־קערבל און עס אַריינגעשמיסן אַהין. די האַנט איז געווען אויסגעליידיקט אָבער ניט באַרואיקט. די פּאַפּירלעך, קאַרטלעך אויפן שרייב־טיש האָבן געררייצט: נעם, וואַרף, שליידער! ער האָט אַ הויב געטון דאָס שפּינדל און גלייך אַ שטעל געטון אויף צוריק, גענומען איין שטיקל פּאַפּיר, אַ בליק געטון און אַריינגעוואָרפן אין קערבל, אַ צווייט שטיקל פּאַפּיר, אַ קאַרטל, דאַן אַ שטעל געטון די האַנט אויפן שרייב־טיש און אַ שאַר געטון צום פּאַפּיר־קערבל. די פּאַפּירלעך האָבן זיך געשאָטן אין קערבל אַריין און די האַנט אויפן קאַנט פון טיש האָט זיך איינגעהערט אינם פּאַפּיר־פאַל. ווען ס׳איז שטיל געוואָרן האָט די האַנט זיך אָפּגעטיילט פון ברעג טיש און נודלמאַן האָט דערזען זיין האַנט איז אויסגעשמירט.

— זעסט? — האָט דער מויז־גרויער שטויב־זוים אויף זיין האַנט געפרעגט.

נודלמאַן האָט געזען דעם שטויב, געפילט אָט דער שטויב זאָגט אים עפּעס, זאָגט אים עפּעס אַזוינס וואָס איז אים שטאַרק נוגע, אָבער וואָס זאָגט ער אים? וואָס? וו־אָ־ס?

די פאַרווירטע אויגן האָבן דערבליקט דאָס צעקנייטשטע פּעקל ציגאַרעטן אויפן טיש, דריי פינגער האָבן זיך איינגעגראָבן אין דעם אינגעווייד. צוויי, דריי ציגאַרעטן זיינען געקראָכן, זיך געשטופּט צו די פינגער — מיך! מיך! — ביז נודלמאַן איז אין כעס געוואָרן, אַ נעם געטון דאָס פּעקל ציגאַרעטן אין האַנט און אַרויסגעקראָגן איינעם. ער האָט אַ ריס געטון אַ פּאַפּירן שוועבעלע, האַסטיק אַ ריב געטון און, נאָך איידער עס האָט זיך צעברענט, עס צוגעטראָגן צום ציגאַרעט. ער האָט דערשפּירט אַ גערוך פון סירקע, פאַרדרייט דעם נאָז, אַ שמיץ געטון דאָס שוועבעלע, אָנגעצונדן אַ ניי שוועבעלע און ביים פלאַם געצונדן דעם ציגאַרעט, כאָטש ער האָט זיך שוין געררויכערט. ער האָט אַ צי געטון איין מאָל, נאָכאַמאָל, געזויגן דעם פּאַפּיראָס, דערפילט אַ שטויביקייט צווישן די ליפּן, ער האָט אַרויסגענומען דעם ציגאַרעט,

באַטראַכט דעם פּאַפּיר ביים ברעג, זיך פּאַרקוקט אויפן דינעם שטראָ־מעלע רויך וואָס האָט זיך געצויגן פון צווייטן ברעג. ער האָט געזען דער רויך האָט זיך געקרייזלט, געדרייט, זיך געצויגן צום פּאַס ליכט וואָס האָט אַריינגעשאָסן פונם אויבערשטן פענצטערל איבער דער טיר. אומציילִיקע שטויבעלעך, געוויינלעך ניט באַמערקט, האָבן געפינקלט אַנטקעגן דער זון, זיך באַוועגט, נײַן, זיך געהוידעט, געוויגט, דאָך געבליבן אויפן זעלבן אָרט. אַ געדאַנקען פליקער. נודלמאַן האָט ד ע ר־ ק ע נ ט דעם שטויב. „פון שטויב קומט ער, צו שטויב גייט ער". ניט נאָר דער אָנהויב, דער סוף, אויך דער מ י ט ן, זיין לעבן, ער אַליין — שטויב, אַ שטויבעלע, וואָס וויגט זיך . . .

אַ שאָטן האָט זיך פאַרבייגעשלייכט דער פּראָסטיקער טיר. נודל־מאַן האָט אַ קער געטון דעם קאָפּ, דער שאָטן פון יענער זייט — אַ שפּיאָן וואָס האָט אים געכאַפּט קוקנדיק אויף . . . ער האָט אַ צי געטון פון ציגאַרעט.

אַ בלוי־גרויער רויך־וואָלקן האָט זיך פאַרשפּרייט פאַר נודלמאַנס אויגן. הינטער דעם וואָלקן האָט זיך געזען אַ ברודיקע, ווייס געוועזענע וואַנט מיט שוואַרץ־גרויע שטויב־פּרישטשעקלעך. אויף דער וואַנט האָט זיך אויסגעטיילט אַ גרויסער קאַלענדאר. אויף דעם קאַלענדאר — ווערטער, ציפערן. נודלמאַן האָט ניט באַנומען די ציפערן, אַפילו דער „צוואַנציקסטער" האָט זיך אויסגעמישט מיט אַנדערע ציפערן און זיי אַלע זיינען פאַרהילט געוואָרן פון דעם רויך־וואָלקן, וואָס האָט זיך געצויגן אַזוי פויל, אַזוי פּאַמעלעך.

טריט אין קאָרידאָר. זיי קומען שוין צוריק פון עסן?

נודלמאַן האָט זיך אַ צאַפּל געטון. ער האָט אַ צי געטון פון ציגאַרעט איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, אַט ווי ער וואָלט געוואָלט אויסרויכערן דעם גאַנצן ציגאַרעט מיט איין מאָל און גלייך אַרויס־געשטויסן געדיכטע קרייזן רויך. רויך, שטויב.

שטויב.

רויך.

שטויב . . . . . .

# אין שפּאַן

### אָה! . . .

דער „אָה!" — אַ קליין שטיינדל, אַריינגעוואָרפן אין אַ ברונעם פון שווייגעניש. פליוך, און, דוכט זיך, ווידער שטיל, אָבער די קלאַנגען כוואַליעס נאָכן „אָה" האָבן זיך געפּעלבלט אין דער שווייגעניש, דער־גרייכט די אויערן פון דעם אַריינגעקומענעם און האָבן אים איינגע־רוימט: ביסט דאָ? ווער האָט געשיקט נאָך דיר? וואָס ווילסטו? קיין גוטס ברייגנסטו ניט, דאָס ווייס איך, לאָמיך שוין הערן דאָס ניט גוטע. די קלאַנגען כוואַליעס זיינען זיך צעגאַנגען. די מענטשלעכע שטימע האָט אַרויסגעבראַכט — וואָס׳ט איר זאָגן עפּעס גוטס?

אַ ווידערשפּרוך?

נו יאָ, דארויף איז מען דאָך אַ מענטש.

דער מענטש, מאַקס פּעסט, דער באַלעבאָס פון דער „פּאַראַמאונט גאַרמענט קאָ.", האָט אַדרעסירט זיינעם אַן אַרבעטער, וואָס האָט אומ־געבעטענערהייד זיך אַריינגעשטעלט צו אים אין אָפּיס, דעם קדשי קדשים, וואו אויף דער טיר איז געווען אָנגעשריבן: פּריוואַט.

דער אַרבעטער, לייב פּעלדמאַן, אַ ייד אין די הויכע פופציקער, האָט געקענט זיין באַלעבאָס. דאָס כלומרשטע ניט דערזען דעם אַרבע־טער גלייך ביים אַריינקומען, דער דריי מיטן קאָפּ, דער כלומרשט אומגעריכטער „אָה" — אַן אָנשטעל, אַ באַלעבאַטישער אָנשטעל. לייב פּעלדמאַן איז געווען אַ מבין אויף טשאַד. דערהערט דעם „אָה", האָט ער אויך דערזען דעם אונטערשלאַק אונטער דעם קלאַנג, און דער „וואָס׳ט איר זאָגן עפּעס גוטס", האָט ער געהערט, איז גאָרניט געזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ גוטסקייט, פונדעסטוועגן האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן די לעצטע ווערטער: אָנם נאָכקלאַנג פון דעם „אָה" וואָלט ער זיך ניט געקענט אָנכאַפּן.

— דאָס איינציקע גוטע וואָס איך קען אייך זאָגן איז — גוט שבת.

— גוט שבת, גוט יאָר, — האָט מאַקס פעסט געענטפערט מיטן מויל, די אויגן האָבן געפאָרשט: וואָס פאַר אַ גוט שבת אויף אים? וואָס וויל ער?

— איר צאָלט פּראָצענט, — האָט לייב פעלדמאַן כלומרשט געשפּאַסט, אין דער אמתן האָט ער זיך אַליין פאַרפעסטיקט, זיך צוגעגעבן קוראַזש און אויך הנאה געהאַט וואָס ער ציט זיין באַלעבאָס די עצמות.

— פּראָצענט?

— נו, יאָ, מ'זאָגט אַ יידן גוט שבת, ענטפערט ער: גוט שבת — גוט יאָר, קרן און פּראָצענט.

— אָה . . . — (ניט דאָס מיינסטו דאָך. וואָס ווילסטו?) — אַודאי, וואָס פאַר אַ גוט שבת אַזאַ גוט יאָר. — געמיינט האָט עס — דיין גוט שבת געפעלט מיר ניט, און מיין גוט יאָר, אַזאַ יאָר אויף דיר . . . און דעם מיין פון די ווערטער האָט לייב פעלדמאַן דייטלעך אַרויסגעלייענט אין זיין באַלעבאָס' אויגן. שוין אַ יאָר צוואַנציק אַז ער קען אים, אַ יאָר דריי אַז ער אַרבעט ביי אים, האָט אים שוין געזען טויזנט מאָל, און ערשט איצט דערזען, ריכטיק דערזען דעם קאָליר פון די אויגן — העל־גרוי געפלעקט מיט אַש קאָליר שפּרינקעלעך, דער אויסדרוק פון די אויגן קריינקלעך לעבעדיק, ווי ער וואָלט געהאַט היץ, און אפשר איז עס פון כעס. ער איז אין כעס. כאַפּט אים דער גוטער יאָר. אים זאָגן און פּטור.

— געקומען אייך זאָגן אַז איך מאַך שבת. וועל ניט אַריינקומען מאָרגן.

— אַלץ וואָס האָט צו טון מיט אַרבעט באַלאַנגט צו דזשעקן. איך מיש זיך ניט אין שאַפּ.

— מיין טאַטע האָט מיך געלערנט: דאַרפסט צום רב רעד ניט צום שמש.

— הם . . . גאָר אַזוי? — מאַקס פעסט האָט אַ נעם געטון אַ ציגאַרעט, אַ רייב געטון אַ שוועבעלע, געצונדן דעם ציגאַרעט, אַ בלאָז געטון רויך. ווען דער בלאָז קען אַרויסשטויסן אַט דעם אַרבעטער זיינעם פון אָפּיס, פון שאַפּ. דער אַרבעטער איז געשטאַנען, געשוויגן. — וואָס איז דער מער?

— דער מער איז, וואָס פּופּציק שעה אַ וואָך איז פאַר מיר איבערגענוג.

— וואָס זשע, אַ מיוחס ביי גאָט?

— אויב ניט האָבן קיין כוח איז יחוס, בין איך אַ מיוחס.

— נו, אפשר זאָל איך אייך געבן אַ ביסל כוח?

— ניין, דאָס קענט איר מיר ניט געבן.

איצט האָט שוין דער אַרבעטער געמאָסטן זיין באַלעבאָס. ער האָט געזען דעם פּנים — קיט, פּאַרטרוקנטער קיט, די ליפּן — מילץ, די הויט אונטער די אויגן גרוי־בלוילעך און אַזוי דין — פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, כאָטש נעם שייל אָפּ, און ד אָ ס רעדט פון געבן כוח.

— איז וואָס זשע ווילט איר?

— געזאָגט אייך — איך וויל ניט אַרבעטן שבת.

— צאָל דאָך „אָוועראַטאַים״!

— מוחל. זאָלן אַנדערע ווערן גבירים.

— די גבירישקייט בין איך א י י ך מוחל, אָבער די מאַשין. די מאַשין קען ניט שטיין ליידיק. ניט איין מענטש, איז אַן אַנדערער, די מאַשין מוז גיין.

— איר קענט אפשר ווען אַן אַנדער אַרבעטער, איך וויל קיין אַנדער באַלעבאָס.

— אַזוי גאָר? אהבתי את אדוני?

— איר מאַכט אַ טעות, ניט איך האָב ליב מרדכין, נאָר איך האָס המנען.

קיינע הינטערשיסעלעך מער. אַן אָפענע ליבעס דערקלערונג. מרדכין האָט ער ניט ליב. ווייסט, מר. מאַקס פעסט, אַז איך קען אייך נאָך ווען איר האָט געהייסן מרדכי פאַסטאָווער, האָט נאָך באַלאַנגט מיט מיר אין איין צוויינג אַרבעטער רינג, זייט נאָך אַפילו געקומען צו זיצונגען. איצטער באַלאַנגט איר נאָך אויך, גיט נאָך אַמאָל אַ צענערל. אָבער איך האָב פיינט אייך, מיט אייער צענערל, מיט . . .

אין לייב פעלדמאַנען האָט געזאָטן דער כעס. די כעס פאַרע האָט געגרייכט מאַקס פעסטן.

מאַקס פעסט איז שוין געווען אַזוי איינגעפונדעוועט אין זיין באַלעבאַטישקייט אַז דער מאַכטלאָזער כעס פון זיינעם אַן אַרבעטער

האָט אים ניט געשראָקן, נאָר געקיצלט, ניט צום לאַכן, בלויז אַ שנייִדיק שמייכעלע האָט ער אַרויסגערופן.

— אַ גאַנצע מגילה. מילא מרדכי איז מרדכי (מיין גדולה ווערט ניט געמינערט), אָבער ווער איז דאָס דער המן?

— אייער פּאָרמאַן! — האָט שוין לייב פעלדמאַן אויסגעשאָסן.

— ער האָט ניט וואָס צו באַלעבאָטעווען איבער מיר. און איך בין עס געקומען אייך זאָגן איר זאָלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל אים אָנזאָגן, דעם המן, ער זאָל מיך לאָזן צורו. דערגייט מיר די יאָר, דערגייט ער מיר. איך קען ניט אַרבעטן, וועל איך נ י ט אַרבעטן. פון פינף און דרייסיק געוואָרן פערציק, פיר און פערציק, אַכט און פערציק, איצטער פופציק, זעכציק! גאָר ניטאָ קיין שיעור. הרגע זיך אַוועק. באשר בכן..?

— אַוועקהרגענען זיך דאַרפט איר ניט, — האָט מאַקס פעסט שטיל און דייטלעך געענטפערט. זיין אַנטשוויגן ווערן האָט נאָך דייטלעכער געזאָגט: אָבער אַוועקגיין דאַרפסטו. זיין וואָרף טון דאָס ציגאַרעטל האָט נאָך צוגעגעבן: און טאַקע באַלד, שוין!

— די אַרבעט דאַרף מען, די אַרבעט מוז אַרויסגיין, אָבער איכ׳ל אים זען, רעדן מיט אים. יעס סיר, איכ׳ל אים זאָגן.

דער „יעס סיר" האָט ממש געעפנט די טיר פאַר לייב פעלדמאַנען — טראָג זיך אָפּ!

לייב פעלדמאַן איז אַרויסגעגאַנגען. מאַקס פעסט האָט זיך אויפגעהויבן, ניין, איז אויפגעשפּרונגען, געווען גרייט אַ לאַף טון צום טיר, זיך אָבער איינגעהאַלטן ביז ער איז געווען זיכער אַז לייב פעלדמאַן איז שוין אַרויס פון שאַפּ, ערשט דאַן האָט ער אַ ריס געטון די טיר פון אָפיס, אַ שפּאַן געטון און אַ געשריי געטון: דזשעק!

די מיידל ביים טעלעפאָן האָט אַ דריי געטאָן דעם קאָפּ.

— דזשעק! — האָט מאַקס איבערגעחזרט. — איך וויל זען דזשעקן!

— דזשע־עק! — האָט אַ זינג געטון די מיידל אין שאַפּ אַריין. דאָרטן האָט עמיצער נאָכגעהאַלטן: דזשעק! אַ דריטער האָט אונטערגעכאַפּט: דזשע־עק! דאָס וואָרט האָט זיך געטראָגן ווי איבער אַ קאַנווייער, און ווען דזשעק האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין אָפיס, האָט די מיידל אויף שטום לשון אים אָנגעוויזן אויפן קדשי קדשים, מאַקס פעסטס פּריוואַטן אָפיס. זי האָט שוין געוואוסט אַז דאָס שמעקט

מיט פולווער און זי איז געווען צופרידן, ניט ווייל זי האָט עפּעס געהאַט צו דזשעקן, נאָר גאָרניט — פריילעכער!

דזשעק האָט אויך געאָנט אַ שטורעם קומט, ער האָט אָבער ניט איינגעבויגן דעם קאָפּ. דער שטורעם האָט אים אַ שלאָג געטון גלייך אין פּנים אַריין.

— וויפיל מאָל האָב איך אייך געזאָגט אַז איך וויל גאָרניט האָבן צו טון מיט די אַרבעטער? אַלץ וואָס האָט צו טון מיט אַרבעטער באַלאַנגט צו א י י ך, איר קריגט באַצאָלט דערפאַר, ניין?

— נו?

אָט דער קאַלטבלוטיקער „נו" — אַ שעפּל קאַלט וואַסער. מאַקס פעסט האָט זיך אַזש אַ שאָקל געטון אויף צוריק, געבליבן שטיין מיט אויפגעריסענע אויגן. ער איז שנעל געקומען צו זיך.

— נו, נו, — האָט ער אים איבערגעקרומט. — טאָ נאָכוואָס שיקט איר די מענטשן צו מיר?

— איך האָב קיינעם נישט געשיקט. ווען עס זאָל זיין געווענדט אָן מיר וואָלט איך אים שוין לאַנג אַוועקגעשיקט.

— טאָ פאַרוואָס האָט איר עס ניט געטון? איר ווייסט גאַנץ גוט אַז וואָס אָנבאַלאַנגט די אַרבעטער זייט איר דער באַלעבאָס.

— נו, — האָט דזשעק געצויגן דעם „נו" מיטן מויל, און זיינע אויגן האָבן זיך ווייסעריש געצויגן איבערן באַלעבאָס׳ פּנים. — ערשטנס קען מען איצט קיין אַנדערע ניט קריגן, צווייטנס . . .

— מ׳דאַרף שוין ניט קיין צווייטנס, — האָט מאַקס פעסט אים איבערגעשלאָגן. פעלט אים נאָך אַז דער חוצפּהניק זאָל אים דערמאָנען אַז ער און לייב פעלדמאַן זיינען . . . גענאָסן. איז ער אַריין אַמאָל אין אַרבעטער רינג, דאַריבער? אַ פרוי גייט אין גאַס און אַ זאַק נעמט אַרונטערפאַלן ביי איר. זי בויגט זיך איין, וואַרפט אַ קוק אַהער, אַהין, פאַרשאַרט דאָס קליידל, ציט אַרויף דעם זאַק. ווען זי גלייכט זיך אויס און כאַפּט דעם קוק פון אַ מאַן וואָס האָט צוגעזען איר טועכץ, טוט זי אַ שמייכל: פּאַסירט! אָט ד ע ם מאַן וואָלט זי אָבער שוין ניט געוואָלט מער באַגעגענען. וואָלט פּאַסירט אַז זי זאָל זיך פאַרליבן אין דעם מאַן, איז גאַנץ מעגלעך, אַז ליגנדיק מיט אים זאָל פּלוצלונג אַרויפשווימען אָט די זאַק אויפהויבעניש און איר פּוס וואָלט דערביי אַ דריגע געטון. מאַקס פעסט האָט ניט ליב געהאַט ע מ י צ ע ר זאָל אים דערמאָנען

יענע יאָרן. ער אַליין האָט געקענט ריידן וועגן זיי, דערמאָנען מיט אַ שמייכל, אָבער אַן אַנדערער!

— קענסט ניט קריגן קיין אַנדערע, רייסט מען זיך ניט מיט די וואָס מ׳האָט.

— איך רייס זיך מיט זיי? דער סוף איז גוט. הונדערט מענטשן, דאָס מיינט זעקס טויזנט שעה אַרבעט אַ וואָך און דאַרפן דאַרף איך כּאָטש ניין טויזנט, איז כּאָטש נעם צערייס זיך, און איך רייס זיך מיט זיי. זיי רייסן פון מיר שטיקער, שטיקער רייסן זיי. דזשעק! דזשעק! דאָס אַלעס וואָס מ׳הערט. בלויז דער איינער, אַ מיוחס . . .

— גענוג נו. געסעטלט. שמש . . . , — איז מיט אַמאָל אַרויס־געפאַלן פון מויל.

דזשעק האָט פאַרחידושט אַ קוק געטון אויפן באַלעבאָס. מאַקס פעסט האָט געשמייכלט, האָט אַ קלאַפּ געטון דזשעקן אין פּלייצע. — אָלרייט. ווי איז די אַרבעט? קענען אַרויסשיקן די באַשטעלונג קיין סיאַטל? ווי שפּעט איז? דאַרף מען שוין נעמען פּאַקן, לואי! וואו איז לואי? — האָט ער שוין געשריען אין דער אָפענער טיר, אַזוי אַרום אַרויסגעפירט דזשעקן. — איז לואי דאָ? — האָט ער געפרעגט ביי דער טעלעפאָן מיידל און, נאָך איידער זי האָט געענטפערט, האָט ער שוין געפרעגט — האָט איר גערופן די עקספּרעס קאָמפּאַניע? רופט זיי. רופט זיי גלייך. זאָגט זיי זי זאָלן דאָ זיין ניט שפּעטער ווי . . . לואי!

לואי, אַ צעשויבערטער, די העמד שיר ניט אינגאַנצן אַרויסגע־צויגן איבערן הויזן־רימען, האָט זיך אַריינגעשטעלט.

— ווי לאַנג וועט עס דיר נעמען איינצופּאַקן די לאדונג קיין סיאַטל? אַ שטונדע? אַ שטונדע האָסטו געזאָגט? זאָגט זיי זיי זאָלן דאָ זיין ניט שפּעטער ווי אין אַ שטונדע אַרום, ווייל . . .

— טעלעפאָן, — האָט די מיידל אים אַ זאָג געטון.

מאַקס פעסט האָט אָפּגעהאַקט דאָס רעדן, זיך אַ לאָז געטון צו זיך אין אָפיס.

לואי און די טעלעפאָן מיידל האָבן זיך איבערגעקוקט. לואי האָט אַ ווייז געטון מיטן פינגער אויפן שטערן. די מיידל האָט אַ שמייכל געטון. — איר זייט אַ שלאָק. — „ווי לאַנג וועט עס דיר נעמען, לואי?

האָ, לואי? ווי לאַנג וועט עס דיר נעמען?" האָט לואי איבערגעקרומט דעם באַלעבאָס. — מאַכט מיך קראַנק. מר. מאַקס פעסט!

— טוט אַ קוק אויף אייער העמד.

— וואָס איז דער מער מיט מיין העמד?

לואי האָט פונדעסטוועגן אַ קוק געטון, גענומען שטורכען דאָס העמד אין די הויזן אַריין. פּרענסיס האָט פאַרשעמט אָפּגעקערט דעם קאָפּ. לואי האָט אַ בליק געטון צו דער טיר „פּריוואַט", אַ שפּאַן געטון צום טעלעפאָן־טיש און אַ רייב געטון זיין באַק אָן דער מיידלס.

— גייט, איר דאַרפט זיך אָפּגאָלן.

— אין אָוונט. מיר גייען אַרויס היינט אָוונט, ניין?

די מיידל האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ, מיט דער האַנט אַ ווייז געטון אויף דער אָפיס־טיר. לואי האָט מיט איין האַנט מבטל געמאַכט דעם באַלעבאָס' טיר, מיט דער צווייטער געהאַלטן דעם מיידלס אָרעם.

— „איט'ס אַ דייט! אָ קעי!" אַכט דרייסיק.

לואי האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו זיין פּאַקעניש. די מיידל האָט שוין אַריינגערעדט אין טעלעפאָן־טרייבל: ער איז פאַרנומען אויפן צווייטן טעלעפאָן. איר ווילט וואַרטן? אָלרייט, כ'וועל אים זאָגן. אַ דאַנק.

אויפן צווייטן טעלעפאָן איז אָנגעגאַנגען אַ געשפּרעך צווישן מאַקס פעסטן און זיינעם אַ קונה.

— הערט, הערט! איר ווייסט אַז איך וויל צופרידנשטעלן מיינעם אַ קונה, אָבער איך קען ניט, פּשוט איך קען ניט.

— — — — — — — — — — —

— אייך געזאָגט דאָך, איך קען ניט קריגן קיין אונטערשלאַק.

— — — — — — — — — — —

— יאָ, יאָ, אונטערשלאַק. קענט ניט קריגן קיין אונטערשלאַק פאַר קיין געלט אין דער וועלט.

— — — — — — — — — — —

— גוטענטאַג האָט אונטערשלאַק? ער האָט עס, האַ?

— — — — — — — — — — —

— אַזוי? אַזש אין ניו יאָרק האָט ער עס געקראָגן. נו, איך בין נאָך קיינמאָל ניט געווען אין ניו יאָרק, ווייס ניט ווי ניו יאָרק זעט אויס.

— — — — — — — — — — —

— אַן שפּאַס. איך זאָג אייך אַז מ׳קען קיין אונטערשלאַק ניט קריגן. אויב גוטענטאַג האָט אונטערשלאַק זאָל ער אייך צושטעלן די סחורה. איך האָב גאָרניט קעגן דעם.

— — — — — — — — — — — —

— איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. איך וויל צופרידנשטעלן מיינעם אַ קונה. אַלע מאָל געוואָלט און וויל עס אויך איצט. ווען איך וועל קריגן די סחורה זייט איר דער ערשטער אויפן צעטל.

— — — — — — — — — — — —

— איך קען ניט צוזאָגן. ניט קיין באַשטימטן דאַטום. אַלץ וואָס איך קען צוזאָגן איז, אַז ווען איך וועל קריגן די סחורה וועט איר זיין דער ערשטער. יעס סיר. איר דאַרפט מיר ניט דערמאָנען. איך וועל אייך לאָזן וויסן, מעגט זיין זיכער. יעס סיר. יעס סיר. גודבאַי.

איין האַנט האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל אויפן פאַסטאַמענט. אַ פינגער פון דער צווייטער האַנט האָט שוין געקוועטשט דאָס קנעפּל צו דער טעלעפאָן מיידל. מאַקס פעסט האָט נאָך צייט געהאַט אַ וויש צו טון דעם פּנים איידער די מיידל האָט זיך אַריינגעשטעלט. פונדעסטוועגן האָט ער געזען אַ סילועט בלויז, ערשט ווען זי האָט אַ פרעג געטון: איר האָט מיך גערופן? האָט ער זי דערזען ווי דורך אַ שלייער און צו דעם פאַרשוואומענעם פּנים אַ זאָג געטאָן — זאָגט מר. וועקס איך וויל אים זען. גלייך.

מר. וועקס, אין אַ צעשפּיליעטער קאַמזויל — צוויי טראָטואַרן פאַרן ברייטן קאָלירטן שניפּס־שליאַך — מיט אַ בלייפען הינטערן אויער, איז אַריינגעקומען שטיל, ווי זיינע שיך־זוילן וואָלטן געווען פון וואַטע. ער איז געבליבן שטיין, געוואַרט.

— ווייסט איר וויפיל מיר האָבן פון די סי 54?

— איך ווייס ניט גלייך אויף דער מינוט, אָבער איך קען נאָכקוקן.

— נאָכקוקן קען איך אַליין. געמיינט איר ווייסט. סיי ווי, איך וויל איר זאָלט מיר אויסשטעלן אַ ליסט, וויפיל מיר האָבן פון די סי 54, סי 68, בי . . . וואַרט אַ ווײלע. לאָמיר גיין אַ קוק טון.

פון אָפיס איז דער ערשטער אַרויס מר. וועקס. אויף יענער זייט טיר איז ער, מיט איין דריי, געבליבן הינטערן באַלעבאָס. מאַקס פעסט איז געגאַנגען, דער הויפּט בוכהאַלטער איז נאָכגעגאַנגען מיט שטילע טריט.

— מר. פעסט! — האָט די מיידל סודותדיק איינגערוימט, — עמיצער וויל אייך זען.

— זאָגט אים איך בין פאַרנומען. ווער איז עס?

— מר. זימער.

— אָה. זאָגט זשע אַזוי. איר׳ט ענדיקן די ליסט, — האָט ער אַ וואָרף געטון צום בוכהאַלטער און זיך געלאָזט אין אָפיס צו זיך. — העללאָ, זימער! קומט אַריין! קומט אַריין! — האָט ער אים אָנגענומען ביים האַנט, געצויגן נאָך זיך. — וואָס גוטס?

— אַ דאַנק. ערשט געדויכערט, — האָט מר. זימער זיך אָפּגע־זאָגט פון אַ ציגאַרעט.

— וואָס נייעס? — האָט מאַקס פעסט אַרויסגעלאָזן פון מויל צוזאַמען מיטן רויך.

— אַ נייע קראָם.

— אַ נייע קראָם? דיינקט איר ניט מיר האָבן שוין אַזוי אויך גענוג?

— קיין קייט איז ניט לאַנג גענוג איידער זי איז געשלאָסן. אַלץ וואָס קומט צו איז נאָך אַ רינגעלע.

— דאָס איז אמת. אָבער וואו וועלן מיר נעמען סחורה? פעלט שוין אַזוי אויך. די קונים רייסן די הויט.

— גייען די קונים צו אַלדי שוואַרצע יאָר. ווער דאַרף זיי, ווער? די צייטן ווען מ׳איז נאָכגעלאָפן דעם קונה זיינען פאַרביי. איצט איז אַ פאַרקויפערס מאַרק. איר׳ט זיי צושטעלן סחורה, זיי זאָלן אַרונטער־נעמען די סמעטענע? סמעטענע קענען מיר אַליין פאַרזוכן.

די קראָמען זיינען געווען סמעטענע. דאָס האָט אים זימער איינ־גערעדט עפענען קראָמען, אין דער שטיל, אַנדערע קרעמער זאָלן ניט וויסן, אַ באַזונדער פירמע, מאַקס פעסט האָט כלומרשט גאָרניט צו טון מיט איר, אַ קאָרפּאָראַציע, מר. זימער איז דער פאַרוואַלטער. מר. זימער האָט גאָרניט אַריינגעלייגט, די סחורה האָט צוגעשטעלט די „פּאַראַמאַונט״, די קראָמען ברענגען אָבער אַריין גרויסע פּראָפיטן, אַ פייאיקער מענטש, גנבעט מסתם, אָבער ווער גנבעט ניט? דער עיקר — נאָך די גנבות בלייבט גענוג ריוח.

— וואו איז עס?

— קענט דעם ראָג אלוואראדא און זעקסטע?

— פֿאַר פֿאַרביי יעדן טאָג.

— געזען אַמאָל די קראָם לײדיק?

— איך ווייס ניט. קיינמאָל ניט געשײנקט קיין אויפֿמערקזאַמקייט.

— איך האָב יאָ. שוין זעקס חדשים אַז איך הייננ אַרום דער קראָם. עס איז אַ גוטער ראָג. די קראָם דאָרטן איז אַ גאָלד־גרוב, אַ מינץ. ווייסט וויפֿיל מענטשן גייען דאָרטן פֿאַרביי אַ טאָג? איך האָב אָפּגעציילט. צען טויזנט מענטשן אין אַ וואָכעדיקן טאָג, שבת איז אָפּגערעדט. עס איז אַ גוטע קראָם.

— נו, פֿאַרוואָס האָט איר זי ניט גענומען?

— פֿאַרוואָס איך האָב זי ניט גענומען? ניט געקענט קריגן די קראָם פֿאַר קיינע געלט. פֿאַר קיינע געלט! אָבער היינט האָב איך זי געקראָגן.

— געדונגען?

— מענטש איינער! איך זאָג דאָך אייך אַז מ׳קען זי ניט דינגען פֿאַר קיינע געלט.

— טא ווי אַזוי האָט איר זי געקראָגן?

— איך האָב זי געקראָגן. סוף כל סוף זי געקראָגן! — האָט מר. זימער אַ שאַר געטון דאָס ביינקל נעענטער צו פֿעסטן און מיט אַ סודות־טאָן גענומען ריידן. — איך האָב זיך דערוואוסט אַז די געביידע איז אַ ירושה געביידע, די באַנק גיט אַכטונג. אין באַנק האָב איך זיך דערוואוסט אַז די געביידע איז צום פֿאַרקויפֿן און, לויט די טערמינען פֿון די קאָנטראַקטן מיט די שכנים, גייט אויס דער קאָנטראַקט אַ חודש נאָכדעם ווי די געביידע ווערט פֿאַרקויפֿט. פֿאַרשטייט?

— נו?

— נו, האָב איך געקויפֿט די געביידע.

— געקויפֿט די געביידע?!

— געקויפֿט. פֿאַרשטייט זיך איך קויף ניט אָן אייך, אָבער איך האָב עס פֿאַרקניפּט, געהייסן אויסמאַכן די פּאַפּירן.

— וויפֿיל?

— אַ סך געלט.

— וואָס הייסט אַ סך?

— צוויי און זיבעציק טויזנט.

— וואָס עפּעס צוויי און זיבעציק?

מאַקס פעסטס פאַרשפּיצטע אויגן האָבן אַ שטאָך געטון זימערס גרויסע, ברוינע אויגן — די צוויי ווילסטו אַריינלייגן צו זיך אין קע־שענע. מר. זימער האָט אויסגעהאַלטן דעם קוק, און מאַקס פעסטס אויגן האָבן אַ בלאָנזשע געטון איבער מר. זימערס וואָנצעס — צוויי לאַמעדן אויסגעשאָרן, ניין אויסגעמאָלן, פון דער נאָז איבער די ליפּן, דער שטח צווישן די צוויי לאַמעדן, דאָרט וואו דער מלאך גיט אַ פּיק פאַרן געבורט, אַ רינוועלע. מאַקס פעסט האָט דערזען מר. זימערן אַ קינד מיט אַ סטרעמפּל וואָס ציט זיך פון נעזל, אָט אָט גרייכט עס צום מויל. — אַזאַ סמאַרקאַטש. וויל אים באַגנבענען. — די פיר שפּיצן פון אַ קאָלירטן זיידן טיכל אין דער אויבערשטער קעשענע זיינען אונטער־געשפּרונגען.

— ווייל אויף זיבעציק האָבן זיי שוין אַן אָנבאָט, — האָט מר. זימער ניט אָן רוגזה געענטפערט. אָט די באַהאַלטענע רוגזה האָט געזאָגט: דו ווילסט מיך כאַפּן ביי גנבה? קלוגערע פון דיר האָבן עס ניט באַוויזן. צוויי פינגער האָבן אַ צי געטון די וואָנצע.

— וויפיל איינצאָלן?

(ער גנבעט. אַודאי גנבעט ער, אָבער אַ פּייאיקער גנב. די קראָמען ברייינגען ריוח)

— צוויי און פערציק טויזנט. דאָס איבעריקע נעמט איבער די באַנק.

— אַ סך געלט.

— האָט די ווערט.

— אַ געשעפט האָט די ווערט ניט וויפיל מ׳לייגט אַריין, נאָר וויפיל מ׳נעמט אַרויס. — (דו לייגסט גאָרניט אַריין, נעמסט בלויז אַרויס.)

— אַז מ׳לייגט ניט אַריין נעמט מען ניט אַרויס.

— אויך ריכטיק. (נאָר דו לייגסט ניט אַריין פונדעסטוועגן.) די פראַגע איז צי האָט עס די ווערט?

— נאָך מיין מיינונג האָט עס די ווערט אַפילו לויט די פאַר־מלחמה פּרייזן. איך וויל איר זאָלט מיט מיר צופאָרן, טאַקע אָט איצט, אַ קוק טון. עס וועט לאַנג ניט נעמען. איך וויל איר זאָלט זען די געביידע, די קראָמען, די קראָם. איר׳ט זען די צוויי פענצטער וועט

איר אַליין צוגעבן אַז מ׳קען דאָרטן מאַכן געלט. עס איז אַ גאָלד־גרובן. איך זאָג אייך — אַ גאָלד־גרובן.

— ווי שפּעט איז?

— זיבעצן נאָך פיר.

— דער שאָפּ . . .

— דער שאָפּ וועט ניט אַנטלויפן. דאָ דאַרף מען האַנדלען שנעל. איך וויל מיר זאָלן עס זען היינט, מאָנטיק גיין אין באַנק.

— מאָנטיק? מאָנטיק איז אוממעגלעך.

— פאַרוואָס אוממעגלעך?

— ווייל מאָרגן פאָר איך קיין ניו יאָרק.

— פאָרט מאָרגן קיין ניו יאָרק?

— מיטן עראָפּלאַן. אַרויספאָרן מאָרגן אָוונט, זיין דאָרטן מאָנטיק און דינסטיק, מיטוואָך זיין דאָ צוריק.

— וואָס פלוצלונג?

— פלוצלונג? גאָרניט פלוצלונג. פעלט סחורה. אייך גייט עס גרינג, אַלץ וואָס איר ווייסט איז פאַרקויפן. איך דאַרף קויפן, און היינטיקע צייטן . . . מיס בוירנס! אַה, מיס בוירנס! קלינגט אָן דער ט.וו.א. און זאָגט זיי, רעזערווירן אַ פּלאַץ פאַר מאָרגן אָוונט אויף דעם טראַנסקאָנטינענטאַל קיין ניו יאָרק. יאָ, מאָרגן אָוונט.

— סיי ווי, מיר קענען צופאָרן זען די געביידע. אויב איר זאָגט יאָ, קען איך שליסן דעם מסחר.

— טראַנסקאָנטינענטאַל זאָגט אַז מ׳קען ניט קריגן קיינע רעזער־וואַציעס. מוזט האָבן אַ „הויכע פּרייאָריטי״ אַרויפצוקומען אויפן עראָפּלאַן.

— „הויכע פּרייאָריטי״?! —

מאַקס פּעסט האָט אַרויסגערעדט די ווערטער אַט ווי ער וואָלט זיי געהערט דעם ערשטן מאָל אין לעבן.

— זיי זיינען משוגע! — האָט ער זיך אַזש אַ וואָרף געטון, ווי אַט גייט ער זיי אַריינגעבן אַ ביסל שכל.

— מלחמה־צייט, — האָט די מיידל אַ זאָג געטון. דערזעענדיק איר באַלעבאָס׳ קוק, האָט זי גענומען קאַלופּען דעם בלייפען.

— מלחמה־צייט איז ריכטיק, — האָט מר. זימער צוגעשטימט, שמייכלענדיק.

— מיר׳ן נאָך זען, — האָט מאַקס פעסט אַ זאָג געטון, אַזוי אַרום באַפרייט די מיידל.

— איך גלויב אַז מ׳קען עס צורעכט מאַכן.

— צורעכט מאַכן וואָס?

— די „פּרייאָריטי ביזנעס״.

— ווי אַזוי?

— איך גלויב אַרטשי קען עס טון.

— אַרטשי? מיינט אַרטשיבאַלד מ׳קלעין?

— ער גופא.

— ניט קיין שלעכטער איינפאַל. ער קען עס טון. ער׳ט עס זיכער טון. די פראַגע איז ווי כאַפּט מען אים? וואַרט, וואָס האָבן מיר היינט? פרייטיק. איצט איז נאָך פיר. ער איז זיכער ביי די פערדלעך. טויג ניט, — האָט מאַקס גענומען שפּאַנען אַ טריט אַהין, אַ טריט צוריק.

— ווי ווען איר זאָלט רופן זיין אָפיס?

— זיין „אָפיס״ . . .

— נו, זיין פּלאַץ. ער האָט דאָך אַ טעלעפאָן.

— איך האָב ערגעץ זיינעם אַ טעלעפאָן. וואַרט, וואו האָב איך אים אַהינגעטון? — מאַקס פעסט האָט גענומען שאַרן אויפן שרייב־טיש, אין די שופלאָדן, נאָכדעם גענומען איבערלייגן קאַרטלעך פון איין קעשענע אין דער צווייטער און צוריק, ענדלעך האָט ער געפאַקט דאָס קאַרטל. — דאָס איז עס, אַזוי גלויב איך.

ווען ער האָט שוין געקראָגן דעם נומער האָט די שטימע אויף דער צווייטער זייט געלאָזט וויסן אַז מר. מ׳קלעין איז ניטאָ איצט, מ׳קען אים איבערלאָזן אַן אָנזאָג. האָט מאַקס פעסט אָנגעזאָגט מר. מ׳קלעין זאָל, למען השם רופן טר. 7826, פרעגן אויף מר. פעסט, מר. פ־ע־ס־ט, אָבער ער זאָל רופן היינט, זייער דרינגענד.

אָנזאָגנדיק דער טעלעפאָן־מיידל אַז אויב זי׳ט קריגן אַ טעלעפאָן פון מר. מ׳קלעין, אַרטשיבאַלד מ׳קלעין, זאָל זי למען השם נעמען ביי אים אַן אָנזאָג וואו מ׳קען אים קריגן, עס איז זייער נויטיק, האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט מיט מר. זימערן אַ קוק טון אויף דער נייער געביידע.

ווען מאַקס פעסט איז צוריקגעקומען אין שאַפּ זיינען שוין די אַר־בעטער ניט געווען. די טעלעפאָן־מיידל האָט שוין צום וויפילטן מאָל אַריינגעקוקט אין שפּיגעלע, אָנגעפּודערט דאָס נעזל, זי האָט שוין

אַפילו אַרונטערגענומען איר מאַנטל פון הייגער, און שטיל געשאָלטן דעם באַלעבאָס ווי אויך דעם שפּעטן באַזוכער, וואָס איז געזעסן, געוואַרט אויף אים. ווען ער זיצט ניט דאָ וואָלט זי כאָטש געקענט רופן אַ פּאָר פריינט, זיך דורכגערעדט, אַזוי . . .

— האָט ער גערופן? — האָט מאַקס פעסט אַ פרעג געטון און ערשט נאָכדעם אַ וואָרף געטון — העללאָ, דייוו!

— דאָ איז זיין טעלעפאָן, — האָט די מיידל דערלאַנגט אַ שטיקל פּאַפּיר. אירע אויגן — געפאַר־סיגנאַלן — האָבן געוואָרנט: זאָלסט מיר נאָר ניט הייסן רופן עמיצן, טון עפּעס! גענוג!

— איר קענט גיין אַהיים, — האָט מאַקס פעסט איר געגעבן די דערלויבעניש אַפילו ניט אַ קוק טוענדיק אויף איר און איז אַריין אין פּריוואַטן צימער.

די מיידל האָט זיך אָפּגעטראָגן, ווי זיך אַרויסגעראַטעוועט פון אַ געפערלעכער זאַנע.

צו דוד ביסקינס אויערן האָבן זיך דערטראָגן אומדייטלעכע קלאַנגען פון מאַקס פעסטס פּריוואַטן צימער, אין די אויגן האָט געקלאַפּט די שטילקייט פון שאַפּ, אויסגעליידיקט פון די אַרבעטער, אַ שאַפּ אָן אַרבעטער — אַן אָרקעסטער בינע אָן די שפּילער, די אינסטרומענטן — שטום, דער זאַל — טויב. אין דער טויבקייט האָט זיך אַריינגעריסן אַ „וואָס מאַכסטו?”

דוד ביסקין האָט זיך אַ צאַפּל געטון.

— וואָס זאָל איך מאַכן? מ׳לעבט. און דו, „ביזי”?

— אַלץ הייסט ביזי. ניטאָ קיין צייט די נאָז אָפּווישן. ועסט מיר גלויבן? פון אינדערפרי נאָך אין מיין מויל ניט געהאַט. וועסט אפשר אַרונטערגיין מיט מיר כאַפּן אַ ביס? קום, גלייך דאָ דערביי, אַ גוטער רעסטאָראַן.

— גייסט גאָרניט אַהיים? פּרייטיק! די ווייב . . .

— שוין געוואוינט צו די צרות. איך דאַרף דאָ זיין. וואַרט אויף עמיצן. קום.

מאַקס פעסט האָט אַ פיר געטון מיט די אויגן — אַ בליץ פאָטאָגראַפיע פון גאַנצן שאַפּ, אַרויסגעלאָזט זיין לאַנדסמאַן און ווייטן קרוב, צוגעצויגן די טיר און, כאַפּנדיק זיך אַז די עלעווייטאָר טירן עפענען זיך, האָט ער אַ געשריי געטון — האַלט! האַלט! — ער איז אונטער־

געלאָפן צום עלעוויטאר, זיך אומגעקוקט צי דוד לויפט נאָך און, שטייענדיק שוין אינעווייניק, האָט ער אַרויסגעוואָרפן אַ „דאַנק" דעם עלעווייטאר מאַן, אויף דודן געקוקט מיט אַ שמייכל. דער שמייכל אַ זיגערישער — געכאַפּט און אַ קריינקלעכער — אים האָט געשווינדלט אין די אויגן.

— און אַז דו וואָלסט גענומען דעם נעקסטן עלעווייטאָר וואָלסטו פאַרשפּעטיקט אַ קדושה ברכו?

— אַ נאַטור אַזאַ. פאַרפאַלן. ניט אומזיסט זיך אַ נאָמען געגעבן פעסט. דער זיידע טאַקע געווען אַ פאסטאַווער, דאָס אייניקל איז — פעסט! דאָ איז עס.

אין רעסטאָראַן איז מאַקס פעסט געווען אַ היימישער מענטש. ער האָט שוין געהאַט זיין טישל, זיין בודקעלע, זיין קעלנערין. זיך אַרונ־טערגעלאָזט אויפן געבעטן זיץ, האָט ער גענומען ווישן דעם פּנים, דעם קאָפּ.

— ביסט ווערט מ׳זאָל דיך שמייסן.

— איך בין אַלרייט, פּשוט הונגעריק. פלאָרענס! וואו איז זי ערגעץ?

— קיין צייט ניט געהאַט עסן?

— וואָס האָט איר היינט עפּעס גוטס? — האָט ער אַ פרעג געּ־טון דער קעלנערין. — גייט עס. און קיינע גרינסן, קענט מיר געבן אַ שטיקל זויערע אוגערקע, אַ קליין שטיקל, — האָט ער ייִנגליש צו־געגעבן, דער שמייכל — מ׳טאָר טאַקע ניט, אָבער . . .

— דאָסזעלבע, — האָט דוד אַ זאָג געטון. — קענט מיר געבן אַ סאַלאַד, מאַיאָנעיז, — האָט דוד איינגעשטימט, אַבי פּטור ווערן.

— וואָס האָסטו געזאָגט? וועגן עסן? אַזוי די מעשה. וואָלט גע־קענט אָפּרייסן אַ צען, פופצן מינוט, האָט מיר אָבער דער דאָקטאר אָנגעזאָגט אַז אויב איך קען זיך ניט אָפּרוען נאָכן עסן זאָל איך בעסער ניט עסן.

— און דו פאָלגסט עס אַלץ וואָס דער דאָקטאר זאָגט.

מאַקס פעסט האָט געשמייכלט.

— זאָל וועלן פאָלגן די דאָקטוירים וואָלט איך שוין איצט געווען אויף יענער וועלט, אָדער וואָלט געליגן און געוואַרט אויפן טויט. גיי ניט, טו ניט, זאָרג ניט און, פאַרשטייט זיך, אַרבעט ניט. אַלץ ניט.

— און דו, קענסט זיך ניט פאַרגינען, וואָס?

— פאַרגינען? ניט קיין פראַגע פון פאַרגינען. וואָס וועל איך טון, זיך זעצן שרייבן ספרים?

— שרייבן אפשר ניט, אָבער לייענען, אַריינקוקן אין אַ ספר וואָלט ניט געשאַדט.

— רעדסט ווי אַ קינד. לייענען ספרים. ווער האָט עס געדולד? אַ מענטש דאַרף עפּעס  ט ו ן.  איך בין, פאַרשטייסטו מיך, פון די פערדלעך, וואָס אַז מ'שפּאַנט זיי אויס פאַלן זיי אַוועק. לאַכסט, האַ? איך פאַרזיכער דיך אַז ווען ניט דער שאַפּ וואָלט איך שוין איצט געווען אויף יענער וועלט. ווען איך בין, ניט היינט געדאַכט, געליגן אין שפּי־טאָל, ווייסט וואָס האָט מיך אויפגעהאַלטן? דער טעלעפאָן! די ערשטע עטלעכע טעג, ווען איך האָב געפילט שלעכט, זייער שלעכט, איז מיר 'גאָרניט אָנגעגאַנגען. אָבער גאָרניט. איך בין געליגן ווי אַ פלאַכטע און, ווען איך האָב יאָ אַ טראַכט געטון, האָב איך געטראַכט איין זאַך — איז דאָס דער סוף? וועל איך זיך אַרויסדרייען? אויפן אַכטן טאָג האָב איך באַשטימט — איך לעב, טאַקע אָט ווי דו הערסט — איך האָב באַשטימט. דער דאָקטאר האָט מיך נאָך אַלץ באַהאַנדלט ווי אַ ווילן־וואַק, ווייסט'אך, אַן איי אָן אַ שאָלעכץ, ניט זען קיינעם, ניט ריידן, ניט . . . און איך האָב מיר געטון מיינס, דורכן טעלעפאָן געפירט די געשעפטן. אַ פּריוואַטן צימער געהאַט, מיט אַ טעלעפאָן, און, הערסט,  ד אָ ס  האָט מיך אויפגעהאַלטן . . .

— פיין. איר קענט מיר געבן מיין קאַווע.

— טרינקסט קאַווע?

— אין דערהיים זעט מיך מיין ווייב צו, גיט מיר וואַסער מיט מילעך, דאָ טרינק איך קאַווע וויפיל איך וויל.

— און דער דאָקטאר?

— אַ דאָקטאר איז אַ טיפּש. אין ביכל ביי אים שטייט לויטער „ניט". ניט טרינקען קיין קאַווע, ניט . . . קאַווע האַלט מיך אויף די פיס.

— נאָך עפּעס?

— מיר האָבן אַלץ. קאָמפּאָט? שפּעטער.

פלאָרענס האָט זיך דערווייטערט. מאַקס פּעסט האָט זיך אַ וואָרף געטון אויפן עסן. דאָס פלייש אויפן טעלער האָט ער ניט צעשניטן, נאָר ממש צעריסן. ער האָט געכאַפּט שטיקלעך, זיי געוואָרפן אין מויל,

ניט געקייט, נאָר געשלונגען. דוד האָט געפילט ווי אָנצוכאַפּן מעקס׳ הענט, זיי אָפּשטעלן — כאַפּ נישט! מאַקס האָט געשלונגען די שפּייז און גלייכצייטיק גערעדט. — זעסטו, דאָס אָפּרוען נאָכן עסן, דאָס איז עפּעס. מאַכט זיך איך האָב קיין צייט ניט, אָדער סתם אַזוי זיך, גיי אַרונטער אַליין, קען איך ניט איינזיצן, אָפּגעעסן און צוריק אין שאַפּ אַריין, קריינק איך עס אויס. פאַרדיי פּשוט ניט דאָס עסן, גיב עס גלייך אָפּ צוריק. מזומן אויפן טיש, קיין קרעדיט . . . שוין בעסער ניט עסן. גוט וואָס דו ביסט אַריינגעפאַלן. ווי קומסטו טאַקע אַהער, איב־מיטן אַ פרייטיק?

— געגאַנגען אַהיים, האָב איך געטראַכט — אַריינגיין דיר זאָגן: היינט אָוונט איז ביי דער מומע מלכה אַ שמחה. האָט חתונה געמאַכט די בת יחידה.

— יאָ, געקראָגן אַן איינלאַדונג.

— זי האָט מיך געבעטן איך זאָל אַריינגיין דיר דערמאָנען. זי וויל זייער זאָלסט קומען.

— וואָס עפּעס אַ פרייטיק?

— דער איידים איז אין דער אַרמיי. אַ לייטענאַנט. מאָרגן דאַרף ער פאַרלאָזן. די חופה געוועזן מיטוואָך. צו דער חופה ביסטו ניט גע־קומען. איר האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן.

— זיך ניט געקענט אָפּרייסן.

— און היינט?

— היינט? היינט וועל איך קומען. אפשר קומען אַ ביסל שפּעט, אָבער וועל קומען.

— מיינסט דו גייסט נאָך צוריק אין שאַפּ?

— אַודאי.

— פרייטיק אָוונט?

— און אַז פרייטיק? איך וואַרט אויף עמיצן.

— אויף דער נאַכט אויך געשעפט?

— טונקעלע געשעפטן.

דודס פרעגנדיקער קוק האָט זיך אָנגעשטויסן אָן מאַקס שמייכ־לענדיקע אויגן.

— דער פאַרשוין וואָס דאַרף קומען איז אַ גוי אַ . . . געמבלער. נו יאָ, אַ געמבלער.

— ווי קומסטו צו געמבלער?

— יעדער געשעפטסמאַן איז אַ געמבלער.

— דו אַ געמבלער? מיר דוכט אַז איידער דו גיסט אויס אַ דאלאר רעכנסטו אויס דריי מאָל צי איז עס זיכער.

— און דער געמבלער רעכנט ניט? ווייסטו ניט וואָס אַ געמבלער איז. דער וואָס גייט צו צום טישל, לייגט אַוועק אַ דאלאר צי וויפיל און וויל געווינען, דער איז ניט קיין געמבלער, דער איז פשוט אַ טיפש וואָס וויל קריגן עפּעס פאַר גאָרנישט. דער אמתער געמבלער, אַרטשי אַשטייגער, דער וואָס דאַרף מיר טעלעפאָנירן, ער געמבלט אויף פערד־לעך. מיינסטו דאָך ער לייגט פינף אָדער צען דאלאר אויף אַ פערדל און פטור, געווינען אָדער פאַרלירן. מאַכסטו אַ טעות. יענער ווייסט דעם יחוס פון יעדן פערדל אין די פאַראייניקטע שטאַטן, ווער איר טאַטע איז געווען, איר מאַמע, און ניט נאָר ווייסט ער דעם יחוס, ער האָט שוין אַפילו אויסגעאַרבעט אַ סיסטעם לויט וועלכער ער מוז געווינען. מיט אָט דער סיסטעם פאַרלירט ער, פאַרשטייט זיך, ווי אַ טאַטע.

— וועטסטו שוין אויף פערדלעך אויך?

— זעסטו, דאָס טו איך נישט. וועסטו דאָך פרעגן, טאָ וואָס האָב איך צו טון מיט אים? אַזוי די מעשה. ער איז נישט קיין פשוטער געמבלער. אַמאָל איז ער געווען זייער רייך, שטאמט פון אַ געהויבענער משפחה, קען זיך נאָך היינט מיט אַלע קאַרפּן־קעפּ, די פערדלעך האָבן אים רואינירט אויף אַזוי ווייט, אַז איצטער מאַכט ער אַ לעבן דערפון, שטילערהייד, פאַרשטייט זיך. איך וויל מאָרגן פאָרן מיטן עראָפּלאַן קיין ניו יאָרק. איז דאָך מלחמה, אַן עסק מיט „פּרייאָריטיס", קען איך קיין פּלאַץ ניט קריגן. ער וועט עס שוין קריגן פאַר מיר, אַלץ וואָס איך וועל דאַרפן טון איז געבן אים אַ וועט אויף אַ פערדל, אַ זיכערן געווינער, דאָס פערדל וועט זיכער אַריינקומען . . . אויסלאָזן וועט זיך אַז עס וועט אַריינקומען אַ ביסעלע צו שפּעט, מיט אַ נאָז, ווי זאָגט מען עס, וועל איך בלייבן מיט אַ נאָז, אָבער קיין ניו יאָרק וועל איך פליען

— און דו מוזט עס פליען?

— ניין, זיך העצקען דריי־פיר מעת־לעת אויפן באַן.

— כ׳מיין, וואָס פליסטו אַזוי? וואָס איז די יאַגעניש? דאַרפסט קויפן סחורה? דאָ אַ טעלעגראַף, פאַר אַ בויט אַ טעלעפאָן.

— טעלעגראַף, טעלעפאָן. פאַרגעסט אָבער אַז דורכן טעלעגראַף קען מען ניט שמייכלען און אַפילו דורכן טעלעפאָן קען מען קיין כאַבאַר ניט געבן.

— שוואַרצער מאַרק?

דודס פאָרוואורף אין די אויגן האָט באַגעגנט אַ שמייכלענדיקן באַדויערנדיקן קוק.

— מענטשן כאַפּן אויף ווערטלעך, ריידן זיי נאָך, כאָטש זיי הויבן ניט אָן צו וויסן וואָס זיי ריידן. מ׳זאָגט אַרויס „שוואַרצער מאַרק" איז ווי מ׳וואָלט געזאָגט שוואַרצע קאַץ. די קאַץ איז גאָרניט אַזוי שוואַרץ. וואָס מיינט שוואַרצער מאַרק? קויפן פאַרבאָטענע סחורה אויף העכערע פרייזן? איז ערשטנס, וואָס מיינט פאַרבאָטן? זיצט עפּעס אַ קלערק אין וואַשינגטאָן און באַשטימט, לאָמיר זאָגן, אַז איך מעג קריגן אונטערשלאַק זעכציק פּראָצענט פון דעם וואָס איך האָב פאַר־ברויכט אין ביינצן איין און פערציק. און ווי אַז אין 1941 האָב איך גאָר קיין אונטערשלאַק ניט געברויכט? ניט געמאַכט קיין מאַנטלען, און איצט מאַך איך יאָ? טאָר איך, הייסט עס, ניט קריגן? מאָלט׳יך דאָס האָב איך שוין באַוואָרנט, איך מעג יאָ, אָבער קריג איך עס? ביים קלערק אין וואַשינגטאָן געפועלט, אָבער אין ניו־יאָרק איז אויך דאָ אַ קלערק. אַמאָליקע יאָרן, מיט דריי, פינף יאָר צוריק, אַז איך בין גע־קומען קיין ניו יאָרק, האָט דערזעלבער קלערק, צי דער באַלעבאָס, מיך אַרויסגענומען אין וואַלדאָרף אַסטאָריא עסן מיטיק, נאָכדעם אין אַ טעאַטער, נאָכדעם . . . וואָס האָט מען ניט געטון פאַר מאַקס פעסט? אַ גרויסער קונה! איך האָב גאָרניט געדאַרפט פאָרן, מיין קויפער איז געפאָרן. איצטער אָבער איז דער קונה אַ קנאַפּער מיוחס, ווילסט קויפן דאַרפסטו קעכלען דעם פאַרקויפער. איך קען טעלעגראַפירן צען מאָל איך דאַרף אונטערשלאַק, אָבער גוטענטאג פאָרט קיין ניו יאָרק, נעמט אויס דעם קלערק דאָרט, גיט אים אַ גוטן מאָלצייט, אַ פּאָר דאָלאַר דערצו און ער קריגט דעם אונטערשלאַק, ניט איך. איך קען וואַרטן. און וואַרטן קען איך ניט. פאַרשטייסט, אין שאַפּ ליגט ביי מיר איצט סחורה זיכער אויף אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר, אָבער אונטערשלאַק ניט מער ווי אַ צען טויזנט יאַרד און וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט עס

װען עס גייען הונדערט מאַשינען? ביז מ׳װעט זיך אױסראַכען מיר אַרױסשיקן, ביז ס׳װעט אָנקומען דאַרף איך מאַכן שבת, אָפּשטעלן די מאַשינען.

— און דאָס, פֿאַרשטייט זיך, קענסטו ניט.

— װאָס?

— זיך אָפּשטעלן.

— רעדסט װי אַ . . . קינד. װאָס הייסט זיך אָפּשטעלן?

— און פֿאַרװאָס ניט זיך אָפּשטעלן? אינגאַנצן אָפּשטעלן, אױפֿגעבן, גענוג!

— גענוג? ניטאָ קיין גענוג.

— װאָס זשע, מוזט איבערלאָזן דיינע קינדער דוקא אַ פֿערטל מיליאָן דאָלאַר?

— מיינע קינדער? ניין, איך אַרבעט ניט פֿאַר מיינע קינדער. אַנדערע רעדן זיך איין זײ אַרבעטן פֿאַר זייערע קינדער, איך װייס מיינע קינדער דאַרפֿן מיך ניט, און איך זײ . . . ? ניין, מיינע קינדער דאַרפֿן מיך ניט. מעני װאָלט נאָך אפשר געװען צופֿרידן װען איך טראָג זיך אָפּ. פֿאַרשטייסט? אים שטייט ניט אָן אַ טאַטע אַ קלאָוק־מאַכער. װען איך זאָל האָבן געװען חזירים װאָלט געװען מער יחוס, מער אַמעריקאַניש. שעמט זיך מיט זיין טאַטן, מיט זיין אייגענעם נאָמען אַפֿילו. עמנואל שטייט אים ניט אָן, צו יידיש, פֿרעד צי טאַם װאָלט געװען אַ סך בעסער. ניין, פֿאַר אים אַרבעט איך ניט. רחלע — אַ װאױל קינד. נו, האָט זי חתונה געהאַט מיט אַ קלעזמער. אַ קלעזמער. פֿאַרצט אױף אַ טרובע, זאָלסט מיר מוחל זיין, שפּילט סאַקסאָפֿאָן, שפּילט ער. מאַכט אַ לעבן. זי װיל ניט נעמען אַ סענט, גיב איך איר מתּנות, אַמאָל אַ מאַנטל, אַ קליידל, שטוב־זאַכן. לאָה זעט שױן װאָס זי דאַרף. אָבער אַרבעטן פֿאַר זײ?

— טא פֿאַר װעמען דען, פֿאַר זיך? פֿאַר זיך האָסטו שױן גענוג, דיינק איך.

— אַזױ דיינקסטו? װיפֿיל גייט ביי דיר אַװעק אַ װאָך? איך מיין ניט חלילה אַריינקריכן אין דיינע געלט ענינים, איך װיל פּשוט פֿרעגן װיפֿיל פֿאַרלעבסטו אַ װאָך?

— איך קום אױס מיט פֿערציק דאָלאַר.

— און מיך קאָסטן אויטאָמאָבילן צוויי מאָל אַזוי פיל. בלויז אויטאָמאָבילן.

— וויפיל אויטאָמאָבילן האָסטו עס?

— צוויי. ניט מער ווי צוויי. איינעם פאַר זיך, איינעם פאַר איר.

— און צוויי אויטאָמאָבילן קאָסטן עס אַזוי פיל? אַן אויטאָמאָביל קאָסט פינף, צען דאלאר אַ וואָך . . .

**— און אַ שאופער?**

— האָסט אַ שאָופער? פון ווען אָן? טאָרסט אַליין ניט טרייבן?

— אָט האָסטו דיר, איך טאָר ניט. דער דאָקטאר האָט מיר פאַרזאָגט ניט צו טרייבן, אָבער דארויף איז ער דאָך אַ דאָקטאר אַ טיפּש. „איר קענט נאָך בלייבן ביים רעדל". ער ווייסט גאָרניט אַז אויב איך האָב אַ רואיקע האַלבע שעה איז עס ווען איך טרייב דעם אויטאָמאָביל, איך רו זיך ממש אויס ביים רעדל. ניין, איך דאַרף ניט דעם שאופער.

— טאָ ווער דען, לאה?

— זי דאַרף אים אויך אויף כפּרות. איך האַלט זייער ווינציק פון פרויען טרייבער, אָבער זי טרייבטווירקלעך גוט.

— טא וואָס דאַרף זי אַ שאופער? ניט אויף צו אַנטלויפן מיט אים?

מאַקס פעסטס אויגן, עטוואס מוטנע, פאַרצויגן, האָבן זיך אַ הויב געטון. — ניין, אַנטלויפן מיט אים וועט זי ניט, גענוג אַז זי לויפט מיט אים אַרום. אָבער אַפילו ניט צוליבן אַרומלויפן דאַרף מען אַ שאופער. אַ שאופער דאַרף מען צוליב מיסטער האטשינסאנען! ווייסטו ניט ווער מיסטער האטשינסאָן איז.

— וואָס איז דאָ פאַר דעזערט? קאסטארד? רהובאַרב? זאָל זיין רהובאַרב. און גיט מיר נאָך אַ טעפּל קאַווע, אָבער הייסע.

— געדיינקסט'אָך, מיר האָבן געוואוינט אויף האוסטאָן סטריט. שטייט נאָך די דירה. נו, האָט זי גענומען נעגען, מ'מוז זיך אַרויסקלייבן אויף דער וועסט סאַיד. די קינדער שטייען אין שידוכים; אַפילו דעם קלעזמער מיינעם ניט אָנגעשטאָנען צו קומען אויף דער איסט סאַיד. פון דעם „לויער" מיינעם, מעניך, איז דאָך אָפּגערעדט, אַז אַנטיסעמיט, אַן אמתער אַנטיסעמיט. וויל ניט וואוינען צווישן די „קאַיקס". מיט די ווערטער. האָט אַזוי לאַנג גענעגעט און גענעגעט ביז איך האָב געקויפט די הויז אויף אקסידענטאל, באַצאָלט פאַר איר

צוועלף טויזנט דאלאר ד אַ ן, און זי האָט געהאַט די ווערט. אַ גוטע הויז, גוט געבויט, מיט אַלע מאָדערנע איינריכטונגען, באָד, שפּריץ, דריי שלאָף־צימערן, אַ הויף, אַ גאַניק. שאַ, ביסט׳אך געווען ביי מיר, ווייסטו דאָך, דאַכט זיך גוט, האַ? נו, ווייסטו דאָך, יידן אַנטלויפן פון מזרח קיין מערב, זיי לויפן, דוכט זיך, איינציקווייז, אַנטלויפן איינער פונם אַנדערן, מ׳קוקט זיך אַרום — שלום עליכם, עליכם שלום, כאָטש זיי מקדש די לבנה, אָדער גאָר זיך שטעלן דאַווענען במנין. מערב ווערט ווידער מזרח. יידן האָבן זיך גענומען באַזעצן און ס׳איז געוואָרן אַ וועסט־איסט־סאַיד. דאָס וואָלט נאָך געווען צו דערליידן. העלפט גאָט און גאָלדבלאַט קויפט אַ הויז אין בעווערלי און באַצאָלט דריי און צוואַנציק טויזנט דאלאר. ווייסטו ניט ווער גאָלדבלאַט איז.

— דאָס איז אַלעס. אַ דאַנק. אַ שוועבעלע? אַ דאַנק. ווילסט? ביידע האָבן פאַררויכערט.

— גאָלדבלאַט איז מיין ווייבס אַ לאַנדסמאַן. מיט אַ יאָר זיבעצן צוריק, ווען איך בין נאָר וואָס געהאַט געקומען אַהער פון ניו יאָרק, ניט געהאַט וואָס צו טון, האָט מיך מיין ווייב אַרויפגעשיקט צו אים. ער האָט שוין דאַן געהאַט אַ שאַפּ. אַ שאַפּ! עפּעס אַ שאַפּקע ערגעץ אויף צווייטער און ספּרינג, זעקס מאַשינען. ער האָט זיך געקנייטשט, געדרייט, ער ווייסט ניט וואָס איך קען טון ביי אים אין שאַפּ, סוף כל סוף מיך אָנגעשטעלט פאַר אַ שיפּינג קלערק, פּאַקן זיינע צוועלף קליידלעך אַ טאָג. אָפּגעאַרבעט צוויי וואָכן, האָט ער זיך אַרומגעקוקט אַז דער שידוך געפעלט אים ניט. אים ניט געפעלן ווי איך האָב געפּאַקט זיינע קליידלעך, מיר געגעבן דעם וועג. בין איך אַוועקגעגאַנגען און אליין געעפנט אַ שאַפּ. געלט? מיט די צען פינגער. פאַר פינף יאָרן איז דערזעלבער גאָלדבלאַט געקומען צו מיר, מיר פאַרגעלייגט פופציק טויזנט דאלאר איך זאָל אים אַריינגעמען פאַר אַ שותף. האָב איך אים געענטפערט: איר פּאַקט אייערע קליידלעך אַנדערש, איך פּאַק מיינע אַנדערש . . . בעסער זיין גוטע פריינט איידער שלעכטע שותפים. ער האָט פאַרשטאַנען, גאָרניט געזאָגט, פאַרבליבן, וואָס מ׳רופט, גוטע פריינט, נאָר ווען מיין ווייב האָט דערהערט אַז גאָלדבלאַט האָט געקויפט אַ הויז אין בעווערלי פאַר דריי און צוואַנציק טויזנט דאלאר האָט זי שוין ניט געקענט איינרוען, מ׳מוז זיך אַרויסקלייבן, און ניט אין בעווערלי, נאָר אין בעל עיר. און, דעם אמת געזאָגט, מיך האָט עס

אויך גערופּעט. פֿאַרשטייסט? אַז גאָלדבלאַט קען, קען איך דאָך אודאי. וואָס טויג דיר מעשות, כ'האָב געקויפט אַ הויז, ניט אין בעל עיר, — אין וועסטוואוד, באַצאָלט זיבן און דרייסיק טויזנט פינף הונדערט, מזומן געלט. אַ הויז אַ פּאַלאַץ. האָט די ווערט. קען פֿאַר דעם קריגן איצט פינף און פערציק טויזנט, און אפשר די פולע פופציק טויזנט. אַ הויז פון צוועלף צימערן, צוויי באָד־צימערן, דער פראָנט־צימער — אַ פעלד אַ גאַנצס. היינט אַ שטיבל באַזונדער פֿאַר דער דינערשאַפט. דאָ קומען מיר צום פסוק. דער שכן מיינער איז איינער אַ מר. האטשינסאָן. זיין יחוס — וויים פּרעזידענט פון דער סיטיזענס באַנק. אַלץ וואָס איך האָב גערעדט מיט אים אין משך פון די צוויי יאָר איז „בייס מארנינג דיס מארנינג" און „רייניגג". מער האָב איך ניט גערעדט מיט אים און וועל ניט ריידן מסתם ביז ער'ט זיך אַרויסקלייבן. וועט זיך אַרויסקלייבן. וואָס דען, ער'ט בלייבן? אַ ייד האָט זיך דאָך אַריינגעקליבן. און איך בין שוין ניט דער איינציקער. אָבער דער מר. האטשינסאָן האָט אַ שאופער, און אַז מר. האטשינסאָן האָט א שאופער דאַרף שוין מר. פעסט אויך האָבן אַ שאופער, אַ שאופער און אַ דינסט, זיי זאָלן זיך קענען דורכריידן מיטן שאופער און דער דינסט ביי מר. האטשינסאָן, איך שטעל מיר פֿאָר, זיי וויסן שוין מער וועגן מיר ווי איך אַליין. ווי ס'ניט איז, דער שאופער קריגט זיינע פינף און פערציק דאלאר אַ וואָך אויף אַלעם פאַרטיקן, אַ דירה און עסן, דערפֿאַר גיט ער שוין אַכטונג אויפן הויף אויך. שניידט דאָס גראָז, פוצט די ביימלעך, אַ מושלם בכל החולשות.

— איצט פֿאַרשטייסטו שוין? אַ שאופער, אַ דינסט, היינט אַז מ'האָט אַ ניי הויז דאַרף מען נייע מעבל פֿאַר עטלעכע טויזנט דאלאר, מיט טעפּיכער. בילדער אַליין האָט מיך אָפּגעקאָסט אַ פֿאַרמעגן. געוואָרן אַ גאַנצע קינסטלערין מיין ווייב. איינגעשטעלט דאָס הויז, האָט זי מיך אַוועקגעשלעפּט אין אַ בילדער געשעפט, איך מוז גיין, אַ ווילדע מציאה, אַ בילד פון אַ פראַנצויזישן מאלער, רענע, צי רענא, אָדער רענאר, יאָ, רענאר (רענואר) פֿאַר בלויז טויזנט דאלאר. איך האָב אַ קוק געטון אויפן בילד איז מיר געוואָרן ניט גוט. אַ באַקעטע מויד. וואָלט עס כאָטש געווען אַ מויד. אַ באַקעטער הינטן. אָט אַזוי ווי דו הערסט — אַ באַקעטער הינטן, און פֿאַר דעם אַ טויזנט דאלאר. האָב איך זיך איינגעשפּאַרט, איך וויל ניט, אַפילו ווען מ'גיט עס מיר אומזיסט, וויל איך

עס ניט האָבן. נו נו, פרעג שוין ניט. וואָס טויג דיר מעשות, כ׳האָב אויסגעשריבן אַ טשעק אויף טויזנט דאָלאר. ט ו י ז נ ט ד אָ ל אַ ר ווי אין אַ געגזעגנעם הינטן. פאַרפאַלן. איצטער, אַז איך גיי אַריין אין גרויסן צימער, דערזע דאָס בילד, ווען די ליכט אונטער דעם איז נאָך אָנגעצונדן, איך דערזע דעם נאַקעטן הינטן ווי ער לייכט זיך דורך, ממש ער לייכט זיך דורך, ווילט זיך מיר צוגיין און עס צערייסן, צע־שטעכן. מיר אויפגעהאנגען אַ מזרח, האָט זי מיר. אָבער גאָרניט, אַז מ׳שמועסט בילדער איז דאָך ניט שייך. ווי ס׳ניט איז, אין דעם הויז ליגט אַ פאַרמעגן. און אַז מ׳האָט אַזאַ הויז, מאַכט מען שוין פּאַרטיס, שמחות. זי איז דאָך געוואָרן אַ גאַנצע „סאָסייעטי ליידי״, גייט ניט אַוועק אַן אָוונט זי זאָל עפּעס ניט האָבן ביי זיך אָדער ערגעץ אַנדערש. קורץ און גוט, געלט שמעלט, בלאָטע אין קעשענע. איך בין אַ גרויסער בעל־הוצאה, גאָר אַ גרויסער בעל־הוצאה.

— און צוליב דעם דאַרפסטו זיך אַוועקהרגענען, האַוועץ, לויפן, פליען?

— האָסט אַ ציגאַרעט? פּ־פּ־ף. צוליב דעם אַליין ניט, צוליבן נאַקעטן הינטן דאָרט וואָלט איך ניט איינגעריסן קיין וועלט, וואָלט זיך געקענט באַגיין אָן דעם. אויב איך בין פאַרטון אין געשעפט איז צוליב עפּעס אַנדערש.

דער רויך צווישן די צוויי איז געוואָרן געדיכטער, געבליבן שטיין, וואַרטנדיק. דוד ביסקין האָט אויך געוואַרט.

— אַ מענטש האַוועט ניט צוליב לויטער עולם הזה פון נאָך אַ סטייק, גאַנץ אָפּט האָט ער גאָרנישט דעם מאָגן דערצו, אָדער צוליב אַ גרויס הויז, וואָס ער דאַרף אויף כפרות. אַ מענטש האַוועט, וויל מאַכן געלט, ניט אַזוי צוליבן געלט ווי צוליב דעם ער זאָל ניט זיין אַבי ווער, מ׳זאָל וויסן ו ו ע ר ער איז, מ׳זאָל דרך־ארץ האָבן פאַר אים. און פאַר געלט האָט מען דרך ארץ. וויפיל איז ער ווערט? דאָס איז די ערשטע פראַגע, די איינציקע מאָס. איך האָב די מאָס ניט געמאַכט, כ׳האָב זי געפונען אַ פאַרטיקע.

— מאָלט׳יך דאָ אַן אַנדער מאָס.

— וועלכע?

— האָסט שוין פאַרגעסן? אין וואַפּניארקע איז דער גביר פון שטעטל געווען ראַפּאַפּאָרט, אָבער כבוד האָט מען אָפּגעגעבן דעם רב.

— אַזוי, דעם רבֿ? — מאַקס פֿעסט האָט דערזען לייב פֿעלדמאַן, דערהערט „דאַרפֿסט צום רבֿ, גיי ניט צום שמש״, זיינע אויגן האָבן גע־נומען שמייכלען. — נו, יאָ, מ׳האָט אים אָנגעטון דעם כּבֿוד, אים אַוועק־געגעבן אין אַרענדע די הייוון פֿון שטעטל און ער איז געזעסן אין מזרח. ראַפּאַפּאָרט האָט אָבער געהאַט אין אַרענדע דעם וואַלד, די פֿאַראוועמיל, דאָס גאַנצע שטעטל, דעם רבֿ אַריינגערעכנט. ראַפּאַפּאָרט איז אויך געזעסן אין מזרח און די דעה האָט געהאַט ראַפּאַפּאָרט, ניט דער רבֿ. ווער עס האָט די מאה דער האָט די דעה. דאָ איז דאָך אָפּגערעדט. זעסט? — האָט ער געוויזן אַ פּערטעלע. „אין גאָט גלויבן מיר״. בפֿירוש געשריבן. טון טוט זיך אָבער אַנדערש. אין גאָט גלויבן מיר, דעם עגל הזהב דינען מיר. — ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס פּערטעלע אונטערן טעצל פֿאַר דער קעלנערין.

— די אַמעריקאַנער זאָגן יאַקאָבי אַז אַרום עגל הזהב טאַנצן די יידן . . .

— יאָ, אַזוי זאָגן זיי, אָבער ל אָ מ י ך דיר עפּעס זאָגן. משה רבינו האָט צעמאָלן דעם עגל הזהב און אונדז געגעבן טרינקען פֿון דעם וואַסער, דאָס וואַסער איז אָבער ווייט אַוועקגעגאַנגען, איז געקומען קיין אַמעריקע נאָך איידער מיר זיינען דאָ געווען, און ווען עס קומט צו געלט קענען מיר יידן הייצן די הרובע ביי די אַמעריקאַנער. דו האָב מיט זיי צו טון, וועסטו זען. אָט שטיי איך אין אַ געשעפֿט, האָב, ווי זאָגט מען, אַן אָפֿענע טיר. גייט ניט אַוועק אַ טאָג עמיצער זאָל ניט קומען בעטן געלט, דער פֿאַר דעם, דער פֿאַר אַן אַנדער זאַך, און איך לאָז קיינעם ניט אַרויס מיט ליידיקן, מער, ווינציקער, איך גיב. און איך בין ניט קיין צוואָרפֿענער, ווייסטו. דער אַמעריקאַנער איז דאָך כּלומרשט אַ צוואָרפֿענער, געלט שפּילט ביי אים קיין ראָלע, אָבער אַנו פּרואוו ביי אים עפּעס קריגן פֿאַר אַ געוויסן צוועק. אַ ניקל וועט ער דיר ניט געבן! אַ סענט ניט! ער גיט אין „טשוירטש״, גיט ער. וואָס אַרט דיך, איך קען דעם אַמעריקאַנעם. אויב אַן אַמעריקאַנער וועט דיר זאָגן אַז ער ו ו י ל נ י ט קיין געלט, זאָלסטו אים ניט גלויבן. ער קען אפֿשר ניט מאַכן קיין געלט, דערפֿאַר וויל ער ניט. אַ סריס וויל ניט חתונה האָבן. אַלע ווילן געלט און פֿאַר געלט האָבן אַלע דרך־ארץ. אָבער אַלע. וואָס דאַרפֿסטו מער? דער אַרבעטער. ווען איך האָב געוואוינט אויף האוסטאַן האָב איך געפֿאַרבט דאָס הויז, ווען די בעלי־

מלאכות זיינען פאַרטיק געוואָרן איז אַלץ געווען פאַרשמירט, פאַר־ליאפּעט, לאה האָט מיר פאַרוויינט דעם קאָפּ, האָט זי מיר. אין ד ע ר הויז, אין וועסטוואוד, האָב איך אויך געפּארבט, וואָלסטו באַדאַרפט זען ווי די בעלי־מלאכות האָבן זיך געהיט! פונם מעבל איז דאָך אָפּגערעדט, נאָר אין דרויסן, אַ גרעזעלע ניט באַשפּריצט. און פאַרוואָס? אַ גביריש הויז. פאַרן גביר, פאַר געלט שטייט מען אויף די ציפּקעס, האָסטו ניט קיין געלט, מעגסטו זיין איך ווייס ווער, ביסטו אַ גאָרנישט, אַ נישט.

— וואָס דיינקסטו מכח איינשטיינען?

— איינשטיין? מיינסט דעם באַרימטן פּראָפעסאָר איינשטיין?

— יאָ יאָ, טאַקע אים גופא.

— אהא, איך פאַרשטיי. וועל איך דיר זאָגן דעם אמת, ווער איינשטיין איז, כ׳מיין וואָס ער האָט אויפגעטון, ווייס איך ניט, און איך בין ניט דער איינציקער, איך ווייס יאָ אַז ער איז אַ גרויסער מענטש, באַרימט אין דער גאָרער וועלט, אַלע גיבן אים אָפּ כבוד. איז שוין גוט, האַ? איז, ערשטנס, וויפיל איינשטיינס איז עס דאָ אויף דער וועלט? איינער אָ מענטש. אַזאַ מענטש ווערט אפשר געבוירן איין מאָל אין טויזנט יאָר. מיט אים קען זיך קיינער ניט גלייכן. צווייטנס, אַפילו איינשטיין, דו הערסט, אַפילו איינשטיין, ווען ער האָט ניט קיין געלט און דאַרף ליגן אין אַ שפּיטאָל וואָלט ער געליגן אין אַ וואָרד. הערסט, אין אַ וואָרד וואָלט ער געליגן. דאָס זאָג איך דיר ניט סתם אין דער וועלט אַריין. איך רעד פון דערפאַרונג.

— מיט מיר אין שפּיטאָל איז געלעגן איינער אַ פּראָפעסאָר. וואָס איז געווען זיין נאָמען? אוירוויך, צי אוירווייך, כ׳געדיינק שוין ניט גענוי. איך געדיינק אָבער זיין פּנים, אָט ווי ער וואָלט מיר געשטאַנען פאַר די אויגן, ווייסט׳אך, אַ לייגגלעכער פּנים אַזאַ, מיט אַ הויכן שטערן, קיין האָר אויפן קאָפּ האָט ער שוין ניט געהאַט, בלויז ביי דער פּאַטיל־ניצע אַ פּרענזל האָר, און דוקא לאַנגע, און ווייס! ווייס ווי מילך. ווען מ׳האָט מיך דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעפירט אויף אַ שטול אין דרויסן האָב איך אים דערזען אויך אויף אַ שטול. מיר איז איינגעפאַלן אַז דאָס איז דער פּוילישער שפּילער, דער פּאַדערעווסקי, זייער ענלעך אויף אים. טו איך אַ פרעג דער וואָרטספרוי: ווער איז דער מענטש?

— איר ווייסט ניט? פּראָפעסאָר אוירווייך!

— ווער דער פּראָפעסאָר אוירוויך איז, וואָס פאַר אַ פּראָפעסאָר

ווייס איך ניט עד היום, אָבער אַ פּראָפעסאָר. פרעג איך דער וואַרטס־פרוי: איז ער אויפן זעלבן שטאָק מיט מיר?

— ער איז גענוועזן, — האָט זי געענטפערט. צוויי וואָכן איז ער געלעגן אין אַ צימער איבער דער וואַנט פון מײַנעם, נאָכדעם האָט מען אים טראַנספּאָרטירט אין אַ וואָרד: ניט געהאַט קיין געלט צו צאָלן. און צאָלן האָט מען געדאַרפט גענוג, אַ היפּש ביסל. די אַכט וואָכן וואָס איך בין דאָרט געליגן האָבן מיך אָפּגעקאָסט קנאַפּע דריי טויזנט דאָלאַר. פאַרן צימער אַליין פופצן דאָלאַר אַ טאָג, וואַרטספרויען נאָכאַמאָל אַזוי פיל, איך רעד שוין ניט פון דאָקטוירים, היינט עקסטראַס, זיי רעכענען דאָך אַפילו פאַר אַ שטיקל אשר־יצר־פּאַפּיר, זאָלסט מיר אַנטשולדיקן. איז איך, מאַקס פּעסט, דער מאַנופעקטשורער, האָב געהאַט דאָס געלט, געצאָלט, איז מען געשטאַנען פאַר מיר פאַד קאַזיראָק, וואָס איך האָב געוואָלט האָב איך אויסגעפירט. ווייסט, ניט איין מאָל איז מיר אַזש ניט גוט געוואָרן פון זייער הינטישקייט, זייער חנפענען. איך האָב דאָך געוואוסט אַז דאָס מיינט מען ניט מיך, נאָר מיין טשעקביכל, האָב איך זיך פּשוט איזדיעקעוועט איבער זיי, די דאָקטוירים, די וואַרטספרויען און, נאָכדעם, אַז ס'האָט מיך פאַרדראָסן למאי איך בין אַזאַ דבר־אחר, האָב איך טעלעפאָנירט מ'זאָל צושיקן דער וואַרטספרוי נאָך אַ פּאָר זיידענע זאָקן און, האָסטו באַדאַרפט זען ווי גוט זי איז געווען צו מיר, כאָטש לייג זי טאָקע צו צון אַ מכה. און אַלץ — געלט. פאַרן פּראָפעסאָר איז מען אויף די ציפּקעס ניט געשטאַנען, אין אַ וואָרד איז ער געליגן. און הערסט, אַפילו איינשטיין, ער האָט מסתמא גענוג פריינט, חסידים, וואָס וואָלטן געצאָלט פאַר אים, דאַן וואָלט מען אים געהאַלטן בכבוד, אָבער אָן געלט? אין וואָרד אַריין!

— קוקנדיק אויף אָט דעם פּראָפעסאָר, האָב איך געטראַכט: וואָס פאַר אַ היפּאָקריטישע וועלט! אָט ליגט אַ פּראָפעסאָר, אַ האַלעדראַנעץ, האָט ניט אַ גראָשן ביי דער נשמה, קיינער קוקט זיך אויף אים ניט אום, פונדעסטוועגן איז אויף זיין קאַרטל דאָ אַ פּ.ד., אָדער אַן ענלעכער טיטול. אַ פּראָפעסאָר. פאַרוואָס זאָל אַזאַ ייד ווי איך ניט האָבן קיין טיטול פּ. ד. (דאָקטאָר פינאַנס)? קוקסט מיך אָן? טיטולן ווילן מיר דאָך אַלע. דאָ אין אַמעריקע איז ניטאָ קיין פּרינצן, גראַפן אָדער באַראָנען, דאָס מיינט אָבער ניט אַז מענטשן ווילן ניט קיין טיטולן. וואָס מיינט אַ טיטול? אַן אויסצייכענונג, אַ באַווייז אַז דער מענטש

איז עפּעס, עמיצער, ניט אַבי ווער. נו, קוק זיך אומישנע צו ווי אַזוי מענטשן צאַצקען זיך מיט זייער אַ בלעכל, אַ ליענטע, אַ שלייפל וואָס זיי טראָגן ווי דעלעגאַטן צו עפּעס אַ צוזאַמענפאָר. ער שפּיליעט עס צו אויבן אויף, אַלע זאָלן זען אַז ער איז אַ דעלעגאַט, אַ . . . וויכטיקער מענטש. דאָס איז טיטול. נו, שטעל זיך פאָר, דער, צי אַן אַנדער פּראָפעסאָר — אייגנטלעך אַ גמרא־מלמד — האָט אָנגע־שריבן אַ בוך וועגן . . . רוימישע, צי גריכישע מטבעות און געקראָגן דעם טיטול פּ.ד., דאָקטאָר פילאָזאָפיע. איך פאַרזיכער דיך אַז איך ווייס מער וועגן אַמעריקאַנער פּאָזיטלעך ווי דער פּראָפעסאָר וועגן רוימישע מטבעות, פאַרוואָס זאָל איך ניט קענען דרוקן אַ קאַרטל אויך מיט אַ פּ. ד. — דאָקטאָר פינאַנסן?

— ווי זאָל איך דיר זאָגן? דיין משל הינקט אַ ביסל אונטער. דאָ איז אַ מעשה פון לערנען און ביי דיר איז אַ פראַגע פון געלט מאַכן. דאָס איז אַ קנאַפּע תורה, מ׳קויפט פאַר צוויי, מ׳פאַרקויפט פאַר דריי, קיין גרויסע חכמה ניטאָ דערביי.

— אָט האָסטו דיר, געלט מאַכן! דער פּראָפעסאָר לערנט תורה, איך מאַך געלט, ער דער תלמיד חכם, איך דער עם הארץ. איז לאָמיך דיר זאָגן, אַז איך, מאַכנדיק געלט, האָב מער געלערנט ווי וועל־כער עס איז פּראָפעסאָר. איך האָב ניט געלערנט וועגן די שטערן אין הימל, איך האָב אָבער געלערנט וועגן מענטשן אויף דער ערד. אוי, האָב איך געלערנט! דאָס איז ניט נאָר קויף פאַר צוויי, פאַרקויף פאַר דריי, ווי דו דיינקסט, עס איז מער ווי דאָס, אַ סך מער, גלויב מיר. טא פאַרוואָס ניט אָפּשאַצן דעם וואָס האָט פאַרדינט געלט?

— ווער זאָל עס שאַצן? די גמרא מלמדים . . . ?

— אָט דאָ ליגט טאַקע דער הונט באַגראָבן. זיי קוקן נאָך אַלץ אויף אונדז פון אויבן אַרונטער. שטילערהייד שאַצט מען אָבער יאָ. שטילערהייד טוט דער פּראָפעסאָר דאָס וואָס דער גביר פון אוניווער־זיטעט הייסט אים טון, וויל ער ניט, פליט ער פון ביינקל. שטילערהייד, דאָרט וואו מ׳דאַרף, ווייסט מען יעדן איינעמס ווערט. איכ׳ל קומען אין אַ געשעפטס־הויז קויפן סחורה ווייסט מען מיין שטאַנד גענוי צום פונקט. דאָס איז אָבער אַלץ שטילערהייד. פאַרוואָס אָבער ניט אָנער־קענען עפנטלעך? איז ניט קיין פּ. ד., פאַרוואָס זאָל אַ מענטש מיט, לאָמיך זאָגן, הונדערט טויזנט דאָלאַר, ניט האָבן אַ קאַרטל געדרוקט —

מאַקס פעסט ה. ט. (הונדערט טויזנט). אַ מיליאָן? איז א. מ., אַ מולטי־מיליאָנער — מ. מ.

— שטעל זיך פאָר דו האָסט שוין אַ קאַרטל מיט אַ מ. מ. וואָס דאַן? פאָרד האָט שוין אַזאַ „קאַרטל״, איז אים בעסער? וועט ער לעבן אייביק?

— פאָרד? איך האָב אים ניט ליב דעם גוי, ער איז אַן אַנטיסעמיט, געווען און מסתם נאָך היינט אויך, אָבער איך מוז צוגעבן ער איז עמיצער. מאַלע וואָס ער איז אַן עם־הארץ, קען ניט קיין געשיכטע ווי עפּעס אַ פּראָפעסאָר אַ פּ. ד., זיין מ. מ. האָט מער די ווערט ווי דעם ענגלישן קעניגס ה. מ. (היז מעדזשעסטי). פאָרדס אַ וואָרט איז געזעץ פאַר הונדערטער טויזנטער, אפשר מיליאָנען מענטשן. און פאָרד וואָלט ניט אויפגעגעבן זיין קעניגרייך צוליב עפּעס אַ קליידל. ער איז שוין אַלט, אָבער די מלוכה לאָזט ער ניט אַרויס פון האַנט. אַזוי דאַרף זיין. ווער, ווער, ער האָט שוין זיכער גענוג, אָבער פאַר אַ מענטשן וואָס וויל עפּעס איז ניטאָ קיין גענוג. פאָרד וועט שטאַרבן, אָבער ביז ער לעבט איז ער פאָרד מ . מ, צי גאָר ב־ר, ביליאָנער. יעס סיר, דאָס מיינט עפּעס.

— ביסט אַ ביסל צו שפּעט. די פאָרדס זיינען אויסגעשפּילט. דאָ אין אַמעריקע שפּילן זיי נאָך אַ ראָלע, אין איראָפּע . . .

— און וואָס איז אין יוראָפּ?

— אין אייראָפּע איז רעכט אַז עפּעס אַ פּאָסקודנער מאלער זאָל הערשן. די גאַנצע וועלט וויל ער באַהערשן, און אונדז אידן . . .

— וועגן דעם לאָמיר ניט ריידן. מ׳הויבט אָן רעדן וועגן היטלערן, ימח שמו, ווער איך קראַנק, ממש קראַנק. איך וויל דיר אָבער אַטוואָס זאָגן. דו מיינסט דאָך אודאי אַז דאָרטן, אין יוראָפּ איז אַנדערש ווי דאָ, מאַכסטו אַ טעות. דאָרט דערזעלבער שוואַרץ־יאַר וואָס דאָ. דאָרט זיינען די מעכטיקע רייך, דאָ זיינען די רייכע מעכטיק, און ׳עסט מיך פרעגן, שוין בעסער דאָ. ס׳עט ווערן סאָציאַליזם? אַמאָל אויך געווען אַ שטיקל סאָציאַליסט, געמיינט אַ גן־עדן אויף דער וועלט, אַלע גלייך. נו, מיר ווייסן שוין, ניטאָ קיין גן־עדן. סאָציאַליזם מיינט אַלע גלייכע קבצנים. מוחל. די פּאָר יאָר וואָס מיר איז נאָך באַשערט צו לעבן וועל איך שוין אויסלעבן אויפן אַמעריקאַנעם שטייגער. אַמעריקע פאַר מיר. ווי שפּעט איז עס?

מאַקס פעסט האָט אַ קוק געטון אויפן זייגערל ביים האַנט־געלייַנק,

אַ שאַר געטון די מטבע אונטערן טעצל און געמאַכט אַ באַוועגונג זיך אויפהויבן. — צייט צו גיין. — דוד ביסקין האָט זיך אויך אויפגעהויבן.

— וועסטו צוקומען?

— צו דער חתונה מיינסטו? אַודאי. וועל אפשר קומען שפּעטלעך, אָבער כ׳וועל קומען. וועל טעלעפאָנירן לאהן זי זאָל גיין אַליין אָן מיר. איכ׳ל שוין קומען גלייך פון שאָפּ. אַגב, מ׳דאַרף דאָך ברייגגען עפּעס אַ מתנה. וועט זיך נאָך באַליידיקן „די אָרעמע קרובה״. וואָס קען איך איר ברייגגען? איצטער אָ צו שפּעט עפּעס קויפן, סיידן אַ מאַנטל. וואָס איז זי די כלה, אַ זעכצענער, אַן אַכצענער?

— וואָסער זעכצן, אַכצן? זי מוז שוין זיין אַ פיר, פינף און צוואַנציק.

— מלמד! — האָט מאַקס פעסט אויסגעשאָסן. — איך פרעג ניט אויף אירע יאָרן, איך מיין איר מאָס, ווי הויך זי איז, ווי ברייט?

— אַה, האָט דוד ביסקין, דער „מלמד״, דער רעגירונגס־אָנגע־שטעלטער, אַ ביסל פאַרשעמט געענטפערט, — זי איז מיין הויך. יאָ, זי איז אומגעפער אַזוי הויך ווי איך, און די ברייט? געראָטן אין דער מאַמען.

— אַן אַכצענער, — האָט מאַקס פעסט געפּסקנט, באַצאָלט פאַרן עסן און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

— וועסטו צוקומען?

— קומען, קומען. גוט האָסטו געטון וואָס דו ביסט אַריינגעפאַלן. זיך אָפּגערוט אַ ביסל נאָכן עסן. ביז דער פאַרשוין וועט קומען נאָך קענען עפּעס אָפּטון. זיך זען שפּעטער.

(3)

— שפלות קאָמפּלעקס.

דער גאָלמעסער האָט זיך אַ גליטש געטון איבערן באַק, געפּסקנט — שפלות געפיל. אָפּווישנדיק דעם גאָלמעסער אינם שטיקל פּאַפּיר, האָט דוד ביסקין באַשטעטיקט — שפלות געפיל. די יידישע קרייגק. דער גאָלמעסער האָט זיך ווידער געגליטשט איבער באַק און קין, דוד האָט געזען אין שפּיגל דעם גאָלמעסער, זיין פּנים און אויך מאַקס פעסט. ער האָט מאַניפּולירט מיטן גאָלמעסער, צו דערזעלבער צייט ספּעקולירט: וואָס איז אָט די ביינקעניש נאָך אַ טיטול פּ.ד. אויב ניט שפלות קאָמפּלעקס? קאָמיש. געלט טיטולן. פּ.ד., מ.מ. דוד האָט געזען

זיין שמייכל, באַלד דערפילט אַ שניט. ער האָט אַ לייג געטון דעם גאָלמעסער, גענומען לייכט קלאַפּן מיט אַ פינגער אויפן שניט, דאַן גענומען פאַררייבן דעם שניט מיט אַן אַלום שטעקעלע.

דוד ביסקין, אַן אָנגעשטעלטער ביי דער פעדעראַלער רעגירונג, איז געווען זייער קאָנסערוואַטיוו אין זיין אַרבעט, זייער ראַדיקאַל אין פסיכאָלאָגיע און זייער קאָנסערוואַטיוו אין . . . גאָלן זיך. ביי־טאָג האָט ער איבערגעקוקט פּאַפּירן, געשריבן פּאַפּירן און, אויב אין אַ פּאַפּיר האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ גרייז, אָדער גאָר ניט געווען פּונקטואירט לויט אַלע כללים פון סינטאַקס, האָט ער איבערגעשריבן דעם פּאַפּיר, מאַכנדיק נייע פיר קאָפּיעס. אין די אָוונטן האָט ער זיך געגריבלט אין פסיכאָלאָגיע, און דוקא פסיכאָאַנאַליז. דאָס איז געווען זיין „פערדל". אַ פערדל ניט צו פאָרן רייטנדיק דארויף בפני כל עם ועדה, ער האָט זיך ניט אויסגעגעבן פאַר אַ פסיכאָאַנאַליטיקער, נאָר אַ הילצערן פערדל צו פאָרן אויף דעם רייטנדיק ביי זיך אין צימער, לשם איבונגען. דאָס „פערדל" האָט ער אַזוי ליב געהאַט, אַז פון זיינע מאָגערע שכירות האָט ער אָפּגעריסן געלט און זיך איינגעשאַפט אַ היפשע ביבליאָטעק איבער פסיכאָאַנאַליז. געגאָלן האָט ער זיך ניט מיט קיין מאַשינקע. ער האָט ניט געהאַלטן פון די באַוואָרנטע מעסערלעך. דאָס איז גוט פאַר יינגלעך ביי וועמען עס הויבט אָן שפּראָצן אַ בערדל, פאַר ווייכע הערעלעך. פאַר זיין באָרד, אַ געדיכטע, שוואַרצע, האַרטע באָרד, איז אַן אָפענער גאָלמעסער, דער גוטער, אַלטער גאָלמעסער. עלעקטרישע גאָל־מאַשינקע? גוט פאַר קאָמיוואָיאַזשאָרן, ניט פאַר אים. אָט דער אָפענער גאָלמעסער איז שוין ביי אים אַ יאָר צוואַנציק און וועט דינען נאָך צוואַנציק יאָר, אויב ניט מער. שניט? שוין פאַרהאַמעוועט. גאָר־ניט. דער שפּיץ גאָלמעסער איז פאַמעלעך געקראָכן צו דער ליפּ און נאָז־גרענעץ, אויסגעשקראָבעט ממש די האָר דאָרט, דאַן זיך געלאָזט אַ ביסל פרייער איבער דער אויבערשטער ליפּ. דודס געדאַנק האָט זיך אויך געטראָגן פרייער.

— און אפשר דורשט נאָך מאַכט, — האָט ער זיך געהעצקעט אויף זיין פסיכאָאַנאַליטישן פערדל. — ווייל זיין עמיצער. דיזעלבע זאַך. קאָמפּענסאַציע פון שפלות געפיל. און אפשר איז דאָס שוין צו איינפאַך, צו אַדלעריש, אַדלערס שיטה ליידט טאַקע פון צופיל איינ־פאַכקייט. אפשר איז דאָס גאָר דער פאַרניכטונג אינסטינקט, דער

טויטן טריב. אַנטלויפֿט פֿון טויט צו דער אַרבעט. „איך בין פֿון די פֿערדלעך, וואָס אַז מ׳שפּאַנט זיי אויס פֿאַלן זיי אַוועק“. ער דיינקט אַז ער ראַטעווועט זיך פֿון טויט, דער אמת איז, דאָס האָט דער טויטן טריב זיך פֿאַרמאַסקירט, שלעפּט אים אין שאָפּ אַריין, דאָרטן אים דערענדיקן. פֿרויד איז פֿאָרט דער פּסיכאָלאָג.

דוד האָט געפּאַטשט מיטן גאָלמעסער איבערן לעדערנעם רימען הין און צוריק, איין פּסיכאָאַנאַליטישע סברא אַוועקגעפּאַטשט, דער צווייטער פֿאַטאַקעוועט און זי אויך אַוועקגעפּאַטשט. ער איז נאָכאַמאָל איבערגעגאַנגען מיטן גאָלמעסער איבער די באַקן, דאָס איז שוין געוועז לפֿנים משורת הגאָלן, דערביי אַ טראַכט געטון. — דער מאַקס איז אַ פּאַסקודניק, אָבער אַ פּאַסקודניק מיט אַ קנייטש. און אפֿשר אַפֿילו דאָס אויך ניט, פּשוט אַ מענטש . . . נו יאָ, אַ מענטש . . .

דוד האָט דערזען אין שפּיגל אַ פּאָר שמייכלענדיקע אויגן און ער האָט זיך צעשמייכלט מיטן מויל אויך. אים האָט הנאה געטון וואָס ער האָט זיך דערגרונטעוועט . . . אין זיין ווייטן קרוב מאַקס פּעסט, אין מענטשן . . . און פּונם אָפּגאָלן. גוט אָפּגעגאָלן. דער שניט ניט קענטיק.

— ער׳ט ניט קומען, — איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון דוד ביסקינס מויל, גייענדיק צו דער שמחה.

די ווערטער זיינען געווען אַ מין אָפּשלוס פֿון זיינע פּסיכאָאַנאַליטישע איבונגען ביים גאָלן זיך, פֿון זיינע ספּעקולאַציעס צי דער „פּאַסקודניק מיט אַ קנייטש“ וועט קומען צו דער שמחה אָדער ניט. זיינע ספּעקולאַציעס זיינען געווען אַ מין גומעלע. — ער׳ט קומען, ער, דער מינדערווערטיקער, וואָס חלשט נאָך אַ פּ.ד., אַ מ.מ., וועט קומען: אָט בין איך, דער גביר אין דער משפּחה, און איר אַלע זייט קבצנים, גאָרנישטן. מהאי טעמא וועט ער ברייגגען אַ מתנה אַ מאַנטל, און דוקא אַ גוטן מאַנטל, נאָט ווייסט. — דאָסזעלבע „גומעלע“ האָט זיך אויסגעצויגן אויך אַ ביסל אַנדערש. — קומען צו אָט די האלעדריגעס? ראש לשועלים, ניט מער. וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט עס? גאָרניט. צווישן לייבן! דאָרטן! אַפֿילו דער געמבלער דאָרט איז אינטערעסאַנטער, **חשובער** ווי די קבצנים דאָ. ער׳ט **ניט** קומען.

די מומע מלכה.

ווי אַזוי זי איז געווען אַ מומע האָט ער ניט געוואוסט גענוי. ניט

זי איז געווען זיין טאַטנס אָדער זיין מאַמעס אַ שוועסטער, געווען עפּעס אַ פּלאַנטער פון שטיפטאַטעס און שטיפמאַמעס, מיט מ י י נ ע קינדער, ד י י נ ע קינדער, א ו נ ד ז ע ר ע קינדער, פון אַט דעם פּלאָנטער האָט אַרויסגעשטעקט אַ פּאָדים — די מומע מלכה. אַלע „פאַרפּלאָנטערטע" האָבן זי אַזוי גערופן, ניט געגנוי צוליב דער קרובהשאַפט, נאָר ווייל אַלע האָבן זי ליב געהאַט. אַן אלמנה, וואָס האָט געהאָרעוועט שווער און ביטער צו געבן איר קינד — אַ בת יחידה — אַ גוטע דערציאונג, און ניט נאָר האָט זי דערגרייכט איר ציל, זי האָט אים דערגרייכט מיט חשיבות. יאָרן פון אַרבעט האָבן זי ניט דערדריקט, אַפילו אויף איר פּנים ניט געלאָזט צופיל שפּורן, און זי איז אַמאָל געווען אַ שיינע. זי איז גרוי געוואָרן, און די גרויקייט האָט ניט ניוועלירט איר שיינקייט, נאָר צוגעגעבן חשיבות, דער גרויער קאָפּ האָט באַפוילן — דרך־ארץ!

די מומע מלכה האָט אויפגענומען דודן בסבר פּנים יפות, מיט איר שמייכל, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט, אַ שמייכל — אַ מתנה, אַ קליינע מתנה, נאָר געגעבן מיט אַזאַ לייכטקייט און מיט אַזאַ חשיבות פונדעסטוועגן, אַז מ'האָט עס גערן צוגענומען און . . . באַהאַלטן. נאָך די געווייגלעכע באַגריסונגען האָט זי אַ פרעג געטון: געזען מרדכין?

איר איז געגאַנגען אין לעבן מאַקס פעסט זאָל קומען. ניט קומען האָט געמיינט — דעם גביר שטייט ניט אָן. זי האָט ניט געוואָלט זיך אויספיינען מיטן גביר, זי האָט אָבער ניט געקענט פאַרטראָגן אַז גבירהשאַפט זאָל עמיצן אַוועקשטעלן העכער, זי מאַכן נידעריקער.

— ער'ט קומען, — האָט דוד אויף שנעל פאַרזיכערט. — געווען ביי אים. ער האָט זיך פאַרענטפערט למאי ער איז ניט געקומען צו דער חופה. וועט קומען . . . — דוד האָט שיר ניט אַרויסגעזאָגט — און וועט ברענגען אַ מאַנטל. — ער האָט זיך פאַרכאַפּט און פאַרענדיקט, — אפשר אַ ביסל שפּעטער, אָבער קומען וועט ער.

אַ צופרידענע האָט די מומע אים אַריינגעפירט אין זאַל צו די איבעריקע געסט.

ביי דודן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די שקלא וטריא: וועט ער קומען אָדער ניט. די מחותנים האָבן ניט געלאָזט לאַנג ספּעקולירן. קודם דער חתן, דער איידים שוין. אַ לייטענאַנט. דאָס וואָרט „לייטע־

נאַנט״ האָט סוגעסטירט הויכן וואוקס, פיזישע קראַפט, דער טרעגער פון דעם טיטול איז געווען אַ מיטלוואוקסיקער, דאַרער יידישער בחור. דאָס אָפּיצערן־רעקל,ברייט אין די אַקסל, האָט אים געמאַכט אויסזען אַ ביסל ברייטער, מענערישער, דערפאַר אָבער נאָך קלענער, קורצער. דוד האָט אַ טראַכט געטון אַז דער דייטשער אָפיצער, דער רוסישער, קוקט אויס מער אָפיצעריש ווי דער אַ, דער אַמעריקאַנער, דער יידישער.

דער „אָפיצער״ איז ניט געווען קיין גראַדואירטער פון וועסט פּאָינט. ער איז געווען אַן אינזשיניר, איצטער, אין דער אַרמיי, איז ער געווען אין דער קאָנסטרוקציע בריגאַדע, האָט אַרויסגעוויזן גוטע אינזשיניר פייאיקייטן און, אַזוי אַרום, געוואָרן אַ פ י י א י ק ע ר, ניט קיין ש י י נ ע ר לייטענאַנט. ווי די מייסטע אמת פייאיקע מענטשן האָט ער געהאַלטן זיין פייאיקייט פאַר אַ פּריוואַט־זאַך, ניט צו ריידן דערפון. אויף זיין אָפיצערישן מונדיר האָט ער געלייגט ווינציק וואָס אַכט, זיך גאָר אַ ביסל אונטערגעשעמט מיט אים פאַר זיינע פּאָר חברים, אויך סאָלדאָטן, וואָס זיינען געקומען צו זיין שמחה, סאָלדאָטן, איינער מיט צוויי בענדלעך, איינער מיט איין בענדל, איינער גאָר אָן אַ בענדל, אַ „באַק פּריוועט״. די עטלעכע מיידלעך האָבן געקלעפּט צו די סאָלדאָטן, אָט ווי זיי וואָלטן געווען . . . גענעראַלן.

דוד האָט ניט געהאַלטן פון ק י י נ ע מונדירן. אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע אַ פערצניאָריקער ייִנגל, האָט ער מיטגעבראַכט אין זכרון בילדער פון מענטשן אין מונדירן. אָט די מונדירטע האָבן אים, אַ ייִנגל, זיין מאַמע מיט נאָך צוויי פּיצלעך קינדער, אָנגעטון גענוג צרות מיט פאַרהאַלטענישן, פּאַספּאָרטן, וויזאַס. אין דער אַמעריקאַנער שול, הויך־שול האָט ער דערוואָרבן אַ גוטן ענגלישן אַקצענט, קיינער וואָלט ניט געזאָגט אַז ער איז ניט געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע. ער האָט ניט געפונען פאַר בויטיק עס עמיצן דערציילן, ביי זיך האָט ער עס געוואוסט, געוואוסט גאַנץ גוט, אַז ד אָ ר ט ן וואָלט ער ניט געקענט גיין אין שול, אוניווערזיטעט, דאָ האָט ער עס באַוויזן. אמת, אַן אָרעמער סטודענט, נאָכן לערנען האָט ער געוואַשן געפעס אין אַ רעסטאָראַן, געטראָגן צייטונגען, דאָ איז עס אָבער ניט געווען קיין חסרון. סטודענטן האָבן ניט געטראָגן קיין מ ו נ ד י ר ן. דאָ איז בעסער. דאָרט איז אָבער געווען אַ נ ד ע ר ש. אָט האָט ער, אַ פערצנ־

יאָריק ייִנגל, שוין געלערנט גמרא, און זיי, אָט די אַ . . . קענען דאָך קיין צלם פּאַר קיין אלף, קיין יידיש וואָרט.

די יונגוואַרג האָט ער מבטל געווען, זיך געפילט אַ סך עלטער פון זיי. די יונגוואַרג האָט געקוקט פאַרדעכטיק אויף אים: ווי אַלט איז ער? דודן האָט מען געקענט געבן פון זעקס און דרייסיק ביז צוויי און פערציק יאָר. פאַרוואָס טראָגט ער ניט קיין מונדיר? צו אַלט? אויסגעבראַקירט? סיי־ווי ניט אונדזערער אַ מענטש. מיט די עלטערע האָט דוד אויך ניט געהאַט צופיל געמיינשאַפטלעכס. ער האָט געקענט אַלעמען, זיי אים. די מענער האָבן געקוקט אויף אים מיט דרך־ארץ און חשד — אַ רעגירונגס אָנגעשטעלטער! דאָס מיינט אָבער אויך אַ „פּאָ־ליטישן", אַ כאַבאַרניק, מיר ניט דיר ניט קריגט מען נישט קיין שטעלע ביי דער פעדעראַלער רעגירונג, אפשר גאָר אַ דעטעקטיוו, אַ שפּיאָן, אַז קיין מונדיר טראָגט ער ניט. די פרויען האָבן ניט אויסגעמיטן קיין געלעגנהייט אים דערמאנען אַז ער איז אַן אַלטער בחור, אים רעדן אַ שידוך . . . און ער האָט ניט געהאַלטן ביי שידוכים, ער האָט גע־האַלטן ביי אַ גלעזל בראנפן. ווען וועט זיך שוין אָנהויבן די שמחה?

שוין געווען באַלד ניין, די מענער האָבן זיך שוין דורכגערעדט, דורכגעשמועסט, די פרויען האָבן שוין באַטראַכט די קליידער וואָס „יענע" האָט געטראָגן, „יענערס" פריזור, מ׳האָט זיך שוין געוואָלט משמח זיין, אָבער אין עטלעכע מינוטיקע הפסקות האָט זיך נאָך באַ־וויזן איין שפּעט געקומענער גאַסט, אַ צווייטער, דאָס קומען פון די געסט איצט אַ מין קאַפּען פון אַ פלעשל כמעט ליידיק, פון אָט דעם כמעט האָט זיך פּאַמעלעך אויסגעקאַפּעט אַ טראָפּן, נאָך אַ טראָפּן. שוין געווען נאָך ניין. פירנדיק אַ שפּעט געקומענעם גאַסט, האָט די מומע אַ וואָרף געטון מיט די אויגן צו דודן, דער קוק — נו, וואו איז ער? דוד האָט געוואָלט איר פאַרזיכערן אַז מאַקס וועט קומען און אויך געוואָלט איר זאָגן: ער׳ט נ י ט קומען! וואַרט ניט אויף אים! הויבט אָן די שמחה אָן אים. ער איז אַ פּאַסקודניק, אַ פּאַסקודניק אַפילו אָן אַ קנייטש. דוד האָט אָבער גאָרניט געזאָגט. די שמחה האָט זיך אָנגעהויבן.

די מומע האָט אַרומגעטראָגן אַ טאַץ מיט קליינע גלעזעלעך בראנפן, גרעסערע גלעזלעך וויין, אַ צווייטע מחותנתטע האָט אַרומ־געטראָגן אַ טאַץ מיט צובייסן. דוד האָט גענומען אַ גלעזל בראנפן.

— מזל טוב, מומע! זאָל זיין מיט מזל. איר זאָלט האָבן נחת אין לאה׳קען.

— מיט מזל זאָלסטו לעבן. אים ירצה השם אינגיכן אויף דיין חתונה.

— גאָר אַזוי?

— האָב חתונה, האָב חתונה. און איך זאָג דיר צו, אויף דיין חתונה גיי איך אַ טענצל. אַפילו אַז דו׳סט מיך ניט בעטן וועל איך קו־מען און גיין אַ טענצל. ווי זינגט זיך דאָרטן: ניט קיין געבעטענע, אַליין געקומען, כאָטש אַן אָרעמע פאַרט אַ מומע.

די מומע האָט שיר ניט אויסגעזונגען די ווערטער, אין דעם „געזאַנג" האָט דוד דערהערט אַ הינטערטאָן פון פאַרדרוס, ווייטיק. — הערסט? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט, און אָט די שטומע פראַגע איז אויך געוואָרן אַ שטומער באַפעל צו די אויגן: קוקט זיך צו! קוקט זיך גוט צו צו דער מומעס פנים, אירע אויגן. דודס אויגן האָבן אויס־געפאָלגט דעם באַפעל און דערזען אין דער מומעס אויגן אַ פריילעך פייערל, ניט אָן אַ ווייטיקדיקן רויכל.

ער האָט אַ קער געטון דאָס גלעזל בראַנפן שיר ניט איבערהיפּערנ־דיק דעם מויל, גלייך אין האַלז אַריין. ער האָט דערפילט אַ ברען אין האַלז און אין מוח האָט אַ ברי געטון: פאַס־קוד־ניק! ער האָט אַ שטעל געטון דאָס גלעזל אויפן טאָץ.

— פאַרבייס!

— אַ דאַנק, — האָט דוד אַ זאָג געטאָן דער צווייטער מחותנתטע.
— איך וויל ניט! — האָט ער שיר ניט בייז אַ זאָג געטון דער מומע. ביידע פרויען האָבן זיך געלאָזט צו די אַנדערע מחותנים, אין דודן האָט געזאָטן כאַאָטישער כעס. ער׳ט אים אָנקלינגען. אים אָנקלינגען און זאָגן . . .

דוד האָט אַ וואָרף געטון מיט די אויגן, זוכנדיק דעם טעלעפאָן אין . . . זאַל. ער האָט זיך דערמאָנט דער טעלעפאָן איז אין לאַנגן קאָרידאָר. אַנטשלאָסן, מיט שנעלע שפּאַן האָט ער זיך געלאָזט אַהין, פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר, אָפּצוהאַקן דעם טומל פון זאַל און דער אָנוויזנדיקער פינגער האָט מיט כוח גענומען דרייען דאָס טעלעפאָן־רעדל.

— איז דאָס טריניטי 7826? לאָמיך ריידן צו מר. פעסט.

— — — — — — — — — —

— איך וויל ריידן צו מר. פ ע ס ט.

— — — — — — — — — —

— איך קען ניט! וואָס מיינט איר איך קען ניט? איך מוז ריידן מיט אים.

— — — — — — — — — —

— גאָר אַזוי? הערט, ווער זייט איר דאָס אַזוינס מיר זאָגן אַז איך קען ניט ריידן צו אים. איך מוז ריידן מיט אים. זייער נויטיק.

— — — — — — — — — —

— אַ פּאָליצײ באַאַמטער? וואָס איז דער מער? וואָס האָט פּאַסירט?

— — — — — — — — — —

— טויט? איר מיינט צו זאָגן מאַקס איז געשטאָרבן? אין שאָפּ?

— — — — — — — — — —

— אָבער איך האָב דאָך אים ערשט געזען! איך האָב אים געזען מיט אַ . . . צוויי שעה פריער.

— — — — — — — — — —

— יאָ, עס נעמט ניט לאַנג צו שטאַרבן. דאָס איז אמת . . . אָבער ווי אַזוי?

אין דער פּאַוזע, צווישן „איז אמת" און „אָבער ווי אַזוי", האָט דער מענטש אויף יענער זייט שוין געהאַט אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל. אויף דער פראַגע „ווי אַזוי?" איז דער ענטפער שוין געווען אַ זשומען פון אַ טויבן טעלעפאָן.

— העללאָ! העללאָ? — האָט דוד נאָך אַריינגעשריען, אַריינגערעדט אין טעלעפאָן, אין זיין שטימע איז שוין אָבער ניט געווען קיין בייזער. ער האָט נאָכלעסיק אַ לייג געטון דאָס טרייבל, אַפילו ניט געוועזן קיין אימפּולס נאָכאַמאָל דרייען דאָס רעדל.

— ער איז טויט.

אַרויסזאָגנדיק די ווערטער, האָט דוד דערהערט ניט זיין שטימע, נאָר די שטימע, דעם טאָן פון יענעם מענטשן, דעם פּאָליצײ באַאַמטן, וואָס האָט אים איבערגעגעבן די ידיעה. ער האָט דערזען אַ פּאָליצײ־מונדיר, אַ היטל, קנעפּ. אין דעם מונדיר, אונטער דער היטל האָט זיך

אַריינגעשטעלט אַ געשטאַלט, אַ פּנים פון אַ . . . טראַפּיק פּאָליציסט, וואָס ער האָט שוין וויפיל מאָל געזען. אָט דער פּאָליציסט אין שאַפּ . . . ער האָט דערזען דעם שאַפּ, מאַקסן אַ טויטן, ליגנדיק אויף דער . . . ערד.

אָט דאָס בילד — מאַקס אַ טויטער אויף ד ע ר ע ר ד, האָט אים אַ טרייסל געטון. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. צולויפן אַהין. נעמען אַ טעקסי, צופאָרן. זאָגן דער מומע. איר זאָגן?

זיין גאַנג אין זאָל אַריין צו די מחותנים, אַ ישובנדיקער: זאָגן — ניט זאָגן? אַרויסגיין. זאָגן ער דאַרף ערגעץ נויטיק צוגיין. זיך אַרויס־רוקן קיינער זאָל ניט באַמערקן. צוגיין, און וואָס וועט ער דאָרטן טון?

ניט זיכער האָט דוד צוגעצויגן די טיר הינטער זיך, געבליבן שטיין אויפן שוועל צום זאַל. די שטילקייט דאָרט האָט אים אַ קלאַפּ געטון אין די אויערן. ער האָט דערזען אַ רעדל, דערהערט:

— איך קום ערשט פון דאָרטן. אומגעפער אַ שעה פריער האָט מיר לילי טעלעפאָנירט צי וויל איך גיין צו דער פאַרטי. „פאַרשטייט זיך, איך וויל". זאָל איך קומען זי נעמען מיט מיין מאַשין. „וואָס איז מכוח מאַקסן? גייט ער ניט?" ער גייט, אָבער ער איז פאַרנומען אין שאַפּ, זי פילט ניט ווי צו טרייבן, דעם שאופער וויל זי ניט נעמען, זאָל איך קומען נאָך איר, אַהיים וועט זי פאָרן מיט מאַקסן. בין איך אַוועקגעפאָרן צו איר. זי איז שוין געווען אָנגעטון גרייט צו גיין, ערשט דער טעלעפאָן קלינגט. זי זאָל גלייך קומען אין שאַפּ אַריין. עפּעס האָט פּאַסירט מיט מאַקסן, זי זאָל ג ל י י ך קומען. האָב איך זיך אַריינגעזעצט אין מאַשין און געטריבן . . . ווען אַ פּאָליסמאַן כאַפּט מיך וואָלט איך שוין איצט געווען אין תפיסה, ניט דאָ. צוויי סטאָפּ־סיגנאַלן פאַרבייגעפאָרן. אָבער איך בין סיי־ווי געקומען צו שפּעט. ער איז שוין געווען טויט. אַ האַרץ אַטאַקע.

— אָבער ווי? אַזוי פּלוצלונג?

— לויט ווי דער פאַרשוין דאָרט האָט דערציילט . . . דער פאַרשוין איינער אַ מר. מ׳קליין, אַן אַגענט זיינער, זאָגט ער, האָט ער אים געבראַכט אַ בילעט און אַ דערלויבעניש צו פליען מאָרגן אָוונט קיין ניו יאָרק. אונדז געוויזן דעם בילעט, געפרעגט וואָס זאָל ער איצט טון מיט אים. מאַקס ליגט טויט און ער — בילעט. קען אים צוריקגעבן. אודאי קען ער, און קריגן דאָס געלט צוריק, כאָטש איך האָב אַ פאַרדאַכט אַז מאַקס האָט אים פאַרן בילעט שוין באַצאָלט. ווי ס׳ניט איז, ער

האָט אים געבראַכט דעם בילעט, געזעסן און גערעדט, גענומען צוביס־לעך שנאַפּס. דער פֿאַרשוין קען, ווייזט אויס, אַריינגיסן, געשמעקט פון אים אַ מייל די ווייט, פּלוצלונג, אין מיטן רעדן איז אים ניט גוט געוואָרן, געהייסן רופן אַ דאָקטאָר, רופן אַהיים, רופן רחלען. רופן רחלען, דאָס זיינען געווען זיינע לעצטע ווערטער. מער האָט ער שוין ניט גערעדט. האָט דער פֿאַרשוין גערופן דעם שפּיטאָל. דער אַמבולאַנס איז געקומען, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט: צו שפּעט, טויט. געראַטן רופן די פּאָליציי. דערווייל זיינען מיר אָנגעקומען. פּאָליציי האָט גע־נומען פרעגן, אויספֿאַרשן, גענומען רעדן וועגן פּאַלמעסן. האָט לילי גענומען רופן מעניק. אים קוים געקראָגן. מעני געקומען, האָב איך זיך מישב געווען: וואָס טויג מיין זיין דאָרט? בין איך אַוועקגעגאַנגען אַהער. יאָ, ער איז געווען אַ קראַנקער מענטש, ער האָט אָבער געגלויבט אין אַרבעטן, און ער איז זיכער געשטאָרבן אין שפּאָן, — האָט דער דערציילער פֿאַרענדיקט מיט אַ פילאָזאָפישער מינע.

אַ לעקטאָר האָט פֿאַרענדיקט אַ לעקציע. ער איז ניט געשטאַנען אויף קיין בימה, ניט געשטאַנען העכער פון עולם, ער האָט זיך דאָך געפילט חשוב, ער האָט געבראַכט אַ שלעכטע בשורה, ער האָט אָבער געבראַכט נייס, וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט, נאָר ער.

דוד האָט געוואוסט די „נייס", דאָך האָט ער שטיל אויסגעהערט דעם דערציילער, אים אַפילו ניט איבערגעשלאָגן צו פרעגן: איז ער געליגן אויף דער ערד? און אים האָט עס זייער געעגבערט. ווען דער נייס ברייננגער האָט פֿאַרענדיקט איז דאָס רעדל אַרום אים געבליבן שטיין, קיינער האָט געוואָגט עפּעס זאָגן, אָפּגיין פון רעדל. די נייס וועגן טויט איז געשטאַנען אַנטקעגן, הינטן איז געשטאַנען דער טויט גופא.

די ערשטע זיך אָפּצוטיילן זיינען געווען די סאָלדאַטן. זיי האָבן אַ טראָט געטון, מיט זייערע שווערע שיך אָנגעטראָטן אויפן טויטן שאָטן, זיך אַ דריי געטון, האָבן זיי אים צעריסן און ער האָט זיך אַ יאָג געטון. אַנדערע האָבן נאָכגעפאָלגט, און דער טויטן־שאָטן האָט זיך שוין געיאָגט אויף אַרויס.

— לאָמיר נעמען אַ טרונק! — האָט איין סאָלדאַט אַ זאָג געטון. תוך כדי דיבור איז דאָס פלעשל געווען ביי איינעם אין האַנט, ער

האָט געגאָסן אין די גלעזלעך, אַריבערגעגאָסן. אויך די ציווילע געסט האָבן אונטערגעשטעלט די גלעזלעך.

— לחיים!

— לחיים! — האָט דוד אַ זאָג געטון, אַריינגעגאָסן דאָס גלעזל און גלייך עס אונטערגעטראָגן צום אָנפּילן. אַריינגעגאָסן דאָס צווייטע גלעזל, האָט ער געהאַלטן דעם בראַנפן אין מויל, אים „צעקייט", געפילט אַ וואַרעמקייט אין מויל, די וואַרעמקייט האָט זיך געשפּרייט צום קאָפּ צו. זיינע אויגן האָבן אויפגעבלישטשעט. בגילופין בליאָסק? ניט נאָר דאָס. אַ בגילופינדיקער, האָט דוד זיך אַ העצקע געטון אויף זיין פּסיכאָאַנאַליטיש פערדל. — דער טויטן טריב! דאָס איז עס! ער האָט עס געפּאַקט! לכתחילה אַזוי געדיינקט! יאָ, דער טויטן טריב. — ער האָט אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזל, דערפילט אַ נאַסקייט אויף די פינגער, אים האָט עס ניט געקימערט. — ניין, ער איז ניט שכור, אַפילו ניט שכורלעך, ער וויל בלויז עמיצן דערקלערן . . . טויטן טריב. — די מומע מלכה איז אָנגעקומען. ער האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג.

— לחיים, מומע! לחיים, פאַרן פערד, מיין איך פאַר אונדזער טייערן קרוב, וואָס איז געפאַלן אין שפּאַן. לחיים!

ער האָט איבערגעקערט דאָס גלעזל און פאַרשייט אַ וואונק געטון: מיר ווייסן!

די מומע האָט אַרויסגענומען דאָס גלעזל פון זיין האַנט, מיטן קוק געזאָגט: זאָלסט מער ניט טרינקען. זי האָט געזוכט וואו אָוועקצושטעלן דאָס גלעזל און איז אָפּגעגאַנגען פון דודן.

— זי דיינקט איך בין שכור, — האָט דוד געמורמלט צו זיך אַליין און אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך געשפּרייט איבער זיין פּנים. — ניין, איך בין ניט שכור, איך קען גיין גלייך, קען זען גלייך. פאַקטיש קען איך זען דייטלעכער. איך קען אים זען ווי ער ליגט דאָרטן אין שאָפּ. אַ טיטול האָט ער געוואָלט. אַ ט י ט ו ל! — האָט דוד שיר ניט אויסגעשריען. דער אויסגעשריי איז זיך צעגאַנגען אין אַ שכורן שמייכל. — וואָס מכוח ב.מ. — בר־מנן? ניט גענוג? נאָדיר נאָך איינעם — ז"ל. מרדכי פּאַסטאָווער זכרונו לסרחה. יאָ, לסרחה. ניט אַזאַ שלעכטער? אָבער אַ נאַר. אַן אָפּגעריסענער נאַר. אַ באַנק־ביכל, האָט ער געדיינקט, איז אַ ספר הזכרונות, און זיך געוואָלט אַריינשרייבן אַהין מיט עטלעכע . . . נולן. טיפּש! געוואָלט

זיין דער רייכסטער ייד אויפן בית־עולם. דער מלאך־המות האָט אים געפירט אין באָד אַריין און ער האָט געדיינקט ער פירט דעם מלאך־המות פאַרן נאָז. יעדער איינער בלייבט מיט אַ נאָז? אויך אמת. טויטן טריב? פיין, אָבער מיך וועט ער ניט פאַרפירן. איך קען שוין זיינע קונצן. ער׳ט וואַרטן. וועט מוזן וואַרטן. איצטער לעב איך. יעס סיר! איך לעב און וויל לעבן. אָט די־אָ ווייבל . . .

אַ ראָזעווער שכרות נעפל. דודס גלאַנציקע אויגן שטעכן דורך דעם נעפל, באַלויכטן אים דעם וועג צו אָט דעם ווייבל . . . — אירע בריסט . . . ער האָט זיי פריער קיינמאָל ניט באַמערקט . . . ניט אַזעלכע . . . זיי מוזן זיין . . . זי איז . . . ער׳ט טאַנצן מיט איר. ביי גאָט! ער וועט טאַנצן.

# ירושה

— העללאָ, מר. גאָטליב!

— אה, העללאָ, מר. שוואַרץ! וואָס מאַכט איר?

— פיין! אַ דאַנק. וואָס מאַכט **איר**? אייך שוין ניט געזען אַ לאַנגע צייט. געהערט איר זייט געווען ניט מיט אַלעמען, האָט זיך צוריקגעצויגן פון געשעפט, און אָט זייט איר דאָ צוריק. איר זעט אויס זייער גוט. זיך פאַרלאָזט אַ באָרד. לאָמיך אייך זאָגן, עס פּאַסט אייך. אויף מיין וואָרט. איר זעט אויס מער . . . מער חשוב, יאָ, חשובער . . .

מר. גאָטליב האָט אַ פיר געטון מיט דער דלאָניע איבערן גרויען פיין צוגעשוירענעם בערדל. אים האָט הנאה געטון צו הערן אַז זיין בערדל פּאַסט אים, אויב אַפילו דער קאָמפּלימענט איז געקומען פון אָט דעם מר. שוואַרץ. דאָס בערדל איז געווען אַ גלגול פון זיין טאַטנס ברייטער, גרויער באָרד. דעם פאָטערס פּנים האָט אַ בלענד געטון און ער האָט אים דערזען אָט ווי ער וואָלט אים געשטאַנען פאַר די אויגן. ער האָט געוואָלט דערזען זיין אייגענעם פּנים, ווי ענלעך איז ער טאַקע צום טאַטן, זיך האָט ער אָבער ניט דערזען, אָט ווי ער וואָלט גאָרניט געווען דערביי. ער האָט פאַרווירט אַ קוק געטון און אַ ביסל צעטומלט אַ זאָג געטון: זיצט! מר. שוואַרץ האָט זיך אַוועקגעזעצט, און מר. גאָטליב האָט דייטלעכער דערזען שוואַרצס פליכעוואַטן קאָפּ, די פאָרמע פון אַן איי און שיר ניט אַזוי נאַקעט, בלויז אַ זכר פון בלאָנדע האָר, דעם פאַרשאַרפטן קין, די פּאדקאווע אויסגעבויגענע אויבערשטע ליפּ איבער די אַרויסגעסטאַרטשעטע ציין, וואָס האָט ממש אַריינגעכאַפּט די אונ־טערשטע ליפּ, די ציין, איבערלאָזנדיק אַ פּיצעלע קין. אָקון. אַן אָקון האָט אַ בליץ געטון פאַר גאָטליבס אויגן, אַפילו די אויגן זיינע—פיש־אויגן, ער האָט זיך שיר ניט פאַרשעמט פאַר דעם „אקון״, און זיך פאַרענטפערט

מיט אַרויסזאָגן: נעמען אַ טרונק? ער האָט געקענט שוואַרצס שוואַכקייט.

— איר ווייסט׳אַך, איך זאָג זיך קיינמאָל ניט אָפּ פון אַ טרונק.

גאָטליב האָט געשמייכלט. ער האָט געזען ווי די „פיש״־אויגן האָבן אויפגעגלאַנצט מיט אַ גלעזערנעם גלאַנץ.

— נו, איך גלויב איר ווייסט אַז איך זשאַלעווע קיינמאָל ניט קיין טרונק.

אין די צייטן ווען גאָטליב האָט געפירט גרויסע „ריעל עסטייט״ געשעפטן איז ביי אים אין שופלאָד אַלע מאָל געווען אַ פלעשל בראַנפן. דער ביטערער טראָפּן, האָט ער געוואוסט, איז אַ גוטער קלעפּיקער מאַטעריאַל, קויפער און פאַרקויפער פאַרבינדן זיך לייכטער. ער אַליין האָט אויך גענומען צו ביסעלעך, אָבער טאַקע בלויז צו ביסעלעך. ווען ער האָט אויפגעגעבן די געשעפטן האָט ער דאָס פלעשל בראַנפן ניט אויפגעגעבן. פאַר זיינע איצטיקע „קונים״ האָט ער עס ניט גע־דאַרפט, אָבער געוואוינהייט, און ער אַליין האָט אַ פאָר מאָל אין טאָג גענומען אַ לעק. טאַקע ניט מער ווי אַ לעק, אָבער ער האָט זיך געפילט געשטאַרקט. האָט דאָך אַפילו דער דאָקטאָר אים געראָטן נעמען אַ ביי־סעלע בראַנפן.

ער האָט אַ צי געטון דעם אונטערשטן שופלאָד, אַרויסגענומען אַ פלעשל, צוויי גלעזעלעך און אָנגעגאָסן, פאַר שוואַרצן אַ פול גלעזל, פאַר זיך אַ קליין ביסעלע, צוגעדעקט דעם דנאָ.

— לחיים!

— גוטע סחורה! וואו קריגט איר עס?

— מ׳קריגט.

— שווער צו קריגן היינטיקע צייטן, — האָט שוואַרץ „פילאָזאָ־פירט״, האַלטנדיק דאָס פלעשל אַ ביסל אויסגעבויגן, שטודירנדיק דעם עטיקעט.

— נעמט נאָך איינס.

— וואָס מכוח אייך?

— ניין, אַ דאַנק. פאַר מיר איז גענוג.

דערזען ווי מר. שוואַרץ האָט אַ דריי געטון מיטן גאַנצן פּנים, דער שאַרפער מויל האָט ווי צעקוועטשט דאָס ביסל בראַנפן, האָט גאָטליב אַ זאָג געטון: טוט מיר לייד, האָב גאָרניט צום פאַרבייסן.

— ׳ס׳אַלרייט. מ׳דאַרף ניט. דאָ . . . — שוואַרץ האָט אויסגע־שטרעקט די האַנט מיט אַ פּעקל ציגאַרעטן.

— אַ שיינעם דאַנק. אויפגעגעבן. אינגאַנצן אויפגעגעבן.

— גליקלעכער מענטש, — האָט שוואַרץ געפּסקנט, אומגע־דולדיק אַ רייב געטון אַ שוועבעלע און זשעדנע פאַרצויגן דעם רויך טיף, טיף אין האַלדז אַריין. זיין גלאַנציקער גלעזערנער קוק האָט זיך פאַרלוירן אינם רויך וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט. זיין גאַנצער פּנים פאַרשטעלט מיט אַ רויך־פאַרהאַנג.

— נו, ווי איז געשעפט?

שוואַרץ האָט אויפגעטויכט פון הינטערן רויך.

— גוט, זייער גוט, פּאַקטיש, צו גוט. דער מאַרק בומט. מענטשן קויפן, צאָלן אין טאָג אַריין. גאָר ניטאָ קיין פּרייז. אינדערפרי איז די געביידע אָכציק טויזנט, נאָכמיטיק איז רעכט זי זאָל זיין ניינציק. אַמאָ־ליקע יאָרן האָט מען געזוכט דעם קונה, איצט פאָרט דער פאַרקויפער רייטנדיק און טרייבט משוגענערוויז. די פאַרקויפער פאַרדרייען אונדז דעם קאָפּ. משוגע צו ווערן פון זיי. ביי אַלעם דעם, ווען עס קומט צו עפּעס ראַיעלעס, ווייסט׳אַך, ניט ווערן „רייך אויף גיך״, אַ ראַיעלער מסחר, אויף אַ זיכערן באָדן, דאַרף מען גיין צו די אַלטע ראַיעלע, אָט ווי דער „אַלד טײַלאַר״ . . .

— נעמט נאָך איינס!

האָט זיך שוואַרץ באַלײדיקט פון גאָטליבס שמייכל? — ניין, אַ דאַנק, שוין געהאַט אַ פּאָר שנעפּסלעך פריער. איך בין אַריינגעקומען געוואויר ווערן, זען אייך, און אַז איך בין שוין דאָ וויל איך אייך עפּעס פאַרלייגן. אַ גוטער מסחר, ראַיעלע סחורה.

— איך . . .

מר. שוואַרץ האָט זיך ניט געלאָזט אָפּשטעלן. די אויגן האָבן גע־נומען אַרומלויפן, פון מויל האָבן זיך געשאָטן ווערטער. גאָטליב איז געזעסן, געקוקט אויף דעם מענטשן קעגנאיבער אים, אָבער סיי די אויגן, סיי זיין שמייכל זיינען געווען געווענדט מער אין זיך ווי צום רעדנער.

— האָב איך טאַקע פערציק יאָר געבויט הייזער, געקויפט און פאַרקויפט געביידעס, געהאַנדלט מיט אָ די אָ סוחרים? אָט דער אַגענט — געקויפט און פאַרקויפט דורך אים עטלעכע געביידעס — יאָרן,

דוכט זיך, אַז איך האָב אים ניט געזען, און ער האָט זיך ניט געביטן, ניט אין אויסזען, ניט אין . . . נעמען אַ טרונק, ניט אין ריידן. מ׳קען אים ניט אָפּשטעלן, זאָל ער שוין אָפּזאָגן דעם גאַנצן פּסוק. און אַז מ׳וועט אים זאָגן ניין, וועט ער אָנהויבן ריידן נאָכאַמאָל, נאָכאַמאָל, דיזעלבע רייד, אַ וועווערקע אין אַ ראָד. דער „אקון״ איז מיט אַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ וועווערקע. די וועווערקע האָט זיך אָפּגעשטעלט, דאָס שפּיציקע מויל אַרויסגעסטאַרטשעט, אויך די אויגן אויסגעסטאַרטשעט: נו?

— נו, איכ׳ל אייך זאָגן, מר. שוואַרץ, איך האַלט ניט ביי קויפן.

— איך פאַרשטיי, איר ווילט ניט זיין צווישן די „אקסן״, און איר זייט גערעכט, אָבער ניט אַלע מאָל לוינט זיך שפּילן דעם „בער״. וואָס איך שלאָג אייך פאָר איז אַ מציאה, עס איז אַ מציאה אַפילו לויט די פאַר־מלחמה פּרייזן. איר זעט? . .

גאָטליב האָט זיך אַ דריי געטון אויפן בייִנקל. נו יאָ, די וועווערקע לויפט ווייטער. קאָמיש ווי מענטשן הערן ניט, ווילן ניט הערן וואָס מ׳זאָגט זיי, מ׳וויל זיי זאָגן, זיי ווילן ריידן, זאָגן זייערס. זאָל ער זאָגן, זאָל ער ריידן. ער׳ט דאָך ווען עס איז ענדיקן. אַ דאַנקען גאָט, ער האַלט שוין ביים פאַרשליסן. אים גלייך אָפּהאָקן.

— יאָ, עס איז אַ גוטער מסחר, אָבער איך בין אַרויס פון געשעפט, איך קויף גאָרניט.

— איר קויפט גאָרניט? וואָס מכוח פאַרקויפן? קען אייך קריגן אַ גוטן פּרייז, דעם העכסטן פּרייז.

— איך האָב גאָרניט צום פאַרקויפן. אַלץ וואָס איך האָב געהאַט האָב איך פאַרקויפט, חוץ דאָס הויז וואו איך וואוין, און דאָס איז ניט צום פאַרקויפן.

— אָבער איר האָט אַן אָפיס, — האָט מר. שוואַרץ ניט אָפּגעלאָזט, — מוזט איר דאָך עפּעס טון!

— אה, דאָס? רופט דאָס אַן אַן אָפיס? אַ צימער. בלויז פאַר פּריוואַטע ענינים.

— איר מיינט — קיינע אַגענטן? דאָס מיינט איר?

— עה, עה, מר. שוואַרץ, דאָס איז ניט יושרדיק. איר ווייסט גאַנץ גוט, אין אַלע מסחרים וואָס מיר האָבן געהאַט, האָב איך קיינמאָל ניט געפּרואווט זיך אַרויסדרייען פון מעקלעריי, קיינמאָל ניט געפּרואווט

אַרונטערררייסן, ווייל איך ווייס דער אַגענט איז באַרעכטיקט צו קריגן זיינס, ער אַרבעט דערפאַר, אָבער די „געשעפטן״ וואָס איך פיר איצט, דאָ אָ, זיינען ווירקלעך אַזעלכע, אַז . . .

— וואָס פאַר אַ געשעפט איז עס, אויב איך מעג וויסן . . . ?

— ווי זאָל איך אייך זאָגן? פּריוואַטע ענינים. ריין פּריוואַטע.

— פּריוואַט איז פּריוואַט. — מר. שוואַרצס טאָן — באַהאַלטסט עפּעס, האָב איך דיך אין . . . זיין קוק — ווילסט באַהאַלטן? טריפענע סחורה? אַזוי קלוג ווי דו, קלוגער פון דיר. — גאָטליבס שמייכלענדיקע אויגן האָבן געענטפערט: נאַר! אָפּגעריסענער נאַר. זיך באַליידיקט. אים לאָזן אַזוי אַוועקגיין? אַ רחמנות. און פאַרוואָס נ י ט זאָגן?

— דעם אמת געזאָגט איז עס גאָר קיין געשעפט ניט. ניט אין געשעפטס־זין. איר האָט דאָך געהערט אַז איך האָב זיך צוריקגעצויגן פון געשעפט. דאָס איז אמת. געהאַט גענוג געשעפט. פערציק יאָר גע־טון געשעפט פאַר זיך, ניט אַזוי שלעכט געטון אויך, קען זיך ניט באַקלאָגן, האָב איך באַשלאָסן: גענוג געטון פאַר זיך, צייט צו טון עפּעס פאַר עמיצן אַנדערש.

— איר מיינט צו זאָגן איר טוט געשעפט פאַר עמיצן אַנדערש?

— די פיש־אויגן זיינען געשטאַנען אומבאַוועגלעך, דאָס שמאָל מויל צעעפנט.

— אה, נייך, ניט דאָס, — האָט שוין גאָטליב אָפן געשמייכלט. ווי טעמפּ דער מענטש איז! און אַ פּייאיקער אַגענט. און עס גראַמט זיך. ער איז ניט דער איינציקער, דאָ הונדערטער, טויזנטער מיט „געשעפט־שכל״, דער גאַנצער שכל פאַר געשעפט, בלייבט שוין גאָר־ניט פאַר עפּעס אַנדערש. — איך מיין טון פאַר אַנדערע, פאַר די וואָס האָבן ניט.

— איר מיינט „טשאַריטי״?

— נו, מיר געפעלט ניט דאָס וואָרט. — גאָטליבס פּנים איז פאַרכמורעט געוואָרן. דורך דער כמאַרע האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ זילבערנער אונטערשלאַג. און אַז איכ׳ל אים דערקלערן וועט ער פאַר־שטיין? — אָבער אויב איר ווילט עס רופן „טשאַריטי״, זאָל זיין אַזוי.

— איר מיינט צו זאָגן איר האַלט אויס אַן אָפיס, ווער עס קומט גיט איר אים געלט? — שוואַרץ האָט ווירקלעך געשטוינט.

— פאַר אַ פרייער באַנק איז דער אָפּיס אַ ביסל צו קליין. איך גיב צוביסלעך.

— דאָך דאָ „טשאַריטי" אינסטיטוציעס?

— אודאי זיינען דאָ. איך אַליין גיב מיין בייטראַג צו די אינ־סטיטוציעס. אין דורכשניט גיב איך, אָה, צווישן דריי און פיר דאלאר אַ טאָג, יאָ, אומגעפער פיר דאלאר אַ טאָג, אָבער, פאַרשטייט איר מיך, אויפן וועג אַהער אין אָפּיס האָט איר אפשר באַמערקט אַ קריפּל, ליגט אויף אַ וועגעלע, אַ פּאַראַליזירטער און האַלט אַ „קרעמל" פון פּאַר־שידענע שמאַכטעס? געזען אים? נו, אים גיב איך צו לייזן יעדן טאָג אַ דאַים און, גלויבט מיר, פון דעם דאַים קריגט ער זיכער מער ווי ווען איך וואָלט געגעבן דעם דאַים ערגעץ אין אַן אינסטיטוציע, און איך אַליין קריג אויך פאַר דעם דאַים מער ווי פאַר מיינע פיר דאלאר אַ טאָג צו די טשאַריטיס.

גאָטליב האָט אַ גלעט געטון דאָס בערדל, אָנטפּלעקט אַ שמייכל אַרום מויל.

— דאָ מיט אַ פּאָר טעג צוריק, אייערנעכטן, האָט ער זיך באַ־קלאָגט פאַר מיר ער טוט שלעכטע געשעפטן.

— ווי קומט עס? מענטשן האָבן איצט אַזוי פיל געלט!

— פאַרשטייט איר? — האָט ער מיר דערקלערט, — איך ליג שוין דאָ אויף דעם ראָג צוועלף יאָר. אין משך פון די צוועלף יאָר האָב איך שוין אַנטוויקלט אַ קליענטעל, מענטשן וואָס זיינען געקומען, מיר געגעבן דעם ניקל אָדער דעם דאַים, גענומען אַ פּעקל גומי, אַ בלייפעדן, וואָס איינער האָט געוואָלט, צי געדאַרפט. נו, איז געקומען די מלחמה, גומי, אַנדערע אַרטיקלען — ניט צו קריגן. איך האָב יאָ געקראָגן. צו־ביסלעך, אָבער געקראָגן. דער פּעדלער וואָס האָט מיר פאַרקויפט די סחורה די גאַנצע צייט האָט מיך צוגעזען, בדאי עמיצן אַנדערש ניט געגעבן און מיר יאָ. און איך בין אים דאַנקבאַר געווען. און דאָ הויבט זיך אָן די צרה. די מינוט וואָס ער האָט פאַר מיר אויסגעלייגט די סחורה בין איך באַפאַלן געוואָרן פון בחורימלעך, מיידלעך „פּלעפּער־קעס", און זיי האָבן צעבאַפט מיין גאַנץ קרעמל. איין קליינקייט — אַ פּעקל גומי! אַ שטיקל „קענדי"! דער רעזולטאַט — פאַר מיינע שטענדיקע קונים איז גאָרניט געבליבן, און איך האָב זיך ניט געקענט העלפן. דער קרעמער האַלט די זאַכן באַהאַלטן פאַר זיינע שטענדיקע

קונים, איך קען זיך ניט רירן, זיי אָוועקטרייבן אויך ניט געקענט, אַ סך פון מיינע שטענדיקע קונים אָפּגעפאַלן. די מלחמה האָט מיר קיין גוטעס ניט געטון.

— דאָס איז אַ גוטער וויץ.

— פאַר אייך איז עס אפשר אַ וויץ, פאַר מר. מקברײַידן, דאָס איז זיין נאָמען, איז עס גאַנץ ערנסט. ער האָט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן, און איך האָב ווירקלעך רחמנות געהאַט אויף אים. ער דער־ציילט מיר אויס אַלע זיינע צרות. און ער איז ניט דער איינציקער.

— איך שטעל מיר פאָר איר האָט אַ גרויסע קליענטעל.

לאַכט ער פון אים, אַט דער . . . ?

— דערווייל ניט אַזוי ראַשיק, אָבער מיט דער צייט וועט צו־קומען. ווי יעדער געשעפט, מ׳דאַרף עס אויפבויען. געדולד.

— הערט! איך האָב פאַר אייך אַ . . . קונה, — האָט שוואַרץ זיך אַ כאַפּ געטון אַ דערפרייטער. ער האָט גענומען טאַפּן אין בוזים־קע־שענע, אַרויסגעצויגן פּאַפּירן, שנעל איבערגעוואָרפן, זיין פּנים האָט זיך געכמורעט, ער האָט צוריק אַריינגעשטופּט די פּאַפּירן. — איך האָב ניט דעם בריוו מיט זיך, אָבער דאָ איז די געשיכטע:

— דאָ אַ פּאַרשון, איינער אַ מר. סימאַנס. איר קענט אים ניט, און ווען איך קען אים ניט וואָלט אויך געווען בעסער. באַקאַנט האָב איך זיך מיט אים אין דעם „ברוינעם קאַפּעליוש״, אינם רעסטאָראַן וואו די „מואווי סטאַרס״ דאַרפן קומען עסן און זיי קומען ניט. דער סימאַנס איז ניט קיין „סטאַר״, אָבער דרייט זיך אַרום די מואוויס, כלומרשט אַ שרייבער, סצענאַריאָס שרייבט ער, אַזוי האָט ער מיר גע־זאָגט. צי ער קען שרייבן ווייס איך ניט, אָבער אַז ער קען ריידן דאָס איז זיכער, אַ גלאַט צינגל. איך האָב, פאַרשטייט זיך, באַצאָלט פאַר זיין מאָלצייט, אַ דריי דאָלאַר, און מיך האָט עס ניט געאַרט. ער האָט מיר דערציילט אַ היפּש ביסל מעשות, אויב זיי זיינען אַפילו ניט געווען קיין אמתע, זיינען זיי אָבער געווען אינטערעסאַנט, ער איז אַ פיינער ליגנער, און דאָס איז אויך עפּעס ווערט. דאָס צווייטע מאָל האָב איך אים באַגעגנט אויפן בולוואַר, האָליוואוד בולעוואַרד. דאָס מאָל האָט ער מיך שוין אַריינגעשלעפּט אין אַ באַר, באַשטעלט אַ טרונק, און ער האָט באַצאָלט. נו, קען מען דאָך קיין חזיר ניט זיין, האָב איך שוין אויך באַשטעלט, איין טרונק, אַ צווייטער, אַ דריטער, איר ווייסט׳אַך,

געטרונקען חברשאַפט, זיך געביטן מיט די אַדרעסן. דער סוף איז געווען, ער האָט ביי מיר אַנטליען אַ צענערל. פון דאַן אָן האָב איך אים מער ניט געזען. מילא, ניט דאָס ערשטע צענערל, דאָס וואָס מ׳קריגט פון טרינקען . . . ערשט אייערנעכטן קריג איך אַ בריוו פון אים, פון . . . טורמע. אַ מעשה מיט אַ טשעק, ער האָט געגעבן אַ טשעק, דער טשעק איז צוריקגעקומען, ער איז ניט שולדיק, דער טשעק איז גאָר געווען ניט זיינער, אָבער דער וואָס האָט אים אויסגעביטן דעם טשעק, „די סטודיאָ שוירט שאָפּ״, האָט אים דערפאַר אַריינגעזעצט אין טורמע, בעט ער רחמים איך זאָל אים ראַטעווען.

— נו, זייט איר געגאַנגען אים זען?

— זען אים! וואָס דאַרף איך אים זען?

— איך מיין זיך דורכרעדן מיט אים, זיך דערוויסן גענוי, אָגב אים אויפמונטערן אַ ביסל.

— וואָס איז דאָ זיך דערוויסן? אַ מענטש שרייבט „עקסקוירשן טשעקס״. פונדעסטוועגן — אַ באַקאַנטער, און אַ יהודי. אפשר איז ער אַ שורקע, אָבער, אויף וויפיל איך קען אורטיילן, איז ער ניט אַזאַ מיאוסער שורקע, פשוט איינער פון די האַליוואָודער טראַמבעניקעס, וואָס האַלטן אַלע מאָל ביי אָט־אָט ווערן אַ מיליאָנער, אַ סטאַר. האָב איך טעלעפאָנירט מיין אַדוואָקאַט, אים דערציילט, האָט ער מיר געזאָגט אַז די ערשטע זאַך דאַרף מען פועלן ביים אַנקלאָגער ער זאָל צוריקציען די קלאַגע, נאָכדעם, מיט אַ שטיקל „פּול״, קען מען אים שוין לייכט אַרויסקריגן.

— נו?

— בין איך אַוועק צו דעם יידן דאָרט. אַ ייד, אודאי אַ ייד, ערשט יענער האָט פאַרוואָרפן מיט די הענט און מיט פיס: אָט דעם שווינדלער! אָט דעם . . . ! זאָל ער דאָרט פאַרפוילט ווערן. אים פאַרגעלייגט איכ׳ל גוט מאַכן דעם טשעק, ניט געוואָלט הערן: עס איז ניט דאָס געלט, ער וויל אים אָנלערנען. נו, וואָס קען איך טון? גאָרניט. האָב איך עס אויפגעגעבן. איצט איז מיר איינגעפאַלן, אפשר וואָלט איר געקענט עפּעס טון. נאָך אַלעמען איז עס דאָך עפּעס אין אייער בראַנזשע, ניט אַזוי?

גאָטליב האָט פאַרהערט די איראָניע. — האָט איר אים אָנגעשריבן?

— וואָס זאָל איך אים שרייבן? ניטאָ וואָס צו שרייבן.

— נו, איר שרייבט אים אָן אַז איר באַמיט זיך אים אַרויסצו־נעמען און איר דיינקט אַז אייך וועט געלינגען. זאָל אַ מענטש ניט אַראָפּפאַלן ביי זיך. ווי איך פאַרשטיי פון אייערע רייד איז ער גאָר־ניט אַזאַ פאַרברעכער.

— ניין, קיין פאַרברעכער איז ער ניט, כאָטש קיין גוואַלדיקע צאַצקע מוז ער ניט זיין, אַ מענטש וואָס שרייבט טשעקס . . .

— מיט פּרימע סחורה האַנדל איך ניט, — האָט גאָטליב גע־שמייכלט. — מייסטנס בראַק. איר שרייבט אים אַ בריוול. איצטער, וואָס איז דער נאָמען פון דעם צווייטן יידן? סטודיאָ—שוירט—שאָפּ. דעם נאָמען פון אייגנטימער ווייסט איר ניט. מילא, שוין אויסגע־פינען. איכ׳ל זען וואָס איך קען טון.

— איך האָף אַז איר׳ט אים אַרויסנעמען.

— איך האָף אויך אַזוי. און ווען איכ׳ל אים אַרויסנעמען קריגט איר אייער מעקלעריי.

— א י ך קריגן מעקלעריי! איכ׳ל א י י ך דאַרפן געבן, סוף כל סוף האָב איך דאָך א י י ך עפּעס פאַרקויפט.

— יאָ, דאָס איז אמת, איר זייט אַ „סיילסמאַן”, און אַ גוטער „סיילסמאַן” דערצו, אָבער אין דעם פאַל צאָלט דער קויפער די מעק־לעריי.

— נו, מיר׳ן זיך שוין אויסגלייכן. איך האָף אייך וועט געלינגען.

— איך האָף אויך אַזוי. אייך לאָזן וויסן.

— נו, אַ גוטן.

— אַ גוטן.

(2)

רויט, גרין.

שטיי! גיי!

הענט און פיס האָבן געאַרבעט אויטאָמאַטיש, אָפּגעשטעלט די מאַשין, זי געלאָזט אין גאַנג, די אויגן האָבן געזען צופיל רויט, גאָט־ליבן האָט זיך געדוכט אַז רויטע סיגנאַלן האָבן זיך געזען מער ווי גרינע, ער איז מער געשטאַנען ווי געפאָרן. אַפילו ביי אַ גרינער ליכט זיינען די שערנגעס אויטאָמאָבילן געווען שורות טשערעפּאַכעס,

שטינקענדיקע, שרייענדיקע טשערעפּאַכעס, וואָס זיינען געקראָכן טראָט ביי טראָט. אפשר זיך אַרויסרייסן פון בולוואַר? ער האָט אַ דריי געטון דעם נאַקן, אַרויסגעקוקט — זען וואָס איז דאָס פאַר אַ „לויה פּראָצע־סיע”, פאַרוואָס באַוועגט מען זיך אַזוי פּאַמעלעך. ער איז ניט געווען דער איינציקער. אַ צווייטער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ, אַ דריטער האָט געבלאָזן דעם האָרן, אַ פערטער האָט . . . זיך אַרויסגעריסן פון דער רייע, אַ פאַר געטון און גלייך געמוזט זיך אַריינכאַפּן צוריק, האַרט פאַר גאַטליבס אויטאָמאָביל, אים שיר ניט „אָפּגעווישט די נאָז”. — פאַרדאַמט! — האָט גאַטליב אַ וואָרף געטון אויפן חשבון פון יענעם טרייבער. די פוס אויף דער האַלמע האָט אַקצענטירט דעם „פאַרדאַמט”.

— וואָס פאַר אַ שוואַרץ יאָר? גאָר ניטאָ קיין טראַפּיק פּאָליציסט?

ערגעץ וואו איז געוואָרן אַ „לאָך” אין טראַפּיק, און אין דער לאָך האָט זיך אַריינגעגאָסן איין אויטאָמאָביל נאָכן צווייטן, די באַוועגונג איז געוואָרן פרייער, אַ רעגלמעסיקער גאַנג. דער אויטאָמאָביל איז שוין געגאַנגען ווי פון זיך אַליין, גאַטליבס אויגן האָבן שוין געקוקט ניט אַזוי אויפן וועג פאַר זיך ווי אויפן פּאַרשוין פון דעם העמדער געשעפט, ביי וועמען ער האָט ערשט געפועלט צוריקציען די קלאָגע קעגן דעם טשעק־פעלשער. אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך צעשפּילט אויף גאַט־ליבס פּנים. אַ גוט שטיקל אַרבעט. מ׳דאַרף קענען מענטשן, כאַפּן זייער שוואַכן פּונקט. דער מר. ליבאו, מסתם געהייסן לייבאָוויטש, ווי ער האָט זיך דאָס געוואָרפן, געבריקעט: ניין און ניין, ער מוז אים אָנ־לערנען, דעם שווינדלער. אַזוי שנעל אָבער ווי אים איז געלונגען ווייזן דעם מר. ליבאו אַז ברוגז איז ער אייגנטלעך ניט אויפן שווינדלער למאי ער האָט אים אָפּגענאַרט, נאָר אויף זיך, למאי ער האָט זיך געלאָזט באַשווינדלען, איז זיין ווידערשטאַנד געבראָכן געוואָרן. זיך אַליין איז שווער צו שלאָגן. אַי דאָס א י כ ע ל ע ! באַליידיקט זיין איכעלע, איז ער גרייט אַריינזעצן אַ מענטשן אין תפיסה.

און דער מענטש אין תפיסה? ווער ווייסט וואָס פאַר אַ פּאַרשוין דאָס איז? אפשר באַלאַנגט ער טאַקע אַהין? פּדיון שבויים. אַלטע צוויי ווערטער. די עלטער האָט צוגעגעבן חשיבות. און יענע שבויים, זיינען זיי אַלע ווערט געווען אויסגעלייזט ווערן? מ׳האָט זיי דאָך אויסגע־לייזט. און דעם אויך. נעשה ונשמע, פריער אים אַרויסנעמען, נאָכדעם זען וואָס איז דאָס פאַר אַ חפץ. פון זיצן אין תפיסה וועט ער קיין לייט

ניט ווערן, אַריין אַ טשעק־פעלשער, וועט ער אַרויס אַ געלט־פעלשער. אַרויסנעמען דאַרף מען אים. גוט געטון, האָבן פּאַטאַקעוועט די הענט, גלעטנדיק דאָס רעדל.

איין אויטאָמאָביל האָט אים איבערגעיאָגט פון דער רעכטער זייט. גאָטליב האָט ראָש אַ דריי געטון דאָס רעדל אויף לינקס, נאָכדעם אויף רעכטס. — אַ כאַליערע אויף זיי! פון אַלע זייטן. מ׳יאָגט. האָבן קיין צייט ניט. פאַרשפּעטיקן דעם טויט. מאָרגן וועט ער אינדערפרי נעמען דעם באַס, פאַרנאַכט נעמען אַ טעקסי. — אָט דער געדאַנק איז אים אויסגעקומען עפּעס באַקאַנט, ניט איין מאָל האָט ער שוין באַשלאָסן אַזוי טון און האָט יעדן פרימאָרגן דאָך גענומען דעם אויטאָמאָביל. ער וועט זיך אַראָפּדרייען פון בולוואַר. טאַקע דער קורצסטער וועג, אָבער אין אַזאַ טראַפיק? אַמאָל ווייזט זיך דער לאַנגער וועג אַרויס פאַרן קורצערן. יאָ, ער האָט אויפגעהויבן די לינקע האַנט — איך פאַר־קירעווע זיך — און פאַרזיכטיק גענומען דרייען דאָס רעדל.

דער זייטיקער וועג איז געווען פרייער. גאָטליב האָט געזען פאַר זיך ניט קיין שורה אויטאָמאָבילן, נאָר די גאַס, דעם וועג, פאַר די אויגן האָבן פאַרביי געשוועבט פאַרשיידענע וועגן, דער וועג קיין . . . דער וועג קיין . . . און עפּעס אַ וועג אַן ענדלאָזער, וואָס פירט . . . די אָנשטרייינגונג האָט נאָכגעלאָזט, אָבער אַ מידיקייט האָט זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן קערפּער, פאַרמאַכן די אויגן, זיך אויסציען . . . דער אָנזען פון זיין הויז, גאַנץ ווייט פאַר אַ פרעמד אויג, אָבער נאָענט פאַר גאָטליבן, האָט געוואונקען: דאָ געפינסטו רו.

אַריינגעפירט דעם אויטאָמאָביל אין גאַראַזש, אַרויסגעקראָכן פון הינטערן רעדל, פאַרמאַכט די טיר, איז יוחנן גאָטליב געבליבן שטיין. דער אויטאָמאָביל, אַ שטייענדיקער, אַ שווייגנדיקער איז אים אויסגע־קומען עפּעס ניט קיין שטאָלענע מאַשין, נאָר אַ לעבעדיקע באַשעפע־ניש, וואָס האָט זיך נאָר וואָס באַוועגט, גערעדט, איצט שטייט זי, שווייגט — איך האָב מיינס אָפּגעטון. געשוויגן האָט דאָס גרינע גלאַט־אָפּגעשוירענע גראָז, בלויז די צעלאָזטע, ראָזע און רויטע גלאַדיאָלאָס ביים זייט פון דראָטענעם פלויט, האָבן געוואונקען: מיר כאַפּן אַריין נאָך אַ ביסל זון, זי פאַרגייט די זון, זי פאַרגייט . . .

יוחנן גאָטליב האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, זען ווי הויך, ווי נידעריק די זון איז שוין, געזען די שטראַלן פאַלן פונקט אויף דעם

ביבליאָטעק־צימער. ער האָט דערזען די ווענעציאַנער שטאָרן אַרונטער־געלאָזט, דערפילט די קילקייט, די שטילקייט דאָרטן, און זיך געלאָזט אין שטוב אַריין.

דאָס רחבותדיק הויז, די גראַמע חדרים, דאָס באַקוועמע מעבל, די געבעטע קאַנאַפּע, דער טיפער פאָטעל, אַלץ האָט איינגעלאדן רוען, דערפאַר אָבער אויף חנהס פּנים האָט ער דערזען אַן אומרואיקייט. פערציק יאָר מאַן און ווייב, האָט ער אַן אירע ברעמען דערקענט עפּעס אַ פאַרדרוס, אויפן נאַז־בריקל איז געליגן אַ רוגז. פערציק יאָר האָבן אים שוין אויך אויסגעלערנט — חבי כמעט רגע עד יעבור זעם. ניט זאָגנדיק גאָרניט, האָט ער אַוועקגעשטעלט דעם שטעקן וואו ער דאַרף שטיין לויטן הויז־קאָדעקס, אויפגעהאנגען דאָס רעקל, אָנגעטון די שטעק־שיך, גענומען די פּאָר יידישע צייטונגען וואָס זיינען אָנגעקומען דעם פרימאָרגן און זיך פאַרטיפט אין לייענען . . . די אויערן זיינען געווען וואַך צו דער ווייבס באַוועגונגען אין הויז, און ווען זי האָט זיך דערנעענטערט צום ביבליאָטעק־צימער איז אַ ווינקל פון אויג שוין געווען אויף דער וואַך, די אויגן פון צייטונג האָט ער ניט אַרויס־גענומען.

— האָסט ניט געזען דאָס שערל דאָ ערגעץ?

יוחנן איז ניט געווען זיכער צי זיין ווייב זוכט טאַקע דאָס שערל, ער האָט דאָך אַפּירגענומען די אויגן פון צייטונג. — שערל?

— דאָ געהאַלטן, און ווי אין וואַסער. מערי האָט עס שוין מסתם ווידער פאַרשלעפּט. ניט אויסצוהאַלטן פון איר. דאָ געהאַלטן אינדער־פרי, און ווי אין וואַסער אַריין.

— אפשר אין קיך.

— אָט האָסטו דיר, אין קיך! מ׳זאָגט אים דאָ געהאַלטן, און ער — אין קיך. ווי קומט דאָס שערל אין קיך?

— זאָגסט׳אך אַליין אפשר האָט עס מערי פאַרשלעפּט.

— אוי פאַרשלעפּט זי. איך זאָג דיר, ס׳איז פון איר ניט אויס־צוהאַלטן, ניט אויסצוהאַלטן פון איר!

— שוין ווידער מערי?

פופצן יאָר אַז מערי, אַ מעקסיקאַנער פרוי, דינט ביי זיי אין הויז, פופצן יאָר אַז חנה קומט מיט איר ניט אויס, און פופצן יאָר אַז זי קען זיך מיט איר ניט שיידן. אַרויסזאָגנדיק: שוין ווידער מערי? האָט יוחנן

מבטל געמאַכט דעם גאַנצן ענין — מיר ווייסן שוין, און זיך געוואָלט נעמען צו דער צייטונג.

— אים איז גוט. גייט זיך אַוועק אויף אַ גאַנצן טאָג, און דו קלאַפּ זיך קאָפּ אָן וואַנט. טאָמער איז נאָך קאַרג, גייט זי פּלוצלונג אַוועק — אַ יום־טוב אויף איר. אינמיטן דאָנערשטיק אַ יום־טוב.

יוחנן האָט געהערט זיין ווייב רעדן וועגן מערין, געזען האָט ער אָבער שוין אַז זי איז אויסן עפּעס אַנדערש. ער האָט געוואָלט פאַר־שווייגן, און ווי אויף צו להכעיס האָט ער אַרויסגעזאָגט — דיינער אַ יום־טוב פאַלט ניט אויס אַמאָל אַ דאָנערשטיק?

— מיינער אַ יום־טוב? ד י י נ ע ר ניט, נאָר מיינער.

דאָס האָט שוין געשמעקט מיט פּולווער.

— דיינער, מיינער, וואָס אַזוינס?

— גאָרניט, — האָט חנה אָפּגעריסן און איז אַרויס פון צימער. יוחנן האָט איר נאָכגעקוקט, נאָכגעטראַכט, געפּרואווט זיך דערטראַכטן, טרעפן וואָס קוועטשט איר, וואָס האָט ער אַזוינס געטון. ניט געפינענ־דיק גלייך קיין חטא אויף זיך, האָט ער אַ קנייטש געטון מיט די פּליי־צעס, זיך גענומען צוריק צו דער צייטונג.

ער האָט געפּרואווט לייענען וואו ער האָט אויפגעהערט, אַ באַ־ריכט פון יידישע צרות אויף יענער זייט ים, אָבער ער האָט ניט גע־קענט. דער ווייבס רוגז — אַ קאָלט ווינטל וואָס האָט פּלוצלונג אַ צי געטון, דורכגענומען די ביינער, צערודערט, און אויף דער צערודערט־קייט שפּרינגען עפּעס די יידישע צרות, קומען ניט צו צו אים, אוי, די יידישע צרות! ער האָט געפּרואווט לייענען עפּעס אַנדערש, אָבער פאַר די אויגן האָט געשווינדלט. ער האָט אַרונטערגענומען די ברילן, אַוועק־געלייגט אויף דער פאַרענטשע פון שטול, פאַרמאַכט די אויגן . . .

— כ׳רוף דאָך עסן, פאַרוואָס ענטפערסטו ניט?

— ווי שפּעט איז? — האָט יוחנן זיך אַ הויב געטון פון פאָטעל, אַ פאַרשעמטער וואָס ער האָט איינגעדרעמלט.

— דאָס עסן איז אויפן טיש.

יוחנן האָט שוין געוואוסט, עס איז פינף מינוט צו זעקס. ער האָט אַ וויש געטון דעם פּנים, אַ גלעט געטון דאָס בערדל, אַרויפגע־צויגן די שיך און געגאַנגען זיך וואַשן.

ביים עסן האָט ער זיך דערוואוסט אַז זיין ווייב איז געווען זייער

פאַרנומען מיטן באַקן קיכעלעך און ער האָט שוין פאַרשטאַנען אַז דער זון קומט אין אָוונט. ער האָט אינערלעך אַ שמייכל געטון. אָט דאָס, הייסט עס, איז עס געווען דער גאַנצער בייזער — קיכעלעך. ווער ווייסט, אפשר נאָך ניט אַרויסגעקומען ריכטיק, צוגעברענט אַ ביסל.

— די קיכעלעך זיינען זייער געשמאַק, — האָט ער איר קאָמ־פלימענטירט מיט אַ צווײדײטיקן שמייכל. דער שמייכל איז ניט אינ־גאַנצן פאַרלוירן געגאַנגען. חנה האָט גענומען דעם טייל וואָס איר איז געקומען און, מעשה געראָטענע באַלעבאָסטע, נאָך צוגעגעבן: ניט געהאַט גענוג פּוטער. ווי איינער רעדט: זעסטו, מיט קנאַפּ פּוטער, און דאָך אַזוי גוט אַרויסגעקומען.

— פּאַראַיבער דער „שטורעם”, — האָט יוחנן אַ טראַכט געטון. זיך געלאָזט אין ביבליאָטעק צימער. חנה איז, ווי דער שטייגער, גע־בליבן אין קיךביים געפּעס. פּאַרטיק מיטן געשיר, זיינען זיי שוין ביידע געזעסן אין ביבליאָטעק צימער, ביידע האָבן כלומרשט געלייענט, און ביידע האָבן פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ קוק אויפן זייגער. זיך איינגעהערט צו דער גאַס — קומט ער שוין, דער זון?

דער זון איז געקומען און די מאַמע האָט, ווי אַלע מאָל, דערזען איר בן יחיד, איר לעאָן, איר לייבעלע, און דער טאַטע האָט דערזען זיין זון, דעם מאַן, דעם געראָטענעם, דעם פייאיקן, דערפאָלגרייכן דאָקטאר. צופרידענער פון זיי ביידע האָט אויסגעזען דער זון גופא. איין אָרעם איבערן פאָטערס רוקן, אַ צווייטן איבער דער מוטערס אַקסל, איז ער, אַן איינגעפלאָכטענער, געשטאַנען צווישן טאַטע־מאַמע, געכאַפּט אַ קוק אויף איר, אויף אים: נו, וואָס מאַכט איר ביידע? ווי פילסטו?

אין דעם „ווי פילסטו?”, ניט „וואָס מאַכסטו?” האָט שוין יוחנן דערהערט ניט נאָר דעם זון, נאָר אויך דעם פּראָפעסיאָנעלן דאָקטאר, און דער פּאַציענט האָט שוין אַ ביסל דערווידערלעך, ווי זוכנדיק זיך אַרויסדרייען, געענטפערט: איך בין אָלרייט.

מוטער און זון האָבן זיך איבערגעקוקט.

— זעסט מיר עפּעס אויס ניט אַזוי יום טובדיק.

— וואָס זע איך אויס? — האָט יוחנן שוין ברוגזלעך איבער־געפרעגט. — איך בין אָלרייט, — האָט ער צוגעוואָרפן, ווי איינער רעדט: טשעפּע זיך אָפּ פון מיר.

— אַלרייט איז ער, נאָר אַז ער קומט צוגיין פון זיין אָפיס פאַלט ער אַוועק, ווערט אַנשלאָפן.

— פון אָפיס?!

דער זון האָט פאַרחידושט געקוקט אויפן פאָטער, יוחנן האָט מיט פאָרוואורף געקוקט אויף זיין ווייב. אַ געהיימניש געווען ביי זיי, אַ פאַרשווערונג. דער זון, דער דאָקטאָר, האָט נאָך מיט חדשים צוריק געהייסן דעם פאָטער רוען, זיך צוריקציען פון די געשעפטן, ניט גיין אין אָפיס. פון די געשעפטן האָט יוחנן זיך צוריקגעצויגן, אַן אָפיס האָט ער אָבער אָנגעהאַלטן פאַר זיינע „פריוואַטע געשעפטן", געגאַנגען אַהין כמעט יעדן טאָג, דער זון האָט אָבער ניט געדאַרפט וויסן. איצט האָט זי אויסגעזאָגט. אומגערן?

— זי'ט דיר זאָגן, — האָט ער מבטל געווען אירע רייד און אָפּגעגאַנגען פון זון.

דער זון האָט זיך אַוועקגעזעצט, מיט די אויגן געזאָגט דעם פאָטער ער זאָל זיך אויך אַוועקזעצן.

— האַלסט נאָך אַן דעם אָפיס?

— ווייס איך וואָס? זי'ט דיר זאָגן, — האָט יוחנן אַ קנייטש געטון מיט די אַקסל. — אַן אָפיס. — אַ מאַך מיט דער האַנט האָט געזאָגט: ניטאָ פון וואָס צו ריידן.

דער זון האָט מיט די אויגן געפאָרשט די מוטער און זי, דער עדות, ניין, דער פּראָקוראָר, איז געשטאַנען און אָנגעהויבן די אָנ־קלאַגע, די אַטאַקע.

— ער האָט אַן אָפיס! ער האָט אַן אָפיס „דאַון טאַון" און גייט אַהין יעדן טאָג. הערסט? יעדן טאָג גייט ער אַהין. — האָט די מוטער שוין שיר ניט געשריען. — דיר ניט אויסגעזאָגט, ער האָט ניט גע־וואָלט זאָלסט וויסן, געמיינט, כ'ווייס, ער'ט אַמאָל צוגיין אַהין, אויף אַ שעה, צוויי, אָבער ער גייט יעדן טאָג, טאָג איין טאָג אויס, קומט אַהיים איז ער אַ טויטער . . .

יוחנן האָט געקוקט אויף זיין ווייב. ער האָט געוואָלט דערגיין צי האָט זי עס געפּלאַנעוועט די אַטאַקע, ג ע ר ו פ ן דעם זון, אָדער עס איז אַרויסגעשפּרונגען פּלוצלונג? לויט איר אויפרעגונג זעט עס אויס ספּאָנטאַן.

— אַז איך בעט אים ער זאָל מיט מיר צוגיין שבת אין שול

אַרייַן, קען ער ניט גייַן, אין ז י י ן שול קען ער יאָ גייַן. אַהין גייט ער יעדן טאָג.

— אָפּיס? שול? — האָט שוין דער זון געשטוינט, געקוקט אויף די עלטערן, פון זייערע פּנימער געוואָלט דערגייַן וואָס דאָ טוט זיך. די מאַמע, ער האָט שוין לאַנג ניט געזען זי אַזאַ אויפגערעגטע, און דער טאַטע, ער זעט אויס ניט צו גוט, ניין, ניט צו גוט. מוז זינדיקן.

— נו, זאָגט מיר שוין, דערציילט.

— וואָס איז דאָ צו דערציילן, — האָט דער פּאָטער אַלץ מבטל געמאַכט, אָבער שוין אַ ביסל בייז. זי האָט אים גערופן, דאָס איז קלאָר. — זי רעדט, און ער נעמט עס ערנסט.

— זי רעדט. אַוודאי רעד איך. און איכ׳ל רעדן אויך. הערסט, לעאָן, איך בין ווערט מ׳זאָל מיך קאַטעווען. קאַטעווען! ער האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט, געדיינקסטו דאָך ווי ער האָט אויסגעזען, האָב איך אים גענומען פּילנעווען, ער איז געקומען צו זיך, דוכט זיך גוט, האַ? האָט ער זיך אָבער אַרייַנגענומען אַ מאַנקאָליע אין קאָפּ, ער מוז עפּעס טון. ער מוז עפּעס טון און ער מוז עפּעס טון, אַניט וועט ער כ׳ווייס ניט וואָס . . .

— מיינסט געשעפט?

— חלילה! קיין געשעפט טוט ער ניט. דאָס, זעסטו, ניט.

— טאָ וואָס דען?

— צדקה!

— צדקה?

— אָט אַזוי ווי דו הערסט, צדקה.

דער זון האָט מיט ברייט געעפנטע אויגן אַ קוק געטון אויפן פּאָטער. גראַדע האָט ער אים געכאַפּט אין פּראָפיל, און דעם פּאָטערס פּנים האָט אויסגעזען שאַרף, האַרט. דער פּאָטער האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ, און דער גאַנצער אויסזען אַן אַנדערער, אַזאַ ווייכער, גוטער פּנים, און די מידיקייט האָט נאָך מילדער געמאַכט דעם פּנים, אַרויס־געבראַכט אַ געבעט: וואָס ווילט איר פון מיר?

— אויף צדקה אַן אָפּיס?

— אָט דאָס וואָס איך טענה! — האָט די מוטער זיך אָנגעכאַפּט. — אָבער רעד צו אים און רעד צו דער וואַנט. ער מוז האָבן אַן אָפּיס. אַן אָפּיס מוז ער האָבן.

— דו פאַרשטייסט ניט, — האָט דער פאָטער אַ זאָג געטון צום זון. די מוטער האָט עס אָבער אויפגעכאַפּט. זי איז אַזש אויפגעשפּרונגען.

— איך פאַרשטיי ניט? איך פאַרשטיי שוין גאָר, אוי, פאַרשטיי איך. פאַרשטייסט? — האָט זי אָנגענומען דעם זון ביים אָרעם, — ווען ער האָט געטון געשעפט, געקויפט הייזער, פאַרקויפט, האָב איך אַלץ געוואוסט ביי אים, אויף אַלע פּאַפּירן האָב איך געמוזט זיך אונטערשרייבן, אַ ווייב, געמיינשאַפטלעך אייגנטום, צום געלט בין איך געווען אַ שותף, איצטער, ער האָט אויפגעגעבן די געשעפטן, גיט זיך אָפּ מיט עולם הבא, איז שוין די ווייב זיינע גאָרניט, עולם הבא וויל ער פאַר זיך. איך גיי אים עפּעס אָן?

זי האָט אַ שטופּ געטון דעם זונס אָרעם, צוגעטראָגן די האַנט צו די אויגן. זי האָט גענומען זוכן אַ טיכעלע, און זיך אַ לאָז געטון אַרויס פון צימער.

דער זון איז געבליבן זיצן אַ געפּלעפּטער. דער פאָטער האָט געמאַכט אַ פּאָר שריט, אָנגענומען דאָס בערדל, געבליבן שטיין. — דאָס איז די מעשה! — האָט ער שיר ניט אויסגעזונגען.

— נו, דערצייל מיר, — האָט דער זון שוין אומגעדולדיק אַ זאָג געטון. — וואָס טוט זיך דאָ? וואָס איז עס פאַר אַן אַפּיס? זעץ זיך צו.

— וואָס איז דאָ צו דערציילן? זי האָט שוין אַלץ דערציילט.

— דו דערצייל מיר. זעץ זיך אַנידער. אָט אַזוי. איצט דערצייל מיר מיט אַ סדר. ווען האָט זיך עס אָנגעהויבן?

— וואָס?

— נו, די צדקה.

— צדקה . . . צדקה . . . זאָל זיין צדקה. עס האָט זיך אָנגעהויבן, ווי די מאַמע האָט געזאָגט, ווען איך בין פולשטענדיק געזונט געוואָרן. איך האָב זיך געפילט אַזוי שטאַרק אַז איך האָב ווידער געקענט אָנהויבן טון געשעפט, כאָטש דו האָסט עס פאַרבאָטן. איך בין אַלט גענוג ניט צו פאָלגן דעם דאָקטאָר, אַפילו אַ זון אַ דאָקטאָר, — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל. — דאָס האַרץ האָט געמורמלט אַזוי פיל יאָרן וועט עס שוין אונטערמורמלען נאָך אַ פּאָר יאָר, אָבער איך האָב אַליין ניט געוואָלט. וויפיל איז דער שיעור? סיי ווי מיר נמאס געוואָרן. האַנדל, מסחר, געלט, געלט. איך האָב גענוג. אָבער וואָס זאָל איך טון? זיצן און וואַרטן אויפן טויט? אַ לעבעדיקער

מענטש דאַרף עפּעס טון, איז ניט פאַר זיך, איז פאַר אַנדערע. קיין סך טון קען איך ניט, אָבער וויפיל איך קען . . .

— קענסט ניט געבן דיין געלט, וויפיל דו ווילסט, צו די „טשאַ־ריטי" אינסטיטוציעס?

— געלט געבן איז די לייכטסטע זאַך, צוגעוואָרפן אַביינדל און פּטור, און „ט ש אַ ר י ט י" אינסטיטוציעס? — דאָס וואָרט „טשאַ־ריטי" איז אַרויסגעקומען אַקצענטירט, פרעמד, דאָס וואָרט „אינסטי־טוציעס" — אַ וואָרט מיט אַ איבלדיקן נאָכטעם. — איך גיב זיי געלט, אַלע מאָל געגעבן, אָבער ווייסטו? איך גלויב איך האָב דיר דערציילט, איך האָב אַקציעס פון דער אַמעריקאַן טעלעפאָן און טע־לעגראַף קאָ. יאָ, איז פון דער טעלעפאָן קאָמפּאַניע קריג איך רעגל־מעסיק מיינע דיווידענדן, רעגלמעסיק ווי אַ מאַשין, אָבער פרעג מיך ווער איז די א. ט. און ט., וואָס טוט זי, ווי אַזוי פירט זי די געשעפטן, וואָס איז אַ טעלעפאָן, אסור מיר אויב איך ווייס. איין מאָל איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין דער הויפּט טעלעפאָן סטאַנציע, געהאַט עפּעס אַ מסחר דאָרט. דער פאַרוואַלטער איז געווען פריינטלעך געגנוג, מיר געוואָלט ווייזן „זיין" פאַרמעגן, האָט ער מיך געפירט, מיר גע־וויזן. וואָס מיר איז פאַרבליבן אין זכרון פון יענעם באַזוך — איז מיידלעך און קנעפּלעך. מיידלעך און קנעפּלעך. דאָסזעלבע אין די אינסטיטוציעס — מיידלעך און קנעפּלעך, מער ניט, אין דער טעלעפאָן קאָמפּאַניע זיצן די מיידלעך, אין די אינסטיטוציעס גייען זיי אַרום. די מיידלעך זיינען עס די יעניקע, וואָס דאַרפן אויסגעפינען צי דער אָדער יענער קבצן איז ראוי צו קריגן אַ ניקל, און אַז אַ מיידל געפינט אויס אַז ניט, ווערט עס פאַרשריבן אויף איר קאָנטא צום גוטן. דער־פאַר די „קנעפּלעך" דאָ זיינען שוין גאַנץ אַנדערע. אוי, די „קנעפּלעך". פאַר זיי עקזיסטירן דאָך גאָר קיין מענטשן. ז י י זיינען, פאַרשטייט זיך, מענטשן, ו ו י כ ט י ק ע מענטשן, אַלע אַנדערע זיינען „קייסעס", נומערן. מאַשינאָווע צדקה, אָט ווי דער מאַשינאָווער טעלעפאָן . . .

— און דו ווילסט אַן אייגענעם טעלעפאָן, אַ היימיש געמאַכטן?

— אַ טעלעפאָן איז פאַר מיר גוט ד ע ר אויך, איך דאַרף אַפילו ניט קיין פּריוואַטע ליניע קיין . . . לאָנדאָן אָדער פּאַריז . . . ווען עס קומט אָבער צו מענטשן, דאָרט וויל איך אַ פּריוואַטע ליניע . . .

— איך פאַרשטיי. גוט. וואָס איז דיר אַמנאָענטסטן? אַ שפּיטאָל?

אַ יתומים הויז? אַ אוניווערזיטעט? ארץ ישראל? גיב זיי דאָס געלט פאַר אַזוי פיל גאָטליב בעטן, אַ גאָטליב הויז, צי אַ גאָטליב קאַטהעדרע און . . .

— גאָטליב בעטן, גאָטליב הויז . . . — האָט דער פאָטער איבער־געדעדט ניט אָן איראָניע. — די מאַמע האָט מיר דערציילט: די שול וואו זי דאַוונט, בית יעקב, איז אַן אַלטע שול. האָבן די באַלעבאַטים געגומען ריידן וועגן בויען אַ נייע. רופט זיך אַרויס איין באַלעבאָס, יעקב גאָלדשטיין, אַ רייכער ייד, ער׳ט געבן פופציק טויזנט דאלאר אויפצובויען די נייע שול, בתנאי די שול זאָל זיין אויף זיין נאָמען, בית יעקב גאָלדשטיין. צושטעלן דאָס איינע וואָרט — גאָלדשטיין. האָבן אים די באַלעבאַטים, פשוטע יידן, געענטפערט: אַז מיר קומען דאַוונען אין בית יעקב, קומען די קינדער צום טאַטן אין הויז, יעקב אבינו, און עס איז כרחם אב על בנים, אַוועקשטעלן אָבער אויף דעם בית יעקב אַ גאָלדענעם שטיין? דאָס, רב יעקב, וועט איר טון אויפן בית עולם. און זיי האָבן ניט גענומען דאָס געלט.

— פאַרשטייסט? אָט דער רב יעקב גאָלדשטיין, אָן אַנדער גאָלדשטיין, צי גאָלדמאַן, ער וויל זיך שטעלן ביים לעבן אַ גאָלדענע מצבה. די מצבה וואָלט ער געוואָלט אַוועקשטעלן בדאי אין הימל, די גאַנצע וועלט זאָל זען י ע ק ב ג אָ ל ד ש ט י י ן, האָט אָבער גאָט געמאַכט דעם הימל אַזוי אַז קיין פלעקל קען מען אַהין ניט אַריינ־קלאַפן, אפילו ניט קיין גילדן פלעקל, נו קריצט מען איין מיט גאָל־דענע אותיות דעם נאָמען אויף אַ שול, אויף אַ טאָוול ערגעץ, זאָל „די וועלט" וויסן. אגב, אַז ער׳ט קומען אויף יענער וועלט, דערלאַנגען זיין וויזיט קאַרטל „בית יעקב גאָלדשטיין", פירט מען אים גלייך אַריין אין גן־עדן. אַנדערע וויסן נעבעך ניט וואו מ׳קויפט אַזאַ בילעט אין גן־עדן אַריין, אַ נס וואָס אַמעריקע איז אַ לאַנד פון „סיילסלייט", אפילו פון עולם הבא, קומען זיי שוין צוגיין און פאַרקויפן, דעם אַ שול, יענעם אַ שפּיטאָל. איך האָלט ניט ביים קויפן, איך . . . איך דיינק אַז די אַלטע מויד וואָס האָט איבערגעלאָזט צען טויזנט דאלאר פאַר אירע קעץ איז געווען מער מענטש פון די גאָלדשטיינס: זי האָט אירע קעץ ליב געהאַט, זיי געוואָלט פאַרזאָרגן . . .

— לאָמיך דיר זאָגן, דו גייסט שוין אַ ביסל צו ווייט, פאַרגעס ניט . . .

— וואַרט אַ ווײַלע, וואַרט אַ ווײַלע. איך וויל דו זאָלסט מיך פאַרשטיין. איך זאָג ניט אַז מ׳דאַרף ניט קיין אינסטיטוציעס. מ׳דאַרף זיי, אודאי דאַרף מען זיי. מ׳דאַרף אַ שפּיטאָל, אַ מושב זקנים, אַ בית יתומים, אפילו אַ טורמע דאַרף מען, מיט אַזוי פיל מענטשן מוז מען דאָס אַלעס האָבן, אָבער וואָס גיט עס מיר? איך דאַרף עפּעס האָבן פאַר זיך! אַנומעלטן האָט מיך איינער געפירט אין אַ יתומים הויז. ער האָט געוואָלט קריגן פון מיר אַ גרויסן טשעק, האָט ער, מעשה גוטער סיילסמאַן, מיך אַרויסגענומען „אָנקוקן די סחורה". וואָס זאָל איך דיר זאָגן, די סחורה איז געווען אַ מוסטער! אַלץ איז דאָרטן געווען גוט און פיין. דאָס גראָז איז געווען אָפּגעשוירן אַזוי ווי מיט אַ קעמל. וואָס אָפּגעשוירן? ממש צוגעקלעפּט, אָדער גאָר אויסגעמאָלן. אין די צימערן איז געווען אַזוי ריין, דאָס מעבל האָט אַזוי געבלאַנקט אַז ס׳האָט אַזש אויסגעזען נאַקעט, עס האָט זיך ממש געבעטן אַ העמ־דעלע, כאָטש אַ דין העמדעלע שטויב, און די קינדער זײַנען געשטאַנען אַזוי שטיל, אַזוי לייטיש, אַזוי סטאַטעטשנע, אַז ס׳האָט זיך מיר ממש געוואָלט צוגיין אַ קיצל טון אַ ייִנגעלע — געווען דאָרט איינס, אַ מחיה געווען צו קוקן אויף אים — אים אַ קיצל טון, ער זאָל זיך צעלאַכן, אָדער אפילו אַ קניפּ טון, ער זאָל זיך צעוויינען, אַבי ניט זײַן אַזוי לייטיש, אַזוי שטיל . . . געזונט? אַלע האָבן אויסגעזען געזונט און פריש, אפשר בעסער ווי זיי וואָלטן אויסגעזען ביי זייערע טאַטע־מאַמעס, פונדעסטוועגן האָב איך געטראַכט: הלואי וואָלטן זיי געהאַט די טאַטעס מיט די מאַמעס, די ערגסטע טאַטע־מאַמע זײַנען נאָך אַלץ בעסער ווי די בעסטע אויפזעער.

— דאָס ווייס איך ניט. ניט אַלע עלטערן זײַנען אַזאַ ברכה פאַר די קינדער. דאָ עלטערן . . .

— און די אויפזעער? וויפיל אויפזעער זײַנען פּאַסיק צו זײַן... טאַטע־מאַמע צו קינדער? איינער פון טויזנט, און די 999?

— נו, דאָס איז שוין אַ ביסל איבערטריבן. געזען קינדער פון די קינדער־היימען, גאַרניט אַזוי שלעכט דערצויגן. די וועלט גייט דערצו אַז עלטערן זאָלן האָבן קינדער, אָבער קינדער זאָלן ניט האָבן קיין עלטערן, דערציען זאָלן זיי דערציער. אַ קינדער־היים איז גאָרניט אַזוי שלעכט.

— אפשר בין איך אַ צוריקגעשטאַנענער מענטש. איך מוז דיר

אָבער זאָגן אַז איך בין צופרידן וואָס איך האָב געלעבט אין דעם צוריקגעשטאַנענעם דור, ווען טאַטע־מאַמע האָבן ניט נאָר געבראַכט קינדער אויף דער וועלט, נאָר זיי אויך דערצויגן. וואָלט איך געלעבט אין דעם פאָרגעשריטענעם דור, ווייס איך ניט צי וואָלט איך געווען אַזאַ געזונט־ליבנדיקער בירגער. איך וואָלט מיין קינד ניט אַוועקגע־געבן. — דער פאָטער האָט מיט תחנונים אַ קוק געטון אויפן זון: וואָלסט ניט אַנטלאָפן פון מיר?

— ביסט אַן אויסגעשפּראָכענער אינדיווידואַליסט, וואָס?

— אַ משפּחה קראַנקהייט, — האָט דער פאָטער פאַרטראַכט אַ זאָג געטון. — מיין פאָטער, איך האָב דיר אַ פּאָר מאָל דערציילט וועגן אים, האָט אפשר קיינמאָל ניט געהערט דאָס וואָרט אינדיווי־דואַליסט, אָבער אַז איך טו אַ טראַכט, באַגרייף איך אַז געווי דאָס איז ער געווען. ווייסט׳אַך ער איז געווען אַ פרומער ייד, זייער אַ פרומער, און דאָך איז ער זעלטן געגאַנגען דאַווענען אין שול. שבת, יום טוב איז ער, פאַרשטייט זיך, געגאַנגען, אָבער אינדערוואָכן האָט ער מייסטנס געדאַוונט אין דערהיים. איך האָב ניט פאַרשטאַנען למאי ער גייט ניט אין שול, אָבער פרעגן האָב איך ניט געוואַגט. געווען אַ קינד, און אַ קינד האָט געהאַט אָפּשיי פאַרן טאַטן, מורא געהאַט, ניט ווייל ער האָט געשלאָגן. חלילה. איך געדיינק ניט ער זאָל ווען עס איז מיר האָבן אַ פּאַטש געטון. ער איז געווען אַ גוטער מענטש. איז וואָס זשע האָב איך דיר געוואָלט דערציילן? יאָ, וועגן דאַווענען. ער האָט געדאַוונט אין דערהיים, איך האָב אויך געדאַוונט און, אַ קינד, האָב איך געוואָלט אָנהאַלטן גלייך מיט אים, אָבער עס איז מיר קיינמאָל ניט געלונגען. אַמאָל האָט ער געקענט אָפּדאַווענען אין וועלכע פערציק פופציק מינוט, און אַמאָל האָט עס אים גענומען אַ צוויי דריי שעה. דאָס האָב איך שוין גאָרניט געקענט פאַרשטיין. און עס האָט מיך גערופעט, איך וויל דאַווענען גלייך מיט אים, און ער . . . וואָס טוט ער דאָרט? איין מאָל האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און אַ פרעג געטון: ווי קומט עס?

— מיין קינד! — האָט ער מיר געזאָגט, — אַ ייד דאַרף דאַווט־נען יעדן טאָג. איך טו עס, דו טוסט עס, אַלע יידן איבער דער גאָרער וועלט טוען עס, ווייל דאַווענען דאַרף מען, אָבער דאָ טעג, מיין קינד, ווען ניט נאָר דאַרף מען דאַווענען, נאָר עס ווילט זיך דאַווענען,

און אַז עס װילט זיך דאַװנען, דאַן איז אַ שעה, צװײ, דרײ, װיפֿיל עס װילט זיך . . . — האָט ער פֿאַרענדיקט מיט אַ שמייכל. — װעסט עלטער װערן, װעסטו פֿאַרשטײן.

— זאָגן אַז איך האָב דאַן פֿאַרשטאַנען, קען איך ניט. איך געדײנק יאָ, איך האָב אױך געפּרואװט װעלן דאַװנען, אַפֿילו געפּרואװט זאָגן „אױ, טאַטע זיסער״, װי ער, אָבער, אױף װי װײט איך געדײנק, איז עס מיר ניט געלונגען, איך האָב פּשוט נאָכגעמאַכט. איצטער פֿאַרשטײ איך עס גאַנץ גוט, און ניט נאָר פֿאַרשטײ איך עס, איך װיל עס, איך װיל דאַװנען.

— און דאַריבער גײסטו עס אין „שול״? קענסט׳אַך דאַװנען אין דערהײם װי דער זײדע.

— אַן אַנדער דאַװנען. פֿאַרשטײסט, מײן זון, בײ אונדז ײדן זאָגט זיך: אױף דרײ זאַכן שטײט די װעלט, על התורה, על עבודה ועל גמילות חסדים. תורה, װײסטו דאָך. דער טאַטע האָט געקענט לערנען טאָג און נאַכט. ער האָט ניט געלערנט װי מיר פֿאַרשטײען היינט, זיך דערװיסן עפּעס װאָס ער האָט ניט געװאוסט, די גמרא האָט ער געקענט אױף אױסנװײניק, ער האָט ניט געלערנט, ער האָט איבערגעלערנט, אַרײנגעלערנט, דאָס לערנען אַלײן אַ מצוה. איך, װידער, װײס אַז צו זעקס און זעכציק לערנט מען שױן זײער װײניק. און לערנען לשם מצוה קען איך אױך ניט. דאָס איז מכוח תורה. דאָ קומען מיר צו עבודה. עבודה קען מײנען צװײ זאַכן — דינען גאָט, דאַװנען אױפֿן אָרט פֿון ברײנגען קרבנות, און עבודה מײנט אױך אַרבעט. דאַװנען װי דער טאַטע האָט געדאַװנט, װי איך פֿלעג דאַ־װענען, קען איך ניט. שױן לאַנג, לאַנג ניט געדאַװנט, און קלײב זיך ניט אָנהױבן װידער דאַװנען אױף דער עלטער. דאָס טוט די מאַמע. די מאַמע מײנט עס אפֿשר אױך אַז איך אַרבעט פֿאַר עולם הבא, איך װיל פּשוט עבודה און גמילות חסדים, מײן אַרבעט איז טון גמילות חסדים, װאָס דאָס איז װײסטו דאָך.

— יאָ, דאָס װײס איך. אָבער דאָס װאָלסטו דאָך געקענט טון אין דערהײם, ניט פֿאָרן יעדן טאָג, זיך שלעפּן אין טראַפֿיק.

דאָס פֿאָרן אַהײם האָט אַ שװעב געטון פֿאַר די אױגן, אַ שװעב געטון און פֿאַרשװאונדן. — מאַכסט אַ טעות. ערשטנס מוזסטו װיסן אַז אױף לאָס פֿעליז בולעװאַרד װאױנען ניט קײן קבצנים. די קבצנים

וואוינען ווייט אַוועק, און פאַרוואָס זאָלן זיי זיך שלעפּן אַהער? זיי איז גרינגער צו פאָרן?

— צווייטנס . . . צווייטנס, ווייסטו אפשר אַז מקבלים האָבן ניט אַזוי שטאַרק ליב זייערע מנדבים, ווייסטו דערפון? הײַנט שטעל זיך פאָר, אַ קבצן פון טעמפּל סטריט צי פון סענטראַל עוועניו דער־שלעפּט זיך אַזש אַהער, קומט אַרײַן אין דער הויז, מיט דעם מעבל, די טעפּיכער. ער וואָלט מורא געהאַט אַ טראָט טון! ער וואָלט זיך אפשר טיפער פאַרנייגט, אָבער אין האַרצן וואָלט ער מיך גלײַך פײַנט געקראָגן: פאַסקודנער גביר! וואוינט ווי אַ מיליאָנער, און מיר גיט ער גראָשנס. פאַרשטייסט? געבן אַ פּאָר דאָלאַר איז די לײַכטסטע זאַך — אַז מ'האָט זיי — דאָס איז אָבער ניט גענוג. גאַנץ אָפט באַליידיקט מען יענעם מיט די פּאָר דאָלאַר. מ'דאַרף געבן אַז דער מענטש זאָל ניט פילן ער איז אַ מקבל. מ'דאַרף רעדן ווי גלײַכע מענטשן, אַמאָל דאַרף מען גאָר גיין צו אים, ניט ער צו מיר. אַז ער קומט צו מיר אין אָפיס, דאָרט בין איך ניט דער גביר, ער ניט דער קבצן, עס איז שיר ניט אַ געשעפט. ווען איך קען נאָך אַרויסנעמען דעם טעפּיך דאָרטן, דער „קליענט" זאָל קענען פרײַ אַ שפּײַ טון, וואָלט גאָר געווען גוט. ניטאָ די מחיצה. פאַרשטייסט?

— יאָ, איך פאַרשטיי. פונדעסטוועגן, פאָרן יעדן טאָג . . .

לעאָן גאָטליב האָט טאַקע פאַרשטאַנען און האָט כמעט ווי אײַנ־געשטימט מיטן פאָטער, פונדעסטוועגן האָט ער זיך געהאַט זײַן חשד אַז דער פאָטער פירט זײַנע געשעפטן אין אָפיס, ווײַל ער וויל ניט די מוטער זאָל וויסן וויפיל און וואָס ער גיט. די מאַמע איז אַלע מאָל געווען אַ ביסל שטײַף אויפן דאָלאַר . . .

די מאַמע איז אַרײַנגעקומען מיט אַ טאַץ אין די הענט. פון דער טאַץ האָבן אַרונטערגעשײַנט בורשטינענע גלעזער טיי, דאָרטן האָבן זיך אויך געבערגלט זײַנע באַליבטע קיכעלעך, דער טרוסקאַווקע אײַנ־געמאַכץ האָט זיס געשמייכלט.

די מאַמע . . .

און קיין סימן פון אַ טרער אָדער פאַרדרוס, איר אויסדרוק עפּעס אַ מין שולדיקייט — אָפּגעטון עפּעס ניט ווי עס דאַרף צו זײַן, ווײַל פאַרגלעטן . . .

— ה . . . ם . . . — האָט לעאָן זיך געקוויקט. — די קיכעלעך זיינען אויסגעצייכנט!

— ניט געהאַט גענוג פּוטער, — האָט די מוטער אי זיך פאַר־ענטפערט, אי שטאָלצירט. עה, ווען זי האָט גענוג פּוטער! די קיכעלעך וואָלטן דאַן געווען . . . כאָטש אפילו אָן פּוטער זיינען זיי אויך . . .

— זי האָט ניט געהאַט גענוג פּוטער, האָט זי אויסגעלאָזט דעם כעס צו מיר, — האָט יוחנן מילד געקיבעצט זיין ווייב.

— אין כעס. ווער איז אין כעס? איך בין ניט אין כעס. אָבער, זאָג שוין דו, בין איך ניט גערעכט?

— אודאי ביסטו גערעכט. געמיינשאַפטליכעס אייגנטום איז געמיינשאַפטליכעס אייגנטום. שוין גערעדט מיטן טאַטן ער זאָל צו־גיין צו אַן אַדוואָקאַט און דיר אָפּשרייבן דיין העלפט, — האָט דער זון שטיפעריש אַ קוק געטון אויפן פאָטער.

— אַדוואָקאַט? ווער דאַרף עס אַדוואָקאַטן? דאָס איז ניט קיין „ריעל עסטייט״.

— טאָ ווי דען?

— דער רב, אָדער דער שמש פון שול, אים רופן וועט ער קומען.

— אה, דער רב? גערעכט. מיר גאַרניט איינגעפאַלן. סיי ווי, דאַרפסט זיך ניט זאָרגן וועגן דעם.

— ווער זאָרגט זיך, ווער?

אויף דער מאַמעס פּנים האָט זיך טאַקע ניט געזען קיין זאָרג, אדרבה, אויף איר פּנים האָט ער געקענט זען אַ שיין פון פרייד, די שיין אַן אָפּשלאָג פון שטילן נצחון. דער מוטערס, דעם פאָטערס פּנים, עפּעס האָט ער ניט געקענט זען אַז די פּנימער זאָלן זיך האָבן געענדערט. יאָ, זיי זיינען אַמאָל געווען יונג, אָבער די יונגע פּנימער געדיינקט ער ניט, די צוויי ליבע פּנימער זיינען, דוכט זיך, אַלע מאָל געווען אַזוי, און איצט, צו פינף און דרייסיק יאָר, ווען מ׳זאָל אים אַ פרעג טון: וועמען האָסטו בעסער ליב? וואָלט ער, ווי צו פינף יאָר, געענטפערט — ביידן! די אַלטיטשקע. אַ גוטע פּאָר. דער אופן ווי זי וויל קריגן אַ העלפט פון זיין עולם הבא! ווען ער קען זיין זיכער אַז עטל וועט זיך וועלן טיילן מיט אים, מיט זיין „עולם הבא״, וואָלט ער שוין לאַנג געווען חתונה געהאַט מיט איר, אָבער עטל, זי האָט איר אייגענע „עולם הבא״, איר לאַבאָראַטאָריע איז איר טייערער ווי אַ

מאַן . . . אַן אַנגעוווייטיקטער פּונקט, און די מוטער האָט, ווי דער־שפּירנדיק אַז ער טראַכט וועגן דעם, אַ פרעג געטון: געזען עטלען לעצטנס?

— ניין, כ׳האָב זי שוין ניט געזען אַ פּאָר וואָכן, — האָט דער זון אַ זאָג געטון, כאָטש ער האָט זי ערשט נעכטן געזען. די פרויען, דער עיקר די מאַמע, ס׳אַרא שאַרפע אינטואיציע זיי האָבן עס אין די ענינים. ווי פאַרשעמענדיק זיך פאַר אָפּנאַרן די מאַמע, איר אינטור־איציע, האָט ער צוגעגעבן: ס׳הייסט, כ׳האָב זי געזען, אַזוי, פאַרביי־גייענדיק.

דער מוטערס אויגן האָבן געפרעגט: נו? זיין ניט חתונה האָבן איז פאַר איר געווען דאָס ערגסטע אין איר לעבן און זי האָט, אויף איר שטייגער, שטענדיק געמאָנט, מיט אָנצוהערענישן, דערמאַנונגען. לעאָן האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ צום פאָטער. דער פאָטער, האָט ער געזען, האָט באַגריפן דער מוטערס פראַגע, געווען אייניק מיט איר, ער וויל אויך אים זען אַ חתונה געהאַט. — נו, איכ׳ל גיין. דאַרף נאָך ערגעץ צוגיין.

— אַ פּאַציענט נאָך?

— ניין, אַזוי. — מיטן טאָן פון די צוויי ווערטער האָט ער פאַרהאַקט די טיר — פרעגט ניט מער, איך וויל ניט זאָגן. דער אמת איז געווען, ער האָט אין ערגעץ ניט געדאַרפט גיין. די „קריג״ צווישן די עלטערן, וואָס האָט אים תחילת באַאומרואיקט, האָט איצט אין אים אַרויסגערופן אַ מין קנאה. זיי דאַרפן ניט זיין שלום פאַרמיטלעריי, זיי וועלן זיך שוין אויסגלייכן. די מאַמע איז נאָך אַלץ פאַרליבט אין טאַטן. יאָ, זי האָט אים ליב. אָט אַזאַ פאַר פאָלק, אָט אַזאַ עלטער...

— נו, גיט אַכטונג אויף זיך, — האָט ער זיך געזעגנט מיטביידן, געזעגנט ווי אַ זון און, מעשה דאָקטאָר, אַ זאָג געטון צום פאָטער — און דו, צי ניט איבער דאָס שטריקל. אגב, וואו האָסטו עס דיין א פּ י ס?

— וואָס הייסט וואו? אין זעלבן פלאַץ. אָפּיס. איין צימער. ווערסט האָבן אַ האַלבן טאָג פריי, אַ מיטוואָך, קום אַרויף.

— איך וועל עס טאַקע טון אויך.

ער האָט נאָך געזען ווי די מוטער האָט פאַרדעכטיק אַ קוק געטון: מאַן, זון, אָבער צוויי מענער, זי איין פרוי, אַ מענערישע פאַרשוועו־רונג? ער האָט אַ קוש געטון די מוטער, אַ טרייסל געטון דעם פאָטערס

אַקסל. — איר זייט אַלרייט, — האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט, און ער האָט ווי אַרויסגעכאַפּט זיך פון הויז. אַ שמייכל האָט געשפּילט אויף זיין פּנים: די אַלטיטשקע . . . איבערן שמייכל האָט זיך גענומען פּאַרציען אַ ביינקעניש, אַ גאַרעניש. דער דערפּאַלגרייכער דאָקטאָר לעאָן גאָטליב איז גאַרניט געווען אַזוי דערפּאַלגרייך . . .

(3)

— אָט וואָס דו טוסט ביי זיך אין אָפיס!

די צייטונג, וואָס האָט פּאַרדעקט גאָטליבס פּנים, ברוסט, האָט זיך אַ ריר געטון, זיך אַראָפּגעגליטשט מיט אַ שאָרך — אַ מיט־שולדיקע דינסט, וואָס זאָגט: געכאַפּט דעם באַלעבאָס! איך בין ניטאָ. דער באַלעבאָס, יוחנן גאָטליב, האָט זיך ראַש אויפגעזעצט. זיינע אויגן, נאַקעטע אָן ברילן, האָבן פּאַרשעמט געקוקט אויפן זון, איבערן פּנים האָט זיך געשפּרייט אַ שולדיקער שמייכל. — איך . . . איך . . . אַנ־דרימלט געוואָרן, — האָט ער אַרויסגעשטאַמלט, אַ וויש געטון דעם פּנים, מיט אַ בויג פון קאָפּ אַ זוך געטון די ברילן, ווישנדיק די גלעזלעך, נאָכאַמאָל דערקלערט: זיך צוגעשפּאַרט, געלייענט די צייטונג, אַנ־דרימלט געוואָרן.

— ווי פּילסטו? — האָט דער זון אַ פרעג געטון. אין דער פראַגע האָט דער פּאָטער דערהערט דעם דאָקטאָר, ווי ער פרעגט אויס דעם פּאַציענט, און קיין פּאַציענט האָט גאָטליב ניט געוואָלט זיין.

— זאָג דאָך דיר, פּשוט אַנדרימלט געוואָרן, — האָט ער ברוגז־לעך אַ בורטשע געטון, נאָכאַמאָל אַ וויש געטון די ברילן און געשיקט זיי אַרויפגעזעצט אויפן נאָז. — זיץ!

דער זון האָט זיך אַוועקגעזעצט, באַטראַכט דעם אָפיס, די קאַ־שעטקע.

— ניט שלעכט. — אין זיינע אויגן האָט געשפּילט אַ שמייכל, אַ שמייכל פון אַן עלטערן וואָס האָט געכאַפּט אַ יונגערן ביים אָפּטון אַ שפּיצל. דאָס שפּיצל איז אים אָבער געפעלן געוואָרן. — וואָס? געשעפט ניט אַזוי ראַשיק?

דער פּאָטער האָט אויפגעכאַפּט דעם חברישן, קיבעץ־טאָן. — וואָס זשע, דו מיינסט ס׳איז ביי דיר אין קליניק, דער דאָקטאָר לויפט פון איין פּאַציענט צום אַנדערן?

— און וואָשט אפילו ניט די הענט, — האָט דער זון אָנגע־האַלטן דעם שפּאַסיקן טאָן, אפילו אויף זיין אייגענעם חשבון. — הלואי וואָלט איך געהאַט אַזאַ קושעטקע.

— דאָס איז שוין דער מאַמעס אויפטו.

— נו, ווי דען. וואָס מאַכט זי?

— זי איז אָלרייט. גוואַלדיק פאַרנומען . . . — אינם אַלטנס אויגן האָט זיך באַוויזן אַ שטיפערישער שמייכל.

— וואָס אַזוינס? — דעם זונס קוק: אַ טשיקאַווע געשיכטע? בין איך גרייט צו הערן.

— אָה, ווייסט'אַך, מיט אירע עולם הבא געשעפטן.

— מיינסט . . . ?

— נו יאָ, זי האָט באַשטעלט דעם רב פון איר שול, מיטן שמש, גבאי, זיי זאָלן קומען אָפּשרייבן דעם חלק עולם הבא.

— מיינסט עס ערנסט?

— אודאי. וואָס דען, איך שפּאַס? וואָס איז היינט? מיטוואָך. באַשטימט אויף מאָנטיק אויף דער נאַכט, קומענדיקן מאָנטיק, דעם זעקס און צוואַנציקסטן. יאָ, מאָנטיק.

— איכ'ל קומען! — האָט דער זון אויסגערופן. אַ יינגל וויל זיך אַרויפכאַפּן אויפן אויטאָמאָביל, מיטפאָרן, צי מ'האָט אים גערופן אָדער ניט.

— קום. אודאי קום. פון וואַנען גייסטו איצט, פון שפּיטאָל, פון אָפּיס?

דאָס האָט דער אַלטער געוואָלט בייטן דעם געשפּרעך. דער זון האָט, מיט אַ יינגלשער נייגיריקייט, ניט געוואָלט אָפּלאָזן. — האָסטו עפּעס אַ סך עולם הבא אָפּשרייבן?

— מיינסט? — האָט דער אַלטער אַ פּיר געטון מיטן האַנט איבערן שרייב־טיש.

— יאָ, כ'מיין האָסט עפּעס אַ סך קליענטן? — איז שוין דער זון אַריבער אויפן פּאָטערס אָנגעוויזענעם וועג.

— שלעפּט זיך צוביסלעך.

— אינטערעסאַנט, ווער זיינען דיינע קליענטן?

— אַ דאָקטאָר רעדט ניט וועגן זיינע פּאַציענטן, איך רעד ניט וועגן מיינע קליענטן.

— ווער זאָגט עס אַ דאָקטאָר רעדט ניט? וועגן וואָס רעדט ער

יאָ, אויב ניט וועגן זיינע פּאַציענטן? ער רעדט ניט צו קיין זייטיקע, צו הדיוטים, אַזוי צו זאָגן, אָבער ווען דאָקטוירים קומען זיך צונויף, אַלץ וואָס דו וועסט הערן איז „קייסעס“ און „קייסעס“. און כ׳מעג שווערן אַז דו האָסט אפשר אַזעלכע אינטערעסאַנטע „קייסעס“ ווי מיר, דאָקטוירים, אפשר נאָך אינטערעסאַנטער.

— מעגלעך, — האָט שוין גאָטליב אַ זאָג געטון, ניט נאָר מעשה דאָקטאָר, נאָר שיר ניט ווי אַ פּראָפעסאָר. די „קייסעס“ האָבן זיך אַ וויג געטון פאַר זיין אינערלעך אויג, דאָס קעסטעלע מיט די קאַרטלעך איז אונטערגעשפּרונגען: וואָס דאַרפסטו טראַכטן „אויסנווייניק“? אָט זיינען זיי דאָך אַלע דאָ.

ניט איין מאָל האָט גאָטליב געעפנט דאָס שמאָלע הילצערן קעסטעלע, געפינגערט די קאַרטלעך פון זיינע קליענטן און, אָפּגע־שטעלט זיך אויף אַ קאַרטל, איז פאַר די אויגן אויפגעקומען ניט נאָר דער נאָמען, נאָר דער גאַנצער מענטש, זיין געשיכטע, ווי ער האָט זי־געוואוסט. וואָלט אַ פרעמדער אַ קוק געטון אויף אַזאַ קאַרטל וואָלט ער זיך ווינציק וואָס דערוויסט, ער וואָלט גאָרניט פאַרשטאַנען די איינציקע אָפּגעריסענע ווערטער אין יידיש, ענגליש, אַמאָל אויך אַזעלכע העברעאישע ווערטער ווי: סגי נהיר, שוטה, אָדער גאָר לבן ארמי. דאָס איז געווען אַ מין שיפר. גאָטליב האָט שטאָלצירט מיט זיין „קאַטאַלאָג“, ניט מיט דער גרויסער צאָל קאַרטלעך, נאָר מיטן אופן ווי ער האָט אים צוזאַמענגעשטעלט. געקומען אַ מענטש בעטן עפּעס אַ טובה, האָט ער אים ניט פאַרמוטשעט מיט קיינע פראַגן, ניט געגעבן אויסצופילן אַן „אינקוויזיציע בויגן“, ווי אין די „טשאַריטי אינסטיטוציעס“. יענע גיבן אויס ניין דאלאר אויסצוגעפינען אפשר קען מען איינשפּאָרן, ניט געבן דעם צענטן דאלאר. ער וויל ניט איינ־שפּאָרן, ער האָט גערעדט מיט דעם מענטשן ווי צו זיין גלייכן, און אין עטלעכע מינוט האָט שוין דער מענטש גערעדט צו אַ פריינט, פאַר אים אויסגערעדט זיין שווער ביטער האַרץ. דער פריינט האָט אים געלאָזט רעדן, אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט נאָר דאַן ווען מ׳האָט געדאַרפט אַרויסהעלפן, ווען דער צונג האָט, אַזוי צו זאָגן, זיך פאַרטשעפּעט. — מ׳דאַרף אַמאָל אַ פּיק טון אונטערן צינגל, — האָט ער זיך אַליין געזאָגט דערביי, אַ צופרידענער וואָס זיינער אַ „פּיק“ האָט געהאָלפן. ערשט ווען דער מענטש איז אַרויסגעגאַנגען פון אָפיס האָט ער פאַר־

צייכנט די „געשיכטע", קורץ, מיט איינצלנע ווערטער, פאַר אים איז אָבער געווען גענוג אַ קוק טון, און ער האָט שוין געזען דעם מענטשן, געהערט אים ריידן, אַמאָל אפילו געזען טרערן.

— נו, ווייז די סחורה, — האָט דער זון פאַמיליאַר געזאָגט, ווי איינער רעדט: מיר דאַרפן זיך דאָך ניט זשענירן.

דער אַלטער האָט פאַמעלעך געעפנט דאָס קעסטעלע, פאַרריכט די ברילן אויפן נאָז, גענומען פינגערן די קאַרטלעך, עטוואָס אַרויס־געצויגן איין קאַרטל.

— דאָ איז אַ פּאָר פאַלק, — האָט ער געלאָזט שטעקן דאָס קאַרטל עטוואָס אַרויסגעצויגן, און גענומען „לייענען אויסנווייניק". — לכתחילה איז ז י געקומען. אַ יונגע ווייבל. דאַרף זיין אַ יאָר צוויי, דריי און דרייסיק. געקומען איך זאָל איר לייען פופציק דאָלאַר. דער אַדוואָקאַט וויל פופציק דאָלאַר פאַר אָנקלאָגן איר מאַן למאי ער צאָלט איר ניט די וועכנטלעכע אַלימאָניע, וואָס דאָס געריכט האָט איר צו־געפסקנט. זיי זיינען זיך צעגאַנגען.

— דאַרויף דאַרף מען אַן אַדוואָקאַט?

— זי וויל אויך מ׳זאָל אים פאַרבאָטן זען דאָס קינד. דאָ אַ קינד, אַ זעקס־יאָריק מיידעלע.

— אַ פאָטער ניט זען דאָס קינד!

— ער פירט זי איבער. דעם טאָג וואָס ער זעט דאָס קינד ווערט עס אַ מזיק ניט קיין קינד. ער סטראַיעט עס אַן קעגן איר. און ער טוט עס איר אויף צו להכעיס. ווי נאָר ער דערוויסט זיך אַז זי איז ביי דער אַרבעט גייט ער שוין ניט אַרבעטן, דער פוילנצער, קומט צום קינד, גיט איר צוקערקעס, קויפט איר שפּילעכלעך, פירט זי איבער. אויף דעם האָט ער געלט, דער פוילּיאַק.

— וואָס זשע, ער וויל ניט אַרבעטן?

— עה, ווען ער זאָל ווען אַרבעטן!

— ער האָט געאַרבעט אַ צוויי דריי טעג אין וואָך, ניט געווען גענוג אויף דער הוצאה. זי וואָלט געווען געגאַנגען אַרבעטן, האָט זי אָבער מורא געהאַט אַז זי וועט אַוועקגיין אַרבעטן וועט ער אינגאַנצן אויפהערן. האָט מען זיך געריסן, זיך צעריסן, צעגאַנגען זיך, איצט אַרבעט זי. און דאָס קינד? טאַקע ניט גוט. שוין געטראַכט זי אַריינ־געבן אין אַ היים, אָבער דאָס האַרץ דערלאָזט ניט, טאַטע־מאַמע לעבן

און דאָס קינד אין אַ היים? אַ שכנה גיט אַכטונג. וואָלט שוין געוועז
ווי עס איז צו דערליידן, ווען ער קומט ניט.

— אָבער אַ פּאָטער.

— טאָ זאָל ער קומען ווען זי איז דאָ!

— האָב איך פאַרשטאַנען אַז זי האָט חרטה, וויל זיך צוזאַמענ־קומען, דאָס קינד איז אַ משכון — ווילסט קומען צום קינד, קום צו מיר. האָב איך איר צוגעזאָגט איכ׳ל איר העלפן, אָבער קודם מוז איך זען אים, איר מאַן, ווי קען איך אים קריגן? זי׳ט אים שוין לאָזן וויסן. ער איז געקומען. אַ וואוילער יונגערמאַן, ניט קיין איבערגעשפּיצטער, אָבער אַן ערלעכער מענטש. האָט ער מיר געזאָגט: ער אַרבעט ניט ווי אַלע אַנדערע אַרבעטער — אַ פּרעסער איז ער — ערשטנס ווייל ער האָט קיין כוח ניט — קוקט טאַקע ניט אויס קיין גיבור —, צווייטנס האָט ער פיינט דעם שאָפּ, ניט אַזוי דעם שאָפּ ווי די אַרבעטער. ווייזט זיך אַרויס ער איז ניט קיין פּרעסער, נאָר אַן אונטערפּרעסער, און די פּרעסער אַרבעטן עס צוזאַמען, אַ מין קאָאָפּעראַטיוו כלומרשט, אָבער דער הויפּט פּרעסער נעמט אַרונטער די סמעטענע, אים בלייבט די זויערמילך, אַמאָל דאָס אויך ניט. אים אַ פרעג געטון: ווי וואָלט גע־ווען ער זאָל גיין פאַר זיך?

— עפענען אַ שאָפּ?

— ניט קיין שאָפּ, אַ קרעמל. ער זאָל פּרעסן, די ווייב, זי איז דאָך אַ נייטארין, וואָלט אַ ביסל פאַרריכט, צוגענייט אַ קנעפּל, וואָלט געוועזן בעסער פאַר ביידן.

— יאָ, אָבער זי . . .

— דאָ איז ער אַרויסגעקומען מיט זיינע טענות. הייַנט געלט . . .

— וואָס טויג דיר מעשות, כ׳האָב זיי צוזאַמענגעפירט, זיי אויס־געשטאַט אַ קרעמל. איצט איז יעדע וואָך, ער אָדער זי, ברייַנגען מיר די פאָר דאלאר — זיי צאָלן מיר אויס וועכנטלעך, — האָט ער אַ שמייכל געטון, — און איך זאָל זיי נאָר געבן כאָטש יעדע וואָך מיינעם אַן אנצוג אויסצופּרעסן.

— וועסט נאָך ווערן אַ שדכן אויף דער עלטער.

— מיין זון, וועסט פּראַקטיצירן לאַנג געזונט וועסטו אויסגעפינען אַז ניט אַלע מאָל דאַרפסטו זיין אַ דאָקטאר, וועסט איינזען אַז אַ גוטער ייד . . .

— וואָס איז דאָס?

— א גוטער ייד? ווי זאָל איך דיר זאָגן? דאָ אין אַמעריקע וואָלט מען עס אָנגערופן אַ ראַביי, דאָ איז דאָך יעדער . . . קאַפּעליוש אַ ראַביי, אַ גוטער ייד איז אָבער ניט קיין ראַביי פון אַ טעמפּל. אַ גוטער ייד . . . ווי זאָל איך עס דיר דערקלערן? דאָס איז אַ צדיק, איינער אין וועמען דאָס פאָלק גלויבט, גלויבט אַז ער איז אַ הייליקער, קען פועלן זאַכן ביי גאָט, קען אפילו פועלן אַז אַן עקרה זאָל האָבן אַ קינד . . .

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, אומגעפער ווי אַ „מעדיצין מאַן", אַ מאַגיקער, ריכטיק?

— עפּעס אַזוינס.

— דאָ ביסטו אפשר גערעכט. ניט קיין אַ ל ט ע ר דאָקטאָר, ווי דו זאָגסט, — דער זון האָט אפילו דעם פאָטער ניט געקענט מוחל זיין וואָס ער האַלט פון אַ ל ט ע דאָקטוירים און רעכנט אים ניט פאַר קיין אַלטן געניטן דאָקטאָר, — אָבער איך פּראַקטיציר שוין עפּעס אַזוינס ווי מאַגיק. קומט צוגיין איינער, דער עיקר איינע, און קלאָגט זיך אויף אַלע חולאתן אין דער וועלט, הער איך זי אויס, פאַרקנייטש דעם שטערן, פאַרשרייב אַ ביסל וואַסער צעמישט מיט . . . גאָרנישט, און . . . עס העלפט!

— נו יאָ, לאָך ניט פון זיי. אַן איינגערעדטע קריינק, זאָגט מען, איז ערגער פון אַ קריינק. מ'דאַרף נאָר וויסן ווי אומצוגיין מיט זיי.

— נו, ווער נאָך? — האָט דער זון אַ פרעג געטון, מיט דער פראַגע אָפּגעהאַקט דעם פאָטערס לעקציע אין דאָקטאָריע. דער אַלטער לערנט מיך!

דער אַלטער האָט אַריינגעשטעלט דאָס קאַרטל, איבערגעמישט עטלעכע, זיך אָפּגעשטעלט אויף איינס, עס אפילו ניט אַרויסגעצויגן. — דאָ איז אַ פאַרשוין. אַן אינטערעסאַנטער פאַרשוין. — דער אַלטער איז געבליבן פאַרטראַכט, צוויי פינגער האָבן געגלעט, געצויגן דאָס בערדל אויף אַרונטער.

— וואָס? אים האָסטו אויך צוזאַמענגעפּירט מיט דער ווייב?

— עה, ווען איך קען אים צוזאַמענברענגען מיט דער ווייב! דאַן וואָלט ער אפשר ניט אָנגעהויבן שיכורן.

— שיכורן?

— אָט ווי דו הערסט. אַ מענטש האָט זיך גענומען צום טרינקען ווייל די ווייב האָט אים אַוועקגעוואָרפן, און זי האָט אים אַוועקגע־וואָרפן ווייל ער איז אויס מאַן . . . האָט עס מיר אַליין דערציילט. — פאָטער און זון האָבן זיך אָנגעקוקט ווי צוויי מענער און דער אַלטער מאַן האָט אַ פרעג געטון דעם יונגן דאָקטאר — ביסט׳אך אַ דאָקטאר, אפשר קענסטו אים העלפן?

— ווי אַלט איז ער?

— אַ יאָר צוויי־דריי און זעכציק.

דער דאָקטאר האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. — וועט שוין אויסלעבן זיינע עטלעכע יאָר אַזוי. — אַ מאַך מיט דער האַנט האָט מבטל געמאַכט דעם גאַנצן מענטשן.

מיטן אַנווייזנדיקן פינגער אויפן בערדל, האָט דער אַלטער לייכט געשאָקלט מיטן קאָפּ. — המ׳יאַ, דער קייסער דיינקט אַז ניט נאָר דאַרף ער הערשן, נאָר יענער דאַרף באַהערשט ווערן; דער גביר דיינקט אַז ער דאַרף זיין אַ גביר, יענער מעג, דאַרף זיין אַ קבצן, און דער דאָקטאר דיינקט יענער מעג קריינקען. אַ דאָקטאר קען אויך זיין קראַנק.

— וואָלט אַ בעלן געווען זען דעם דאָקטאר וואָס זאָל זיך אונ־טערנעמען היילן אַ דאָקטאר אַ שיכור.

— אָט דאָס איז די צרה מיט אייך דאָקטוירים, איר ווילט היילן די קריינק, ניט דעם חולה.

— און דו ווילסט אים אויסהיילן? פון וואַנען ווייסטו אַז ער טרינקט צוליב דעם? יעדער שיכור געפינט שוין אַ תירוץ. דער פאַקט איז, אויב ער איז אַ שיכור, טאַקע אַ שטענדיקער שיכור, קענסטו אים ניט אויסהיילן, כ׳ווייס, איינער פון טויזנט, און דאָס, בלויז ביזן נעקסטן טרונק. פטרסט דיין צייט אומזיסט.

— קען זיין. כאָטש מיר דוכט ער איז ניט וואָס דו רופסט אַן אַ שטענדיקער שיכור. סיי ווי, איך האָב זיך ניט פאַרנומען אים אויס־היילן, ווי דו זאָגסט. איך בין ניט קיין דאָקטאר, ניט איך קען און ניט איך . . . וויל אים אויסהיילן. ניין, איך וויל ניט אויסהיילן קיינעם, — האָט דער אַלטער שוין באַטאָנט. ער האָט געקוקט אויפן זון, אָבער גערעדט פּאַמעלעך, פאַרטראַכט, אָט ווי ער וואָלט געטראַכט אין דער הויך. — דאָ מענטשן וואָס דיינקען זיי קענען אויסהיילן די וועלט.

די גאַנצע מענטשהייט ווילן זיי אויסהיילן, גיב זיי נאָר די וואול. אַזוי ווי קיינער האָט עס זיי דערווייל נאָך ניט געגעבן שטעקן זיי דערווייל אַריין די האַנט צום מענטשן אין קעשענע, גנבענען ביי אים אַרויס די דריי גראָשן פאַר זייער רעצעפּט . . . — ער האָט אַ מאָך געטון מיט דער האַנט. — איך האָב ניט קיין רעצעפּט, דאָס היילן שוין לאָזן צו די דאָקטוירים, זעסטו, העלפן אַ מענטשן, דאָס . . .

— העלפסטו אים, הייסט עס, טרינקען.

— ניט ג ע נ ו י טרינקען, — האָט שוין דער אַלטער געענטפערט ניט אָן שפּאָט צום יונגן צוציק, וואָס דיינקט אַז ער ווייסט שוין אַלץ.

— אָבער אַז דו גיסט אים געלט . . .

— קודם האָב איך אים ניט געגעבן קיין געלט סתם אַזוי. ער איז אַ שלאָסער, אַ גוטער בעל־מלאכה, האָט ער מיר געזאָגט ער וויל עפענען אַ שאַפּ. ניט קיין מאַשין שאַפּ, אַ גאַראַזש, דאָס איז אַלץ וואָס ער דאַרף. אַ ביסל געצייג האָט ער, אַ ביסל וועט ער צוקויפן, וועט פאַרריכטן גראַז־שניידער, שאַרפן זעגן, מאַכן שליסל און, דער עיקר, ער האָט עפּעס אַ דערפינדונג, אַ מאַשינקע אַזאַ, ער׳ט זי אויסאַרבעטן קען מען גיין אין גאָלד. איך זאָל ווערן אַ שותף. שרעק זיך ניט. אים געזאָגט, איך דאַרף ניט קיינע געשעפטן, אויסשטאַטן דעם „שאַפּ״, דאָס יאָ. קורץ, ער האָט זיך זיין שאַפּ און שוין אַ חדשים דריי אַז ער אַרבעט דאָרט. מיר דוכט ער שלאָפט דאָרטן אויך, אַרבעט טאָג און נאַכט. אַמאָל כאַפּט ער זיך אַריין נאָך אַ פּאָר דאלאַר, קויפן עפּעס אַ שטיקל געצייג, און איך גיב זיי אים מיט פאַרגעניגן. פאַרשטייט זיך, איך וועל קריגן „ראָיאַלטיס״, אַזוי פאַרזיכערט ער מיך. איך האָב שוין מיינע ראָיאַלטיס געקראָגן. דער ייד איז געוואָרן אַ נייער מענטש. אים ניט צו דערקענען. ער איז ממש יונגער געוואָרן.

— ביסטו גאָר דער מכשף אָדער, ווי זאָגסטו, דער גוטער ייד.

— קיינע כישוף. דער מענטש איז פשוט פאַרנומען מיט עפּעס, ער דאַרף מאַכן זיין מאַשינקע און, צווישן אונדז גערעדט, איך האָף אַז ער וועט זי אַזוי גיך ניט מאַכן, וואָס לייגנער אַלץ בעסער. אין אוקראַיניש איז דאָ אַ ווערטל: מיט וואָס דאָס קינד זאָל ניט פאַרברייגגען, אַבי עס זאָל זיך ניט היינגען. אַ מאַשינקע? זאָל זיין אַ מאַשינקע. אַ גאַנץ פיינע מאַשינקע דער מענטש, האַ?

— האָסט נאָך אַ פּאָר מאַשינקעס . . . ?

— דאָ איז אַ . . . פוילער עפּל. יאָ, דאָס איז אַ פוילער עפּל. אַ פאַרשוין האָט געגעבן פאַלשע טשעקס. מ׳האָט אים אַריינגעפּאַקט אין חד־גדיא, האָב איך אים אַרויסגענומען. קומט ער צוגיין איך זאָל אים העלפן אָנקלאָגן דעם וואָס האָט אים אַריינגעזעצט. ער׳ט מיר אומ־קערן יעדן סענט, נאָך מיט פּראָצענט. ער וויל אים קלאָגן אויף הונ־דערט טויזנט דאלאר פאַר קאַליע מאַכן זיין רעפּוטאַציע, און ער׳ט זיכער געווינען.

— גאָר אַזוי, רעפּוטאַציע? ווער איז ער עס אַזוינס?

— נו יאָ, רעפּוטאַציע. אַ מעשה. ער איז אַ שרייבער אין האלי־וואוד, האָט שוין אָט אָט געהאַט אַ קאָנטראַקט מיט דער „הערקולעס סטודיאָ״, און יענער לומפּ האָט אים אָפּגעטון אַזאַ מעשה, אים אַריינ־געזעצט אין תפיסה צוליב עפּעס לומפּיקע פערציק דאלאר. דער ריכ־טיקער פויגל. האָב איך אים געזאָגט אַז איך צווייפל זייער שטאַרק צי זיין רעפּוטאַציע קען שוין אויפגעריכט ווערן. זיכער איז אַז אויב ער׳ט זיך אָנהויבן לאַדן וועט ער ווידער גיין אין חד־גדיא. ווייסט׳אַך, אין אַ געוויסן זין בין איך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אים, אים אַרויסגענומען אויפן תנאי אַז איכ׳ל אים באַזאָרגן מיט אַ שטעלע, אַרבעט. — אויב אַזוי, — מאַכט ער, — מוז איך אַוועקפאָרן פון דאַנען, נאָך דעם . . . קען איך דאָ מער ניט זיין. פאַרשטיי איך שוין, דער פאַרשוין וויל אַ פאָר דאלאר. — וואוהין ווילט איר פאָרן? — קיין ניו יאָרק. — גוט. שיר שיר האָב איך ניט אַרויסגעזאָגט: דאָ האָט איר אויף הוצאות. פּטור ווערן. דאָ איז מיר אָבער איינגעפאַלן: און וואָס טו איך אַז ער נעמט די פּאָר דאלאר און פאָרט ניט? פאָרט ער אַוועק, וועט די שטאָט אים ניט גיין זוכן ביי מיר. זיי זיינען גערן אַז זיי ווערן פּטור פון אַזעלכע נפשות. אָבער אַז ער פאָרט ניט אַוועק? הויבט זיך טאַקע אָן לאַדן מיט יענעם יידן? יענער ייד אויך אַ צאַצקע, נאָר גאָרניט, אַ מענטש . . . דאָ איז מיר אַרויפגעקומען אויפן זינען דער סאַניטאַריום. ווייסט׳אַך, דאָ שטאַרבט אַמאָל איינער פון ניו יאָרק, משפּחה, קרובים ווילן האָבן דעם קערפּער, אָבער אַ מת אַליין שיקט מען ניט, עמיצער מוז אים באַגלייטן. אַזוי פאָדערט די אייזנבאַן. אין סאַ־ניטאַריום אָפיס קען מען מיך, קלינג איך אָן אפשר איז דאָ אַ ניו יאָר־קער מת. און כך הוה. ס׳איז דאָ. אין צוויי טעג אַרום מוז מען אים

אָפּשיקן. מ׳גיט אויף הוצאות, נאָך אַ פּאָר גראָשן אין קעשענע. אויב איך האָב עמיצן . . . ער שטייט און הערט, פונדעסטוועגן אַז איך האָב אים איבערגעגעבן, אַזוי און אַזוי, דאָ האָט ער אַ געלעגנהייט, איז ער אַזש אויפגעשפּרונגען: מיט אַ מת! אַ מת! אים באַרואיקט, ער דאַרף ניט זיצן ביים ארון, דאַרף אַפילו ניט זאָגן קיין תהילים . . . אַ פּאָר־מאַליטעט בלויז. אַהין, אַהער, ער האָט זיך געדרייט, ער׳ט זיך מישב זיין . . . האָב איך אים פּשוט דערקלערט — דאָס איז דער איינציקער וועג ווי אַזוי אַרום ער קען פאָרן קיין ניו יאָרק, ווי איינער רעדט: ביי מיר קיין געלט קריגסטו ניט. וואָס טויג דיר מעשות, ער האָט איינגעשטימט און איך האָב אים אַוועקגעשיקט אויף . . יענער וועלט. ברוך שפּטרני. אַ פוילער עפּל. פונדעסטוועגן טוט מיר ניט באַנג וואָס איך האָב אים אַרויסגעשלעפּט פון תפיסה, דאָרטן וואָלט ער אינגאַנצן צעפוילט געוואָרן, אַזוי, אפשר . . . ניט געהערט פון אים.

— ווי איך זע, ביסטו אַ פאַרפאַלענער אָפּטימיסט, גלויבסט נאָך אַלץ אין מענטשן.

— האָסטו עפּעס בעסערס?

— דאָס ביסטו אפשר אויך גערעכט, אָבער ווען דו זעסט די מענטשן אַזוי נאַקעט ווי מיר זעען זיי . . .

— האָסטו פיינט מענטשן.

— און דו האָסטו זיי ליב?

— ליב? ניין, — האָט ער פאַרטראַכט געצויגן דעם „ניין״. די אַלע מעשות וועגן ליבע — אַ ליגן. פון זיי, פון די גויים, איז דאָך אָפּגערעדט. קריסטלעכע ליבע. אוי, די קריסטלעכע ליבע. אַ פייער־דיקע ליבע, צו אונדז יידן, פאַרשטייט זיך, און אַפילו צווישן זיך? אונדז האָט מען געבערנט, צווישן זיך הרגעט מען זיך סתם אַזוי, אויס ליבע. פון זיי איז אָפּגערעדט, נאָר אַפילו מיר, דער ואהבת לרעך כמוך, אויך אַ ליגן. עס קומט אויס, אַלץ וואָס מ׳דאַרף איז זאָגן האָב ליב און פאַרטיק, מ׳האָט שוין ליב. מישטיינס געזאָגט וויפיל מענטשן קען איינער ליב האָבן? צוויי, דריי, אַמאָל דאָס אויך ניט. מ׳דאַרף ניט ליב האָבן, מ׳דאַרף אָבער אויך ניט פיינט האָבן, אפילו ווען מ׳זעט זיי נאַקעט. נאַקעט איז בלויז די הויט, אונטער דער הויט, זאָגט זיך, זיינען אַלע מענטשן ברידער.

— יאָ, אונטער דער הויט זיינען מיר אַלע אַ ביסל צוגעפוילט . . .

— האָט דער זון געענטפערט, ניט אַזוי צו דערווידערן דעם פאָטער, ווי צו באַרעכטיקן זיך.

— אַ ביסל צוגעפוילט? אודאי. אָבער אַלע! פאַרשטייסט? ניטאָ איינער צאַצע און אַ צווייטער קאַקע. קומט מען צו דעם, איז אַ שיכור, ווי דו זאָגסט, צי אָט דער פוילער עפּל אויך אַ מענטש. אַ רחמנות אויף אים, מ׳דאַרף אים העלפן און, איך העלף צוביסלעך. — זיין קוק אויפן זון: וואָס? געפעלט דיר?

— טאַטע! לייגסט לאַטעס אויף צעריסענע שיך.

— הם . . . האָט דער אַלטער אַרויסגעברומט, אַ קנייטש געטון דאָס בערדל, דעם קין. אויף דעם האָט ער זיך ניט געריכט. — און דו? — אַן אַלטער, דערפאַרענער מענטש האָט געקוקט אויף אַ ניט־געניטן יונגן מענטשן מיט רחמנות און אויך ניט אָן גרינגשאַצונג: צוציק, וואָס ווייסטו?

— איך? פון דעם וואָס איך זע — און איך זע גענוג — קען איך דיר זאָגן: מ׳דאַרף נייע שיך. יאָ, טאַטע, אונדזער געזעלשאַפט, ווי זי איז, שטינקט, זאָלסטו מיר מוחל זיין, און דו מיט דיינע פלאַס־טערלעך, לאַטקעלעך וועסט זי ניט אויסבעסערן. מ׳דאַרף זי פשוט אויסקערן, אויסרייניקן, גוט דיזענפעקצירן. אין אַ ריינער געזעלשאַפט וואָלטן ניט געווען קיין צעפוילטע עפּל ווי דיינער דאָ . . .

— דאָס לידל האָב איך שוין אַמאָל געהערט, צי עס וועט טאַקע זיין אַזוי ווייס איך ניט, סיי ווי, צו לאַנג צו וואַרטן, ביז ס׳וועט קומען די נחמה וועט דערווייל אַרויס די נשמה. איך וויל עפּעס טון פאַר זיך . . . און די געזעלשאַפט? דיר זאָגן דעם אמת, איך בין כלל ניט זיכער אויב אין דיין געזעלשאַפט וועט עס זיין לויטער זעמל מעל. ניין, איך בין ניט אַזוי זיכער. אַפילו אין גן עדן געווען אַ שלאַנג.

— אויף דער שלאַנג וואָלטן מיר שוין אַכטונג געגעבן, ניט געזאָרגט.

— יאָ, דאָס וואָלט איר געטון. איר וואָלט זי אַוועקגעהרגעט איינס און צוויי. אָבער וואָס וואָלט איר געטון מיטן אַלטן יידן וואָס איז אַנטלאָפן פון שפּיטאָל? אַנטלאָפן אין כאַלאַט און שטעק שיך ווייל מ׳האָט אים געוואָלט פאַרסמען, אַזוי האָט ער געמיינט.

— זיין פּלאַץ איז אין אַ משוגעים הויז.

— נו יאָ, די דאָקטוירים האָבן אים טאַקע געוואָלט שיקן אַהין, ער

האָט זיי אָבער אָפּגעטון אויף טערקיש, אַנטלאָפֿן, און, וואָס זאָל איך דיר זאָגן, ער איז ניט משוגע. גערעדט מיט אים, באַשטאָט אים אין אַ הויז ביי אַ פּריוואַטער פֿאַמיליע, ער עסט, טרינקט און קומט צו זיך, מער ניט, ער עסט וואָס ע ר וויל. ניט קיין „העם און מעשד פּאַטיי־טאַס", וואָס מ׳האָט אים געשטאָפּט אין שפּיטאָל. און דאָס צוועלף־יאָריקע יינגל, וואָס „די געזעלשאַפֿט" האָט פֿאַרשפּאַרט אין אַ קאָ־לאָניע פֿון יונגע פֿאַרברעכער דערפֿאַר וואָס ער האָט איינטייל גע־נומען אין אַ גנבֿה איז אַ וואויל יינגל, גאָר אַ וואויל יינגל. אים לאָזן ביי דער געזעלשאַפֿט וואָלט ער אויסגעוואַקסן אַ גנבֿ . . .

— פֿאַרגעס ניט, טאַטע, איך רעד ניט וועגן ד ע ר געזעלשאַפֿט. איך רעד וועגן אַ געזעלשאַפֿט אין וועלכער דאָס וואָרט גנבֿה וועט זיין אַן אַלט, אַרכאַאיש וואָרט, בלויז פֿאַרן ווערטער בוך . . .

— אַהאַ . . . דעם לא תגנב אויסמעקן. און וואָס איז מכוחן יצר הרע? דעם יצר הרע וועט איר פּשוט קאַסטרירן? — האָט שוין דער אַלטער אָפֿן געשפּאָט. — לויטער מלאכים וואָלטן געוואַקסן. נו, מיין זון, אין מלאכים גלויב איך ניט. לייגסט שוין צופֿיל געוויכט אויף דיין געזעלשאַפֿט. פֿאַרגעסט אָפּנים אַז געזעלשאַפֿט באַשטייט סוף כל סוף פֿון איינצלנע מענטשן, און דער מענטש, דער מע־ב־טש,— האָט ער געצויגן דאָס וואָרט און אויך זיין בערדל, — איז ניט קיין מלאך, דער מענטש איז אַ שוואַכע באַשעפֿעניש, גאַנץ אָפֿט ווערט ער געשטרויכלט און מ׳דאַרף אים העלפֿן זיך שטעלן אויף די פֿיס, ניט אַזוי מיט געלט, עסן און טרינקען ווי מיט אַ פֿריינטלעך וואָרט, אַ וואַ־רעמען קוק, און די געזעלשאַפֿט, אפֿילו דיינע, איז בלינד. דאָס הייסט, זען זעט זי, אָבער בלויז ציפֿערן, אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל מענטשן, אַזאַ און אַזאַ קאַטעגאָריע, אָבער ניט דעם און דעם מענטש מיט זיינע שוואַכקייטן, פֿעלערן, צרות. אָט דער מענטש וועט אַלע מאָל דאַרפֿן אַ מענטשן.

— ווידער דער אַלטער אויסגעשפּראָכענער אינדיווידואַליסט, —

האָט דער זון גוטמוטיק געקלאַפּט דעם פֿאָטער איבער דער פּלייצע.

אין דעם טאָן, אין דער באַוועגונג פֿון די הענט אַ פֿונאויבנאַראָפּיקע גוטהייסונג פֿון דעם קלוגערן, דעם ווייסנדיקן צו דעם נאַרישן, ניט ווייסנדיקן: אַ רחמנות, ווייסט נעבעך ניט בעסער, אָבער זאָל מיינס

איבערגיין. — זיך מיט דיר ניט שפּאַרן. די פראַגע איז, כאפּסטו ניט אַריבער די מאָס?

— מיינסט געלט?

— וועגן דעם קימער איך זיך ניט. כ׳מיין צי אַרבעטסטו זיך ניט איבער?

— רופסט דאָס אַרבעט? איך האָב הנאה. למאַי לייקענען, כ׳האָב אמת הנאה דערפון, ניט פון דעם וואָס יענער איז אין אַ צרה, נאָר וואָס איך קען העלפן.

דעם אַלטנס קוק איז געפאַלן אויפן קעסטעלע מיט די קאַרטלעך. אַ פאַרטרווילעכער קוק: האַ, וואָס זאָגט איר? מיר ווייסן . . . דער זון האָט אַלווייסעריש געקוקט אויפן פאָטער: ער זעט ניט אַז כדי ער זאָל הנאה האָבן מוז עמיצער זיין אויף צרות. אים איז געקומען אויפן זינען די געשיכטע מיט זיגמונד פרויד. אויסהערנדיק אַ יונגן דאָקטאָר ווי יענער האָט ענטוזיאַסטיש גערעדט וועגן היילן אַלעמען, האָט דער אַלטער פרויד אַ זאָג געטון: נו יאָ, איך האָב דיך אַלע מאָל פאַרדעכ־טיקט אין סאַדיזם. ער׳ט עס אים אָבער ניט זאָגן. ניין, זיין פאָטער איז ניט קיין סאַדיסט, ער מיינט גוט, כאָטש זיין געדאַנקען גאַנג איז אַ פאַלשער. מיט אַ שמייכל האָט ער אַ זאָג געטון: אַ חידוש אַז די מאַמע איז אייפערזיכטיק? אַזוי אַרום פאַרקירעוועט דעם געשפרעך.

— נו, די מאַמע . . .

— זאָג גאָרניט אויף דער מאַמע, — האָט דער זון שפּאַסיק געדראָעט מיטן פינגער. זי איז אַ גוטע מאַמע. און מאָנטיק אָוונט, זאָגסטו, איז איר „גרויסע נאַכט״? איכ׳ל קומען, איכ׳ל זיכער קומען. איך וויל עס ניט פאַרפעלן. איר זאָלסטו אָבער ניט זאָגן אַז איך קום, וועסט איר דערציילן, וועט זי שוין נעמען באַקן, צוגרייטן . . .

— זי׳ט שוין סיי ווי באַקן. ניט פאַר דיר, איז פאַרן רב, פאַרן שמש, וואָס אַרט דיך, ס׳עט זיך שוין טון.

— אַלרייט. וואָס אַרט עס דיך?

— אַרט מיך ניט, — האָט גאָטליב עטוואָס מעלאַנכאָליש צו־געגעבן. דער געשפרעך האָט זיך אָפּגעשניטן. דער זון האָט זיך אויפ־געהויבן און דער פאָטער איז געוועזן צופרידן וואָס ער גייט שוין אַוועק. דער זון שמייכלט אויך אונטער וועגן זיין אַרבעט . . . זאָל ער. ער׳ט זיך טון זיינס. יאָ, ער׳ט זיך טון זיינס.

דער זון האָט פאַרמאַכט די טיר, יוחנן גאָטליב האָט ניט נאָכ־געקוקט דעם אַוועקגייענדיקן זון, ער האָט ווידער אַ קוק געטון אויפן קעסטעלע מיט די קאַרטלעך, און עס איז אים ליב געוואָרן, ליבער ווי די שטאָלענע פייער קאַסע וואָס איז נאָך געשטאַנען אין צימער פון די „גוטע געשעפטס יאָרן". ער האָט אַ וויש געטון דאָס דעקל פונם הילצערנעם קעסטעלע, עס אָנגענומען מיט ביידע הענט און פאַרזיכ־טיק עס אַוועקגעשטעלט. זיין קוק אויפן קעסטעלע — איך און דו, און איר, מיר פאַרשטייען זיך . . .

(4)

בשני בשבת, בשלשה עשר יום לחודש טבת שנת תש״ה לפ״ק, פה לוס אנגלס.

אתא לקדמנא מו״ה יוחנן ברב . . .

— אברהם. יוחנן ברב אברהם, — האָט גאָטליב אונטערגעזאָגט מיט אַ גרינגשאַצנדיקן שמייכל. דער רב מיט זיין גענזענער פעדער, מיטן שטיקל פאַרמעט, מיטן קליינעם פלעשעלע טינט, ווי ער האָט געצירקלט די אותיות מיט אַזאַ חשיבות, איז ביי אים ניט געווען אַזוי חשוב. גלייך ווי דער רב האָט זיך גענומען צו דער מלאכה — אָפּ־שרייבן דעם חלק עולם הבא — האָט ער אים פאַרגליכן מיט זיין פאָטער, אָט דעם אברהם, וואָס ער האָט נאָר וואָס אונטערגעזאָגט דעם רב. און רב אברהם מיט זיין ברייטער, ווייסער באָרד, מיטן הויכן לומדישן שטערן, דער ייד וואָס האָט געקענט ש״ס אויף אויסנווייניק און ניט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות שטעלע, האָט געטורעמט איבער דעם נידעריקן, דיקלעכן רב, מיטן פאַרשפּיצטן בייכל, מיט דער קליינער פּאָקרישקע יאַרמעלקעלע וואָס האָט קוים פאַרדעקט זיין פּליך. דאָס פּיצעלע יאַרמעלקעלע, די געלע האָר אַרום דעם האָט אַרויסגערופן פאַר זיינע אויגן אַ זון בלום וואָס הויבט ערשט אָן ווערן צייטיק. אַמערי־קאַנער רבנים, זייערע יאַרמעלקעלעך, ווי קאָמיש. און דער רב שרייבט עס איבער עולם הבא . . .

דער רב איז אָנגעגאַנגען מיט זיין שרייבן, אָנגעשריבן אַ זאַץ, האָט ער אים איבערגעלייענט אין העברעאיש־אַראַמעאיש און גלייך איבערגעזעצט אויף יידיש: „זייט כשרע און באַגלויבטע עדות אַז

איך בין מוחל במחילה גמורה, אָן קיין שום תנאי, און ניט געצוואונ־געגערהייט מיינע אַלע גמילות חסדים און אַלע צדקות . . .״

חנה גאָטליב, אָנגעטון לכבוד דער צערעמאָניע אין אַ שוואַרצער קלייד, מיט אַ שוואַרצן גאַרעסענעם שאַרף אויפן קאָפּ, איז די גאַנצע צייט געזעסן און פרום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ, יאָ . . . ווען זי האָט אָבער דערהערט אַ ל ע צדקות, האָט זי אַ לייג געטון די האַנט אויפן טיש. — זייט מיר מוחל, רבי . . .

דער רב האָט אַפּירגענומען די אויגן פון פּאַרמעט, שמש און גבאי האָבן פאַרחידושט אַ קוק געטון, פּאָטער און זון האָבן אָנגעשטעלט די אויגן.

— איך . . . איך . . . האָב געוואָלט זאָגן: ניט אַ ל ע. אַ העלפט. אַ העלפט נאָר.

פּאָטער און זון האָבן זיך איבערגעשמייכלט. די מוטער האָט טראָציק אַ קוק געטון אויף איר מאַן. אונטערן פאַרדראָסיקן קוק פון רב האָט זי אַרונטערגעלאָזט די אויגן, זי איז אָבער באַשטאַנען אויף אירס, — איך וויל ניט אינגאַנצן. האַלב. שרייבט טאַקע — האַלב.

דער רב האָט ברוגזלעך אַ זאָג געטון — דאָס שרייב איך דאָך. „מכל הנ״ל יהיה שייך לה חצי ליום שכלו ארוך״. חצי, האַלב, פאַר־שטאַנען? — און ווייטער געשריבן און געלייענט. „און אַז דער שטר וועט זיין גילטיק און זאָל ניט פּסול ווערן, און זאָל ניט געמינערט ווערן ניט דורך ענדערן די שפּראַך און ניט דורך אויסמעקן אָדער פאַרמעקן . . . אַז ווי ער וואָלט געמאַכט געוואָרן ביים בית דין פון ירושלים, און . . .

— וואַרט אַ ווײַלע, — האָט יוחנן אָפּגעשטעלט דאָס לייענען.

דער פאַרדריסלעכער קוק פונם רב האָט אים ניט געקימערט. אדרבא, דער שטיפער וואָס האָט אים געשטויסן צו מאַכן אַ באַמער־קונג, סתם לשם שפּאַס, האָט איצט שוין געמאָנט מעשה בעל חוב: זאָג, רעד!

— מיין ווייב איז גערעכט, זי וויל אַ העלפט פון מיינע מצוות, עולם הבא. דאָס קומט איר, דארויף זיינען מיר דאָך מאַן און ווייב. אָבער וואו איז יושר? איך גיב איר אַוועק אַ העלפט פון מיין עולם הבא, זי האַלט פאַר זיך אירע מצוות, קומען אויף יענער וועלט האָט

זי איר חלק, אי אַ העלפט פון מיינעם און איך בלויז אַ העלפט. וואו איז יושר?

— מיינע מצוות! — האָט זיין ווייב מבטל געמאַכט אירע מצוות.

יוחנן האָט ווי ניט געהערט זיין ווייב, ער האָט געטענהט. — שותפות איז שותפות. איך גיב איר אַ העלפט, דאַרף זי מיר געבן אַ העלפט פון איר עולם הבא, אירע מצוות.

זיין פרוי — אַ הון מיט אַן אויפגעשויבערטן רוקן, גרייט זיך פאַרטיידיקן און אויך זיך אונטערגעבן. די „הון" האָט זיך צוגעזעצט. — אָלרייט, זאָל זיין ווי ער זאָגט, — האָט זי אַרויסגעריסן פון זיך. דער רב האָט אַ קוק געטון אויף איר, געווענדט האָט ער זיך צום מאַן. — על פי דיני ישראל אשה — מעשה ידיה לבעלה, דאָס מיינט אַז דער שכר פון אַלע מצוות וואָס קומט איר איבער הונדערט יאָר אויף יענער וועלט באַלאַנגט ניט צו איר, נאָר צו איר מאַן. — דעם רבס אויגן האָבן אַרויסרופעריש געפרעגט: נו, וואָס זאָגסטו, תלמיד חכם מיינער? געפעלט אים ניט דער ייד. דוכט זיך ניט קיין עם הארץ, אָבער אַ . . . היינטיקער, פון די אפיקורסים . . .

דער אפיקורס האָט ניט נאָכגעלאָזט. — גוט. פיין. אָבער וואָס איז מכוח די עבירות? אויב שוין יאָ געמיינשאַפטלעך אייגנטום, שותפות, דאַרפן די עבירות אויך זיין חצי חצי, ניט אַזוי? דער קוק צו דער ווייב: דיך געפּאַקט, האָ?

— רשע! — האָט זי אויסגעשניטן דאָס וואָרט, די אויגן האָבן אַ פלאַקער געטון. פערציק יאָר פאַרהייראַט. אין די אַלע פערציק יאָר האָט ער ניט געלאָזט זיינס איבערגיין, זי האָט באַדאַרפט זיך רייסן מיט אים און, ווען אויסגעריסן אירס — זי האָט אויסגעפירט — האָט זי אים געביסן פון ליבשאַפט. אויך איצט וואָלט זי אים אַ ביס געטון...

— נו, וואָס זשע, דו, צדיקת, מיט אַלע דיינע מצוות און מיינע וועסט זיצן אין גן עדן און איך, דער רשע, מיט אַלע מיינע עבירות זאָל זיך פרעגלען אין גיהנום? וואו איז יושר?

— עבירות אויך! — האָט די פרוי געפּסקנט. זי האָט אַ שאַר געטון די האָר אונטערן שאַרף, איר פּנים אַ ווארנונג — וועסט באַ־צאָלן דערפאַר. ס'וועט דיר ניט אָפּגיין אַזוי גלאַטיק.

דער רב האָט אַוועקגעלייגט די גענזענע פען, אַ ריר געטון דאָס יאַרמעלקעלע אויפן קאָפּ, אַ הוסטל געטון. — דאָס קען מען ניט.

— וואָס קען מען ניט? — האָט די פרוי צעשראָקן געפרעגט.

— מ׳קען ניט פאַרקויפן קיין עבירות. אַ מענטש קען מוותר זיין אויף זיינע מצוות, קען פאַרקויפן זיין חלק לעולם הבא, ער קען אָבער ניט אַרונטערנעמען פון זיך זיינע עבירות, ניט ביי יידן, אַ ייד מוז פאַר זיינע עבירות אָפּקומען.

— אַזוי גאָר? — האָט גאָטליב ניט אָן איראָניע אַ זאָג געטון.

— הייסט עס אַז מיר צעגייען זיך, מיין ווייב, אויף יענער וועלט וועסטו זיצן אין גן עדן און איך וועל אָפּקומען אין גיהנום. אָט דאָס ביסטו אויסן געווען?

— איך בין גאָרנישט אויסן געווען, — האָט זי מאַך געטון מיט דער האַנט, פאַרטשעפּעט די ברעגן פון שאַרף, זיי אַ שטויס געטון און, אַ רוק טוענדיק איר אויבערשטן האַלבן קערפּער איבערן קאַנט פון טיש, האָט זי געטייטלט מיטן פינגער — פאַרשרייבט, רבי! פאַרשרייבט אַז ער דאַרף קויפן אַ שטיקל קרקע פאַר אים און פאַר מיר, קבר לעבן קבר, און איין מצבה זאָל געשטעלט ווערן איבער ביידע קברים. איין מצבה. — זי האָט זיך אויסגעגלייכט, אַ קוק געטון אויף אַלעמען, איר קוק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן זון. דער זון האָט געקוקט אויף דער מוטער, געשטוינט: זי — די גוטע, האַרציקע מאַמע? די אויגן בליצן, דער פּנים אַ שטורם אָנזאָגער. אין פאַרגלייך מיט איר איז דער פאָטער אַ לעמעלע, און ער האָט אַלע מאָל געדיינקט אַז דער פאָטער פירט די גרענדע.

„דאָס לעמעלע" האָט געקוקט אויף זיין ווייב מיט אַ מילדן קוק, די מילדקייט פון אַ געזונטן, אַ שטאַרקן, אויף אַ שוואַכערן וואָס רייסט זיך, וויל זיך דוקא פאַרמעסטן. — דאָס דאַרף מען ניט אַריינשרייבן, — האָט ער שטיל געזאָגט צום רב, דאָס האָט זיך אָבער דייטלעך געהערט, און ניט ווי אַן עצה, נאָר אַ באַפעל.

— איך וויל . . . — האָט זי אָנגעהויבן, — איך וויל . . . — זי האָט זיך פאַרהאַקט. די געררייצטע, אָנפאַלערישע פרוי איז מיט אַמאָל ווי איינגעשרומפּן געוואָרן. די גליענדיקע אויגן האָבן זיך פאַרצויגן. זי האָט אַריינגענומען אַ שפּיץ שאַרף אין מויל, אים געביסן, געקייט ממש.

— דאָס זאָג איך דיר צו, — האָט ער פאַרטרוילעך אַ זאָג געטון.

— דער רב איז אַן עדות, די יידן דאָ, און לעאָן אויך.

אויגן איבערגעפולט מיט טרערן האָבן אַ קוק געטון אויפן זון: העלף מיר כאָטש דו.

דער זון האָט זיך אַ רוק געטון, די האַנט האָט געוואָלט אַ גלעט טון די האָר, אָבער דער גאָרעסענער שאַרף איז געווען אַ מחיצה, די שפּיץ פינגער האָבן אַ גלעט געטון דעם שלייף, זיך אַ גליטש געטון צום ווינקל פון אויג, אַראָפּגעשאַרט אַ טרער. זי האָט אַ לייג געטון דעם קאָפּ צום זון אויפן אַקסל. גלעטנדיק איר אַקסל, אָרעם, האָט דער זון אַ קוק געטון צום פאָטער, צום רב: מאַכט עס שוין שנעלער, ענדיקט!

דער רב איז פאַרטיק געוואָרן מיטן שרייבן און, ווען ער האָט גענומען לייענען, האָט די מוטער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ווי אַ קינד וואָס האָט נאָר וואָס געקראָגן אַ פּאַטש, זיך אויסגעוויינט און וואַרט צו הערן: נו שאַ, מער ניט, האָט זי זיך איינגעהערט:

„והכל שריר וקים. נאום יחיאל מיכל, רב דק״ק לוס אנגלס: ונאום . . . ונאום. און צו פאַרפעסטיקן דעם אָפּמאַך איז געקומען רב יוחנן און אַליין זיך געחתמעט . . .״

יוחנן גאָטליב האָט מיט אַ שמייכל באַטראַכט די גענזענע פעדער, אונטערגעשריבן זיין נאָמען, אַ טאַפּ געטון די ברילן מיט איין פינגער, באַטראַכט זיין חתימה. אַ ביסל אַנדערש אַרויסגעקומען ווי מיט זיין שפּריץ־פעדער, אָבער זיין חתימה. ער האָט דערלאַנגט די פעדער זיין ווייב — שרייב אויך אונטער. חנה גאָטליב האָט אַ קוק געטון אויפן רב: זאָל איך?

דער רב האָט אַ ריר געטון דאָס יאַרמעלקעלע אויפן קאָפּ, אַ הויב געטון די אויגן. אים איז שוין נמאס געוואָרן דער גאַנצער עסק. פּטרן, איבערקומען. זאָל זי אונטערשרייבן. ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

חנה גאָטליב האָט פאַרזיכטיק אַ נעם געטון די פעדער. אַזוי גרינג, די ציטערנדיקע פינגער קענען זי קוים איינהאַלטן. זי האָט פאַרשטייפט די פינגער אַרום דער פעדער מיט דער אַנטשלאָסנקייט: זאָל זיין וואָס עס וויל זיך, איכ׳ל אונטערשרייבן. די לינקע האַנט האָט אַ שאַר געטון די האָר אונטערן שאַרף, זי האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, אַ מעסט געטון דעם פלאַץ: אָט דאָ אָ? און פּאַמעלעך גענומען צייכענען די אותיות פון איר נאָמען. אַוועקגעלייגט די לייכטע גענזענע פעדער, האָט זי זיך אויסגעגלייכט ווי זי וואָלט אַרונטערגעוואָרפן פון די פּלייצעס אַ שווערע משא.

אַלע האָבן געמאַכט אַ באַוועגונג זיך אויפהויבן. חנה האָט זיי אַלעמען איבערגעיאָגט, זיך אויפגעהויבן, מיט אַ האַנט באַוועגונג זיי געהייסן בלייבן זיצן, זאָגנדיק: איצטער ׳עט מען עפּעס צובייסן.

פלינק, גאָרניט לויט איר עלטער, האָט זי זיך אַוועקגעלאָזט און באַלד איז זי צוריקגעקומען מיט אַ טאַץ, אַ פלעשל בראַנפן, גלעזלעך און אַ היפּשן טאָרט.

— לחיים! לחיים! גאָט זאָל געבן אריכות ימים ושנים, ישועות ונחמות אויף אַלע יידן.

דער רב האָט סטאַטעטשנע אויסגעזויגן זיין קעלישעקל בראַנפן, דער שמש האָט זיין גלעזל אַרונטערגעגאָסן מיט אַ קער פון קאָפּ, ביים גבאי האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

— פאַרבייסט! פאַרבייסט! — האָט די באַלעבאָסטע אונטערגערוקט איר טאָרט, און נאָך איידער מ׳איז פאַרטיק געוואָרן מיטן לעקאך און בראַנפן, האָט שוין די באַלעבאָסטע אַריינגעבראַכט טיי, קיכעלעך, איינגעמאַכטס.

דער שמש האָט אַ פאַרביינקטער געקוקט אויפן פלעשל בראַנפן. ער האָט אָבער געזופּט די הייסע טיי, צוגעביסן. קיין געשפּרעך האָט זיך ניט געקלעפּט. אַזוי ווי די גלאָז טיי איז אויסגעטרונקען געוואָרן, האָט דער רב, אַ פאַרשוויצטער אַ מאָך געטון מיט דער האַנט: ביין, אַ דאַנק, איך וויל מער ניט, און קיינער האָט שוין מער ניט געוואָלט קיין טיי.

— נו, וואָס קום איך אייך פאַר אייער טרחה? — האָט גאָטליב, מעשה סוחר, זיך געווענדעט צום רב.

— דאָס איז ניט קיין טרחה, עס איז אַ מצוה, — האָט דער רב אַ ביסל אָנגעבלאָזן געענטפערט. דער גבאי האָט זיך גלייך אַריינגעמישט. — מיר זיינען מיר אַלע שליחי מצוה, שליחים פון דער שול, וואו איר, אייער ווייב זאָל געזונט זיין, דאַוונט, איז קודם די שול, מנדב זיין עפּעס פאַר דער שול . . . — דער שמש האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— די שול, פאַרשטייט זיך, אָבער אייך קומט דאָך אויך עפּעס. געשלאָסן, ווי זאָגט מען עס, אַ געשעפט. געשעפט איז געשעפט. איז וויפל?

— וויפל איר פאַרשטייט.

— גאָר אַזוי, פאַרלאָזט זיך אויף מיין יושר? איכ׳ל אייך נאָך אָפּנאַרן . . . — דער שמייכל אין גאָטליבס אויגן, אַ רמאישער, האָט געזאָגט: איכ׳ל אייך . . . אָנזאַלצן . . .

— מע . . . — האָט דער גבאי אַ קנייטש געטון מיט די אַקסל.

— וואָס מכוח ח״י? דער שול ח״י, אייך צו ח״י.

— פיין. פיין. מיר האָבן געוואוסט איר׳ט אונדז ניט קריוודען,— האָט דער גבאי גערעדט ניט נאָר מיטן מויל, נאָר אויך מיט אַ באַוועגונג פון די פינגער אַרויף צו. גאָטליב האָט געשריבן אַ טשעק, און די גאַנצע שטוב האָט ווי זיך צוגעקוקט צו זיין שרייבן.

— אַ דאַנק. אַ שיינעם דאַנק. גאָט זאָל געבן אריכות ימים ושנים, ישועות ונחמות אויף יידן. אַ גוטע נאַכט. אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט. אַ גוטע נאַכט.

די כלי קודש האָבן פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, די עלטערן און דער זון האָבן שטייענדיק זיך אָנגעקוקט.

— נו, מאַמע, צופרידן?

— צופרידן. וואָס, אפשר בין איך ניט גערעכט?

— גערעכט, אודאי גערעכט, — האָט דער זון פּאַטאַקעוועט.

— נאָ! — האָט גאָטליב איר דערלאַנגט די צענויפגעוויקלטע מגילה.

— וואָס גיסטו עס מיר? באַהאַלט!

— דאָך דיינס.

— מיינס. באַהאַלט. — אין די צוויי ווערטער, אינם טאָן: איך האָב טאַקע אויסגעפּירט מיינס, אָבער, דו ווייסט דאָך, מיינס איז דיינס . . . זי האָט זיך אַפילו ניט צוגערירט צו דער מגילה. מיט אייליקע באַוועגונגען האָט זי גענומען אָפּראַמען פון טיש און איז אַרויס פון צימער, אין קיך אַריין.

(5)

גאָטליבס אויגן האָבן אַ בלאָנזע געטון, איין האַנט האָט נאָכלעסיק אַ לייג געטון די מגילה אויף אַ ספרים עטאַזשערקע. ער האָט אַ קנייטש געטון מיט די אַקסלען — מנע — און אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — אַ דאַנקען גאָט. איבערגעקומען.

— מיד? — האָט דער זון אַ פרעג געטון, זיך צוגעזעצט. מיט

זיין אָוועקזעצן זיך האָט ער איינגעלאַדן דעם פּאָטער אויך טון דאָס־זעלבע. זיצנדיק שוין אין טיפן פאָטעל, האָט ער פאַמעליך געענט־פערט — ניט מיד, אָבער . . . — די האַנט האָט אַ ווייז געטון צום טיש, וואו דער רב איז געזעסן, — פריקרע דער גאַנצער עסק.

— אַ צערעמאָניע, ניט מער. און די מאַמע . . .

— יאָ, די מאַמע, — האָט דער פּאָטער אומעטיקלעך געענטפערט.

— און איך האָב געמיינט אַז דו ביסט אויך געוואָרן עטוואָס רעליגיעז. דיין צדקה, צי ווי דו רופסט עס, האָב איך אויך אַזוי פאַר־שטאַנען. אויף די עלטערע יאָרן ווערן מיר אַלע צוביסלעך רעליגיעז.

— אויף די עלטערע יאָרן, — האָט דער פּאָטער מעדיטירט. — אַלט בין איך, אָבער רעליגיעז? איך ווייס ניט. זיכער ניט אויף איר אופן. ניט עולם הבא. ניין, ניט אויף דעם אופן. געווען אַמאָל פרום. יאָ, איך בין געווען זייער פרום, ווען איך בין אַלט געווען ניין, צען יאָר, אַפילו שלאָפן געגאַנגען אין אַ יאַרמעלקע. און ניט ווי דעם רבס, אַ מיניאַטור יאַרמעלקעלע, נאָר טאַקע אַ יאַרמעלקע, ביז איבער די אויערן, — האָט ער מיט אַ שמייכל אַ קוק געטון אויפן זון, ווי פרעגנדיק אים: וואָלסטו זיך עס געגלויבט? — עס האָט זיך אָבער גיך אָפּגעטון פון מיר, זיך אַ קירעווע געטון, שאַרף אַ קירעווע געטון, — האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. — דער טאַטע האָט ניט געוואָלט ליידן. אַלץ הייסט ניט וועלן. ער איז געווען אַ פרומער ייד. טאַקע פרום, ניט ווי אָט דער רב מיט דעם קמץ בערדל . . . — ער האָט אַ גלעט געטון זיין בערדל, עס פאַרגליכן מיט זיין פּאָטערס ברייטער, ווייסער באָרד, דערזען אים, פאַרביינקט געקוקט אויף אים און גערעדט. — ער האָט געפּרואווט, עס האָט אים ניט געהאָלפן. ווען ער האָט געזען אַז פאַר־פאַלן . . . האָט ער אויפגעגעבן, מיר גאָרניט געזאָגט. ווייסט? ווען איך טו אַ טראַכט, ער איז געווען אַ דימענטענער מענטש. ווייט צו געפינען אַזאַ מענטשן. ער האָט געוואוסט אַז איך רויכער אום שבת, האָט אָבער גאָרניט געזאָגט. אמת, איך האָב קיינמאָל ניט גערויכערט פאַר אים אין די אויגן, בין אַפילו געגאַנגען מיט אים שבת אין שול, כאָטש געדאַוונט האָב איך שוין ניט. עס האָט אים ווי געטון, האָט אָבער גאָרניט געזאָגט, מער ניט, ווען איך האָב גענומען רעדן וועגן פאָרן קיין אַמעריקע האָט ער זיך ניט געשטעלט קעגן, און ער האָט ווינציק וואָס געהאַלטן פון אונדזער מדינה. ווי היינט געדיינק איך

נאָך זײַנע ווערטער: „פּאָרסטו, הייסט עס? נו פּאָר געזונטערהייד. איין זאַך, מײַן זון. דאָרטן — אַן אַנדער לאַנד, אַנדערע מענטשן, אַן אַנדער הימל . . .״ האָסט באַדאַרפט הערן דעם זיפץ נאָך דעם „הימל״. ווי איינער רעדט, אין יענעם הימל, וואָס פאַר אַ גאָט קען שוין דאָרטן זײַן? „אָבער חוץ אַ גאָט אין הימל איז דאָ אַ גאָט אין האַרצן. האָב גאָט אין האַרצן. און זײַ אַ ייִד.״ מיט דעם האָבן מיר זיך געזעגנט. שוין יאָרן אין דעם, אָבער איך קען נאָך אַלץ זען זײַן פּנים דאַן, הערן זײַנע רייד. „האָב גאָט אין האַרצן.״ אויב דאָס איז רעליגיע, דאַן בין איך רעליגיעז. געווען אַ גוטער פּאָטער, ניט ווי איך, — האָט גאָטליב פאַרענדיקט כלומרשט שפּאַסיק, װעלנדיק צערײַבן זײַן סענטימענטאַל ווערן פאַרן זון אין די אויגן.

— איך האָב גאָרניט קעגן מ ײַ ן פּאָטער, — האָט דער זון געענטפערט כלומרשט אויך שפּאַסיק. — און, איך גלויב, האָסט גאָרניט וואָס אויסצוזעצן קעגן דער מוטער. זי . . .

— ניין, איך האָב צו איר גאָרניט. זי וויל איר העלפט, און זי איז באַרעכטיקט דערצו. איך האָב גאָר געטראַכט אַן אַנדער זאַך. — ער האָט אָנגעשטעלט די אויגן אויפן זון. — אייגנטלעך באַראַבעווע איך דאָך דיך.

— מיך? דו באַראַבעוועסט מיך?

— נו יאָ. דאָס געלט וואָס איך פאַרמאָג איז דאָך, אייגנטלעך, דײַנס. איך גיב אַוועק דאָס געלט, בין גוט צו מענטשן אויף דײַן חשבון. וועל אַזוי אָנגיין מיט מײַן צדקה, ווי דו זאָגסט, נאָך עטלעכע יאָר, וועסטו מיך דאַרפן מקבר זײַן אויף דײַנע הוצאות. ניט אומזיסט וויל די מאַמע זיך באַוואָרענען מיט אַ שטיקל קרקע.

— דאָס מיינסטו? נו . . . שאַ! אפשר זאָל איך גאָר ווערן אַ שותף? ניט צו דער עולם הבא, ניט אויף אַרויסנעמען עפּעס, נאָר אַרײַנלייגן אַ פּאָר דאָלאַר. וואָס זאָגסטו? וואָס מכוח „גאָטליב און זון״, „לימיטעד״, — האָט ער נאָך צוגעגעבן מיט אַ שמייכל.

דער פּאָטער האָט ניט געשמייכלט. — ניין, קיין שותפות דאַרף איך ניט. דערווײַל האָב איך גענוג. ווי זאָגן גייען, כ׳דיינק אומגעפער אַ זיבן אַכט טויזנט דאָלאַר אַ יאָר, קען איך אַזוי אָנגיין נאָך אַ ניין צען יאָר. אויב איך זאָל נאָך ציען אַזוי לאַנג און דיר טאָקע גאָרניט

לאָזן, טאָ האָב קיין פאַראיבל אויף מיר. מיין פאָטער האָט מיר אויך גאָרניט איבערגעלאָזט.

— מאַכסט אַ טעות. ער האָט דיר שוין גאָר איבערגעלאָזט. דיר איבערגעלאָזט אַ היפש ביסל . . . און, אויב איך זאָל אַמאָל זיין אַ פאָטער פון אַ קינד, וואָלט איך זיך געוואונטשן אים איבערלאָזן ניט ווינציקער ווי דו מיר. יעס, סיר.

— יאָ, וואָלט צייט געווען זאָלסט ווערן אַ פאָטער, — האָט דער אַלטער אַ קוק געטון אויפן זון. דאָס מויל האָט געעצהט, דער קוק האָט געבעטן. — און אַז דו׳סט האָבן אַ קינד, זיי אַ פאָטער צו אים. וואָס איך מיין — זיי אַ פ אָ ט ע ר. ניט אָפּקומען מיט אַ קוק טון אויפן קינד איין מאָל, צוויי מאָל אַ טאָג, נאָר טאָקע זיין מיט אים, לערנען, דערציען. און האָב אינזינען — לערנען מיט ווערטער איז גאָרניט. און פון ביכלעך קען מען אויסלערנען ווי צו מאַכן שרייפּ־לעך . . . ווי צו לעבן, דאָס דאַרף מען לערנען לעבנדיק. קינדער, אפילו דערוואקסענע, לערנען מיט נאָכטון. ווערסט דאַרפן זען דיין קינד זאָל האָבן וואָס נאָכצוטון, טאָג איין טאָג אויס, עס זאָל ווערן אַ געוואוינ־הייט, אַ באַדערפעניש, דאַן וועסטו וויסן אַז דו האָסט אַ קינד, טוסט עפּעס. יאָ, לערנען דאַרף מען פון וויגל ביזן קבר. קיין שכל געהאַט. געווען צופיל פאַרנומען מיט מאַכן געלט, אַנדערע זאַכן . . . פאַר־פאַלן. איך האָף אַז דו׳סט עס בעסער מאַכן . . .

דער פאָטער איז אַנטשוויגן געוואָרן, אויפן זון האָט זיך אויך אַרונטערגעלאָזט אַזאַ געדיכט שווייגן, אַז ווען די מוטער איז אַריינ־געקומען האָט ער זיך געטון אַ כאַפּ אויף.

— וואָס האָסטו זיך אַזאַ כאַפּ געטון?

דער זון האָט צעמישט אַ קוק געטון, אַ דריי געטון דעם האַנט געליינק, אַ קוק געטון אויפן זייגערל. — איך מוז גיין! — זיין טאָן: שוין לאַנג געדאַרפט געווען גיין. פאַרשפּעטיקט, פאַרשפּעטיקט!

— וואָס איז די איילעניש?

— איך מוז גיין. שוין אַזוי אויך פאַרשפּעטיקט. — ער האָט אייליק אַ קוש געטון די מוטער. אָנגענומען דעם פאָטערס האַנט, האָט ער זי לייגגער פאַרהאַלטן, אַ טרייסל געטון. — אַ גוטע נאַכט, טאַטע! — אין דעם „טאַטע״ — אַ קנויל מחשבות, אַ כוואַליע געפילן צו־זאַמענגעדריקט, קאָנדענסירט.

די קאַלטע לופט אין דרויסן האָט אַ הויב געטון זיין קאָפּ. ער האָט דערזען אַ פּאָר שטערן און גלייך צוריק אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ. ער איז פּאַמעלעך געגאַנגען צו זיין אויטאָמאָביל, גייענדיק געפילט ווי אויף זיינע פּלייצעס לייגט זיך אַרויף די עלטער. ער איז מיט אַמאָל עלטער געוואָרן, און די עלטער האָט ניט געדריקט, ניט אָפּגעשוואַכט, זי האָט אים בלויז פאַרבונדן מיט אַ טאַטן, אַ זיידן, דורות גאַנצע, איין לאַנגער, לאַנגער פאָדים, וואָס ציט זיך . . .

ביים טירל פון אויטאָמאָביל האָט ער ווידער אַ הויב געטון דעם קאָפּ. אַזאַ הויכער הימל! היינט די שטערן, אַזוי פיל שטערן, אַ גרויסע, גרויסע וועלט. — אַ גרויסע וועלט, — האָט ער אַ זאָג געטון אין דער נאַכט אַריין. אַרויסגעזאָגט די ווערטער, איז די שטילקייט אַרום גע־וואָרן געדיכטער, ער, מיט זיין שטימע, זיין וועזן — אַן אַריינדרינגער, אַ פרעמדער. די שטערן, האָבן זיי געהערט זיין קול? ווינקען זיי, שפּעטן זיי? דער הימל — לויטער, בלוי, קאַלט. אַ גרויסע וועלט, קאַלט, גלייכגילטיק, גרויזאַם גלייכגילטיק.

מיט אַ קרעכץ האָט ער זיך אַריינגערוקט הינטערן רעדל, די פינגער אויפן שליסל האָבן זיך פאַרטראַכט. אין דער קליינער ערדי־שער וועלט זיך צוטוליען, פילן מענטשלעכע וואַרעמקייט, יאָ, מענטש, דאָס איינציקע . . .

ער האָט איבערגעדרייט דעם שליסל, הענט און פיס האָבן אויטאָ־מאַטיש זיך באַוועגט, דער אויטאָמאָביל האָט זיך אַ ריס געטון, ווי־דערשפּעניק זיך אַ לאָז געטון אין דער נאַכט, אין דער גרויסער, גרויסער וועלט אַריין. די אויטאָמאָביל לאָמפּן האָבן חוצפּהדיק גע־שריען: אַ מענטש פאָרט! דער ווינט אַנטקעגן האָט געריסן און געררייצט: גיכער! ווייטער! דער מאָטאָר האָט פאַרטרויליך געזשומעט: מיר'ן קומען, מיר'ן קומען . . .

# צען צו צוועלף

זיין פאַמיליע נאָמען איז געווען יתום. אויסגערעדט מיט דער וואָלינער אויסשפּראַך — יוסעם, — האָט דער נאָמען געקלונגען אַזוי יידישלעך, אַזוי היימיש, אַז די ווענדונג „מיסטער" איז געווען ווי אַ היטל פון אַ דערוואַקסענעם אויפן קאָפּ פון אַ קליין ייִנגל. באַקאַנטע, אפילו ניט צו נאָענטע האָבן דאריבער אויסגעלאָזט דעם „מיסטער" און אים פּשוט גערופן — יתום, אָן מיסטער. זיין ערשטער נאָמען איז געווען יונה. אַ גוטער, יידישער, ביבלישער נאָמען, אָבער קענטיק אַז נעמען האָבן אויך זייער מזל אָדער שלימזל. דער נאָמען יונה האָט אין פאָלקס מויל צוגעקראָגן אַ לייכטן קאָמישן אונטערשלאַק. אָט דער קאָמיזם דריקט זיך אויס אינם ווערטל: רבונו יונה, האָסט אַ סך אַזוינע? צוליב אָט דעם עטוואָס קאָמישן אונטערשלאַק האָבן פריינט, אַפילו גאָר נאָענטע, אים זעלטן גערופן ביים ערשטן נאָמען יונה. יתום איז געווען דער נאָמען. אויך ד ע ר נאָמען איז געווען אַ טעמע צום וויצלען זיך.

— וואָס זשע, איר זייט טאַקע אַ יתום?

— אָט ווי איר זעט, אַ קיילעכיקער יתום, איינער אַליין, — איז געווען זיין ענטפער.

די ווערטער „קיילעכיקער יתום" זיינען אויך אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין אַ לייכטן שפּאַסיקן טאָן. וועלכער מענטש אַרום פופציק איז זיך עס מצער וואָס ער האָט ניט מער קיין טאַטע־מאַמע? מענטשן אין די יאָרן, אויב זיי האָבן נאָך עלטערן, שעמען זיך גאָר אונטער... דערמאָנען וועגן דעם. דערפאַר דער צוגאָב „איינער אַליין" האָט שוין ניט געהאַט קיין שמץ פון שפּאַס. אַ געניטער אויער וואָלט אפשר גאָר געכאַפּט אַ הינטערטאָן פון בייִנקעניש, יתומישקייט, איי־נער אַליין.

ווער איז דער יתום? האָט ער אַ ווייב, קינדער, קרובים?

זייער ווייניק מענטשן האָבן עס געוואוסט. צייטנווייז האָט ער אַליין כמעט ווי פאַרגעסן אַז ערגעץ וואו איז דאָ אַ פרוי, וואָס איז געווען זיין ווייב, אַ מוטער פון זייער אַ טאָכטער.

אַזוי געווען:

ווען יונה יתום האָט חתונה געהאַט מיט סימע שניידערמאַן זיינען זיי ביידע געווען אין גלייכן עלטער, נאָענט צו דרייסיק, זי — אַ שניידער מיידל, ער — אַ מענטש מיט אַ סך „מלאכות". אין די מלאכות זיינען אַריין אַזעלכע באַשעפטיקונגען ווי טרייבן אַ מילך וואָגן, אַ וועש וואָגן, אַ קאָללעקטאָר פאַר פירמעס וואָס האָבן פאַר־קויפט סחורות אויף אויסצאָלן, אָדער גאָר אַ לייענער פון גאַז מע־טערס. זעלטן ווען איז ער אומגעגאַנגען ליידיק און כמעט קיינמאָל ניט פאַרדינט געזונט אויף זייער אויסקומעניש. מיט סימעס פאַרדינסטן איז מען ווי עס איז דורכגעקומען. ווען עס איז געקומען אַ קינד, די הוצאה איז געוואָרן גרעסער און סימע האָט ניט געקענט גיין אַרבעטן, איז געוואָרן צרות, סימע האָט זיך גענומען באַקלאָגן, דארויף האָט יונה יתום מאָל אַלע מאָל געענטפערט: טאָ וואָס ווילסטו זאָל איך טון?

סימע האָט געוואָלט אַ סך זאַכן. זי האָט געוואָלט איר מאַן זאָל, ווי אַ סך פון זייערע באַקאַנטע, זיך נעמען צו עפּעס אַ געשעפט, ווערן אַ מענטש . . . מיט לייטן גלייך. פון דעם האָט יונה אפילו ניט געוואָלט הערן. ווערן אַ קרעמער? ער איז געווען אַ סאָציאַליסט, און אין יענע יאָרן איז אַ קרעמער, אין די אויגן פון אַ סאָציאַליסט, געווען אַ פּאַראַזיט, אַן אומנויטיקער פאַרמיטלער אַן וועלכן מ׳קען זייער גוט אויסקומען. אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט . . .

סימע האָט אים דערמאָנט אַז דערווייל איז די סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט נאָך נישטאָ, דערווייל האָט לואי סיגעל געעפנט אַ גראָ־סערי, און זיין מערכה אויף איר געזאָגט געוואָרן; מאָריס פעלדמאַן האָט געעפנט אַ „דעליקאַטעסן סטאָר" און, קרום זיין שאָדן, אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן; דייוו זאַלצמאַן . . .

יונה יתום האָט זיי אַלעמען אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. — מאַלע וואָס . . . דאָ סאָציאַליסטן, וואָס זיינען אַפילו געוואָרן פאַברי־קאַנטן, עקספּלואַטירן אַרבעטער, מע סטרייקט אַפילו ביי זיי, בכן איז וואָס? ער׳ט זיך שוין באַגיין אָן אַזעלכע פּרנסות. זיך אַריינזעצן

אין אַ גראָסערי, פון פינעף אינדערפרי ביז צען ביינאַכט. ניט יתום. — יתום האָט פאַרוועגדט זיינע אָוונטן אויף גיין צו מיטינגען, פאַרזאַמ־לונגען, לעקציעס. די אָוונטן זיינען ביי אים געווען ווי־כטיקער ווי די טעג. דעם טאָג גייט מען זיך אָן, פאַרט מען זיך אָן, מ׳שטייט זיך אויס אַלערליי צרות, דערפאַר אין אָוונט אַ מחיה — מ׳זעט מענטשן, מ׳רעדט, מ׳הערט און, דער עיקר, מ׳ט ו ט עפּעס . . .

— אָבער מ׳דאַרף דאָך עסן! אַ שוך, אַ קלייד, אַ . . .

— מ׳עט שוין ווי עס איז דורכקומען, חלילה ניט דאַרפן אָנ־קומען צו קיינעם. וואו שטייט עס געשריבן אַז מ׳מוז וואוינען אין פיר צימערן? מ׳קען וואוינען אין צוויי און, אין אַ נויט, קען מען זיך באַגיין אָן אַ „אפּערע ראטאנדע״, — האָט ער נאָך געשפּאַסט, — יאקאס גייסטו ניט נאַקעט און באָרוויס.

— ניכאיבי וואָלסטו זיך כאָטש אויסגעלערנט אַ גוטע מלאכה, אַ פּראָפעסיע, ביי וועלכער מ׳פאַרדינט מער ווי ביי די אַ שיינע מלאכות דיינע . . .

— אָט האָסטו דיר! געפעלט איר ניט מיין מלאכה. זיצן אַכט, צען שעה אַ טאָג אין אַ שאַפּ, דרייען אַ קאָטערינקע, צי כ׳ווייס וואָס, זיך אַרויסיאָגן די נשמה אין סעזאָן און גיין מיט אַן אַרויסגעשטעלטן צונג אין „סלעק״ איז ביי איר בעסער ווי אַרומגיין צי אַרומפאָרן זעקס־אַכט שעה אַ טאָג. דאָ איז מען כאָטש אויף דער פרישער לופט און מ׳האָט ניט איבער זיך יעדער מינוט פון טאָג אַ פאָרמאַן מיט אַ באַלעבאָס.

אָט די צאַנקערייען, אָפענע און פאַרשטיקטע, זיינען אָנגעגאַנגען עטלעכע יאָר ביז דאָס קינד, חנהלע, איז אונטערגעוואַקסן. ווען דאָס קינד איז געוואָרן צען יאָר איז סימע, אַ פאַרביטערטע, ווידער אַוועק־געגאַנגען אַרבעטן אין שאַפּ. מיט איר גיין אַרבעטן האָט זי, פאַרשטייט זיך, קודם געוואָלט זיך אַרויסרייסן אַ ביסל פון דער קבצנות אין וועלכער זיי האָבן געלעבט. זי האָט שוין ניט געקענט פאַרטראָגן די פאַרעלטערטע דירה, דאָס אָפּגעטראָגענע מעבל, זי האָט געוואָלט זיך כאָטש אָנטון ווי אַ מענטש, ניט האַלטן אין איין איבערניצעווען די קליידער. איר אַוועקגיין אין שאַפּ איז אָבער אין דערזעלבער צייט אויך געווען אַ פּראָטעסט קעגן איר מאַן — שיינער מאַן! גוואַלדיקער פאַרדינער! זיין ווייב דאַרף גיין אַרבעטן, איבערלאָזן דאָס קינד אויף

הפקר. אַ נס וואָס די יידישע שול איז ניט ווייט, פון „סקול" גייט זי אין שול אַריין, ווען זי גייט אַרויס פון שול קומט שוין סימע באַלד אַהיים. באַלייטן מענער . . .

יונה יתום האָט זיך ווינציק וואָס געקימערט וואָס ביי לייטן . . . טוט זיך. ער האָט זיך ניט געפילט באַליידיקט פון דעם וואָס זיין ווייב אַרבעט. מאַן און פרוי זיינען גלייך. וואו שטייט עס געשריבן אַז נאָר דער מאַן דאַרף אַרבעטן? דאָס קינד? קען אויסקומען אַ שעה אָדער צוויי אָן טאַטע־מאַמע, ווערט דעם חלילה ניט שאַטן. מ׳פּעסטשעט זי שוין אַזוי אויך צופיל. דאָס איז גאָרניט אַזוי גוט פאַר קינדער. אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט מען גאָר דערציען קינדער אָן די עלטערן.

— אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, — האָט שוין סימע געפּייערט. — אַלץ וואָס דו ווייסט איז אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

— דו ביסט, דוכט זיך, אויך געווען אַ שטיקל סאָציאַליסטקע, ניין?

— פאַר מיר איז שוין גענוג אַז דו ביסט דער סאָציאַליסט. אַ סאָציאַליסט! באַלייטן אַ סאָציאַליסט קריגט כאָטש אַ סאָציאַליס־טישע שטעלע.

— ניט געהערט דעבס זאָל טיילן שטעלעס.

— דעבס? וואָס מיר דעבס! זוסמאַן איז געוואָרן דער געשעפטס אַגענט פון דער יוניאָן, אַ שטעלע, הלואי אויף דיר געזאָגט געוואָרן.

— זוס ־ מאַן! זוסמאַן, פאַרשטייסטו מיך, האָט אַ גלאַט צינגל, ער קען ריידן פאַר צווייען, אי פאַר די אַרבעטער, אי פאַר די באַלע־באַטים, איך, מיין צונג ליגט אין קימפּעט.

— יאַקאָס אַז ס׳קומט צום ענטפערן דיין ווייב דאַרף מען דיר אונטערן צינגל ניט פּיקן. זיין צונג ליגט אין קימפּעט. מיינסט צו זאָגן דיין ווייב ליגט אין דער ערד.

— וואָס זשע, האָסט אפשר חרטה אויפן שידוך?

ער האָט עס געזאָגט אין שפּאַס, איר בעסיקער קוק, איר אַ דריי טון זיך מיט אַמאָל האָט געוואָרנט: יונה! קען זיין זי האָט חרטה.

ער איז ניט שטאַרק איבערראַשט געוואָרן פון אָט דעם געדאַנק. ניט איין מאָל האָט זיך שוין צו אים גופא אַריינגעגנבעט דער געדאַנק אַז אפשר איז עס געווען אַ טעות. איר סאָציאַליזם האָט זיך שוין לאַנג

אויסגעוועפּט, אַלץ וואָס זי האָט אינזינען איז די שטוב און די שטוב, גאָר ניטאָ קיין געּנוג. האָט זי ניט געאַרבעט איז געווען קאַרג, אַרבעט זי אויך איז נאָך אַלץ קאַרג, וואָס מער מ׳פאַרדינט אַלץ גרעסער דער אַפּעטיט, נאָך אַ שמאַטע, נאָך אַ שמאכטע, ווער דאַרף עס? און איר השגה. אויב שוין יאָ אַ סאָציאַליסט זאָל ער כאָטש פּראָפּיטירן דער־פון. אַנדערש אַרבעט ניט איר מוח. נו, ער איז ניט פון די. שוין ניט איין מאָל געהאַט אַ געלעגנהייט ווערן אַ „קנעפּל״. פּאַסט ניט צו זיין פּנים. יאָ, ער פאַרט אַמאָל צו אַ קאָנפערענץ, אַ קאַנווענשאַן, למאי לייקענען, ער האָט ליב פאָרן צו אַ קאָנווענשאַן, ער אַרבעט אַפילו ער זאָלט דערווײלט ווערן, דאָס איז אמת, אָבער ניט ווייל ער וויל עפּעס געווינען פאַר זיך. ער האָט ליב פאָרן קיין ניו יאָרק, זען מענטשן, פריינט, באַקאַנטע, ער איז אָבער ניט ווי אייניקע דעלעגאַטן, וואָס פאָרן צון אַ קאָנווענשאַן זיך אַמוזירן, האָבן אַ „גוד טאַים״, און געלט שמעלט בלאָטע אין קעשענע. ער האָט טאַקע ליב זיין ביי די זיצונגען, אויסהערן באַריכטן, דיסקוטירן, ווערט ער אויסגעקליבן אין אַ קאָמי־טעט איז ער אודאי צופרידן, אָבער וואַרפן געלט, דאָס ניט. אים אַז מ׳גיט הונדערט דאלאר אויף הוצאות ברײנגט ער צוריק רעשט. און אַז קהלשע געלט, דאַרף מען זיך וואַרפן דערמיט? און ביי איר איז רק פאַר זיך — וואָס קריג א י ך ? ניט אומזיסט זאָגט מען: מ׳קען ניט אַ מענטשן ביז מ׳עסט ניט אויף מיט אים אַ פונט זאַלץ. נו, ער האָט שוין אויפגעגעסן מיט איר אַ פונט זאַלץ און . . . עס איז איבער־געזאַלצן, און צופיל געפעפערט אויך, פאַרביטערט אים דאָס לעבן.

יונה יתום איז ניט געווען גרייט זיך שיידן מיט זיין ווייב, אויב אַפילו ער האָט שוין לאַנג איינגעזען אַז עס איז ניט דאָס וואָס ער האָט געמיינט, אויב אַפילו זי האָט געהאַלטן אין איין מאָנען און פאָ־דערן. ווען זי איז שוין גאָר דערגאַנגען די יאָר איז ער אַוועקגעגאַנגען צו אַ מיטינג, אַ פאַרזאַמלונג, אַ לעקציע, געגאַנגען אַליין, זי שוין אַפילו ניט גערופן. באַקאַנטע זיינען שוין געוואוינט געוואָרן צו זען אים אַליין, אָן דער ווייב, מ׳האָט אים שוין אַפילו ניט געפרעגט אויף איר. ער האָט באַמערקט אַז אַנדערע קומען אויך אָן די ווייבער, באַ־שלאָסן אַז מסתם איז ביי זיי אויך דאָס אייגענע, טאָ וואָס איז דאָ מרעיש עולם זיין? אַזוי גייט עס שוין. בלויז שווער די ערשטע . .

צוואַנציק יאָר, נאָכדעם געוואוינט מען זיך שוין צו, האָט ער ניט אָן ביטערניש געטראַכט.

ער האָט ניט דערצויגן די צוואַנציק יאָר. אויפן זיבעצטן יאָר האָט עס פּאַסירט. ער האָט פאַרלוירן איין שטעלע, ניט געקענט קריגן אַזוי שנעל אַ צווייטע, איז ער אַרומגעגאַנגען, געזוכט און, דעם אמת געזאָגט, איז אים געווען ביטער אויפן האַרצן ניט נאָר פון דער זוכעניש, נאָר טאָקע פון זיינע שטעלעס, מיט וועלכע מ׳איז קיינמאָל ניט זיכער. ער האָט שוין אַליין גענומען טראַכטן אַז עס איז ניט קיין תכלית, ער וואָלט באַדאַרפט קריגן עפּעס וואָס זאָל זיין מער באַשטענדיק, אָבער גיי קריג! גרינג צו זאָגן. און פונקט דאַן האָט סימע אים גע־נומען יאָדען. וואָלט זי גערעדט ווי אַ פּריינט, מיטגעפילט, אַפילו געעצהט, וואָלט ער אפשר זיך צוגעהערט, סוף כל סוף, מ׳ווערט על־טער . . . זי האָט אָבער גערעדט ווי אַ באַלעבאָס, געמאָנט, געפּאָדערט, געשריען, פּשוט געשריגן. ער? ער האָט ניט געשריגן. ער האָט זיך ניט געקריגט, גאַנץ געמיטלעך האָט ער איר אַ זאָג געטון: סימע! אַן עבירה דיין טרחה. דו וועסט שוין פון מיר קיין לייט ניט מאַכן. דו בעסער זוך זיך אַ לייטישערן מאַן. יעס, מעם!

און ער איז אַוועקגעגאַנגען.

(2)

פון שיקאַגא איז געגאַנגען אַן עמיגראַציע קיין לאָס אַנגעלעס און יונה יתום האָט זיך געלאָזט אַהינצו.

די שטאָט איז אים געפעלן געוואָרן. וואַרעם, ליכטיק, גוט צו זיין אין דרויסן, ניט ווי אין שיקאַגא — רעגן, ווינט, רויך. און נאָך אַ מעלה — אַן אַנגעלאָפענע שטאָט. „אין לאָס אַנגעלעס קומט מען מיט איין לונג אָדער מיט צוויי ווייבער". ער האָט געהערט דאָס ווערטל און געשמייכלט. אָט איז ער געקומען מיט ביידע לונגען, אָן איין ווייב און קיינער האָט אים ניט געפרעגט וואָס ער מאַכט, אָדער וואָס מאַכט זיין ווייב. אַפילו שיקאַגאר באַקאַנטע, לאַנדסלייט אַזוי צו זאָגן, האָבן ניט געפרעגט אויף סימען. בגפו יבוא, בגפו יהיה, געקומען אַליין, איז אַליין, קיינעמס דאגה. צווישן זיך האָבן די באַקאַנטע מסתם זיך „דורכגעשמועסט" וועגן דעם, דאָס האָט אים ווינציק וואָס געקי־מערט, וואָס אים האָט יאָ געאַרט איז — פּרנסה. טאָקע שיין אין

דרויסן, וואָרעם, דאָ און דאָרט אַן אַראַנזש בוים, אָבער לעבן פון לופט און זון קען מען נישט און פאַר אָפּרייסן אַ מאַראַנץ פון אַ פרעמדן בוים, האָט ער געלייענט, האָט אַ פאַרמער דערשאָסן אַ ייִנגל. ניין, פון די ביימער פאַלט ניט קיין מן, פון די לאָס אַנגעלעסער טראָטואַרן רינט ניט קיין מילך און האָניק, און קריגן אַ שטעלע איז נאָך שווערער ווי אין שיקאַגאָ. אמת, דאָ איז לייכטער צו זיין אַ קבצן, מיט פופצן דאָלאַר אַ וואָך קען ער ווי עס איז זיך דורכשטופּן, אָבער וואָס קומט אַרויס אַז דער אַקס קאָסט ניט מער ווי אַ גראָשן ווען דער גראָשן איז ניטאָ?

שיקאַגאָר לאַנדסלייט, חברים פון „דער באַוועגונג" האָבן זיך צוזאַמענגעלייגט, געקויפט אים אַן אַלטן טראָק, מיט זייער הילף האָט ער צוזאַמענגעקלאַפּט אַ שטיקל טעריטאָריע נעמען וועש, און ער איז געוואָרן אַ „לאָנדרי מאַן", פאַרזאָרגט מיט חיונה. מער ווי מיט חיונה איז ער געווען פאַרזאָרגט מיט מיטינגען. אין פאַרגלייך מיט שיקאַגאָ איז לאָס אַנגעלעס אַ קליין שטעטל, ווען עס קומט אָבער צו מיטינגען — אַ שפע פון מיטינגען, אָוונט איין אָוונט אויס, און אַמאָל נאָך צוויי אין איין אָוונט. יונה יתום האָט אויפגעלעבט. די ייִדישע געגנט „באָיל האַיטס" — זיין מלוכה, דער סאָציאַליסטישער צענטער — דער פּאַרלאַמענט, און יונה יתום אַ געניטער פּאַרלאַמענטאַריער. אין אַ קורצער צייט איז ער שוין געווען באַהבנט אין דער לאָקאַלער הינטער קוליסן פּאָליטיקע, געוואוסט ווער איז ווער, און „זיין מאַיעסטעטס אָפּאָזיציע" אין בריטישן פּאַרלאַמענט האָט ניט געהאַט אַזאַ הנאה פון קריטיקירן „זיין מאַיעסטעטס" רעגירונג ווי יונה יתום פון די דיס־קוסיעס, דעבאַטעס און אויך פון די מאַנעווורעס ביים וויילן דעלעגאַטן צו אַ קאָנפערענץ אָדער קאָנווענשאָן אין ניו יאָרק.

ער איז ניט געווען קיין קאַנדידאַט פאַר אַ דעלעגאַט. ערשטנס — נאָך צו פריש. ער האָט ניט געהאַלטן פון רייסן זיך צום עמוד מיט גוואַלד. דאָ צייט. צווייטנס, צווייטנס . . . שיקאַגאָ איז אויפן וועג, פאָרן און זיך ניט אָפּשטעלן איז כמעט ווי אוממעגלעך, זיך אָפּ־שטעלן, זען חנהלען און ממילא אויך סימען, דאַרויף איז ער ניט געווען אַזאַ בעלן. אָפּגעשניטן איז אָפּגעשניטן, געווען אַ ווייב, ניטאָ. ווען ניט ווען האָט זיך צו אים דערטראָגן אַ זייטיקער גרוס וועגן איר, אַ לינד ווינטל, זיך איבערגעטראָגן און שאַ שטיל.

דעם ערשטן דירעקטן גרוס האָט ער געקראָגן אין אַ פינף יאָר אַרום ווען אים איז אָנגעקומען — טאַקע אויפֿן אַדרעס פֿון סאָציאַ־ליסטישן צענטער — אַן איינלאַדונג צו זיין טאָכטערס חתונה. די איינלאַדונג — אַ געדרוקטע — האָט זיך געלייענט: מרס. סילוויע יוסים אַנאָנסירט די חתונה פון איר טאָכטער האננא יוסים מיט מר. מילטאָן בראון . . .

יתום האָט געלייענט די איינלאַדונג, איבערגעלייענט. סילוויאַ! האָט פּראָגרעסירט סימע, סילוויא געוואָרן. און מילטאָן בראון? ווער איז דער מילטאָן בראון? ווייסט ניט, סיי ווי — חתונה, און דאָ איז די איינלאַדונג. געגנוי אַזאַ איינלאַדונג האָט ער דעמזעלבן טאָג גע־קראָגן פון מר. גוזיקאָוון, אַ מיטגליד פון זיין צווייג אַרבעטער רינג. ער קען, הייסט עס, פונקט אַזוי גוט גיין אויף דער חתונה ווי אויף זיין טאָכטערס. קיין וואָרט אַפילו ניט צוגעשריבן. דאָס האָט זי, סימע, אים צוגעשיקט אַ . . . שפּילקע. און חנהלע? קיין וואָרט ניט. גאָר קיין טאַטע.

ער האָט אַריינגעלייגט ביידע איינלאַדונג קאַרטלעך אין בוזים קעשענע, געזעסן ביים מיטינג, גענומען אַ וואָרט, ווי דער שטייגער, אָבער אַפילו ווען ער האָט גערעדט האָט ער געפילט די צוויי קאַרטלעך אין קעשענע און ער האָט זיך געפּלאָנטערט אין זיינע רייד. נאָכן מיטינג איז ער ניט געגאַנגען, ווי דער שטייגער, טרינקען אַ גלאָז טיי, אַ טעפּל קאַווע. ער איז אַוועקגעגאַנגען צו זיך אין צימער, דאָרטן ווידער אַרויסגענומען די קאַרטלעך, פאַרגליכן ביידע, ווידעראַמאָל איבערגעלייענט וועגן זיין טאָכטערס חתונה, אַ קוק געטון פאַר זיך און מיט אַמאָל האָט ער דערזען אַז דער שפּאַליר פון די ווענט איז איבערגעברענט, שפּאַלט זיך, שיילט זיך, דאָס גאַנצע צימער עפּעס אַ שטייגל, ער — אַן איינציקער אַלטער האָן. חנהלע האָט חתונה. זי מוז שוין זיין . . . אין מאי איז איר געוואָרן איין און צוואַנציק יאָר. אים איז געוואָרן איין און פופציק. ער האָט אַ שאַר געטון די האָר, געבליבן שטיין אַנטקעגן שפּיגל מיט די פליאמעס, און דער פּנים דאָרט האָט באַשטעטיקט: נו יאָ, איין און פופציק. וואָס מיינסטו? די צייט שטייט?

אַרויסגיין. אַרויסגיין אין דרויסן. גיין סתם איבער די גאַסן, אַריינגיין אין קאַפעטעריע, זיצן דאָרט אַ ביסל, ניט דאָ . . . — האַלב

נאָך צוועלף, — האָט דער זייגער געוויזן. יתום האָט זיך אויסגעטון, אַריינגעלייגט אין בעט. קיין שלאָף איז ניט געקומען. אפשר גאָר צופאָרן? טאַטע־מאַמע אונטערפירער ביי דער טאָכטער. ס'עט ניט אַר־בעטן. ניין. אַ טעלעגראַמע? אַ מתנה? וואָס פאַר אַ מתנה? וואָס ווייסט ער פון זיין טאָכטער, וואָס זי דאַרף, וואָס זי וויל? סיידן געלט. איר שיקן עטלעכע דאלאר, זאָל זי קויפן וואָס זי וויל. און אַ בריוו? ניין, קיין בריוו ניט. אים האָט מען געשיקט אַן איינלאַדונג. ער'ט שיקן אַ טעלעגראַמע. בלייבט עס אַזוי.

אַוועקגעשיקט די טעלעגראַמע אין טאָג פון דער חתונה, איז אים אַרונטער אַ שווערקייט פון האַרצן. — אויסגעגעבן די טאָכטער, — האָט ער צו זיך אַליין גוטמוטיק ביטער געשפּאַסט און נאָך שאַרפער ווי ווען עס איז דערפילט זיין אַליינקייט. אפשר גאָר צוגיין צו גוזי־קאָווס חתונה? פריער האָט ער אַפילו ניט געטראַכט וועגן גיין צו דער חתונה, מיט גוזיקאָוון איז ער פון דערווייטן, איצטער אָבער האָט אים דורכגענומען אַ פאַרלאַנג — גיין, זיין ביי אַ . . . חתונה.

גוזיקאָוו האָט געשיינט פאַר פרייד, האָט אים וואַרעם געדריקט די האַנט. — זייער פיין וואָס איר זייט געקומען. אַ שיינעם, שיינעם דאַנק.

יתום האָט פריינטלעך געשמייכלט, געוואונטשן מזל טוב, דער־ביי געפילט אַז ער גיט גוזיקאָוון אַ פאַלשע מטבע, און זי איז אַזוי קונציק נאָכגעמאַכט אַז יענער נעמט זי אַן פאַר גוט געלט, גיט אים נאָך רעשט, דאַנקט אים. טפש. גוזיקאָוו האָט געדאַרפט אויפנעמען נאָך געסט, דאַנקען אַנדערע פאַר זייער קומען, און יתום האָט אַ דער־לייזטער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ביינקל. ער האָט געזען די מחותנים, באַקאַנטע אַרבעטער רינג מיטגלידער, געגומען באַטראַכטן דעם טעמפּל, די בינע, די העברעאישע און ענגלישע אויפשריפטן און ער האָט זיך געכאַפּט, דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן אַז ער איז אין אַ טעמפּל, אויף אַ חתונה, מיט אַ חופּה, אַ רב . . . אויף זיין חתונה איז קיין רב ניט געווען . . . יאָ, צייטן בייטן זיך, אַרבעטער רינג מיט־גלידער, סאָציאַליסטן, חופּה, טעמפּל . . .

ער האָט דערהערט אָרגל קלאַנגען, געגומען זוכן דעם אָרגל, דעם שפּילער, ער האָט אָבער קיינעם ניט געזען, בלויז געהערט. באַלד האָט זיך באַוויזן אַ חזן, אַ קליין מענטשל אָנגעטון אין עפּעס אַ מין טענדע־

ווערענדע מיט אַ מאָדנע מיצל אויפֿן קאָפּ, יאַרמעלקע ניט יאַרמעלקע, אויך ניט קיין היטל. — אַן אַמעריקאַנער חזן, — האָט ער אַ טראַכט געטון. — חזן, רב . .

די צערעמאָניע האָט זיך אָנגעהויבן. דער חתן איז געגאַנגען אויס־געצויגן, אָנגעשטריינגט צו גיין גלייך, סאָלדאַטמעסיק, דערצו מיט פּאַמעלעכע, געמאָסטענע טריט. דער אונטערפירער, אַ בחור אין זעלבן עלטער, איז אויך געגאַנגען מיט אַ מאַשינאָוועון גאַנג, קאָמיש. אָט האָט זיך געלאָזט די כלה, איר אונטערפירער — גוזיקאָוו. יתומס אויגן זיינען נאָכגעגאַנגען גוזיקאָוון, זיינע פיס זיינען פאַרשטאַרט געוואָרן — זיצנדיק אויפֿן ביינקל אין אַ טעמפּל אין לאָס אַנגעלעס האָט ער געפירט זיין חנהלען צו דער חופּה. דער רב האָט „געספּיטשט״ אין ענגליש, „געדברט״ אין העברעאיש, גוזיקאָוו האָט ניט געכאַפּט די ווערטער, דער בראַזג פון אַ צעשמעטערט גלעזל האָט געפּלאַצט ביי גוזיקאָוון אין אויער. ער האָט זיך אַ הויב געטון, זיך געלאָזט גיין. גוזיקאָוו האָט אים געכאַפּט. — וואו גייט איר? אין זאַל דערביי איז דאָ אַ צובייס. ניט הונגעריק? שייך זאָגן ניט הונגעריק? איז ניט עסן, אָבער אַ ביסל בראַנפֿען, לחיים. קומט, קומט!

יתום איז געגאַנגען, געטרונקען איין לחיים מיט גוזיקאָוון, אַ צווייטן מיט דער מרס. גוזיקאָוו, אַ דריטן מיט דער כלה און — די גלעזלעך בראַנפֿן? — ער האָט אַרומגעכאַפּט די כלה, זי אַ קוש געטון. — איך ווינש ד י ר אַל דאָס גוטס, — האָט ער אַ זאָג געטון מיט האַרץ, אַזש טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. די כלה, עטוואָס פאַרשעמט, האָט צוגעוואָרפן: אַ דאַנק, אַ דאַנק, און געווען צופרידן וואָס זי האָט שוין געדאַרפט ענטפערן אַ צווייטן. דער קוש פון אָט דעם אָ! ווער איז ער? זי קען אים אַפילו נישט. גוזיקאָוו, זיין ווייב זיינען געווען גערירט פון יתומס פריינטלעכקייט, האָבן אים אויך געדאַנקט. פון זייער דאַנקען, פונם קוש, פון די דריי גלעזלעך בראַנפֿן איז אים געבליבן אַ טערפּקער טעם אין מויל. ניט געדאַרפט געווען גיין. מילא. פאַראיבער. ווי שפּעט איז? פינף אַזייגער? אין שיקאַגאָ מיינט עס שוין אַכט אין אָוונט, שוין נאָך דער חתונה . . .

אַ טאָג, צוויי, און זיין טאַכטערס חתונה — עפּעס וואָס האָט פּאַסירט, נאָר ניט פּראַטאָקאָלירט, צום געדיינקען, נאָר ניט צו טראַכטן דערפון, „אָף די רעקאָרד״. אין אַ וואָך אַרום איז אים אָנגעקומען

אַ בילד פונם יונגן פּאָר פאַלק, אַ חופּה בילד, זיין טאָכטער אין אַ לאַנגער ווייסער קלייד מיט אַ שלעפּ, דער איידעם אין אַ טאַקסידאָ. ער האָט זיך איינגעקוקט אינם בילד. חנה! חנה אַ כלה מויד, זיין טאָכטער, חנהלע אַ פּיצעלע, זיין קינד. זיין קינד, און דאָך ווי פרעמד. די פרעמדקייט האָט אַרויסגעשריגן פונם אויפשריפט אויף דער צווייטער זייט: דעם פּאָטער. מר. און מרס. מילטאָן בראָון.

מר. און מרס. מילטאָן בראָון. ווער איז דער מילטאָן בראָון? קען אים ניט. ניט קיין מיאוסער בחור.

ער האָט איינגעראַמט דאָס בילד, עס אַוועקגעשטעלט ביי זיך אויפן טישל. דאָס איז שוין יאָ געווען אַ „רעקאָרד", אָבער אויך אַ פּריוואַטער, בלויז די באַלעבאָסטע, נייגיריק צו וויסן ווער דאָס איז, האָט אויסגעמאַרקירט אַריינגיין ראַמען דעם צימער דוקא אין אַ זונטיק אינדערפרי ווען ער איז נאָך דאָרט געווען און גענומען „אַרומווישן דעם שטויב" פונם רעמל, בילד. אגב אורחא כלומרשט האָט זי אַ זאָג געטון: ניט געוואוסט אַז איר האָט שוין אַן אויסגעגעבענע טאָכטער.

— וואָס זשע, איר האָט געמיינט איך דאַוון אָן אַ טלית?

— דאַווענען ווייס איך ניט ווי איר דאַוונט, — האָט זי ניט אָן איראָניע געענטפערט, — אָבער אַ שיינע מיידל קיין עין הרע.

— געראָטן אין טאַטן, — האָט ער שפּאַסיק געענטפערט, אַ קוק געטון אויף דער באַלעבאָסטע און זי איז, עטוואָס פאַרשעמט, אַרויס פון צימער. דאָס בילד איז ווייטער פון דעם צימער ניט אַרויס, ער האָט קיינעם ניט דערציילט וועגן זיין טאָכטערס חתונה און ניט געהערט מער פון דער טאָכטער ביז אין אַ יאָר אַרום, ווען אים איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע: מוטער געשטאָרבן. חנה.

די דריי ווערטער האָבן געקלאַפּט אין קאָפּ, אָבער עפּעס ניט אַריינגעדרונגען אין מוח. דאָס געל שטיקל טעלעגראַמע פּאַפּיר עפּעס אַזוי פרעמד, די ווערטער אויך פרעמד, אַ פרעמדער מענטש רעדט, די שפּראַך פאַרשטענדלעך, דאָך פרעמד. געשטאָרבן? ווען? וואו? פון וואָס? ער האָט שטודירט דאָס געלע שטיקל פּאַפּיר, דעם דאַטום, די שטונדע, דעם פּלאַץ. טאָטל, נאָרד דאַקאָטאַ. וואו שטעקט עס? ווי קומט זי אַהינצו? געשטאָרבן, ווי אַזוי, פון וואָס? שרייבן, פרעגן.

עטלעכע טעג האָט ער — אין קאָפּ — געשריבן, קיין בריוו האָט ער אָבער ניט אָנגעשריבן. פרעגן ביי דער טאָכטער וועגן איר מאַמע,

וועגן סימען, זיין ווייב? אַ פּרעמדן וואָלט ער געשריבן, געפרעגט, אָבער דער טאָכטער? ניין. נאָרד דאקאָטאַ? ווי קומט זי אַהין. און וואָס איז דער חילוק, טאָטל נאָרד דאקאָטאַ צי שיקאַגאָ? זיין טאָכטער? זי איז א י ר טאָכטער. האָט זי אָנגעזאָגט דער טאָכטער אים לאָזן וויסן, אָדער דאָס האָט חנה שוין געטון אויף איר אייגענעם אחריות? געשטאָרבן סימע. פּאַרענדיקט. אַ גרויס האָט נאָך אַלץ אַ ווייב, אַ געגעטע, דאָך אַ ווייב, אַן אַלמן איז טאַקע אַן אַלמן — איינער אַליין. אַן אַלמן, אַ יתום, האָט ער ניט אַן ווייטיק אַ שמייכל געטון וועגן זיך. פון זיינע „פּאַפּירן" ערגעץ האָט ער אַרויסגעצויגן אַ בילד פון זיך מיט סימען, נאָך אַ בילד — ער, סימע און דאָס קינד, אַ קוק געטון אויף חנהן אין איר חופּה קלייד און צו זיך אַ זאָג געטון: איבער־געריסן דער פאָדים.

דער איבערגעריסענער פאָדים האָט זיך געקניפּט. אין אַ פיר חדשים אַרום האָט ער געקראָגן אַ קורץ בריוול, געשריבן פונם איידים. חנה איז אין שפּיטאָל, זי האָט געבוירן אַ יינגל, זי וויל אים אַ נאָמען געבן נאָך דער מוטער, וויל זי וויסן נאָך וועמען די מוטער האָט גע־הייסן, ווי קען דער נאָמען איבערגעלייגט ווערן אויף ענגליש. ער זאָל גלייך ענטפערן, טעלעגראַפיש.

סימע, האָט ער געוואוסט, איז געווען אַ נאָמען נאָך איר זיידן שלמה, האָט ער טעלעגראַפירט — שלמה, סאַלאָמאָן און אויך אָנגע־שריבן אַ בריוו, אַ מזל טוב, אין איין וועג שוין אויך געפרעגט וואָס איז דאָס פאַר אַ מדינה טאָטל, ווי קומען זיי אַהין.

אין אַ דריי פיר חדשים אַרום איז אים אָנגעקומען אַ בילד — אַ נאַקעט קינד ליגנדיק אויפן בייכל — אונטן איז געווען אונטער־געשריבן „סילוועסטער בראָון — דריי חדשים אַלט".

— סילוועסטער, — האָט ער אַ שמייכל געטון. נאָך געדאַרפט טעלעגראַפירן כדי סימע־שלמה זאָל מגולגל ווערן אין סילוועסטער. אָבער, סילוועסטער צי שלמה, ער האָט זיך ניט געקענט זאַט אָנקוקן אָנם בילד און האָט אויך ניט געקענט זיך צוריקהאַלטן פון ווייזן עס פריינט: ווי געפעלט אייך מיין אייניקל?

— איר האָט אַן אייניקל!

— וואָס האָט איר געמיינט, איך דאַרף ערשט אָנהויבן לייגן תפילין? אודאי בין איך אַ זיידע. געדיינקט איך בין אַן אַלטער בחור?

— קיינמאָל ניט געוואוסט . . . , — האָט אַ פריינד פאַרלעגן געענטפערט.

— מיין ווייב איז געשטאָרבן, — האָט יתום געענטפערט אין אַ שטילערן טאָן. פון זיינע רייד האָט מען געקענט דרינגען אַז זיין ווייב איז געשטאָרבן מיט יאָרן צוריק, ער איז געקומען קיין לאָס אַנ־געלעס אַן אלמן, כאָטש ער איז ניט אויסן געווען דאָס צו זאָגן. ער האָט כלל ניט געוואָלט דערציילן, ער האָט בלויז געוואָלט ווייזן זיין אייניקל.

יונה יתום האָט שוין געוואוסט אַז זיין אײדים האָט עפּעס אַ געשעפט אין דער מדינה טאָטל, אַ גאַלאַנטעריי קרעמל, עס גייט זיי גאַנץ גוט. דאָס קרעמל איז אים ווינציק וואָס אָנגעגאַנגען, אָבער חנה, שלמהלען! סילוועסטערן האָט ער ניט אנערקענט. שלמהלען וואָלט ער געוואָלט זען. צום געבוירנטאָג האָט ער געשיקט אַ מתנה, געבעטן דאָס לעצטע בילדל פון אים, געקראָגן אויך, און דאָס בילד האָט געררייצט צו זען דעם אָריגינאַל. ווען ער קען פאָרן צו דער קאָנווענשאַן אין ניו יאָרק וואָלט ער זיך אַרונטערגעכאַפּט.

יונה יתום האָט שוין געאַרבעט מעשים ער זאָל אויסגעקליבן ווערן פאַר אַ דעלעגאַט און, כאָטש ער האָט געוואוסט אַז דאָס טוט ער ווייל ער וויל זען זיין אייניקל, האָט ער פונדעסטוועגן ניט געפילט אַז ער באַגייט חלילה אַן עוולה, אַז ער ווערט אַ „פּאָליטישן". און אַז ער'ט אַרונטערפאָרן זען דאָס קינד? די קאָנווענשאַן וועט ער בייוואוי־נען אַזוי גוט ווי שטערנפעלד, דער וואָס איז געלאָפן קעגן אים, אפשר נאָך בעסער.

ער איז אויסגעקליבן געוואָרן, אָבער פאָרנדיק אַהין איז ער קיין טאָטל ניט אַרונטערגעפאָרן, פשוט ניט געוועזן ווען, מ'איז גאָר גע־פאָרן מיט אַן אויטאָמאָביל, ער און נאָך דריי דעלעגאַטן. ער'ט עס שוין טון אויף צוריקוועגס. אויף צוריק האָט ער שוין געקויפט אַ בילעט אויפן באַן. דער קלערק האָט אים געזאָגט אַז אויב ער'ט פאָרן מיט דער נאָרדוועסטערן ליניע וועט ער קענען אַרונטערפאָרן קיין נאָרד דאַקאָטאַ. אין שיקאַגאַ דאַרף ער סיי ווי בייטן באַנען, דאָרטן וועט ער שוין זען.

דער קלערק אויפן שיקאַגאָר וואָקזאַל האָט דורכגעשטודירט דעם לאַנגן גרינעם בילעט און געפּסקנט אַז אויף דעם בילעט קען יתום קיין טאָטל ניט פאָרן. אויף יתומס פראַגע: היתכן? האָט דער קלערק

אים גענומען געבן אַ לעקציע אין געאָגראַפיע. יתום האָט געהערט נעמען פון שטאַטן, שטעט, שטעטלעך און מיט יעדן נאָמען איז די מדינה טאָטל געוואָרן אַלץ ווייטער און ווייטער, ערגעץ הינטער די חרי חושך.

— איר פאַרשטייט? עס איז אַ ביסל אויסערן וועג, — האָט דער קלערק פאַרענדיקט.

— איך פאַרשטיי, — האָט יתום געענטפערט. כאָטש ער האָט ווינציק וואָס פאַרשטאַנען. — איז דער בילעט, הייסט עס, ניט גוט?

— מ . . . ניין, — האָט דער קלערק געענטפערט. — קומען קיין טאָטל דאַרפט איר פריער פאָרן קיין מינעאַפּאָליס, מינעסאָטא, פון דאָרטן קיין דזשיימסטאַון, נאָרד דאַקאָטא, דאָרטן נעמט איר די באַן, — אויב זי איז דאָ, — האָט ער צוגעשמייכלט, — קיין טאָטל. די באַן דאָרטן גייט איין מאָל אַ טאָג. איר כאַפּט ניט די באַן איז רעכט איר זאָלט דאַרפן נעכטיקן אין דזשיימסטאַון. עס איז אַ קליין שטעטל, אַ ביסל אויסערן וועג, — האָט ער ווי זיך פאַרענטפערט מיט אַ שמייכל, באַלד האָבן די אויגן גענומען מאַנען: נו, דו קויפסט צי ניט? אַהער אָדער אַהין, הינטער דיר שטייט עמיצער און וואַרט. יתום האָט דערפילט דעם מענטשן הינטער זיך. ער האָט אַ בורטשע געטון: איכ'ל זען. זיך מישב זיין, — און איז אָפּגעגאַנגען פון פענצטערל. מיטן לייכטן רענצל אין איין האַנט, דעם לאַנגן בילעט אין דער צווייטער, איז יתום געבליבן שטיין אַ צעמישטער. דער גרויסער הויכער וואָקזאַל ניט קיין געביידע, נאָר אַ מין בויד וואָס שטייט ניט [illegible]
נאָרד דאַקאָטא און אָט גאָר אין לאָס אַנגעלעס. אויך די מענטשן דרייען זיך, דער אַהין, דער אַהער. און ער אַליין? זיין קוק האָט זיך פאַרטשעפּעט אָנם גרינעם בילעט ביי זיך אין האַנט. ער האָט אַ שפּאַן געטון צו אַ צווייטן פענצטערל, אַ שטרעק געטון דעם בילעט — ווען גייט אָפּ די באַן?

— אַ שעה מיט צען מינוט, — איז אַרויסגעפאַלן פון קלערקס מויל אָט ווי אַ פּעקל ציגאַרעטן פאַלט אַרויס פון אַ ציגאַרעט מאַשין.

— אַ דאַנק, — האָט יתום אויך מאַשינאַווע אַ זאָג געטון און אָפּגעגאַנגען פון פענצטערל. אַ שעה מיט צען מינוט. פונקט גענוג עפּעס איבערבייסן. ער האָט זיך געלאָזט צום רעסטאָראַן.

די שפּייז קאַרטע אין די הענט אַ לאַנד קאַרטע אַ גאַנצע. אים האָט געשווינדלט אין די אויגן און אין קאָפּ האָט געקלאַפּט: טאָטל. טאָטל. וואו שטעקט עס? וואָס איז דאָס פאַר אַ מדינה? „אַ ביסל אויסערן וועג". אַ קעלנער איז אויסגעוואַקסן ביי זיין טישל. יתום האָט פאַרחידושט אַ קוק געטון אויף אים: פון וואַנען האָט ער זיך גענומען? און אַ שולדיקער גענומען שטאַמלען: גיט מיר, גיט מיר . . .

עסנדיק, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט: פאַרפאַלן. זיך אַראָפּ־כאַפּן אַן אַנדערש מאָל. אים איז ניט געווען קלאָר פאַרוואָס ער פאָרט נישט, ער האָט שוין אָבער געוואוסט אויף זיכער אַז היינט פאָרט ער נישט קיין טאָטל, היינט פאָרט ער קיין לאָס אַנגעלעס, טאַקע באַלד, און טאָטל, חנה, שלמהלע? אַן אַנדערש מאָל, זיך אַראָפּכאַפּן אַן אַנדערש מאָל.

דאָס אַנדערש מאָל איז געקומען אין אַ יאָר דריי אַרום, ווען ער האָט געקראָגן אַ טעלעגראַמע פון דער טאָכטער: מילטאָן געקראָגן פּאַראַליטש, איך פיל ניט גוט, קום גלייך. חנה.

די טעלעגראַמע איז געקומען פונקט דאַן ווען ער האָט „פאַרקויפט" זיינע געשעפטן, איבערגעגעבן דעם אַלטן צעבראָכענעם טראָק מיט דעם ביסל קונים אַן אַנדער יידן פאַר פינף הונדערט דאלאר. אים נמאס געוואָרן צו שלעפּן די קויטיקע וועש. ער האָט געטראַכט וועגן זוכן עפּעס אַנדערש. דערוויילֹ איז ער געווען אַ פרייער מענטש, אַלץ וואָס ער האָט געדאַרפט איז איבערגעבן די קהלשע געשעפטן, זיין סעקרע־טאַר אַמט אין אַ צווייג אַרבעטער רינג. די טעלעגראַמע האָט ער געקראָגן מיטוואָך, פרייטיק איז אַ זיצונג, פונקט גוט, פון דער זיצונג קען ער גיין גלייך צום באַן.

צו דער זיצונג איז ער געקומען מיטן רענצל איינגעפּאַקט. ער האָט געלייענט דעם פּראָטאָקאָל ווי אַלע מאָל. נאָכדעם דערקלערט אַז ער פאָרט אַוועק. מ'האָט אויסגעקליבן אַ צייטווייליקן סעקרעטאַר, יתום איז געבליבן ביי דער זיצונג, אַפילו גענומען אַ וואָרט, ערשט אַרום עלף דרייסיק האָט ער גענומען קוקן אויף זייגער גלייך איבערן פאָרזיצער, זיך איבערקוקן מיט שמואל גרינפעלדן, וואָס האָט אים געדאַרפט נעמען מיט זיין אויטאָמאָביל צום וואָקזאַל. צוואַנציק צו צוועלף האָט ער זיך גענומען זעגענען. די זיצונג איז אַ ביסל געשטערט געוואָרן. שטייענדיק שוין ביים טיר, רענצל אין האַנט, האָט ער געזען,

געהערט ווי דער פּאָרזיצער האָט געקלאַפּט מיטן האַמער: אָרדנונג! אָרדנונג. אַ פּאָרשלאַג צו שליסן די זיצונג! יונה יתום האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט צום פּאָרזיצער, דערזען די ווייזערס אויפן זייגער איבערן פּאָרזיצער האָבן געוויזן צען מינוט צו צוועלף. אַ מאַך מיט דער האַנט צו אַלעמען, אַפילו צום צימער, און יונה יתום איז אַרויס פון זיצונג צימער אויפן וועג צום וואָקזאַל, קיין טאָטל, נאָרד דאַקאָטאַ.

(3)

אָט דער שמייכל אויף זיין איידימס פּנים!

לכתחילה האָט יתום געדיינקט אַז דער איידים האָט זיך עס צעשמייכלט פון זיינעטוועגן לויט דעם אַמעריקאַנעם שולחן ערוך: שמייכל, שמייכל! יתום האָט פיינט געהאַט דעם פאַבריצירטן אַמערי־קאַנעם שמייכל. פאַרן שפּיגל קענען מיר שטיין מיט אַ בייזן שטריינ־גען פּנים, פאַר דער וועלט האָבן מיר אַ שמייכל — גוטסקייט, מילד־קייט, אָבער גאַנץ אָפט האָט דוקא דער שמייכל אַרויסגעבראַכט די גאַנצע אכזריות, דעם באַהאַלטענעם סאַדיזם, די שנאה און פאַראַכ־טונג צום מענטשן צו וועלכן דער שמייכל איז געווען „אַדרעסירט״. ווען ער האָט זיך געכאַפּט אַז דער שמייכל אויפן איידימס פּנים איז ניט געמאַכט געוואָרן דוקא פונזיינעטוועגן, אַז דער שמייכל איז אַ פאַרגליווערטער, אַ שמייכלענדיקע מאַסקע וואָס דער פאַראַליטש האָט אַרויפגעטון אויף זיין פּנים ניט אַרונטערצונעמען, איז דער כעס פאַר־שוואונדן, רחמנות האָט זיך דערוועקט צו דעם הילפלאָזן מענטשן, דער רחמנות געפיל איז אָבער באַלד צוגעדעקט געוואָרן מיט אַ מין ווידער־ווילן, אַ מיאוסן זיך אַ קוק צו טון אויף אָט דעם שמייכלענדיקן, צע־גאָסענעם, אידיאָטישן פּנים, הערן דאָס ליאַליען וואָס קומט אַרויס פון אַ מויל פול מיט צונג. ער האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט ווען זיין טאָכטער האָט אים אַרויסגעפירט פון איר מאַנס שלאָף צימער. ער האָט געזען אַז אויך דאָס קינד, זיין אייניקל, איז ניט געגרן צוגעגאַנגען צום פאָטערס בעט, ער האָט עס געטון בלויז אויף דער מוטערס באַ־פעל. זיידע און אייניקל האָבן געהאַט אַ געמיינשאַפטלעכע אַנטיפּאַטיע און צווישן די צוויי האָט זיך געשאַפן אַ באַלדיקע סימפּאַטיע.

— דאָס איז דיין „גרענד דעדי״, — האָט די מוטער אים פאַר־

געשטעלט פאַרן קינד. דאָס קינד האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין איבעריקע צופרידנקייט, ווען יתום האָט אָבער געזאָגט: איך בין דיין ז י י ד ע, האָט דאָס קינד פאַרחידושט אַ קוק געטון און נייגיריק געפרעגט: וואָס איז אַ זיידע?

— אַ זיידע איז אַ „גרענד דעדי", — האָט די מוטער אים דערקלערט. דאָס קינד האָט ווי ניט אויפגענומען די דערקלערונג, איין מאָל און צוויי מאָל האָט עס איבערגעחזרט „זיידע זיי־דע", ווי צעקייענדיק דאָס וואָרט. עס איז ניט געווען קלאָר וואָס געפעלט אים בעסער, דער „ז י י" אָדער דער „ד ע", דער זיידע גופא איז אים געפעלן געוואָרן. אינגיכן איז ער געפאָרן רייטנדיק ביים זיידן אויף דער קני. — דיר זינגען אַ לידעלע, שלמהלע, יאָ?

— וואָס איז שלמהלע?

— דיין נאָמען! אין יידיש איז דיין נאָמען שלמהלע, און דאָס לידעלע איז:

אונטער די גרינינקע בוי־מע־לעך
שפילן זיך משהלעך און שלמהלעך
— — — — — — — —
מיר זאָל זיין פאַר אייערע כשרע אויגעלעך.

— וואָס איז אויגעלעך?

— ווייסט ניט וואָס אויגעלעך איז? — יתום האָט צוגעטוליעט אַ שפיץ פינגער צו איין אויגן לעדל, דעם צווייטן. דאָס קינד האָט גערן פאַרמאַכט די אויגעלעך, נאָכדעם שפילעריש זיי געעפנט און מיט איבערגעבנקייט געקוקט אויף דעם נייעם מענטשן וואָס רעדט אַזוי פריינטלעך, שפילט זיך מיט אים, זינגט, און אַזעלכע מאָדנע ווערטער, נייע.

— און וואָס איז קאַ־שע־רע? — דאָס וואָרט איז שוין גאָר מאָדנע.

— כשרע, — האָט יתום געשמייכלט, — כשרע? פרעג דער מאַמע, זי'ט דיר זאָגן.

— מאַ! וואָס איז קאַ־שע־רע? — האָט דאָס קינד געפרעגט, געמאָנט ביי דער מוטער.

— איך ווייס ניט, — האָט זי ברוגזלעך געענטפערט.

— אָבער דער זיידע זאָגט אַז דו ווייסט יאָ.

— איך ווייס ניט, — האָט זי שוין שאַרף געענטפערט און צום פּאָטער זיך געווענדעט אין יידיש. — הער אים אויף דרייען אַ קאָפּ מיט דיין יידיש.

דאָס קינד האָט דערפילט עפּעס אַ קאָנספּיראַציע צווישן דער מוטער מיט דעם זיידן און אים איז שטאַרק אָנגעגאַנגען צו דערגיין וואָס דאָ טוט זיך.

— מאַ זאָגט זי ווייסט ניט, דו זאָג מיר, וואָס איז קאָ־שע־רע?

— כשרע . . . כשרע . . . מיינט . . . יידישע, שיינע, שוואַרצע אויגעלעך, אָט אַזעלכע ווי דו האָסט, — און ער האָט געקושט דעם קינדס אויגעלעך. דאָס קינד האָט אַרומגעפּלאָכטן די אָרעמס אַרום זיידנס האַלז, זיידע און אייניקל — פריינט, חברים. פּאָטער און טאָכטער, ניט נאָר זיינען זיי געווען ניט חבריש, אַ שטילע שנאה האָט געטליעט צווישן זיי און ביידע האָבן מורא געהאַט אַז אָט אָט וועט די שנאה אויפפלאַקערן.

די טאָכטער האָט דערציילט: דער מאַן איז קראַנק געוואָרן. זי האָט געפּרואווט אָנגיין מיטן געשעפט אַליין, זי האָט אָבער ניט גע־קענט, דאַרף אַכטונג געבן אויפן קינד, אויפן מאַן, הילפלאָז ווי אַ קינד, נאָך ערגער, האָט זי אַריינגענומען אַ געהילף אין קראָם, אים געצאָלט פערציק דאָלאר אַ וואָך, האָט זיך גראָדע אויסגעטויגט, אָבער ער האָט געגנבעט.

— אפשר ווען דו צאָלסט אים מער . . .

— און אַז איך וואָלט אים געצאָלט פופציק, צי זעכציק, וואָלט ער ניט געגנבעט? מענטשן גנבענען ניט דערפאַר ווייל זיי פעלט אויס, נאָר ווייל מ׳זעט געלט, מ׳האָלט עס אין האַנט, קלעפּט זיך צו.

יתום האָט געקוקט אויף זיין טאָכטער, געזען זיין ווייב. יענע האָט אָפן געזאָגט: דו מיט דיין סאָציאַליזם! די זאָגט ניט אָפן, אָבער זי מיינט עס אויך. סימעס טאָכטער.

— און ביסטו זיכער אַז צו מיינע פינגער וועט זיך ניט צוקלעפּן?

זיין שפּאַסיקער טאָן האָט אַרויסגערופן ביי דער טאָכטער אַ שטריינגען קוק — וואָס מאַכסטו זיך נאַריש?

— גנבענען יאָק גנבענען, אָבער איך ווייס ניט צי איך וועל זיך אויסטויגן. דו ווייסט אַז איך בין אַ קנאַפּער געשעפטס מענטש, קיינ־מאָל ניט געווען . . .

דאָ האָט שוין יתום אָפּן גערעדט אויב ניט צו זיין ווייב, איז וועגן זיין ווייב, און גערעדט האָט ער ניט צו ז י י ן טאָכטער, נאָר צו אירער. — ווען איך בין דו וואָלט איך פאַרקויפט דאָס געשעפט, אוועקגעפאָרן קיין . . .

— וואוהין וועל איך פאָרן, וואוהין? און מיט וואָס? דאָס געשעפט איז אַ גוט געשעפט, מילטאָן האָט געגוג געהאָרעוועט ביז ער האָט עס אַרויפגעאַרבעט, איצטער עס פאַרקויפן? דאָס וואָלט אים אוועקגעהרגעט.

ביי יתומען איז דורכגעלאָפן אַ געדאַנק: וואָלט גאָרניט געווען אַזאַ אומגליק. האָט זיין טאָכטער דערזען דעם געדאַנק? פאַרוואָס האָט זי אַזוי שאַרף אַ קוק געטון אויף אים? טראַכט זי אויך דאָסזעלבע?

— ער האָט אָנגעהויבן מיט די הוילע צען פינגער, איצט איז עס אַ גוט געשעפט, אַזוי לאַנג ווי מ׳האַלט עס אָן. גיין פאַרקויפן וועט בלייבן גאָרניט. דאָס הויז אַן אייגן הויז. אייגן, דאָ אַ מארטגעזש, פאַרשטייט זיך. ניין טויזנט דאלאר האָט עס געקאָסט, האָט די ווערט דאָס געלט, גיין קויפן וואָלט איך איצט אויך באַדאַרפט באַצאָלן אַזוי פיל, אָבער פרואוו פ אַ ר קויפן! אפשר דעקן דעם מארטגעזש, דאָס אַלעס. קום נאָך אַריבער פינף טויזענט דאלאר דארויף. דאָסזעלבע מיט דער קראָם. דאָ פּאַר אַ פּאָר טויזנט דאלאר סחורה, אָבער גיי פאַרקויף, וועט בלייבן גאָרניט, די פּאָר דאלאר וועלן זיך צעקריכן, און וואָס וועל איך טון אַליין מיטן קינד? און מילטאָן?

יתום האָט געהאַסט אָט דעם מילטאָן מיט זיין שמייכל, צוליב אים דאַרף ער עס איצט זיך אַוועקשטעלן אין אַ קרעמל. סימען האָט ער ניט נאָכגעגעבן, דאַרף ער עס איצט אָפּקומען ביי זיין טאָכטער.

— ביסט אפשר גערעכט, אָבער איך, וואָס ווייס איך אין אַ קרעמל? דו ווייסט אַז איך בין ניט קיין געשעפטסמאַן.

— דו דאַרפסט גאָרניט וויסן. די געשעפטן וועל איך פירן. איך קען די געשעפטן פון אלף ביז תיו. אַלץ וואָס איך דאַרף איז אַ מענטשן וואָס זאָל שטיין דאָרטן די עטלעכע שעה ווען איך בין ניטאָ, אַ מענטשן אויף וועמען איך זאָל זיך קענען פאַרלאָזן, וואָס זאָל מיך ניט באַגנבענען. און איך וועל דיר באַצאָלן, דיר צאָלן ווי אַ פרעמדן. ווילסט

פופציק דאלאר אַ וואָך? דיר געבן פופציק און פאַר קעסט וועל איך דיר אויך ניט רעכענען. איין מאָל אין דיין לעבן וועסטו האָבן אַ שטעלע, אַ גוטע שטעלע דערצו, וועסט קענען אָפּשפּאָרן אַ פּאָר דאלאר און אַרויסהעלפן דיין טאַטער. מעגסט עס טון, מוזסט עס טון.

זיין טאַטער האָט פאַרשטעלטערהייד אים געזאָגט דעמזעלבן מוסר וואָס זיין ווייב, מער ניט זיין ווייב איז געבליבן ביי די רייד, „סימע! וועסט שוין פון מיר קיין לייט ניט מאַכן", האָט ער געזאָגט זיין ווייב און איז אַוועקגעגאַנגען, דער טאַטער? „איך בין ניט קיין געשעפטסמאַן". איר עס זאָגן נאָכאַמאָל, זיך אויפהויבן, אַוועקפאָרן. וואָס איז דער שכל פון בלייבן אין . . . טאַטל? אַ מדינה! אָבער וואָס וועט זי טאַקע טון? זי מיטן קינד. אַ וואויל קינד. אין דער טאַטער האָט ער געזען מער סימען ווי זיך, כאָטש די געזיכט צוגן זיינען געווען זיינע, אינם קינד האָט ער געזען חנהן, מילטאנען, סימען און זיך. אַ טייער קינד, אַ שאָד בלויז וואָס עס וואַקסט דאָ אין טאַטל. אָבער וואוהין קען זי טאַקע פאָרן? נעמען און אַלץ צעברעכן? אויך ניט קיין פּלאַן. ער'ט בלייבן. אויף אַ קורץ שטיקל צייט. אפשר וועט דער מילטאן . . .

(4)

אַ צייטונג! אַ יידישע צייטונג! וויסן וואָס עס טוט זיך אין דער יידישער און אַפילו אין דער אַלגעמיינער וועלט. פון דער טאַטעלער צייטונג . . . „די פּריירי ניוס" קען מען זיך אַ סך דערוויסן, און אַפילו פון דעם „סט. פּאול דיספּעטש" קען מען אויך אַרויס ניט וויסנדיק. ער האָט שוין אויסגעשריבן אַ יידישע צייטונג, אָבער ביז זי וועט אָנקומען . . .

חנה האָט, מיט פאַראַכטונג אין טאָן, אים געזאָגט: דער שניידער, ער איז דער איינציקער וואָס קריגט אַ יידישע צייטונג.

— דער שניידער?

— 'עסט גיין גאַס אַרונטער וועסטו זען — „טאבי די טיילאר", קענסט אים ניט אויסמיידן.

יתום האָט זיך געכאַפּט אַז ער האָט שוין געזען דעם אויפשריפט. ער האָט זיך געלאָזט גיין אויף דער הויפּט גאַס. שוין דאָס דריטע מאָל אַז ער האָט „שפּאַצירט" איבער דער גאַס, ער האָט שוין געזען די

גאַנצע שטאָט. אָנגעהויבן האָט זיך די שטאָט פון דער באַן סטאַנ־ציע — אַ ציגל־רויט הילצערן בודקעלע מיט אַ גרויער הילצערנער פּלאַטפאָרמע — און זי איז פאַרלוירן געגאַנגען אין דער פּריירי. ער האָט ממש געקענט זען ווי די באַן איז איין פּרימאָרגן צוגעפאָרן צו אָט דעם פּונקט, אַרונטערגעוואָרפן די עטלעכע הייזער, די פּאָר מויערן — שטייט אייך דאָ וויפיל איר ווילט. איך האָב קיין צייט ניט. די באַן איז אַוועקגעפאָרן, די שטאָט טאָטל מיט איר באַנק, פּאָסט אָפיס, דעפּאַרטמענט סטאָר, אַנדערע קרעמלעך איז געבליבן שטיין קוקנדיק מיט שרעק צו דער ברייטער פּריירי — זאָלסט אונז נאָר ניט איינשלינגען. יונה יתום איז שוין איין מאָל אַפילו אַרויסגעגאַנגען אויסערן שטאָט. נאָך איידער ער האָט זיך אומגעקוקט איז ער שוין געווען אין פעלד. לכתחילה איז עס אים געפעלן געוואָרן. אין אַלע אַמעריקאַנער שטעט וואָס אים איז אויסגעקומען צו זיין האָט ער געליטן דערפון וואָס מ׳קען ניט אַרויסגיין אויסערן שטאָט, אין פעלד, אין וואַלד אַריין, אַז צו דער שטאָט איז גאָר קיין עק ניטאָ. דוכט זיך שוין אויסערן שטאָט, אַהאַ—ווידער הייזער, גאַזאָלין סטאַנציעס. דאָ איז ער אַרויס פון שטאָט אַזוי אומגעריכט ווי אַ מענטש וואָס שפּרינגט אומגעריכט אַרונטער פון אַ טרעפּל, אַ טראָט, און ער איז שוין געווען אין פעלד. פיין! ווען ער האָט אָבער גענומען גיין, פאַר זיינע אויגן האָט זיך געשפּרייט פעלד און פעלד, אָט ווי אַ ים אָן אַ ברעג, און זאָלסט עס זאָגן אַ סימן פון אַ בוים אויף מיילן אַרום, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַזאַ אומעט, אַז ער האָט אויף גיך זיך פאַרקירעוועט צוריק אין שטאָט אַריין. אַ מדינה! איצטער האָט ער זיך געלאָזט צו „טאַבי די טיילאָר״, ביי דעם אומבאַקאַנטן שניידער קריגן אַ יידישע צייטונג, זען אַ יידישן יידן. זיין טאָכטער — אַ יידישע טאָכטער, געגאַנגען אַפילו אין אַ יידישער שול, אָבער יידיש?

„טאַבי די טיילאָר״ האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, זיינע ברילן האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט צום שפּיץ נאָז, די אויגן פאַרריסן אויף אַרויף, האָבן געקוקט, באַטראַכט דעם אַריינגעקומענעם.

— העללאָ!

— העללאָ.

מ׳האָט זיך דערלאַנגט די הענט.

— שלום עליכם אַ ייד. זייט איר דאָס „טאַבי די טיילאָר״.

— יאָ, איך בין עס טאבי די טיילאר און איר זייט מרס. בראונס פּאָטער.

— יאָ, איך בין מרס. בראונס פּאָטער, פון וואַנען ווייסט איר?

— פון וואַנען איך ווייס. דאָ אַז עס קומט אַ מענטש איז די מינוט וואָס ער גייט אַרונטער פון באַן ווייסט שוין די גאַנצע שטאָט. זיצט, מר. . . .

— מיין נאָמען איז יתום.

— מיין נאָמען איז בעסקין, טוביה בעסקין.

— פון טוביה בעסקין געוואָרן טאבי די טיילאר?

— אָט אַזוי ווי איר זעט. זאָג דעם אַמעריקאַנעם טוביה פון היינט ביז מאָרגן קען ער עס ניט צעקייען, טאבי און פאַרטיק. העללאָ, טאבי! טאבי? זאָל זיין טאבי. איז וואָס הערט זיך?

— דאָס בין איך געקומען צו אייך אויסגעפינען וואָס הערט זיך אויף דער וועלט. געהערט אַז איר זייט דער איינציקער ייד וואָס קריגט אַ יידישע צייטונג.

— יאָ, איך קריג יעדע וואָך די „פרייע אַרבעטער שטימע“, — האָט טוביה ניט אַן שטאָלץ אַרויסגעזאָגט, דערביי אַ קוק געטון אויף זיין באַזוכער, וואָס פאַר אַן איינדרוק האָט עס געמאַכט אויף אים.

— די „פרייע אַרבעטער שטימע“? אַן אַנאַרכיסט? — יונה יתום האָט געקוקט אויפן יידן דעם אַנאַרכיסט און געזען — גרוי. דאָס ביסל האָר אויפן קאָפּ, נידעריק געשוירן — צינק גרוי, דער קיילעכ־דיקער פּנים וואָס האָט זיך אָנגעהויבן הויך פונם פּליכעוואַטן קאָפּ אויך גרוי, עפּעס אַ מין גראַפּיט גרוי, די אויגן גרויע, וואַסערדיקע, מוז שוין זיין אַלט אַ יאָר . . .

— אויך אַ גענאַסע? — האָט טוביה שיר ניט קאָנספּיראַטיוו אַ פרעג געטון, און אין די גרויע וואַסערדיקע אויגן האָט אויפגעשיינט אַ גלאַנץ.

— ניט קיין אַנאַרכיסט, אָבער אַ גענאָסע, אַ סאָציאַליסט.

— אה, נו, וואָס איז דער חילוק, סאָציאַליסט, אַנאַרכיסט? מיר זיינען „אויף דער זעלבער שיף“. אין אָט דעם מדבר איז די „פרייע אַרבעטער שטימע“ מיין איינציקער פריינד, חבר און . . . לערער. איך לייען איבער די „פרייע אַרבעטער שטימע“ ווערט מיר אַלץ קלאָר.

— וואָס מכּוח נייס?

— נייס? וואָס פאַר נייס? נייס פּאַסירט איין מאָל אין אַ יובל. ניטאָ קיין נייס. — זעענדיק ווי זיין גאַסט קוקט אויף אים ניט פאַר־שטייענדיק, האָט ער מיט צופרידנקייט גערעדט, באַלערנט. — נייס האָט פּאַסירט אין 1917, די רוסישע רעוואָלוציע; אויב איר ווילט, אויך אין 1933 — היטלער, ווייטער איז אַלץ גאָרניט, אַפילו מלחמה איז ניט קיין נייס.

— און וואָס מכוח יידן? יידישע נייס?

— יידישע נ י י ס ? יידישע צרות מיינט איר, דאָס איז קיין נייס ניט. אַלע מאָל געווען דאָס כפרה הינדל, איצטער אויך. היטלער? דער אַלטער המן. וועט אויך קריגן די מפּלה. ניקאָלאַיקע איז געווען שטאַרקער פון אים, געקומען 1917 איז אויס ניקאָלאַי, וועט דאָרטן אויך קומען.

— גלויבט נאָך אַלץ אין רעוואָלוציעס?

— נו וואָס דען, אין שטים קעסטעלע?

פון אָט דעם „קעסטעלע״ האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון פאַר־אַכטונג, שפּאָט.

— וואָס מכוח רוזוועלטן?

— וואָס רוזוועלט? אַ פּאָליטישן, ווי אַלע פּאָליטישנס.

— אָבער ער טוט דאָך.

— וואָס טוט ער וואָס? לאַטעט אַן אַלטן שוך, לאַטעט ער. ניין, מיין פריינט, פון די לאַטוטניקעס איז גאָרניט צו דערוואַרטן, — האָט ער אַ קוק געטון אויף יתומען מיט אַ מינע פון אַ יידן וואָס האָט אַרויסגעזאָגט דאָס לעצטע וואָרט. אין דעם שמייכל וואָס האָט געהויערט אַרום יתומס מויל איז געווען איינגעהילט — פאַרשימל־טער גענאָסע, טוביה האָט אָבער נאָר געזען דעם שמייכל און ער האָט אויך צופרידן געשמייכלט: אים געזאָגט דאָס ריכטיקע וואָרט . . .

— קען איך זען די „פרייע אַרבעטער שטימע״? — האָט יתום אַ פרעג געטון אויך מיט אַ שמייכל, וואָס האָט געזאָגט: פון דיר גופא וועל איך זיך שוין ווינציק וואָס דערוויסן, פון דער צייטונג אפשר . . .

טוביה האָט פאַמעלעך זיך אויפגעהויבן פון זיין ביינקל ביי דער ניי־מאַשין, פאַרשאַרט אַ גרויען דיקן פאָרהאַנג פון „מאַנאַכן צייג״, דיקע, גרויע לייוונט, פאַרשוואונדן הינטערן פאָרהאַנג און באַלד צוריק

אַרויסגעקומען מיט דער צייטונג. ער האָט זי דערלאַנגט יתומען אַזוי פּאַרזיכטיק, אָט ווי זי וואָלט געווען אַ גלעזערנע.

יתום האָט אַ קוק געטון אויף דער ערשטער זייט, גלייך אַ בויג געטון, איבערגעקנייטשט אויף דער צווייטער זייט. דער בויג, דער קנייטש האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף טוביהס פּנים, אָט ווי עמיצער וואָלט אים געקניפּט די באַק. דער גאַסט באַגייט זיך מיט דער „פרייע אַרבעטער שטימע" גאָרניט איידל, ניט באַדאַרפט געווען אים געבן. ווי אַ מענטש באַהאַנדלט עס די „פרייע אַרבעטער שטימע".

דער מענטש איז געשפּרונגען פון זייט צו זייט, כהרף עין איז ער שוין געווען ביי דער לעצטער זייט. — דער ריכטיקער לייענער, — האָט טוביה געפּסקנט, זאָל ער שוין פאַרטיק ווערן, זי אָפּגעבן צוריק.

— קען איך זי נעמען ביי אייך אויף אַ טאָג? זי אייך מאָרגן ברענגען.

— ניין, מיין פריינד, דאָס ניט. דאָ קענט איר לייענען וויפיל איר ווילט, אַהיים געבן, דאָס ניט.

יתום האָט אַ פאַרחידושטער געקוקט אויפן שניידער. וואָס איז דאָס פאַר אַ באַשעפעניש? — איר האָט מורא איכ׳ל אייך ניט אָפּגעבן . . . ? — שיר שיר האָט ער ניט אַרויסגעזאָגט „די מציאה".

— די „פרייע אַרבעטער שטימע" גיב איך ניט אַרויס, — האָט טוביה קאַטעגאָריש דערקלערט.

— איכ׳ל אייך געבן אַ דעפּאָזיט, — האָט יתום ניט אָן שפּאָט אַ זאָג געטון.

— פאַר קיין געלט אין דער וועלט, — האָט טוביה, ניט באַרירט פון שפּאָט, פייערלעך דערקלערט. — דאָ קענט איר לייענען, אַרויס־געבן — ניט.

— וואָס זשע? — האָט שוין יתום נייגעריק געפרעגט און אַוועק־געלייגט די צייטונג אויף דער ניי־מאַשין.

טוביה האָט גענומען די צייטונג, זי אַ גלעט געטון און מיט אַ נויג פון קאָפּ איינגעלאַדן יתומען ער זאָל זיך אויפהויבן. טוביה איז געגאַנגען פאָראויס, יתום איז אים נאָכגעגאַנגען ווי מיסטיפיצירט: וואוהין פירט ער עס אים?

טוביה האָט פאַרשאַרט דעם פאָרהאַנג, צוגעהאַלטן, אַריינגעלאָזט יתומען, נאָכדעם אַליין אַריין. יתום האָט דערזען אַ בעט, אַ טיש,

אַ גאַז פּליטע, טוביהס וואוינונג, איבערן טיש איז געווען אַ ברייטע, גרויסע פּאַליצע, אַ „היימיש געמאַכטע״, טוביהס מלאכה. טוביה האָט אַ ווייז געטון מיט דער האַנט אויף דער פּאַליצע. — איר זעט?

יתום האָט דערזען געבונדענע פאַליאַנטן פון פאַרשיידענער גרויס, קענטיק אויך „היימיש געמאַכט״, אַליין געבונדן.

— אַלע יאָרגאַנגן! פון דעם ערשטן יאָר ביז היינט צו טאָג! — דער פּאַטערלעכער קוק מיט וועלכן טוביה האָט געקוקט אויף דער פּאַליצע האָט זיך געקירעוועט צו יתומען, אויפן וועג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָלצן קוק: ווי געפעלט דיר מיין . . . קינד? גע־ראָטן, האַ?

יתום איז געווען געפּלעפט. פאַרחידושט האָט ער אַ קוק געטון אויף טוביהן, איבערגעפירט דעם קוק אויף דער פּאַליצע, די האַנט האָט זיך אַ ציי געטון. טוביה האָט זיך געפעדערט, אַרויסגעצויגן איין באַנד. — דער ערשטער יאָרגאַנג! — האָט ער דערלאַנגט ווי אַ קוואַטער דערלאַנגט דאָס קינד. ער האָט געלאָזט יתומען בלעטערן דעם פאַליאַנט, דערווייל אַרונטערגענומען נאָך אַ באַנד. — און דאָס איז דער לעצטער, — האָט ער אים אונטערגעטראָגן, אַזוי אַרום גע־הייסן אים — לייג אַוועק יענעם. יתום האָט גענומען בלעטערן דעם לעצטן יאָרגאַנג, באַמערקט איין בלאַט איז פאַרקנייטשט, האָט ער גענומען אויסגלייכן. טוביהס האַנט האָט זיך אַרויפגעלייגט אויף זיינע פינגער — טשעפּע ניט. יתום האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ — וואָס איז דאָס פאַר אַ משוגענער?

— לייענט דאָ אָ, — האָט טוביה עטוואָס פאַרשעמט אַ זאָג געטון.

יתום האָט גענומען לייענען. — איך שיק אייך צען דאָלאַר . . . לאַנג לעבן זאָל די „פרייע אַרבעטער שטימע״.

— אָה! — האָט יתום אַ ברום געטון. — איצט פאַרשטיי איך שוין.

— דאָס שיק איך יעדן יאָר. יעס סיר, יעדן יאָר שיק איך זיי אַ צענערל און איך האָף אַז איך וועל עס טון ביזן סוף.

— איר מיינט ביז די „פרייע אַרבעטער שטימע״ וועט עק־זיסטירן?

— חס וחלילה! ניין, איך וויל די „פרייע אַרבעטער שטימע״

ניט איבערלעבן. איך מיין ביז א י ך וועל לעבן. יעס סיר, אַזוי לאַנג ווי איך לעב איז דאָס מיין אידעאַל.

— וואָס זשע, איר גלויבט טאַקע נאָך אַלץ אין אַנאַרכיזם?

— מיטן אַנאַרכיזם איז ווי מיטן יידישן משיח. קיינער ווייסט ניט ווען ער וועט קומען, אָבער דער פרומער ייד גלויבט ער׳ט קומען. דאָס איז מיין משיח. ער׳ט קומען. אי, איך וועל עס ניט דערלעבן? מע . . !

טוביה האָט שוין צוריק אַוועקגעשטעלט ביידע בענדער, אויס־געגלייכט די רייע, געוואַרט יתום זאָל מאַכן אַ טריט אַרויסצוגיין.

— זאָגט זשע מיר, איך בעט אייך, וואָס וועט איר טון מיט די אַלע בענדער. איך מיין, אַ מענטש לעבט דאָך ניט אייביק. איר האָט קינדער?

— קינדער? — האָט טוביה אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, — מיינע קינדער דאַרפן עס ניט. איר זעט די ערשטע פופצן בענדער? דאָס האָט מיר אַוועקגעשיינקט מיינער אַ פריינד אין שיקאַגאָ, ליפּשיץ, אַן אַלטער גענאָסע. פאַרן טויט האָט ער מיך אַריינגערופן און מיר גע־זאָגט: טוביה! דאָ זיינען די ערשטע פופצן בענדער „פרייע אַרבעטער שטימע״. קיינער האָט זיי ניט. איך בין זיכער אַז אַפילו אין ניו יאָרק האָבן זיי זיי ניט, ניט אַלע בענדער, דאָ איז פונם ערשטן ביזן לעצטן נומער, ניט פאַרפעלט אַ נומער. איך האָב זיי ניט וועמען איבערלאָזן. מיינע קינדער . . . ניטאָ וואָס צו ריידן . . . ביי דיר וועלן זיי זיין זיכער. היט זיי אָפּ. זאָגסטו מיר צו? און ער האָט זיי מיר אַוועק־געשיינקט. די אַנדערע האָב איך שוין אַליין געקליבן. און ווען מיין „נעקסט״ וועט קומען . . ? איז אַזוי, איך טראַכט אַז אפשר וועל איך נאָך צופאָרן קיין ניו יאָרק. פאָרן אַהין, וועל איך זיי אַלע מיטנעמען, אַריינגיין אין אָפיס און זאָגן: נאָט אייך! פונם ערשטן נומער אָן. אויב אָבער ניט, ווער ווייסט צי וועל איך עס באַווייזן צו טון, האָב איך שוין געמאַכט אַ צוואה, אָנגעזאָגט, נאָך מיין טויט זאָל מען זיי אַלע אַוועקשיקן קיין ניו יאָרק, אין הויפּט אָפיס. דאָרטן . . .

טוביה האָט אַ שפּאַן געטון צום פאָרהאַנג, יתום איז אים נאָכ־געגאַנגען. אַרויסגעגאַנגען איז ער ניט פון אַ הינטערשטן צימער פון אַ שניידער קרעמל, נאָר פון אַ קראַנקן צימער וואו עס ליגט אַ חולה מסוכן, אַ גוסס וואָס האָט זיך געזעגנט מיט דער וועלט.

דער „גוסס“ האָט פאַרלוירן אַ ביסל פון זיין פייערלעכקייט, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צוריק אויף זייןביינקל ביי דער ניי־מאַשין, יתום האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט.

— איצט פאַרשטייט איר שוין? קען ניט אַוועקגעבן קיין נומער. ווי אַ זאַך מאַכט זיך. מענטשן זיינען ניט פאַרזיכטיק גענוג מיט אַ צייטונג. וואָס איז אַ צייטונג? נאָך אַ יידישע דערצו. איבערגעקוקט? אַרויסגעוואָרפן. מיר, אַז זי קומט אָן, איך קוק שוין אויס די אויגן אויף איר, אַמאָל קומט זי מאָנטיק, אַמאָל דינסטיק און אַמאָל גאָר מיטוואָך, זעץ איך זיך אַנידער, קוק זי דורך אינגאַנצן. צום אַלעם ערשטן גיב איך אַ קוק אויף דער לעצטער זייט, וויפיל געלט עס איז אַריינגעקומען, לייען איבער אַלע נעמען, ווער פון וואַנען האָט וויפיל געשיקט, ווער ס'איז געשטאָרבן, מ'שטאַרבט, מ'שטאַרבט . . . נאָכ־דעם נעם איך זיך ערשט לייענען. איך לייען זייער פּאמעלעך. אַן אַר־טיקל אַ טאָג איז גענוג פאַר מיר. דורך דער וואָך לייען איך זי איבער אינגאַנצן, מדאָשקע לדאָשקע. אַמאָל, אַז סע פאַרביינקט זיך מיר, נעם איך אַרויס אַ באַנד פון פאַר צען, צוואַנציק יאָר, הויב אָן בלעטערן, דערמאָן זיך אין אַמאָליקע יאָרן . . . עמאַ גאָלדמאַן, אַלעקסאַנדער בערקמאַן . . . איר זייט שוין דאָ געווען ווען ער האָט געשאָסן פריקן? ניט געווען. איך בין נאָר וואָס געהאַט אָנגעקומען קיין אַמעריקע. גאַנץ אַמעריקע האָט געקאָכט. סאַשאַ! — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ טאָן פון אַ פאַרליבטן. — יאָהאַן מאָסט האָט איר אַמאָל געהערט? דאָס איז געווען אַ רעדנער! און עמאַ גאָלדמאַן. אַ באַי באַבאַ! היינט יאַנאָווסקי! יאָ, — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ זיפץ, אַנטשוויגן געוואָרן, און יתומען האָט זיך געדוכט אַז די גרויקייט אויף טוביהס פנים איז עטוואָס צוגעפאַרבט געוואָרן. די גרויע וואַסערדיקע אויגן האָבן פאַרביינקט געקוקט ערגעץ וואו אין דער פאַרגאַנגענהייט אַריין.

יתום האָט זיך אויפגעהויבן, זיך געזעגנט.

— קומט אַריין, — האָט טוביה אים פאַרבעטן, — זיך דורכ־שמועסן, — און אויף זיין פנים האָט יתום געקענט זען אַז ער מיינט עס אויפריכטיק.

— וועל אַריינקומען, זיכער אַריינקומען, אַריינקוקן אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע“ און . . . אַ פינאַקל שפילט איר?

— ווער שפּילט עס ניט קיין פּינאַקל? — האָט טוביה גוטמוטיק געשמייכלט און זיין האַנטדרוק איז געווען אַ פעסטער, אַ פריינט־לעכער.

(5)

— אַ קאָמישער אַלטער, — האָט יתום געטראַכט וועגן טוביה דעם שניידער, ער איז אָבער געקומען צו אים גאַנץ אָפט. יתום האָט שוין געקראָגן זיין טעגלעכע יידישע צייטונג. געקומען איז זי אַזוי איינגעוויקלט אין אַ ווייס־גרוי פּאַפּיר העמדל אַז קיין „שפּיץ פינגער" האָט זיך ניט אַרויסגעזען. ער האָט באַמערקט אַז ווען ער האָט אַרונ־טערגעריסן דאָס העמדל האָט זיין טאַכטער, אויב זי איז געווען דער־ביי, שאַרף אַ קוק געטון אויף דער צייטונג און ווען ער האָט איין מאָל מיטגענומען די צייטונג אין קראַם אַריין — לייענען צווישן איין קונה און אַ צווייטן — איז זי ניט געבליבן אונטער דער האַנט. אויף זיין פראַגע: וואו איז אַהינגעקומען די צייטונג? ערשט געהאַלטן! האָט די טאַכטער מיט אַ בלאַנקן פּנים געפרעגט: וואָס פאַר אַ צייטונג? אויף ווייטערע פראַגעס האָט זי איריטירט געענטפערט: ניט געזען ק י י ן צייטונג, דריי מיר ניט קיין קאָפּ.

דער אַלטער טוביה איז, הייסט עס, גאָרנישט אַזוי קאָמיש וואָס ער וויל נישט געטרויען זיין „פרייע אַרבעטער שטימע".

יתום האָט געבראַכט זיין צייטונג צו טוביהן.

— אהו! — האָט טוביה אַ זאָג געטון מיט אַ טאָן פון איינעם וואָס באַגעגנט אַן אַלטן באַקאַנטן. — גייט נאָך אַרויס, שוין לאַנג, לאַנג ניט געזען.

ער האָט אַ קוק געטון אויף דער ערשטער זייט, אַפילו די „קעפּלעך" ניט געלייענט און גלייך איבערגעגאַנגען צו די אינעווייי־ניקסטע זייטן.

— . . . דער . . . לעבט נאָך? און . . . פלעג אים לייענען אַמאָל. אים און מיללערן. אי, דער מיללערקע! דאָס איז געווען אַ שרייבער! ער אַז ער האָט דערלאַנגט עמיצן אַ גאָב איז עס געווען מיט דער פולער האַנט. געשטאָרבן. אַ שאָד. קענט זי איבערלאָזן, — האָט ער געענטפערט יתומען מיט אַ מהיכא תיתי טאָן. שטאַרק להוט נאָך דער צייטונג, נייס, איז ער ניט געווען.

יתום האָט מיט אים שוין ווינציק וואָס גערעדט וועגן פּאָליטיק. מ׳האָט געשפּילט פּינאקל, געשמועסט וועגן טאָטל, די יידן דאָ, אָנ־געהויבן האָט טוביה פון זיך אַליין.

— ווי איך קום אַהער? אַזוי די מעשה. געוואוינט אין מינע־אַפּאליס. ס׳הייסט, אָנגעקומען קיין אַמעריקע בין איך גאָר אין פּיטס־בורג, געהאַט דאָרטן עפּעס אַ שטיקל קרוב, נאָכדעם געוואוינט אין שיקאַגאָ, פון דאָרטן מגולגל געוואָרן קיין מינעאַפּאליס, צען יאָר גע־וואוינט דאָרטן. דער יונגערער ברודער מיינער — איר האָט געזען זיין קראָם, „בעס קלאָדינג סטאָר״, — נו יאָ, דער נאָמען איז בעסקין, האָט ער מלה געווען דעם „קין״, געוואָרן בעס — האָט זיך אַוועקגע־לאָזט אין די מקומות דאָ, געפּעדלט צווישן די פאַרמער. געמאַכט אַ פּאָר דאלאר, האָט ער פאַרקויפט דאָס פערד און וועגעלע, געעפנט אַ קרעמל פון מענערישע קליידער. אים אַוועקגעגאַנגען ניט שלעכט. דערווייל איז מיר מיין ווייב אַוועקגעשטאָרבן, געבליבן איינער אַליין. שטיין ביי די קינדער, האָב צוויי זין מיט אַ טאָכטער, האָב איך ניט געוואָלט. גוטע קינדער, וואוילע קינדער, אָבער שטיין מיט זיי צוזאַ־מען, הויבט זיך אָן אַ מעשה מיט שניר, אָן איידים, בעסער אַז ניט. האָט ער מיר געשריבן, מיין ברודער, וואָס ׳סטו זיצן דאָרטן איינער אַליין? קום צופאָרן, וועסט שטיין ביי מיר, און אַרבעטן אין קראָם, ווייסטאָך, אַ מענטש קויפט אַן אנצוג דאַרף מען אויספּאַסן, פאַרריכטן. האָב איך זיך מישב געווען — אפשר אַ פּלאַן. בין איך געקומען, גע־שטאַנען ביי אים, געאַרבעט אין קראָם. צופיל אַרבעט איז ניט געווען, מיין שטיקל ברויט האָב איך אָבער ערלעך פאַרדינט. אַמאָל נאָך אַרייג־געפאַלן אַ באַשטעלונג אויף אַ נייעם אנצוג. וואָלט שוין אַלץ געווען גוט, נו . . .

טוביה האָט זיך פאַרהאַקט אין ריידן. יתום האָט שווייגנדיק געמאָנט: רעד ווייטער, דערצייל!

— איז אָבער דאָ אַ שווערין. אַ וואוילע פרוי, איך האָב צו איר גאָרניט, נאָר אַז איך האָב געקראָגן די „פרייע אַרבעטער שטימע״ האָב איך זי באַדאַרפט היטן מיט זעכצן פּאָר אויגן זי זאָל ניט אַרייג־פאַלן צו מיין שווערין אין די הענט. זי איז גלייך ניט געבליבן. די הויט האָט אויף איר געציטערט טאָמער חלילה וועט אַ קונה אין קראָם, צי אַ שכנה דערביי דערזען די יידישע אותיות. שעמט זיך. ניט נאָר

מיט דער יידישער צייטונג, נאָר מיט מיר. איר ניט אָנגעשטאַנען מיין יידישקייט. אַ יידישע, אודאי אַ יידישע, נאָך אַ מין יידישע, דער נאָז, די אויגן, נאָר דער צונג אַ גויאישער, — האָט טוביה אונטערגע־שמייכלט. — טאָמער האָב איך אויסגערעדט אַ יידיש וואָרט צו ישראלן, צום ברודער מיינעם, אָדער גאָר חלילה צו די קינדער, איז געווען הימל עפן זיך. מילא זי יאק זי, אַ יענקי, מישטיינס געזאָגט, אָבער ער, ישראל! רופט מיך אַרויס פון צימער הינטער דער קראָם איך זאָל זען וואָס מ׳דאַרף פאַרריכטן אין אַן אנצוג, שטעלט ער מיך פאָר: דאָ איז דער שניידער, ער׳ט שוין פאַרריכטן. אַ שניידער  ב י ן איך, כל ימי געווען אַ שניידער, זיך קיינמאָל ניט געשעמט מיט מיין מלאכה, אָבער אַז אַ ברודער שטעלט דיך פאָר — דאָ איז דער שניי־דער, — ניט מיין ברודער, חלילה, אַפילו ניט מר. בעסקין, נאָר דער שניידער, איז מיר געוואָרן פריקרע דער גאַנצער עסק. אויב נאָר אַ שניידער, קען איך דאָך זיין אַ שניידער פאַר זיך. איך מיין, אויב ניט קיין ברודער, איז . . . בין איך אַוועקגעגאַנגען, געדונגען דאָס קרעמל דאָ, איבערגעצאַמט, געמאַכט אַ שטיקל דירה פאַר זיך און זיך איינ־געשטעלט, אַ באַלעבאָס פאַר זיך. זיך ניט געקריגט מיט אים. אדרבה, ער גיט מיר זיין אַרבעט, ברייגנגט צו אָדער שיקט צו, פלארענס, די שוועגערין מיינע, קומט אויך אַמאָל צו, ברייגנגט אירע זאַכן פאַר־ריכטן, אויספרעסן, בעט מיך אַפילו איך זאָל אַריבערקומען. איך זאָג, נאַטירלעך, צו, איך וועל קומען, אָבער זינט איך האָב זיך אַרויס־געקליבן, שוין אַ יאָר פינף, בין איך אפשר געווען פינף מאָל, איין מאָל אַ יאָר געווען . . . איך האָב פיינט די מעקסוועל סטריט יענקיס. איך בין ניט קיין נאַציאָנאַליסט, ביי מיר איז אַ ייד, אַ רוס, אַן אַמעריקאַנער אַלע גלייך, אָבער זיך שעמען מיט מיין יידישקייט? אַלע ווייסן אַז איך בין אַ ייד. העללאָ, טאבי! העללאָ, דזשאהן! ניט איין מאָל האָט דזשאהן געזען ביי מיר די „פרייע אַרבעטער שטימע״. — וואָס איז דאָס?

— אַ צייטונג.

— אַ צייטונג זע איך, וואָס פאַר אַ צייטונג?

— אַ יידישע.

— היברו?

— ניין, ניט היברו, נאָר יידיש, דער אלף בית איז היברו.

— און ווי לייענט איר דאָס? פון רעכטס אויף לינקס!

דאָס קען זיך גאָרניט פּאַטויפּען ביי דזשאהנען אין מוח, האָב איך אים דערקלערט: — די עשׂרת הדברות ווייסטו? נו, זיי זיינען ניט געווען געדרוקט אויף פּאַפּיר, זיינען זיי? מ׳האָט זיי אויסגעקריצט אויף שטיין. נו, אַז מ׳האַקט אויס ווערטער אין שטיין האַלט מען די דלאָטע אין דער לינקער האַנט און מ׳האַקט מיטן האַמער אין דער רעכטער האַנט, פון רעכטס אויף לינקס, ניט אַזוי? נו, דאָ האָט איר עס, דערפאַר לייענען מיר יידן פון רעכטס אויף לינקס.

— דאָס איז פאַר מיר אַ נייס, — גיט צו דזשאהן, און מיר זיינען דיזעלבע גוטע פריינט. ווייסטאָך, ליב האָבן דעם יידן האָט מען אין ערגעץ ניט, אָבער איך דאַרף עס זיין ליבע? איך אים האָב עס אַזוי ליב? ליב האָבן דעם דייטש דאָ? יאָ, דאָ פאַראַן אַ סך דייטשן, אַריבערגעקומענע פון רוסלאַנד, מאַכן נאָך אַ רוסישן מי שברך, צי די נאָרוועגער, שוועדן, דאָ פון זייערע אַ סך דאָ, צי אַפילו די אַמעריקאַנער? ליב האָבן. דו טשעפּע מיך ניט, איכ׳ל דיך ניט טשעפּען. ער קומט עס צו מיר ווייל ער האָט מיך ליב? ער קומט ווייל ער דאַרף. דער דאַרף פאַרריכטן אַ רעקל, אויספּרעסן אַ פּאָר הויזן, איין מאָל אין אַ יובל מאַכן אַ נייעם גאַרניטור, און אַזאַ גאַר־ניטור ווי טאַבי וועט אים מאַכן, פאַר דעם געלט, וועט ער אין ערגעץ ניט קריגן. יאָ, מע באַשטעלט דאָ אַנצוגן. פונם באַנקיר איז דאָך אָפּגערעדט, צוויי מאָל אין יאָר מאַך איך פאַר אים אַן אַנצוג. נעם שוין אַפילו ניט קיין מאָס, קען זי שוין אויף אויסנווייניק. אָבער ניט נאָר דער באַנקיר, האָב דאָ עטלעכע קונים, אַפילו פאַרמער קומען צו מיר באַשטעלן אַ גאַרניטור. איין מאָל אין לעבן — צו דער חתונה — באַשטעלט דער פאַרמער פאַר זיין זון אַ גאַרניטור און ניין מאָל פון צען איז עס אַ טונקל בלויער, זאָל זיין אויפן גאַנצן לעבן, קענען גיין אין אים אין קלויסטער אַריין, פאָרן צו גאַסט, גיין אויף אַ חתונה, צו אַ לויה, אַזוי ביז זיין אייגענער לויה, ווערט באַגראָבן אין טוביהס אַנצוג. און טאַבי איז אַלרייט, כאָטש ער איז אַ ייד און לייקנט עס ניט. ס׳הייסט, און די וואָס לייקענען? ווייסט מען ניט אַז זיי זיינען יידן? געזען דאָ נעלסאַנס דעפּאַרטמענט סטאָר? דאָס איז מר. קאַצע־נעלסאָן, די „קאַץ" דערטרונקען, געבליבן נעלסאָן, אָבער ווער ווייסט עס ניט אַז ער איז אַ ייד? אַ רייכער ייד, ער איז שוין דאָ אַ תושב,

מוז שוין זיין דאָ אַ יאָר זיבעצן, אַכצן. ראש השנה, יום כיפור, אַלע יידן האַלטן פאַרמאַכט, זיין דעפּאַרטמענט סטאָר איז אָפן, אָבער דאַ־ וועגען גייט ער.

— וואָס? מ׳דאַווגט דאָ? דאָ אַ מנין?

— אַ גאַנץ יאָר ניטאָ. אינגאַנצן דאָ אַכט יידישע פאַמיליעס, אָבער ימים נוראים איז דאָ אַ מנין. מ׳ברייגנט אַרונטער אַ חזן פון מינעאַפּאָליס, מע נעמט דעם טאַנץ זאַל, איבערן בילליאַרד פאַרלאָר איז דאָ אַ טאַנץ־זאַל, און מ׳דאַווגט. און וואָלט איר באַדאַרפט זען ווי די יידן קומען, דאַווענען, וויינען! מר. נעלסאָן, און מר. פעליקס, און מר. דזשאַקאָבי . . .

— וועלכער דזשאַקאָבי?

— וועלכער דזשאַקאָבי. דאָ דאָ זעכצן דזשאַקאָביס? דזשאַקאָבי, דער ריעל עסטייט, אינשורענס אַגענט, דער, ביי וועמען אין געביידע אייער טאָכטער האָט איר קראָם.

— דער זאָגט דאָך אַז ער איז אַ פראַנצויז!

— אַ ליטווישער פראַנצויז. ער האָט מיר אויך דערציילט די מעשה — אַ פראַנצויז. העלפט גאָט, און דער חזן, מיינער אַ באַקאַנ־ טער פון מינעאַפּאָליס, נאָך אַ לאַנדסמאַן פון דערהיים, אַזוי אַ חזן ווי איך, אין דערהיים, אין מילטשין, געהערט אַמאָל? וואָלינער גור־ בערניע, דאָרטן איז ער גאָר געווען אַ פּוטערניק, געהאַנדלט מיט פּוטער, אויף דער עלטער געוואָרן אַ חזן. איז יאָ, אָט דער חזן, שייע חיים שמואלס, אָדער, ווי ער רופט זיך, מר. גאַרפינקל, קומט צופאָרן אַהער דאָס ערשטע מאָל, איך האָב עס אים צוגעשאַרט דעם עמוד דאָ, און ברייגנט צופירן אַ טוצן מחזורים, אַ פּאָר טליתים, דאָס איז שוין אַ זייטיק פאַרדינסטל, און אויך אַ צוויי טוצן . . . הערינג, יאָ, הערינג, גוטע שמאַלץ הערינג. דאָס האָב איך אים געשריבן ער זאָל ברייגגען. איצט איז שוין דאָ אַ יידישע גראָסערי, געזען מסתם, „צענטער גראָ־ סערי״ — אַ יידישע, קריגט מען שוין אַ הערינג, היינט פאַרקויפט מען שוין דאָ הערינג אויפן פעסל, די נאָרוועגער, די שוועדן האָבן זיך ממש מחיה געווען ווען מר. זילבער האָט געעפנט זיין גראָסערי. היינט איז שוין דאָ צוויי, דריי גראָסעריס, גויאישע, פאַרקויפן אויך הערינג, דאַן אָבער געווען בלויז די „א״ און „פּ״ און ביי זיי איז קיין הערינג ניט געווען. האָט שייע חיים שמואלס געבראַכט אַ פּאָר טוצן

הערינג און איך האָב זיי שוין איינגעטיילט צווישן די יידן דאָ. האָט איר באַדאַרפט זען ווי אָט דער מר. דזשאַקאָבי, דער פראַנצויז, האָט זיך עס צוגעכאַפּט צום הערינג! די פינגער האָט ער געלעקט! טאַקע דאַן האָב איך זיך עס דערוואוסט. ער איז טאַקע געבוירן געוואָרן אין פראַנקרייך. דער טאַטע זיינער, אפרים יאַקובאָווסקי, אַ ליטווישער ייד, האָט אים אַריבערגעבראַכט אַהער ווען ער איז געווען אַ קינד. אין פראַנקרייך איז דער טאַטע זיינער געווען אַ קירזשנער, דאָ, אין טאָטל, האָט ער געהאַט אַ פוטערוואַרג געשעפט. די „פּאלאר פוירס״, די צווייטע טיר פון אייער טאָכטערס קראָם, געשטאָרבן, איז עס אַלץ אַריבער צום זון. דער זון איז געווען אין דער מלחמה, געדינט אין פראַנקרייך, געקומען צוריק אַ גאַנצער פראַנצויז. דאָס געשעפט האָט ער פאַרקויפט, גענומען אַ היפּשע אפּותיקו, די געביידע איז געבליבן זיינע, קריגט אַריין דירה געלט. דאָס איז עס זיין ריעל עסטייט געשעפט. אינשורענס אפשר שרייבט ער, איך ווייס ניט. ער איז דאָ אַ גאַנצער מאַכער אין דעם אַמעריקאַן לעגיאָן, שפּילט אינם „בענד״, שלעפּט זיך נאָך נאָך ווייבער, צי די ווייבער לויפן נאָך נאָך אים, ער איז ניט קיין מיאוסער, אַ „ליידיס מען״, מיט וואָנצעס, כלומרשט אַ פראַנצויזישן אַקצענט, מיסטער דזשאַקאָבי! ראש השנה און יום כפור קומט ער פונדעסטוועגן אין שול, קוקט אַריין אין מחזור, כאָטש וואָס ער זעט דאָרט ווייס איך ניט, סיידן דער מחזור איז אַ „דאָבל ברעסטעד״ — יידיש און ענגליש, קען ניט קיין צלם פאַר קיין אלף, אָבער אַ ייד.

— אַנטשולדיקט, איר . . . גייט אויך אין . . . שול?

— אודאי!

— אַן אַנאַרכיסט!

— דאָס האָט גאָרניט צו טון. איך גיי עס אין שול בעטן ביים יידישן גאָט אַ גוט יאָר? איך גלויב ניט אין דעם. אין שיקאַגאָ, אין מינעאַפּאָליס אַפילו בין איך אין שול ניט געגאַנגען, דאָ איז אָבער ט אָ ט ל! איר פאַרשטייט? ט אָ ט ל! דאָס גאַנצע שטעטל איז די גרויס ווי אַ גענ־יץ, יעדער איינער קען יעדן איינעם, די יידן אַזוי גוט ווי די גויים. ביסט אַ גוי — גיי אין קלויסטער, איז ניט יעדן זונטיק, איז קריסטמוס, איסטער, ביסטו אַ ייד, דאַרפסטו גיין אין שול, דאַרפסט זיין ע מ י צ ע ר, דאַרפסט ערגעץ וואו באַלאַנגען. וועל איך עס טון אויף צו להכעיס און שטיין דאָ יום כפור אין קרעמל? אין לאָנדאָן,

אין ניו יאָרק האָט מען געקענט פּראַווען יום כּפּור בעלער, איז אויך, איצטער טוט מען עס שוין ניט, אָבער דאָ? דאָ ניט גיין אין שול ראש השנה און יום כּפּור מיינט זאָגן — איך בין ניט קיין ייד, און איך בין יאָ אַ ייד, ניט קיין נאַציאָנאַליסט, דאָס ניט, אָבער אַ ייד. איר׳ט דאָ זיין איבער ימים נוראים וועט איר אויך גיין.

— נו, דאָס וועלן מיר נאָך זען, — האָט יתום געענטפערט מיט אַ שמייכל.

גייענדיק אַהיים האָט יתום געזען פאַר זיך די גאַנצע יידישע מדינה טאָטל, טוביה דער שניידער, מר. נעלסאָן פון דעפּאַרטמענט סטאָר, מר. זילבער פון דער גראָסערי, מר. בעס, מר. דזשאַקאָבי, מר . . . און מר . . . אַפילו דעם יידישן פאַרמער וואָס קומט דאַוונען אַהער ימים נוראים האָט ער אויך געזען. „איר׳ט דאָ זיין איבער ימים נוראים וועט איר אויך גיין". ער האָט געפּרואווט זיך זען שטייענדיק אין אַ טלית, דאַוונענדיק, און האָט אַ שמייכל געטון אין זיך, איבער זיך. „ניט גיין, מיינט זאָגן — איך בין ניט קיין ייד, און איך בין יאָ אַ ייד". יידישקייט. מאָדנע, אין ניו יאָרק, שיקאַגאָ, לאָס אַנגעלעס האָט ער געלעבט יידיש, ניט אָפּגעבנדיק זיך צופיל מיט יידישקייט, דאָס האָט ער געלאָזט פאַר די געשוואָרענע יידישקייט פאַרזאָרגער, די אָרטאָדאָקסישע יידן אָדער גאָר די . . . ציוניסטן, דאָ, זיין טאָכטער מיט איר . . . סילוועסטער־שלמה, איר קוקן קרום אויף דער יידישער צייטונג . . .

די יידישע טעגלעכע צייטונג איז געקומען איינגעוויקלט, דער יידישער זשורנאַל, וואָס ער האָט אויסגעשריבן, איז אָנגעקומען אַ נאַקעטער, אָן קיין וויקעלע, און ווען חנה האָט אים דערזען האָט זי כּלומרשט אומשולדיק אַ זאָג געטון: איך האָב געדיינקט די יידישע צייטונגען קומען איינגעוויקלט.

יתום האָט אויף איר בייז אַ קוק געטון. — וואָס זשע, שעמסט זיך מיט דיין יידישקייט?

— ווער זאָגט עס איך שעם זיך? — האָט זי מיט שטירדעס געענטפערט. — איך בין פּונקט אַזאַ גוטער ייד ווי דו.

— נו נו, זאָג שוין, איך בין אַ ייד און בין שטאָלץ דערמיט.

— איך בין!

— אודאי, נאָר האָסט מורא פאַר אַ גוט אויג, האָסט מורא מ׳וועט דערזען ביי דיר אַ יידישע צייטונג, אַ יידישן זשורנאַל.

— ווער זאָגט עס איך האָב מורא? אַלע ווייסן אַז איך בין אַ יידישע, איך לייקן ניט, אָבער נאָכוואָס שטעכן די אויגן, שרייען: איך בין יידיש?

— אַהאַ, האָסט רחמנות אויפן בריוו טרעגער, ער קען נאָך חלילה בלינד ווערן קוקנדיק אויף מיין יידישן זשורנאַל.

— רעדסט נאַרישקייטן, — האָט זי אים אַ וואָרף געטון און אַוועקגעגאַנגען. יתום איז געבליבן זיצן אַ פאַרטראַכטער. און זי איז דאָס געגאַנגען אין אַ יידישער שול, אַ סאָציאַליסטישער. אָט דאָס איז איר געבליבן פון איר יידישקייט. און פון איר סאָציאַליזם? . . . שוין בעסער ניט טראַכטן. עס האָט זיך אָבער געטראַכט, און פון ז י י ן סאָציאַליזם? זיצן דאָ אין טאָטל, שטיין דאָ אין קרעמל. הלואי שטאַרבט ער שוין, אָט דער . . .

יתום האָט זיך דערשראָקן פאַר אָט דעם געדאַנק, ער האָט אָבער געמוזט צוגעבן אַז דער טויט פון זיין פאַראַליזירטן איידים וואָלט אים ניט געאַרט, ער וואָלט זיך מחיה געווען, יאָ, ער וואָלט אויסגע־לייזט געוואָרן, אַ טאָג וואָלט ער דאָ לייגנער ניט געבליבן, אַזוי, ווער ווייסט ווי לאַנג ער וועט דאָ שטעקן. אַ קשיא אויף אַ מעשה, ער׳ט נאָך דאַרפן גיין אין שול אויך.

ערב ראש השנה האָט די טאָכטער אים דערלאַנגט אַ שיין איינ־געפּאַקט קעסטל.

— וואָס איז דאָס?

— פאַר דיר.

— וואָס אַזוינס? ניט מיין געבוירנטאָג.

— עפן וועסטו זען.

ער האָט אויפגעעפנט און דערזען אַ טלית. אַ שמאָל זיידן טליתל. ער האָט עס געהאַלטן מיט צוויי פינגער פון דער אויסגעשטרעקטער האַנט, געקוקט, געשמייכלט.

— האָסטו מיך באַזאָרגט מיט אַ טלית. און פון וואַנען ווייסטו אַז איכ׳ל גיין אין שול?

— וואָס מיינסטו וועסט ניט גיין? יעדער איינער גייט, אַפילו מר. נעלסאָן גייט.

— אַזוי, אַפילו מר. נעלסאָן. און ווער איז דער מר. נעלסאָן?

— דו ווייסט ווער נעלסאָן איז. פון די נעלסאָן דעפּאַרטמענט סטאָר. ער איז דער רייכסטער ייד דאָ.

— און ער גייט אין שול אַריין? הו־וואַ!

די טאָכטער האָט שוין געכאַפּט די איראָניע פון זיין טאָן און געוואָרן בייז. — דו דיינקסט אַז דו ביסט קלוגער פון אַלעמען. ווילסט ניט גיין, איז ניט. — זי האָט אַ צי געטון דאָס טליתל פון זיין האַנט, אַ פּאָכע געטון דערמיט. — ווען מילטאָן וואָלט געקענט גיין . . . — טרערן פון ווייטיק, כעס האָבן זיך באַוויזן.

ווען מילטאָן זאָל קענען גיין! אָבער ער קען ניט, ער ליגט געליימט. ווען מילטאָן זאָל קענען גיין וואָלט איך געדאַרפט ד י ך?

גייט ער אין דער ערד אַריין אָט דער מילטאָן! אַזאַ אַנשיקעניש. זיך אויפהויבן, אַנטלויפן פון דאַנען, פון דער מדינה טאָטל, פון זיין טאָכטער, פון . . .

יתום איז געגאַנגען אין שול אַריין. דאָס אייניקל סילוועסטער־שלמהלע, זיין הענטל אין זיידנס האַנט, האָט אַ פריילעכער אונטער־געטענצלט — ער גייט אין שול!

(6)

— נו, ווי איז דיר געפעלן די שול?

— מיר איז געפעלן דער האָרן. — דעם קינדס אויגעלעך האָבן אויפגעלויכטן. — נאָכוואָס בלאָזן זיי דעם האָרן?

יונה יתום האָט זיך געפילט אין אַ פאַרלעגנהייט. גיי דערצייל דעם קינד אַז עלה אלהים בתרועה, בקול שופר, דערצייל אים אַז טרטיאל און מטטרון גייען דאָס אַרויס פון שופר . . .

— מע בלאָזט דעם האָרן פון אַן אויטאָמאָביל, ניט אַזוי? — האָט יתום אָנגעהויבן „דערקלערן" מיט עפּעס וואָס דעם קינד איז באַקאַנט.

— יאָ, דאָס טוט מען כדי מ'זאָל אָפּטרעטן דעם וועג, אָבער דאָ איז קיינער ניט אין וועג.

יתום האָט נאָך ליבער געקראָגן דאָס קינד פאַר זיין לאָגיש דיינקען און האָט געזוכט אַ וועג ווי זיך צו ראַטעווען, געבן דעם קינד עפּעס אַן ענטפער. גיי זאָג אים אַז דער שטן שטייט אין וועג.

— נו, דאָס איז ניט געגנוי קיין אויטאָמאָביל האָרן, דאָס איז אַ האָרן פון אַ באַראַן.

— אַ באַראַן?

— יאָ, אַ באַראַן. ווייסט וואָס אַ שאָף איז? נו, דער ער־שאָף איז אַ באַראַן. יאָ, דאָס איז אַ האָרן פון אַ באַראַן.

— און פאַרוואָס בלאָזט מען דאָס?

— פאַרשטייסטו מיך, האָסט געזען אַמאָל אַ מאַרש, אַ פּאַראַד? איינער שטייט מיט אַ טרובע, איידער מ׳הויבט אָן טוט ער אַ טרובע אַלע זאָלן זיין גרייט.

— מיינסט אַ טרומייט?

— יאָ, עפּעס אַזוינס. דאָסזעלבע דאָ, דער מאַן טוט אַ בלאָז אַלע זאָלן זיין גרייט צום דאַווענען.

— איך וואָלט געוואָלט האָבן אַזאַ האָרן.

— אַזאַ האָרן קענסטו ניט בלאָזן. איכ׳ל דיר קויפן אַ טרובע.

— ווען? ווען? איכ׳ל מאַכן טו־הו־ט ו־הו . . .

דאָס קינד האָט צוגעשטעלט די קולעקלעך צום מויל, געטרובעט.

— אָדער גאָר אַ פייפל, אַ גוט קליין פייפעלע, וועסט גיין און פייפן, יאָ?

— ניין, ניט קיין פייפעלע. איך וויל ניט קיין פייפעלע. אַ טרובע, אַ גרויסע טרובע. איך וועל גיין פאַראויס פון אַלעמען און וועל טרובען . . . — דאָס קינד האָט גענומען שפּאַנען ווי מאַרשירנדיק. יתום האָט געקוקט אויפן קינד און אומעטיק געשמייכלט: אָט דאָס איז אים געבליבן פון דער „שול״ — דער „האָרן״.

יונה יתום האָט ווידער דערזען די „שול״, דעם טאַנץ זאַל מיט די קאָלירטע סטיינגעס וואָס זיינען פאַרבליבן פון אַ טאַנץ, דעם „ארון קודש״, עפּעס אַ קאַרטאָנען קעסטל, דעם „באלעמער״, אַ טישל אויף הינערשע פיסלעך, די דרייצן מתפללים, ווי זיי האָבן זיך נעבעך געוואָרגן מיט דער עברי, העברעאישער און ענגלישער, און סוף כל סוף איינגאַנצן אויפגעהערט זאָגן, דאָ אַ „רעווערענד״, זאָל ע ר זאָגן, ער קריגט באַצאָלט דערפאַר. און דער „רעווערענד״ מיט זיין קמץ בערדל, פאַקרישקע־יאַרמעלקעלע, אַ רחמנות געווען צו קוקן אויף אים. שחרית איז נאָך געווען ווי עס איז, געקומען צו מוסף האָט ער גע־מוזט יאָגן עקספּרעס, דער עולם האָט שוין ניט געקענט איינזיצן אויף

די ביינקלעך. דערפֿאַרביים שופֿר בלאָזן איז געווען אַזוי שטיל אַז דער שאַל פֿון שופֿר האָט ממש צעשפּליטערט די לופֿט, אין דער צעשאָטענער לופֿט האָט זיך אַריינגעשניטן אַ ווייבערישער געוויין. אַ חידוש אַז דעם קינד איז געפֿעלן געוואָרן דער „האָרן״?

די שול מיט אַ יאָר פֿערציק צוריק. אַ חילול הקודש צו פֿאַרגלייכן. אָבער אויך דאָרטן איז דאָס בלאָזן שופֿר געווען דער פֿייערלעכסטער מאָמענט. ביי ובכן תן פּחדך איז קיין פּחד ניט אָנגעפֿאַלן, אָבער ביים שופֿר בלאָזן . . . יידן מיט אַריבערגעצויגענע טליתים . . . מן המיצר קראתי יה . . . ער קען נאָך איצטער הערן דעם מן המיצר, וואָס איז, דוכט זיך, געקומען פֿון ערגעץ טיף, פֿון אַ צעווייטיקט האַרץ, און דער תקי־עה . . .

יונה יתום האָט זיך געטראָגן הין און צוריק אין רוים און צייט, די פּיס האָבן געטראָטן דעם באָדן אין טאָטל, נאָרד דאַקאָטאַ, אים געבראַכט „אַהיים״. די טאָכטער, ווי פֿירנדיק אַ פּראָצעסיע, איז גע־גאַנגען גלייך צו איר מאַן אין צימער, דער פֿאָטער, דאָס קינד זיינען נאָכגעגאַנגען. זי האָט זיך צוגעבויגן צום מאַן, אים אַ קוש געטון אין שטערן און אַרויסגעזאָגט „איי העפּפּי ניו יער!״. פֿונם האַלב אַרויסגעשטעקטן צונג האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט קלאַנגען, וואָס בלויז די ווייב האָט פֿאַרשטאַנען, דער פּנים האָט געשמייכלט מיטן פֿאַר־גליווערטן שמייכל. ווי ער האַסט אָט דעם שמייכל, דעם פּנים, ווי עקלהאַפֿט אָט דער צונג! באַהערשנדיק דעם עקל האָט יתום אויך אַרויסגערעדט, אַרויסגעשריען ווי צו אַ טויבן: אַ גוט יאָר! די מוטער האָט געצויגן דאָס קינד פֿאַרן הענטל. — ווינטש דעם פּאַפּאַ אַ גוט יאָר. נו, זאָג: „העפּפּי ניו יער, פּאַפּאַ!״

— „העפּפּי ניו יער״, — האָט דאָס קינד, ווייט ניט „העפּפּי״, אַרויסגעזאָגט און צוריקגעכאַפּט דאָס הענטל וואָס די מוטער האָט צוגעצויגן צום פֿאָטערס האַנט.

— קען אים ניט פֿאַרטראָגן, — האָט יתום געטראַכט וועגן זיין אייניקל און זיך דערפֿילט ניט נאָר זיין זיידע, נאָר זיינער אַ חבר אין . . . פֿיינטשאַפֿט. און דאָס לעבט! צוליב אים איז ער דאָס גע־גאַנגען אין שול. און דער אַנאַרכיסט! ווי ער האָט דאָס אָפּגעקנאַקט די ברכה ווען מ׳האָט אים אויפֿגערופֿן צו דער תורה. האָט זיך מחיה געווען. קאָמיש, קאָמיש ביז גאָר. נאָך קאָמישער האָט אים אויסגעזען

דער אַנאַרכיסט און דער חזן דעם צווייטן טאָג ראש השנה. טאָטל האָט ניט געהאַלטן צוויי טעג ראש השנה. איין טאָג איז גענוג. ראש השנה איז צוויי טעג, אָבער „ניו יער" איז גענוג איין טאָג. דעם צווייטן טאָג האָט דער בעל תפילה, מר. גארפינקל, נעבאך געדאַווונט ביחידות, טאַקע ביי טוביה דעם שניידער אין קרעמל הינטערן פאַר־האנג, זיין עדה צוהערער — די געבונדענע פאליאנטן „פרייע אַר־בעטער שטימע", פון פאַרנט איז געזעסן טוביה, גענייט, געשטאַנען און געפּרעסט, געפירט זיינע געשעפטן. ראש השנה אין טאָטל.

נאָך קאָמישער איז געווען דער יום כפור. דער בעל תפילה איז געשטאַנען און געדאַוונט. וואָס ווייטער אין טאָג האָט דער עולם אַלץ אָפטער געקוקט אויפן זייגער, אַרום צוועלף האָט זיך אַרויסגעכאַפּט איין ייד, פאַרשוואונדן, אַ צווייטער, אַ דריטער. יתום האָט באַמערקט דאָס אַנטרונען ווערן, ער האָט אַ צייל געטון די דאַוונער, מיט די פרויען איז קוים געווען ניין מענטשן. דער חזן האָט עס אויך באַ־מערקט, צי דערפילט, אַ שטילע בעראטונג מיטן גביר פון שטאָט, מר. נעלסאן, און דער מר. נעלסאן האָט מיט אויטאָריטעט אין דער שטימע געלאָזט וויסן אַז די „סוירוויסעס" ווערן איבערגעריסן אויף צוויי שעה, זיך אָפּרוען אַ ביסל . . .

דער עולם האָט זיך אָפּגערוט . . . איינער, אַ צווייטער איז אַוועקגעגאַנגען, צוריקגעקומען און מיט אַ בלאַסן פּנים געקוקט אויף די איבעריקע — אכלה ומחתה פיה. חנה מיטן קינד איז אויך געווען אַוועקגעגאַנגען און צוריקגעקומען. — איבערגעכאַפּט דאָס האַרץ? — האָט יתום מיט אַ שמייכל אַ פרעג געטון.

— ביסט משוגע! — האָט די טאָכטער בייזלעך געענטפערט. — געגעבן דעם קינד עסן. ער דאַרף ניט פאַסטן.

אירע ליפּן זיינען, פאַרשטייט זיך, געווען אָנגעפאַרבט, אָבער אין אירע אויגן, אין אויסזען פון פּנים האָט זיך געמערקט אַז זי פאַסט טאַקע. ווער ווייסט, טוביה דער אַנאַרכיסט פאַסט אפשר אויך. אים אַ פרעג טון? צו גראָב. ער האָט ניט געפרעגט, נאָר ביי זיך געפּסקנט אַז יאָ, טוביה דער אַנאַרכיסט פאַסט אויך, ווייל . . . טאָטל.

די יידישע טאָטל איז שוין געשטאַנען אין דרויסן ביים טאַנץ זאַל און ביליארד פּאַרלאָר אַן אויסגערוטע . . . גרייט אָנהויבן נאָכאַמאָל די „סוירוויסעס". איז פאַרבייגעגאַנגען עמיצער פון דער גויאישער

טאָטל, האָט מען זיך געגריסט: העללאָ, טאָם, העללאָ, בען! אַ פֿיינער טאָג היינט.

טאָם האָט פֿון דער „פּריירי ניוס״ געוואוסט אַז די יידן האָבן היינט אַ יום טוב, בעטן גאָט ער זאָל זיי פֿאַרגעבן די זינד און, מהיכא תיתי, זאָלן זיי בעטן. בען, ווידער, האָט געפֿילט אַז ער האָט זיך שוין גענוג אָנגעדאַווּנט, ווער קען עס שטיין אַ גאַנצן טאָג און דאַווענען? אין דרויסן איז פּרייער, לופֿטיקער, מ׳קען כאַפּן אַ שמועס. פֿון די שמועסן מיט אַ פּאָר יידן האָט יתום אַרויסגענומען אַז די מענטשן דאָ, כמעט יעדער איינער, איז געקומען צופֿעליק, אייניקע אויף דער־ווײַלע, אָבער איצטער איז טאָטל זייער היים און עס געפֿעלט זיי, „די געמיינדע״ וואַקסט און זיי האָבן הנאה דערפֿון.

— קומענדיקן יאָר וועלן מיר האָבן אַן אייגענע שול. מיר׳ן בויען אַ שול.

— איר מיינט אַ קלוב הויז.

— אַ קלוב הויז, אַ שול, אַ צענטער, אַלץ.

דערווייל איז מען אַריינגעגאַנגען צוריק אין טאַנץ־זאַל־שול, דער בעל תפֿילה האָט ווידער גענומען דאַווענען, דער עולם האָט געקוקט אין מחזור און אויפֿן זייגער — ווען ענדיקט זיך עס שוין, ווען ווערט שוין נאַכט. אַזאַ לאַנגער, לאַנגער טאָג אָט דער יום כפּור . . .

יתומס בריוו צו מאַניאַן, צו פֿעלדשטיינען זיינען נאָך יום כפּור געווען נאָך לייגער ווי געוויינלעך. פֿון אָנהויב האָט ער געשריבן צו עטלעכע מענטשן. בלויז אַ פּאָר האָבן געענטפֿערט, קאָרעספּאָנדענטן זיינען געבליבן צוויי — פֿעלדשטיין און מאַניאַ. פֿעלדשטיין האָט געשריבן „פּאָליטישע״ בייס, ווער עס „לויפֿט״ פֿאַר אַ דעלעגאַט, פֿאַר־זיצער, ווער וועמען שטעלט אונטער אַ פֿיסל, מאַניאַ האָט געשריבן מער פּערזענלעכע בריוו . . . לייענענדיק פֿעלדשטיינס בריוו האָט זיך אים געבענקט נאָכן אָרגאַניזאַציע לעבן. ס׳אַראַ וויסטער העק די מדינה טאָטל, קיינער קען זיך אַפֿילו ניט אַראָפּכאַפּן אַהער, פֿאַרנדיק קיין ניו יאָרק. לייענענדיק מאַניאַס בריוו האָט זיך אים געבענקט . . . נאָך יום כפּור זיינען זיינע בריוו געווען איין בענקעניש, קלאָגעניש. פֿון פֿעלדשטיינען איז קיין ענטפֿער ניט געקומען: דאָס אָרגאַניזאַציע לעבן איז זומער איינגעשלאָפֿן אַ ביסל, מאַניאַ, ווידער, האָט געשריבן: קום! איר גרינג צו זאָגן. גיי דערקלער איר פֿאַרוואָס ער קען ניט קומען.

דער שניי האָט זיך אַנידערגעלייגט אויף טאָטל, אויף מיילן אַרום. אַ ווייסע וועלט. די ווייסע וועלט האָט געבלאַנקט, געבלענדט די אויגן. דער שניי, דער פראָסט האָט אים דערמאָנט אין די קינדערשע יאָרן. ער האָט געמאַכט אַ „שניי מענטש" פאַרן אייניקל, געוואָרפן שניי קוילן איינער אויפן אַנדערן, און דער זיידע האָט הנאה געהאַט פון דער שפּיל ניט ווינציקער ווי דאָס אייניקל. ער איז זיך דורכגעפאָרן אויף אַ שליטן און, פאַרנדיק, האָט ער זיך געגליטשט צווישן צוויי וועלטן, ער האָט געוואוסט אַז ער פאָרט אויף אַן אַמעריקאַנער שליטן, אין נאָרד דאקאָטא, כהרף עין איז ער געפאָרן אויף אַ שליטן ערגעץ אין וואָלינער גובערניע, און עס איז געווען גוט, און עס האָט זיך אַזוי געביינקט, אַזוי געביינקט . . . ער האָט הנאה געהאַט פונם ווינטער, פונם שניי, אָבער אויך די בייַנקעניש איז געוואָרן שאַרפער, נאָגנדיקער. ס'אַרא פאַרשאָלטענער ווינקל! מיילן, מיילן שניי, ווייס־קייט, זאָלסט עס זאָגן אַ בוים, אַ הויז, אַ סימן פון לעבן. טויט. אויך דאָס לעבן אין שטעטל איז געוואָרן שטילער, בלויז שבת, ווען די פאַרמער פון אַרום זיינען געקומען איינקויפן איז געוואָרן לעבעדיקער. ער איז געווען צופרידן צו זיין פאַרנומען, ניט פילן דעם טאָג ווי ער שלעפּט זיך, אַפילו די נאַכט ווי זי ציט זיך, דערפאַר די איבעריקע טעג, און דער עיקר די אָוונטן, האָבן זיך געצויגן אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג . . . איין אָוונט אין וואָך איז ער געגאַנגען אין דער אייגציקער „מואווי" און איז געווען צופרידן צו זען אַ בילד, אויב אַפילו ער האָט שוין דאָס בילד געהאַט געזען מיט אַ פאָר יאָר צוריק אין לאָס אַנגע־לעס. איין אָוונט איז ער געוויינלעך געזעסן אין הויז, אַכטונג געבן אויפן קינד, אויפן איידים: זיין טאָכטער איז געגאַנגען אין דער מואווי. ער האָט באַמערקט אַז זי גייט ניט אַליין, זי ווערט באַגלייט פון דעם פראַנצויז, מר. דזשאקאָבי, און, צוהערנדיק זיך צו דער שטילקייט אין קינדס צימער, אין צימער פון איידים, האָט ער גע־טראַכט אַז אפשר וועט דער דזשאקאָבי אים אויסלייזן . . וווען דער . . . גולם וועט ענדלעך צומאַכן די אויגן . . . די טאָכטער גיט אַכטונג אויף אים, טוט אים אַפילו אַ קוש, ער האָט דאָך געצווייפלט צי איז דאָס טאַקע געווען אַן אויסדרוק פון ליבע, ווי קען מען ליב האָבן אַזאַ „שטיק פלייש"? די וועגן פון ליבע זיינען געדרייט? דער וועג פון פליכט איז אַ גלייכער, פליכט, ניט מער. דאָס איז אים גראָדע געפעלן

אין זיין טאָכטער, אַזוי דאַרף זיין. און דער דזשאקאָבי? דער פראַנ־צויז איז אים גאָרניט געפעלן, ער האָט געצווייפלט צי דער פאַרשוין איז ערנסט, צי זיין טאָכטער טראַכט אַפילו וועגן דעם, אָבער וואָס מאַכט עס אויס? זאָל נאָר דער איידים צומאַכן די אויגן . . .

אויף מאָרגן האָט דער איידים ווידער געעפנט די אויגן, חנה האָט אים באַדינט און יתום איז, פון ערגערניש, פון לאַנגווייליקייט געלאָפן צו טוביה דעם שניידער רעדן אַ ביסל פּאָליטיק, שפּילן אַ פּינאקל.

גייענדיק צוריק אַהיים פון דער „קאָרטן סעסיע", ווי ער האָט שפּאַסיק באַצייכנט די אָוונטן, הערנדיק דעם סקריפּ פונם פּראָסטיקן שניי, זשמורענדיק די אויגן פון דער בלענדענדיקער ווייסקייט, האָט זיך פאַרבייגעטראָגן אַ זוניקער טאָג אין לאָס אַנגעלעס, אַ קילער אָוונט מיט אַ „הייסן" מיטינג, היציקע דעבאַטן, און זיין בייזנקעניש אַהין האָט זיך געטראָגן ווייט איבער די שנייאיקע פעלדער. וואו ענדיקט זיך אָט דער ים פון שניי? ווען וועט ער שוין אָוועקפאָרן פון דאַנען? זעקס חדשים אַז ער איז שוין דאָ. אין די זעקס חדשים האָט ער שוין אַריינגעטראָגן אין באַנק קנאַפּע טויזנט דאלאר. טויזנט דאלאר! קיינמאָל ניט פאַרמאָגט אַזאַ גרויסע סומע געלט. ער׳ט דאָ אָפּזיין אַ . . . ער׳ט דאָ ניט זיין! ער׳ט אַנטלויפן. טאַקע אַנטלויפן, זיך אַפילו ניט זעגענען מיט דער טאָכטער.

ער איז ניט אַנטלאָפן. פרילינג, זומער, אויף די „שנייאיקע" פעלדער האָבן זיך שוין געוויגט ווייץ זאַנגען, אַ גאָלדענער ים פון ווייץ, און יתום איז נאָך אַלץ געזעסן אין טאָטל. דאָס צאָלט ער אָפּ אַ חוב זיין פאַרשטאָרבענער ווייב, געזינדיקט קעגן דער ווייב, טוט תשובה לגבי דער טאָכטער און . . . ער שפּאָרט געלט . . .

די נייעסן אין די צייטונגען זיינען געוואָרן אַלץ ערגער. עסטרייך איז שוין לאַנג געווען פאַרנומען, לאָרד ראנסימאן איז געפאָרן קיין פּראג, טשעמבערליין איז געפלויגן קיין מינכען, שלום, שלום, רק שלום, און עס האָט געשמעקט מיט פּולווער, יתום האָט געפילט ווי די מלחמה רוקט זיך אָן. מלחמה צווישן וועמען? רוסלאַנד! וואָס וועט רוסלאַנד טון?

„סטאַלין שליסט אָפּמאַך מיט היטלערן". די גרויסע „קאָפּ" אין דעם „סט. לואיס דיספּעטש" האָט אים געשטאָכן די אויגן. ער האָט

געלייענט די נייס איין מאָל, צוויי, דריי מאָל און ניט געגלויבט. ניט מעגלעך. מאַלע וואָס ד י ציטונגען שרייבן. ער׳ט זען וואָס די יידישע צייטונג, ז י י ן צייטונג זאָגט. זיין צייטונג האָט באַשטעטיקט, און יתום האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען. די שטעטלדיקע איינוואוינער, די פאַרמער פון אַרום זיינען אָפּגעקומען מיט אַ לאַקאָנישן: זעט אויס וועט זיין מלחמה, און מער האָבן זיי ניט גערעדט אַפילו ווען יתום האָט געפּרוווט זיי אַריינציען אין אַ געשפּרעך. אויב זיין טאָכטער איז געווען דערביי האָט זי קונציק אָפּגעלייגקט דעם געשפּרעך — אין קראָם דאַרף מען ניט רעדן קיין פּאָליטיק. אין שטוב איז איר אויך די „פּאָליטיק" ווינציק וואָס אָנגעגאַנגען, זי האָט אַפילו די צייטונג ניט געלייענט, איר וועלט — די שטוב, מילטאָן, סילוועסטער, די קראָם, וואָס האָט זי צו טון מיט מלחמה? יונה יתום איז געלאָפן צו טוביה דעם שניידער.

טוביה איז ווינציק וואָס נתפּעל געוואָרן. — פון רב יאָסלען (סטאַלין) האַלט איך זייער ווינציק, אָבער דאָס מאָל האָט ער געטון אַ קלוגע זאַך. דער ערגסטער שלום איז בעסער ווי די בעסטע מלחמה. מלחמה האָט נאָך קיינמאָל גאָרניט געלייזט, די מלחמה וועט אויך גאָרניט לייזן. די קאַפּיטאַליסטן . . .

— אָבער היטלער! שלום מיט ה י ט ל ע ר ן! — האָט יתום שוין ממש געשריגן.

טוביה איז געווען קאַלט ווי אייז, — בדאי מיטן טייוול, אַבי ניט קיין מלחמה. זעט איר, נאָך דער מלחמה, די רעוואָלוציע . . .

— איר, מיט אייער רעוואָלוציע!

טוביה האָט זיך ניט באַליידיקט פון דעם טאָן. זיינע קאַלטע, גרויע אויגן האָבן געקוקט פון אויבן אַרונטער אויף יתומען: אַ בלינדער מענטש, נעבעך, פאַרשטייט ניט אַזאַ קלייניקייט ווי מלחמה, רעוואָלוציע . . .

יתום איז ממש אַרויסגעלאָפן פון טוביה דעם שניידערס קרעמל, אָבער וואוהין גיין, מיט וועמען רעדן האָט ער ניט געהאַט. דאָרטן, דאָרטן מוז זיך עס איצטער טון, מיטינגען, מאַסנפאַרזאַמלונגען, פּראָטעסטן, און ער . . .

ער האָט „שטודירט" די צייטונגען, די ענגלישע, די יידישע, געפּרוווט אַרויסלייענען פון צווישן די שורות, און אין די אָוונטן

איז ער געזעסן מיטן אויער צוגעניינגט צו דער ראַדיאָ, זיך איינגעהערט צו די לעצטע, גאָר לעצטע נייס. שפּעט אין אָוונט, ווען ער האָט פאַרדרייט די ראַדיאָ, האָט ער זיך צוגעהערט צו דער שטילקייט פונם הויז, פונם צימער וואו זיין איידים איז געליגן . . .

פון יענעם צימער האָט זיך דערהערט אַ געשריי. ניין, ניט קיין מענטשלעכער געשריי, נאָר אַ ריטשע פון אַ חיה, פון אַ שטומער באַשעפעניש, דאַן שטיל, דאַן דער טאַכטערס געשריי: טאַטע!

אָט דער יידישער „טאַטע״ האָט אים אַ הויב געטון פון שטול. ער האָט געטראָפן די טאָכטער איבערגעבויגן איבערן איידימס בעט, באַברענדיק זיך מיט זיין אויבערשטן האַלבן קערפּער. אָן ווערטער האָט ער זי אָפּגעשטופּט. דער קערפּער האָט אַ פאַל געטון צום קישן. יתום האָט מיט אַמאָל דערזען דעם איידימס פאַרשאַרפטן נאָז און, אויסקירעווענדיק זיך צו דער טאָכטער, האָט ער שטיל אַ זאָג געטון: עס איז נאָך אַלעמען. ער איז טויט.

— טויט! ער איז טויט! — האָט זי אַ קוויטשע געטון.

— מאַ! — האָט זיך דערהערט אַ קינדערישע וויינענדיקע שטימע. דאָס קינד, אין די שלאָף קליידער, די האָר צעשויבערט, די אויגן אויפגעריסן, האָט געצוואונגען ביידן אַ קוק טון אויף אים. חנה האָט מיט אַ געוויין זיך אַ לאָז געטון צו אים. יתום האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג, אַ נעם געטון דאָס קינד אויף די הענט. — איכ׳ל שוין אַכטונג געבן אויף אים. דו זיי דאָ. און באַרואיק זיך.

— מאַ! — האָט דאָס קינד אַ וויין געטון. — איך וויל צו מיין מאַמען.

— די מאַמע וועט באַלד קומען.

— פאַרוואָס וויינט זי?

— פּאַ איז געשטאָרבן, — האָט יתום סודותדיק אַ זאָג געטון.

— געשטאָרבן? — האָט דאָס קינד פאַרחידושט איבערגעפרעגט און אַנטשוויגן געוואָרן. וואָס מיינט געשטאָרבן האָט ער ניט באַגריפן, אָבער דאָס וואָרט „פּאַ״ איז געווען פאַרבונדן מיט אָט דעם פּנים דאָרט אין צימער, ער האָט ניט ליב געהאַט יענעם דאָרט, און אַלץ וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט יענעם דאָרט האָט געדריקט אויף זיין געמיט, ער האָט ניט געוואָלט הערן וועגן אים.

יתום האָט באַרואיקט, איינגעשלעפערט דאָס אייניקל און אַרייב־

געגאַנגען צוריק אין איידימס צימער. ער האָט געטראָפן די טאָכטער זיצנדיק דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט. זי האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, אַ קוק געטון אויף אים, אַ שטומער, שווערער קוק.

— מ׳דאַרף מאַכן נאַכט, — האָט יתום אַ זאָג געטון.

ווידער האָט די טאָכטער אַ קוק געטון אויף אים, אַ שטרייכגער, שיר ניט בייזער קוק. — איכ׳ל בלייבן דאָ. קענסט גיין שלאָפן אַז דו ווילסט.

— וואָס ווערסטו זיצן, וואָס? קענסט גאָרניט טון. גיי, לייג זיך שלאָפן, מאָרגן אינדערפרי . . .

די טאָכטער האָט ניט געמאַכט קיין באַוועגונג זיך אויפצוהויבן. ער האָט אָנגענומען איר אָרעם, זי אויפגעשטעלט. איר קאָפּ איז צוגע־פאַלן צו זיין ברוסט, זי איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטילן געוויין.

חנה — זיין טאָכטער, זיין קינד. גלעטנדיק דעם קינדס קעפּעלע, האָט ער זי אַרויסגעפירט פון טויטן צימער.

(7)

— קענסט זיך אַליין ספּראַווען. פאַר אַ נויט וועט דיר מר. דזשאַקאָבי אַרויסהעלפן.

יתום האָט געזען ווי זיין טאָכטערס פּנים ווערט פאַרפלייצט רויט.

— ווילסט פאָרן, פאָר! — האָט זי אַ וואָרף געטון, זיך האַסטיק אַ הויב געטון. — איך האַלט דיך ניט צו.

אויף מאָרגן האָט ער געקומען די באַן.

אינם ריטמישן רעדער גערויש האָט יתום געהערט: איך פאָר, איך פאָר, און ער איז געווען צופרידן צו הערן אָט דעם: איך פאָר. זיך אַרויסגעריסן פון תּפיסה. פריי! צוויי יאָר געזעסן. אַ קאַסירערס טשעק אין בוזים קעשענע האָט אַפּירגעוואונקען — קנאַפּע פיר טויזנט דאָלאַר. ניט שלעכט, העט? יתום האָט אַ טאַפּ, אַ שטופּ געטון די ברוסט, אַזוי אָרום זאָגנדיק דעם טשעק: דו ליג דאָרט אַז דו ליגסט. שטופּט זיך. נאָך אַ קורצער שקלא וטריא האָט ער באַשטימט — עס האָט ניט די ווערט. צוויי יאָר פאַרקויפט פאַר אָט דעם פּאַפּירל, ניין, ניט פאַר־קויפט, צוויי יאָר אויסגעמעקט פון לעבן. ווי האָט ער עס געקענט דאָרטן אויסזיצן אַזוי לאַנג? אַ שרעק! טאָג איין, טאָג אויס אין קרעמל. דער טאָכטערס פּנים ביים איבערלייענען די קאַסע, ביים איבערציילן

דעם טאָג לייזעכץ. און זי איז דאָך ניט געלט גייציק. ניין, געלט גיי־ציק איז זי ניט, אָבער געשעפט איז איר איינציקער אינטערעס. גע־שעפט און דאָס קינד. אַ טייער קינד, בלויז אַ שאָד וואָס ער׳ט אויס־וואקסן אין טאָטל. — איך וויל פאָרן מיטן זיידן, — האָט ער געוויינט. געמוזט אים צוזאָגן אַז ער וועט אינגיכן קומען צוריק. קומען צוריק, צו וועמען? צו דער טאָכטער, צו מר. דזשאקאָבי? וועט עפּעס ווערן דערפון? זעט אויס אַזוי. אַ „פראַנצויז" פאַר אַן איידים. איידים, טאָכטער. אים איז מיט אַמאָל קלאָר געוואָרן אַז ערשט איצט האָט ער פאַרלאָרן זיין טאָכטער. פאַרלאָרן זי אינגאַנצן, ער׳ט זי שוין מער ניט זען. זיין „בלוט און פלייש", נאָר מיט טוביה דעם שניידער האָט ער מער פאַרבראַכט און בעסער פאַרבראַכט ווי מיט זיין טאָכטער. אַ קאָמישער ייד דער טוביה, מיט זיינע געבונדענע יאָרגאַנגען „פרייע אַרבעטער שטימע". און אפשר איז ער גאָרניט אַזוי קאָמיש. דאָס איז אַלץ וואָס אים איז געבליבן, קלאַמערט זיך אָן דעם. זיין אידעאַל. און וואָס פאַרמאָגט ער? מער פון טוביהן? ניין, ער׳ט טון. איצטער, אַז ער׳ט קומען וועט ער זיך ערשט אַריינוואַרפן אין דער אַרבעט.

פינצטער אין דרויסן. דורכן פענצטער פון וואַגאָן קען מען גאָר־ניט זען, אַז ער שטריינגט זיך שטאַרק אָן זעט ער אַ הורבע, אַ סטויג שוואַרץ־גרין ווי זי טוט זיך אַ הויב, אַ דריי און פאַרשווינדט, דער שאַרפער ריח פון מאראנצן, לימענע בליאונג דערציילט אים אַז דאָס זיינען מאראנצן, לימענע בוימער, מ׳איז שוין אין קאַליפאָרניע, אין דעם ציטרוס פעלד. שוין אַריבערגעפאָרן סאַן בערנאַרדינאָ, אַ צוויי שעה און מ׳וועט שוין זיין אין לאָס אַנגעלעס. איינער כאַפּט נאָך אַ דרימל, אַ צווייטער זיצט נאָך פאַרטיפט אין זיין צייטונג, ווי ער וואָלט זיך נאָך געקליבן פאָרן און פאָרן, די מערסטע פּאַסאַזשירן זיינען שוין אויפגעלעבט, אויפגערודערט — די ענדע פון דער רייזע. פרויען גייען אין וואַש צימער צורעכט מאַכן זייער טואַלעט, פריזור, יתום האָט שוין אַרונטערגענומען זיין לייכט רענצל פון דער פּאָליצע אויבן, גרייט אַרונטערצוגיין, זאָל נאָר די באַן זיך אַריינציען, זיך אָפּשטעלן. וואוהין וועט ער פאָרפאָרן? אין אַ האָטעל? אָנקלינגען מאָניאַן? . . . שאַ, היינט איז פרייטיק. אַ זיצונג פון „ברענטש", אפשר גאָר צופאָרן צום מיטינג? ווי שפּעט איז? צען דרייסיק. נאָך

פינף און צוואַנציק מינוט. ביז מ׳וועט אַרויסגיין, שוין זיין נאָך עלף. צו שפּעט. ער׳ט שוין זען. גייענדיק פון באַן אין וואָקזאַל אַריין, האָט ער באַשטימט — ער וועט אַרויסגיין אין דרויסן, וועט אָנגייען גלייך אַ טראַמוויי, נעמט ער אים, ניט, נעמט ער אַ טעקסי און פאָרט אין אַ האָטעל.

דער רויטער בוכשטאַב „בי״ פונם אַלטן ברוקלין עוועניו טראַמוויי האָט צוגעוואונקען: ברוך הבא! קום אַרויף. דאַרפסט זיך אַפילו ניט אַריינקוועטשן ווי געווייגלעך, גראַם אַ מחיה, פאַר דיר אַ וואַרע געמאַכט.

ער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן טראַמוויי מיט אַזאַ צופרידנקייט אַז ער האָט דעם קאָנדוקטאָר געזאָגט אַ „גוט נאָוונט״. יענער האָט שמייכלענדיק געענטפערט, אָן פאַראיבל צעביטן יתומען אַ דאָלאַר, געזאָגט אים וויפיל איז פאַר־געלט. — קומט פון „דער איסט״? ווי איז דאָרטן, הייס? דאָ איז פיין און קיל.

— יאָ, קאַליפאָרניע פאַר מיר! — האָט יתום האָפערדיק געענטפערט און זיך געלאָזט אינעווייניק אין טראַמוויי. ער׳ט נאָך טרעפן אַ באַקאַנטן דאָ. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. קיינע באַקאַנטע. בעסער אַזוי. פאָרנדיק האָט ער געזען ווי די חברים ביי דער זיצונג ווערן איבערראַשט פון זיין אַריינקומען, און ער האָט געשמייכלט צו זיך, געשמייכלט מיט הנאה.

— זע נאָר! יתום!

איין אויסרוף, אַ צווייטער, איינער, אַ צווייטער דריקט די האַנט.

— ווען זייט איר געקומען?

יתום ווייזט אָן אויפן רענצל — דאָס גיי איך איצט פון באַן. גלייך אַהער.

די זיצונג איז געשטערט. דער פאָרזיצער האָט אַ הויב געטון אַ האַנט, דאַן מיט איין האַנט געדריקט די צווייטע — אים געגעבן שלום עליכם פונדערווייטן, גלייך האָט ער אָבער גענומען דעם האַמער אין האַנט, געקלאַפּט אין סטענדער: אָרדענונג! די אָרדענונג איז געווען צעשטערט. דער פאָרזיצער האָט געזען אַז — פאַרפאַלן, די „זיצונג״ שטייט שוין . . . האָט ער דערלאַנגט הילכיקע דריי קלעפּ

און מיט אַ שרייענדיקער שטימע אויסגערופן: אַ פּאָרשלאָג שליסן די זיצונג!

יונה יתום האָט אַ קוק געטון צום פּאָרזיצער, דערזען דעם גרויסן וואָנט זייגער איבער זיין קאָפּ, די ווייזערס האָבן געוויזן צען מינוט צו צוועלף.

— די זיצונג איז געשלאָסן! — האָט דער פּאָרזיצער אויסגע־רופן, אַרונטערגעגאַנגען פון דער פּלאַטפּאָרמע, צוגעגאַנגען צו יתומען.

— העללאָ, „אָלד באָי"! וואָס מאַכט איר?

„אָלד באָי". אַלטע באַקאַנטע, אָט ווי ער האָט זיי איבערגעלאָזט מיט צוויי יאָר צוריק, זיך גאָרניט געביטן. ער איז גאָרניט געווען אַוועקגעפאָרן, דער זייגער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט אויף צען צו צוועלף. פעלדשטיין, בערנשטיין, מיצמאַכער, גוזי־קאָוו . . .

גוזיקאָווס פּנים האָט אים דערמאָנט אַז עפּעס האָט יאָ פּאַסירט. געווען אַ טאָכטער, זי האָט חתונה געהאַט, געווען אַן איידים . . . ווי אַ טשערעפּאַכע ציט אַריין איר קעפּל האָט יתום זיך אַ צי געטון אין זיך, צווישן אים און די מענטשן דאָ אַ האַרטע שאָלעכץ, עפּעס פרעמדס.

— איר גייט צו מיר שלאָפן, — האָט פעלדשטיין אַ זאָג געטון.

— אָלרייט, — האָט יתום געענטפערט אַן איבעריקער פריידּ, אַפילו אָן אַ סימן פון דאַנקבאַרקייט פאַרן פאַרגעלייגטן נאַכטלעגער. אים האָט שוין באַנג געטון. באַדאַרפט געווען פאַרפאָרן אין אַ האָ־טעל . . . אָבער פאַרפאַלן, זיך אונטערגעטיקט מיט אַמאָל, איצטער איז שוין „דאָס וואַסער" ניט קיל, דערקוויקנדיק, נאָר עפּעס לעבלעך. שטייענדיקע וואַסער.

ער איז געגאַנגען מיט פעלדשטיינען אַהיים. דער באַלעבאָס האָט געמאַכט אַ גלעזל טיי, מ'איז געזעסן, גערעדט, יתום האָט אויסגע־הערט וואָס עס טוט זיך, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון און אויף זיין פּנים, וואָס האָט לכתחילה אַרויסגעוויזן אַזאַ נייגיריקייט, האָט זיך גענומען פאַרציען אַ מידקייט.

— און איר? ווי איז אייך געגאַנגען די גאַנצע צייט? ווי לאַנג זייט איר געווען אַוועק?

— צוויי יאָר.

— צוויי יאָר! מיר דוכט ערשט נעכטן. איז ווי איז עס אייך געגאַנגען?

— ווי האָט עס געקענט גיין? — האָט יתום אויסמיידעריש געענטפערט מיט אַ פראַגע.

— געלעבט. טאָטל האָב איך ניט איבערגעקערט, — האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שטעטל?

— די ריכטיקע מדינה, פרעגט שוין ניט.

— מ׳נע, איר האָט דאָ אויך קיין סך ניט אָנגעוואוירן. מיר׳ן נאָך רעדן. איך זע איר זייט מיד פון וועג און עס איז שוין טאַקע שפּעט אויך. לייגט זיך שלאָפן, רוט זיך אויס. מיר׳ן נאָך רעדן. מיין דייוו? אים לעבט זיך גאַנץ פיין, געקויפט זיך אַ הויז, האָט אַ פּראַכט־פולע וואוינונג, ניט אין דעם געגנט, קומט אַמאָל זען דעם טאַטן, „די אַלד מען״ . . . מע . . . מיר׳ן נאָך רעדן . . .

יתום האָט זיך געלייגט שלאָפן. דער שלאָף איז ניט געקומען.

איז ער געווען אַוועקגעפאָרן? איז ער געווען צוויי יאָר אין טאָטל? ט אָ ט ל . . . חנה, שלמהלע, מילטאַן . . . דזשאַקאָבי . . . טוביה דער שניידער, טאָבי די טיילאָר מיט זיינע בענדער „פרייע אַרבעטער שטימע״, מיט זיין . . . פילאָזאָפיע . . . „וואָס רוזוועלט? אַ לאַטוטניק. לאָטעט אַן אַלטן שוך״.

רוזוועלט יאַק רוזוועלט, טאָטל א י ז אַן אַלטער שוך. אָט דער שוך — געשעפט, געלט — האָט אים קיינמאָל ניט געפּאַסט און איצט, נאָכן אָפּטראָגן אים צוויי יאָר, האָט ער אים אינגאַנצן פאַר־וואָרפן. ער וועט אים מער ניט אָנטון. שטיין אין אַ קרעמל. זיין טאָכ־טער. מיט וואָס איז זי זיינע? פון איר יידישקייט איז איר נאָך גע־בליבן דער ראש השנה און יום כפור . . . אַז אָך און וויי וואָס פאַר אַ פּנים דאָס האָט, פון זיין סאָציאַליזם אַפילו דאָס אויך ניט געבליבן. יתום? אַן עקר, קיין קינד, קיין אייניקל, גאָרניט. און דאָ, איז בעסער? פעלדשטיינס זון? „לעבט זיך אים גאַנץ פיין . . . קומט אַמאָל זען „די אַלד מען״. אַלט, אַלע אַלט, דיזעלבע אַלטע מענטשן, דיזעלבע אַלטע געשיכטע, אַפילו דער סאָציאַליזם אַן אַלטער. אַלץ און אַלע

באַקאַנט. היימיש, מ׳פילט זיך באַקוועם אָט ווי אין אַן אַלטן אויסגע־טראָגענעם כאַלאַט. יאָ, אַן אַלטער, אויסגעטראָגענער כאַלאַט, ביי די עלנבויגנס אויסגעריבן, די אַרבל אויסגעטריפּעט, באַקוועם, וואַרעם, היימיש, אָבער . . . אַלט, אַלט.

עפּעס אַ נייעם בגד! אַ נייער בגד, וואָס זאָל אויך זיין באַקוועם, זאָל ניט ציען, ניט זיין צו ענג, זאָל ליגן גוט, מ׳זאָל זיך קענען ווייזן אין אים פאַר לייטן און זאָל אויך טויגן צו דער אַרבעט, צו טון עפּעס, טאַקע עפּעס  ט ו ן ! אָט אַזאַ נייעם בגד . . .

אַן אראַנזש רויטע, סוף חודשדיקע שטיקל לבנה האָט אַריינגעקוקט אין פענצטער אַריין, אַריינגעקוקט יונה יתומען אין פּנים: נו, אדרבה...

# אַן איינ יקל

צווײ און אַ האַלב יאָר האָט ער געדינט אין דער אַרמײ, אין לופט פלאָט. דרײ און צוואַנציק מאָל האָט ער זיך באַטײליקט אין לופט שלאַכטן, אײן מאָל געשפּרונגען פון אַ צעשאָסענעם, אײן מאָל פון אַ ברענענדיקן עראָפּלאַן, און אַרויסגעקומען אַ גאַנצער, זאָלסט עס זאָגן אַ קראַץ. געקומען אַהײם פון דער אַרמײ, האָט ער גלײך געשטעלט אַ חופּה מיט דער מײדל, וואָס האָט די גאַנצע צײַט גע־וואַרט אויף אים. אויף מאָרגן נאָך דער חופּה איז ער אַוועקגעפאָרן מיט איר אין אַן אויטאָמאָביל אויף אַ „האָניק חודש" רײַזע. דער אויטאָ־מאָביל האָט זיך איבערגעקערט, זיך אָנגעצונדן און בײדע זײַנען פאַרברענט געוואָרן אויף טויט. אַזוי פאַרברענט געוואָרן, אַז טאַטע־מאַמע האָבן אים קוים דערקענט, בײַ דער לויה האָט מען אַפילו ניט אָפּגעדעקט דעם ארון, זען דעם מת, זיך זעגענען מיט אים.

די מוטער האָט זיך אָנגעווײנט אַ פּאָר רויטע אויגן, אָנגעלאָפענע אויגן לעדלעך, דער פאָטער האָט ניט געווײנט, ערשט ווען מ'האָט אַרונטערגעלאָזט דעם ארון אין קבר האָט ער זיך אַזוי צעכליפּעט, אַז דער גאַנצער קערפּער האָט זיך קאָנוואולסיוו געוואָרפן, זײַנע אַלע כּוחות האָט ער אַרויסגעכליפּעט, ווען מ'כאַפּט אים ניט אונטער באַ־צײַטנס וואָלט ער אַנידערגעפאַלן בײַם אָפענעם קבר. פרײַנט האָבן אים אַרײַנגעזעצט אין אויטאָמאָביל, אים מיט דער ווײַב אַוועקגעפירט אַהײם. פאָרנדיק, האָט ער מער ווי אײן מאָל פאַרזיכערט זײַנע פרײַנט מיטפאָרער: איך בין אָלרײַט. דער לעצטער „אָלרײַט" איז שוין אַפילו אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט רוגזה, ווי אײנער רעדט: וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? די פרײַנט האָבן אים געלאָזט צורו. אים צוגעפירט צו זײַן הויז, האָבן זײ זיך געישובט: אַרײַנגײן? ווי לאָזט מען עס אַ מענטשן אַלײן אין אַזאַ עת צרה? שמואל גאָלדפאַרב איז

אַריין צו זיך אין שטוב, אָט ווי קיינער וואָלט ניט געווען דערביי, אַפילו אָן אַ גוטן טאָג, זיין ווייב לאה איז אים נאָכגעגאַנגען. די פּרייַנט זיינען אַוועקגעפאָרן, מאַן און ווייב, טאַטע־מאַמע פון מת, זיינען געבליבן אַליין.

לאה איז אַריינגעגאַנגען צו זיך אין שלאָף צימער, דאָרטן אויס־געטון דאָס היטעלע פאַרן שפּיגל, דערזען איר פאַרוויינטן פּנים, פאַר־רויטלטן נאָז, און טרערן האָבן ווידער זיך אַ גאָס געטון. זי איז אַרויסגעגאַנגען פון איר שלאָף צימער, אַריינגעגאַנגען אין אהרעלעס שלאָף צימער. דאָרטן האָט איר אַ שלאָג געטון אין פּנים אַריין אַ ליידיקייט. ליידיק, פּוסט. דעם זונס בילד אין אַ לופט פליער אוני־פאָרם האָט געזאָגט: איך בין ניטאָ, ני־טאָ! זי איז אַוועקגעפאַלן אויפן זונס בעט, דעם קאָפּ אַריינגערוקט אין קישן, די אַקסלען האָבן געצוקט, די פּלייצע האָט זיך געהויבן, זיך אַרונטערגעלאָזט און זיך איינגע־שטילט. זי איז אַריינגעפאַלן אין אַ שלאָף, אַ מין הינ־הער פּלעט.

שמואל, אָט ווי ער איז אַריינגעקומען, האָט ער זיך אַ לייג געטון אין דעם פאָדערשטן צימער אויף דער קאַנאַפּע און געבליבן ליגן נאַזנדיק, מיט די אויגן צו דער סטעליע, געקוקט, געקוקט, אָט ווי ער וואָלט דאָרט געזוכט עפּעס אַן ענטפער, ער האָט אָבער גאָרניט געזען, אַפילו ניט די סטעליע, אָפּגערעדט שוין פון אַן ענטפער, און אַן ענט־פער האָט ער געזוכט, געפאָדערט: פאַרוואָס? וואו איז דער שכל? דער ווייטיק איז געווען שאַרף, אַ זון, איין און איינציקער, דריי און צוואַנציק יאָר אַלט, אַ געראָטנער, אַ שיינער, נאָך שאַרפער איז געווען דער פאַרדרוס, שמואל האָט ממש געזאָגט: אָפּזיין צוויי און אַ האַלב יאָר אין לופט פלאָט, דריי און צוואַנציק מאָל אין לופט שלאַכטן, און דאָ — אַן אויטאָמאָביל, טויזנטער, מיליאָנען אויטאָמאָבילן, אויטאָ־מאָביל טרייבער, און דוקא אים האָט עס געטראָפן. ווען ער זאָל געווען אומקומען אין דער אַרמיי, אַרונטערפאַלן מיטן עראָפּלאַן, וואָלט ער געוואוסט, פאַרשטאַנען, דאָ — זינלאָז, נאַריש! און ער איז ניטאָ. אהרן, אהרן, אהרעלע . . .

— — —

אויף מאָרגן איז ער אַוועקגעגאַנגען אין געשעפט, אין זיין קליינער מעבל פאַבריק. דעם אַרבעטער, וואָס איז געווען ביי דער לויה, האָט ער ניט באַדאַנקט פאַר זיין קומען, דעם צווייטן אַרבעטער, וואָס האָט

שטאַמלענדיק געפּרואווט אויסדריקן זיין מיטגעפיל, האָט ער געענט־פערט מיט עפּעס אַ מרוק. וואָס איז דאָ צו ריידן?

ער איז געשטאַנען און געאַרבעט, האַסטיק, כעסדיק, כאָטש ער איז ניט געווען אין כעס אויף דער אַרבעט, אויף קיינעם. אין דער קאַ־נאַפּע וואָס ער האָט געהאַלטן אין באַשלאָגן האָט ער צוזאַמען מיט די טשוועקלעך אַריינגעקלאַפּט זיין ווייטיק, זיין פאַרדרוס. קלאַפּ! צו וואָס? פאַר וועמען? אהרעלע . . . און ער האָט גענומען קלאַפּן נאָך האַסטיקער. שטיין אַזוי און קלאַפּן, קלאַפּן אָן אַן אויפהער, בייטאָג, ביינאַכט, קלאַפּן, אַרבעטן ביז ער זאָל אַוועקפאַלן, טאַקע דאָ אויפן אָרט, אַנשלאָפן ווערן, ניט פילן דעם ווייטיק, גאָרניט פילן.

האַלב נאָך פיר איז ער, ווי זיינע אַרבעטער, געגאַנגען אַהיים. אין דערהיים האָט שוין געוואַרט אויף אים דער הויפּט מאָלצייט פון טאָג. ער האָט, ווי דער שטייגער, זיך אַרומגעוואַשן, זיך געזעצט עסן. ווען לאה האָט אַריינגעגאָסן די צוויי טעלער זופּ, זיך אויך געזעצט צום טיש און ביי דער ערשטער לעפל זיך צעוויינט, האָט שמואל כעסיק אַ זאָג געטון: וויינט! כאָטש ער איז ניט געווען אין כעס אויף זיין ווייב, ער האָט איר אפשר גאָר מקנא געווען וואָס זי קען וויינען.

— זיין באַליבטער זופּ. פּערלגרויפּן, — האָט זי אַ זאָג געטון, און איר לעפל, אויפן וועג צום מויל, האָט זיך צוריקגעקערט אין טעלער אַריין.

שמואל האָט זיך ערשט געכאַפּט אַז ער עסט פּערלגרויפּן זופּ, אַז ער האָט גאָר קיינמאָל ניט געוואוסט צי אהרעלע האָט ליב גע־האַט פּערלגרויפּן זופּ, זי, אַ מאַמע . . .

— נו, גענוג געוויינט, — האָט ער שוין מילד אַ זאָג געטון. די אויגן, וואָס האָבן געוואָלט אַ גלעט טון זיין ווייב, האָבן מיט אַמאָל דערזען אַז זיין ווייב איז עלטער געוואָרן, ממש עלטער געוואָרן אין די פּאָר טעג, געוואָרן גרויער, און אים האָט אָנגענומען אַ רחמנות אויף איר. איר איז נאָך ערגער פון אים. ער — ביי דער אַרבעט, זי — אַ גאַנצן טאָג מ י ט אים . . . און אָ ן אים. ער האָט געפילט ווי אַ גלעט טון די גרויער געוואָרענע האָר, צוטוליען איר קאָפּ צו זיך, ער האָט בלויז אַרויסגעבראַכט דאָס איינע וואָרט: עס! אָבער אפילו דער היסיקער „סמך" איז אַרויסגעקומען ווייך, בעטנדיק, און לאה האָט אַ וויש געטון מיט אַ פינגער איין אויג און זיך גענומען עסן.

נאָכן עסן, אַריינגייענדיק אין פאָדערשטן צימער, האָט ער אויפן קליינעם טישל דערזען אַ בילדער אויסשטעלונג — אהרן. אהרן אין לופט פליער אוניפאָרם; אהרן מיט זיין כלה; אהרל ביים גראַדואירן פון היי־סקול; אהרעלע אַ דריי־יאָריקער; אהרעלע אַ פּיצל קינד, פיר חדשים אַלט, ליגנדיק אויפן בייכל, אַ נאַקעטער. דאָס האָט זי אויס־געשטעלט. אים האָט פאַרדראָסן די אויסשטעלונג — קאַרג ווייטיק? — און ער האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון איר, דער עיקר פון דעם נאַקעטן אהרעלע, דעם פיר־חדשימדיקן.

דריי און צוואַנציק יאָר זיינען אויסגעמעקט געוואָרן. ער און לאה יונג, געזונט, אהרעלע דאָס ערשטע קינד, דאָס ערשטע ל ע ב ע ד י ק קינד. געוועזן פריער . . . ניט געוואָלט . . . אפשר ניט געדאַרפט גע־ווען . . . וואָלט אפשר געווען געבליבן איינס. איצטער . . .

צוויי אבלים, צוויי יתומים זיינען געליגן אין בעט, געליגן פאַר־יתומטע, פאַרלאָזטע און האָבן זיך געטוליעט איינער צום צווייטן, ניט פילן אַזוי די אָפּגעריסנקייט, געמיטער האָבן שטיל זיך צוזאַמענגעגאָסן, לייבער האָבן ציטערנדיק זיך באַהעפט, דער דראַנג צום לעבן, לעבן אייביק, לעבן אין לייב פון קינד און קינדס קינד האָט ליידנשאַפטלעך אַרויסגעברומט: וועסט האָבן אַ קינד.

— צו שפּעט, — האָט ער דערהערט, ער האָט אָבער ניט געגלויבט זיינע אויערן. ער האָט ניט באַנומען וואָס דאָס מיינט. דער „צו שפּעט" האָט אָבער ווי זיך איבערגעחזרט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל. צו שפּעט. צו שפּעט. דער „צו" אַ צעצויגענער, און די צעצויגנקייט אַזאַ אומע־טיקע, אַזאַ פאַרצווייפלטע, אַן אַנטשיידנדיקע.

— וואָס מיינסטו? — האָט ער זיך געוועדט קעגן דער אַנט־שיידונג. — מיר קענען האָבן אַ קינד!

— רעדסט נאַרישקייטן, — האָט די ווייב ניכטער אַ זאָג געטון. ער איז שוין אויך געווען ניכטער, מער ניט ז י י ן ניכטערער שכל האָט אים געזאָגט אַז ער קען זיין אַ טאַטע, אַז ער איז דאָס היינט זיך צוזאַמענגעקומען מיט איר טאַקע נאָר צוליבן ווערן אַ טאַטע. פאַרוואָס זאָל ער ניט ווערן? סיידן זי . . .

— ביסטו זיכער?

— זיכער? זיכער? — האָט זי אים ביטער איבערגעקרומט און זיך אַ רוק געטון ווייטער פון אים. — רעדט! — זי איז שוין געווען

אויפגעבראַכט אויף אים. ניין, ניט אויפגעבראַכט, און ניט אויף אים. אים, דעם מאַן, דעם זכר, האָט זי מקנא געווען. אין איין עלטער מיט איר, אפשר נאָך אַ יאָר, צוויי עלטער, און ער איז מאַן . . . איבער איר קערפּער איז דורכגעלאָפן אַ ציטער . . . זי, ערשט געוואָרן פּופּציק, אַ ווייב, אַ פרוי . . . אָבער . . .

— ביסט אַלט, מיין ווייב, — האָט זי דערהערט. זי האָט דער־פילט זיין האַנט זוכנדיק איר לייב, און זי האָט זיך אָפּגערוקט פון אים.

ער דאַרף עס איר נאָך זאָגן. זי האָט זיך געפּלאָנטערט אין די חדרי חדרים פון איר קערפּער, זי האָט זיך דערזען ליגנדיק ביי דער „דאָקטאָרשע", ווען יענע האָט איר געהאָלפן פטור ווערן . . . ווי זי האָט געהאַסט זיך, אים . . . איר קערפּער האָט זיך אַ טרייסל געטון. ווייסע שפּיטאָל ווענט האָבן אויפגעטויכט. אַ שווער האָבן געווען, ווייען צוויי מעת לעת, אויך דאַן האָט זי אים געהאַסט, איצטער — דריי, פיר מעת לעת, איר וואָלט ניט געאַרט, אַפילו ווען זי זאָל דאַרפן אומקומען, אָבער . . . „ביסט אַלט". ער דאַרף עס איר נאָך זאָגן . . . טרערן — אַ דריבנער האַרבסט רעגן, שטיל, פאַמעלעך, אָבער אָן אויסזיכטן אויפצוהערן, ווען שוין אַזוי אייביק רעגענען, אייביק . . . ביזן סוף.

שמואל האָט אַפילו ניט געפילט אַז זיין לאה וויינט. אויך ער האָט „געטאַפּט אַ וואַנט" אין די חדרי חדרים פון מענטשלעכן קערפּער, זיינעם, אירן, געעפנט איין טיר, האָט ער גלייך דערזען אַ צווייטע פאַרמאַכטע טיר, אַ וואַנט, אַ רעטעניש, ניט פאַר זיין קאָפּ צו לייזן. וואָס ווייסט ער? אשר יצר את האדם בחכמה וברא בו נקבים, נקבים, חלולים, חלולים . . . דער אשר יצר, פאַרוואַלגערט אין קאָפּ פון יינגל־שע יאָרן, האָט אים אַרויפגעזעצט אויף דער באַנק אין חדר און ער האָט געלערנט חומש, אברהם, שרה . . . אַ בליץ אין דער פינצטערניש. עס האָט אַ בלענד געטון די אויגן, זיין קערפּער איז ווי פאַרשטאַרט געוואָרן, און ווען די בלענדעניש איז פאַראיבער האָט זיין קערפּער זיך אַ צאַפּל געטון, ער האָט זיך עטוואָס אונטערגעהויבן. — לאה! שלאָפסט?

— וואָס?

— חומש האָסטו אַמאָל געלערנט?

— חומש? וואָס עפּעס חומש אינמיטן דרינען?

— כ׳פרעג דיך.

— טייטש חומש געלייענט אַמאָל. וואָסי?

— די מעשה מיט שרהן געדיינקסטו?

— שרה?

— שרה! אברהם אבינוס ווייב! ווי אַלט איז זי געווען ווען זי האָט געהאַט יצחקן?

— אַ משל נו. שלאָף. — זי האָט זיך איבערגעדרייט מיטן רוקן צו אים.

שרה . . . לאה . . . גלויבט ניט. שמואל האָט נאָכאַמאָל „איבער־געלערנט" דעם חומש, דאָס מאָל האָט ער אויך געזען הגרן . . . לאה, שרה, הגר . . . דער עיקר — אַ קינד! ער מוז, וועט עס האָבן.

(2)

די „סלאָבאָדקער יאַנג מענס בענעוואָלענט סאָסייעטי" האָט גע־פּראַוועט איר יערלעכן יום טוב, ווי דער שטייגער, מיט אַ באַל. שמואל גאָלדפאַרב, אַ מיטגליד פון דער געזעלשאַפט, האָט ניט געהאַט בדעה גיין צום באַל. זיך באַגיין אָן אים. פאַר די בילעטן וועט ער באַצאָלן. זיין ווייב לאה האָט גאָרניט געזאָגט, דאָס האָט געמיינט אַז זי האָלט אויך אַזוי. דעם אָוונט פון באַל, ווען זי איז געליגן מיט אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק און איר מאַן איז, ווי זיין שטייגער די לעצטע פּאָר חדשים, געזעסן און געשוויגן, האָט זי מיט אַ בעטנדיקער שטימע אַ זאָג געטון: וואָלסט אפשר באַדאַרפט צוגיין.

— צוגיין וואוהין?

— צום באַל.

— מער פעלט מיר ניט, גיין אַ טענצל. מיר אַזוי אויך פריילעך.

לאהן איז אויך ניט געווען צו פריילעך, אַ טענצל וואָלט זי אויך ניט געגאַנגען, און איר שמואלן שיקט זי אויך ניט טאַנצן, אָבער, וואָס אמת, זי וואָלט געוואָלט ער זאָל אַרויסגיין, זיין צווישן מענטשן, אפשר וועט ער דאָרטן פאַרלירן אַ ביסל פון זיין שווייגעניש. אוי, זיין שווייגן! באַרעדעוודיק איז ער קיינמאָל ניט געווען, אָבער זינט דעם אומגליק איז ממש ניט אויסצוהאַלטן, און טוט ער אַ קוק אויף איר, דוכט זיך איר ער מאָנט: אַ קינד! דוכט זיך איר? עס דוכט זיך איר שוין גאָרניט. זי קען איר שמואלן . . .

— צו אהרעלעס לויה האָבן זיי צוגעשיקט אַזאַ שיינעם קראַנץ בלומען.

שמואל האָט אַ קוק געטון אויף זיין ווייב. שטילערהייד איז צווישן מאַן און ווייב אָנגעגאַנגען אַ מין קאָנקורענץ: ווער פילט שאַרפער דעם פאַרלוסט? און שמואל איז געוועזן זיכער אַז אים טוט שטאַרקער וויי. דער אופן אָבער ווי לאה האָט געדיינקט אַלע קליינוקייטן פאַרבונדז מיטן זונס לעבן האָט אים געזאָגט: זיי ניט אַזוי זיכער. אָט האָט זי איצט דערמאָנט דעם קראַנץ בלומען. לכתחילה האָט ער אַפילו ניט געוואוסט אַז די סלאַבאדקער האָבן גאָר געשיקט בלומען, זי האָט עס אים דערציילט און ער האָט שוין געהאַט פאַרגעסן אָן דעם, איצטער האָט זי דערמאָנט און שמואל האָט דערפילט אַז ער איז שולדיק אַ חוב. ניט נאָר די סלאַבאדקער, נאָר זיין זון.

— דיינקסט איך דאַרף צוגיין?

— גיי צו. פשוט ניט שיין.

— און דו?

— ווען איך האָב ניט אַזאַ קאָפּ־ווייטיק וואָלט איך אויך גע־גאַנגען.

— כ׳מיין, בלייבן אַליין?

— קיינער וועט מיך ניט אויסכאַפּן, טו זיך איבער און גיי צו. טו אָן די ווייסע העמד, ליגט אין אויבערשטן שופלאָד.

שוין אַפילו צוגעגרייט אַ העמד פאַר אים. לאה. איר געטריישאַפט צו אים האָט זיך אַלע מאָל אַרויסגעוויזן אין פאַרשיידענע קליינוקייטן, וואָס האָבן געמיינט אַזוי פיל, אַ ווייב און אַ מאַמע, אַ מאַמע ניט נאָר צו אהרעלען, נאָר אויך צו אים. טייערע לאה! קנייטשן ביי די אויגן, גרוי, אָבער דער פּנים אַזוי ליב, ליבער ווי פריער, יונגערהייד. ער׳ט איר פאָלגן, צוגיין צום באַל, זען מענטשן.

איבערטוענדיק זיך האָט ער שוין געזען פאַר זיך דעם, יענעם, אַפילו געהערט זייערע באַגריסונגען, דעם שטילן טאָן, אָט ווי זיי וואָלטן גערעדט צו אַ חולה, צו איינעם וועמען עס האָט געטראָפן אַן אומגליק. נו, אים האָט געטראָפן אַן אומגליק. אוי געטראָפן. ער האָט אַ זיפץ געטון. אָבער הערן אָט דעם טאָן, זען רחמנות בליקן? אפשר ניט גיין? סוף כל סוף וועט ער דאָך דאַרפן זען מענטשן, דעם אמת געזאָגט, האָט ער עס שוין אַליין געוואָלט, אויב אַזוי, איז דאָס

גלייכסטע שוין אַריינשפּרינגען אין וואַסער מיט אַמאָל, זיך אונטער־טיקן און פּטור, זען אַלעמען אויף איין מאָל, איבערקומען, נאָכדעם וועט שוין זיין גרינגער. אויסבינדענדיק דעם שניפּס, האָט ער געקוקט אין שפּיגל ניט נאָר אויפן שניפּס־קנופּ, נאָר אויך אויף זיין פּנים. האָבן די דריי חדשים דאָרטן איבערגעלאָזט אַ צייכן, זעט זיך אויפן פּנים זיין צער? ער׳ט מאַכן אַ פרייליכע מינע, וועט זיך באַנעמען אַט ווי גאָרניט וואָלט פּאַסירט. אַזוי האָט ער באַשלאָסן. אויפן וועג צום באַל האָט ער אַפילו געמאַכט געוויסע מינעס, וואָס האָבן געדאַרפט פאַרדעקן, פאַרשטעלן זיין ווייטיק. די מינעס האָט ער געמאַכט „אויסנ־וויייניק״, ער האָט זיך אָבער געזען ווי ער וועט אויסקוקן, געוועזן צו־פרידן, צו דערזעלבער צייט האָט ער אויך מורא געהאַט אַז זיי וועלן פאַרדעקן, א י נ ג א ַ נ צ ן פאַרדעקן. דאָס וואָלט ער ניט געוואָלט. ע ר מעג טאַקע פאַרדעקן, אָבער אַנדערע דאַרפן פאָרט עפּעס באַ־מערקן . . .

נאָך דער דריי חדשימדיקער שווערער שטילקייט ביי זיך אין הויז האָט דער טומל אין זאַל אים אַזאַ קלאַפּ געטון אין פּנים, אין קאָפּ, אַז אַלע זיינע מחשבות וועגן דעם ווי ער וועט באַגעגענען באַקאַנטע, זיינען צעקלאַפּט געוואָרן, פאַרשוואונדן, ער איז געבליבן שטיין אַ צע־מישטער, אַזאַ טומל אַז ער האָט גאָרניט געהערט, אַזוי פיל מענטשן אַז ער האָט קיינעם ניט געזען.

איינער, פיליפּ בערנשטיין, אַ מתעסק ביים באַל, וואָס האָט מעשה אינספּעקטאר זיך געטראָגן איבערן זאַל, געוואָרפן מיט די אויגן אין אַלע זייטן, זען צי פעלט ניט ערגעץ אַ . . . שפּילקע, איז שוין שיר ניט געהאַט פאַרבייגעלאָפן שמואלן, ער האָט זיך אָבער ראַש אָפּגעשטעלט, אויסגעצויגן די האַנט: — ש־לום עליכם! שלום עליכם! גוט געטון וואָס איר זייט געקומען. מיר האָבן אַלע אַרויסגעקוקט אויף אייך. וואו איז די ווייב? ניט ערנסט? אויב אַזוי איז אַלרייט. דאָ זיינען זיי אַלע, — האָט ער אַ ווייז געטון מיט דער האַנט, זיך אַ לאָז געטון איבערן זאַל, צווישן די טענצער צו אַ באַנק ביים וואַנט, וואו די על־טערע זיינען געזעסן. שמואל איז געגען אים נאָכגעגאַנגען. ער האָט זיך „אונטערגעטיקט״. איינער האָט זיך באַגריסט פּשוט, אָט ווי ער וואָלט אים ערשט נעכטן געזען, מער ניט, די האַנט האָט ער געדריקט עטוואָס שטאַרקער, אין דעם האַנטדרוק אַריינגעלייגט זיין מיטגעפיל,

איינער האָט עפּעס געשטאַמלט: . . . געהערט . . . און שמואל האָט צוריק געשטאַמלט. ער איז איבערגעקומען. שטייעדיק האָט ער שוין געזען איינצלנע פּנימער, באַקאַנטע, נאָענטע באַקאַנטע, אויך פרעמדע. עס האָט פאַרבייגעטאַנצט אַ פּאָרל, דער מאַן ניט באַקאַנט, די פרוי . . . ? ער האָט דערזען איר פיגור, האָט אים אַ קלאַפּ געטון אין קאָפּ — זי. דערזען איר פּנים, זיכער געוואָרן אַז דאָס איז טאַקע זי, די מרס. פינקל. האָט ער זיך דערשראָקן טאָמער האָט עמיצער באַמערקט אַז ער האָט זיך פאַררויטלט. ער האָט געפילט אַז דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטון אין קאָפּ, אין פּנים.

זי איז געווען די „שוואַרצע קאַץ" פון דער „סלאָבאָדקער סאָ־סייעטי". ניט איין מאָל איז שוין געווען אַ סקאַנדאַל צוליב איר. איין מאָל האָט עס שוין אַפילו געהאַלטן ביי פּעטש. דריי מענער האָט זי שוין געהאַט, מיט צוויי איז זי זיך צעגאַנגען, איינער איז גע־שטאָרבן. פון די דריי מענער האָט זי איינעם צוגענומען פון זיין ווייב. דער איינער טאַקע אַ מיטגליד פון סלאָבאָדקער פאַראיין. האָט זיך געטומלט, געקאָכט, מ'האָט געשריען אַז מ'דאַרף זי אַרויס־וואַרפן, אַזאַ . . . מ'האָט זי אָבער ניט אַרויסגעוואָרפן. געשריען האָבן מערסטנס די ווייבער, די מענער, ווער עס האָט זי פאַרטיידיקט אַז זי איז גאָט די נשמה שולדיק, פון אַ גוטער ווייב קען מען קיין מאַן ניט צונעמען, אַנדערע האָבן גוטמוטיק געשמייכלט און וואויליונגעריש צוגעגעבן: איר מוזט איר געבן קרעדיט, זי האָט עפּעס . . .

— זי האָט שוין צופיל . . . , — האָט איינער אונטערגעוואונקען.

געהאַט האָט זי אַ קאָפּ קופּער האָר. אונטער ליכט שיין האָבן איינצלנע האָר אויפגעפינקלט. דער קאָליר פון די באַקן — צייטיקע אבריקאזן מיט ברוינע שפּריינקעלעך דאָ און דאָרט. דער לאַנגער האַלז האָט געהאַט דעם קאָליר פון טרוסקאַווקעס מיט סמעטענע, ווייס דורך וועלכן עס שלאָגט זיך דורך אַ ראָזעווודיקייט, און די הויט אַזוי ווייך אַז דאָס אויג האָט געקענט פילן די ווייכקייט, אַ ווייכקייט פון אַ רויזן בלעטל, וואָס רייצט און רופט: טו אַ טאַפּ. נאָך ווייסער איז געווען די הויט צו דער ברוסט צו. אויף אָט דער ווייסקייט האָט זיך געשאָטנט אַ סטעזשקעלע צו די בריסט, און אָט דאָס סטעזשקעלע, אַזוי קונציק אַנטפּלעקט אין דעם אויסשניט פון דער בלוזקע, האָט געוואונקען, געלאָקט: וואָלסט אונדז באַדאַרפט זען, פילן . . . די ענג

געפּאַסטע בלוזקע האָט אַקצענטירט די בריסט, דאָס שמאָלע, קורצע קליידל האָט קענטיקער געמאַכט די שטאָלטנע פיגור, אַרויסגעבראַכט די שלאַנקע שיינקלען, פיין פאָרמירטע ליטקעס. אירע אויגן — גרוי געפלעקט מיט ברוין. האָט דער גרוי דאָמינירט איז יענעם קאָלט געוואָרן פון אירן אַ קוק, האָט דער ברוין אויפגעשימערט, האָט בורשטין געפינקלט, געררייצט. דער מויל — אַ שמאָלע פּאָדקאַווע — האָט אָנגעדייט אויף אַ הויכער אויבערשטער יאַסלע, לאַנגע שמאָלע ציין וואָס זיינען גרייט זיך אַריינבייסן, די ליפּן פולע, עטוואָס אָנגעפּאַרבט, די אויבערשטע ליפּ, אָנגעצויגן איבער דער יאַסלע, האָט ווי אַריינגעכאַפּט די אונטערשטע, שטייף פאַרשלאָסן דעם מויל, דער ליינגלעכער קין האָט נאָך שטייפער געמאַכט דעם מויל, דער קנייטש אין קין, ניט קיין גריבעלע, בלויז אַן איינבויג אינמיטן, האָט געזאָגט: איך קריג וואָס איך וויל. איר שטימע האָט געהאַט אַ סקאַלע פון אַ טויב וואָרקעניש ביז אַ סערזשאַנטן באַפעל.

ווי איז זי געקומען צו דער „סלאַבאַדקער יאַנג מענס בענעוואַלענט סאָסייעטי״? ווי אַלע. ניט יעדער איינער איז געווען אַ סלאַבאַדקער, קיינער פון די סלאַבאַדקער איז געווען צו יונג אַפילו ביים גרינדן דעם פאַראיין, און אפשר אויך ניט אַזוי וואָוילטעטיק, אָבער אַ פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן און אַזוי האָבן אים אַ נאָמען געגעבן די ערשטע צען, די „טשאַרטער״ מיטגלידער, איר מאַן איז געווען איינער פון די צען. דער מאַן איז שוין געווען אויף יענער וועלט, נאָך אים האָט זי שוין געהאַט צוויי אַנדערע, אָבער אַרויסוואַרפן אַ ווייב פון אַ טשאַרטער מיטגליד?

מיט אַ יאָר צוויי צוריק, טאַקע ביי אַ באַנקעט פון דעם סלאַבאַדקער פאַראיין, איז שמואל גאָלדפאַרב אויסגעקומען צו זיצן לעבן איר. זי איז זיך נאָר וואָס געהאַט צעגאַנגען מיט איר מאַן, דעם דריטן. מ׳איז געזעסן, געעסן, געטרונקען און ער האָט איר אַ ביסל אונטערגעקיבעצט וועגן אירע מענער זי׳ט שוין באַלד האָבן אַ גאַלעריי פון געוועזענע מענער . . . זי האָט גוטמוטיק געענטפערט, אויך אין אַ שפּאַסיקן טאָן: וואָס קען מען טון? אַז זי געפינט ניט דעם ריכטיקן. דער ערשטער איז גראָדע געווען אַ וואוילער מענטש, איז ער געשטאָרבן. אַן אלמנה, האָט זי גענומען אַן אלמן. אינגיכן האָט זי אויסגעפונען אַז ניט אומזיסט איז ער געבליבן אַן אלמן, איז איידער ער זאָל ווידער

בלייבן אַן אלמן, וועט זי שוין בעסער זיין אַ גרושה. קיין גרוש האָט זי ניט געוואָלט: אויפקלייבן וואָס יענער האָט אַוועקגעוואָרפן? האָט זי שוין בעסער, ווי זאָגט מען, צוגענומען אַ מאַן ביי אַ ווייב: גוט פאַר יענער איז גוט פאַר איר אויך. אינגיכן האָט זי אויסגעפונען אַז אויף יענעמס געשמאַק טאָר מען זיך ניט פאַרלאָזן, וואָס פאַר איינעם איז ברויט איז פאַרן צווייטן טויט. זוכט זי איצט דעם ריכטיקן . . .

— קוקט זיך גוט אַרום, אפשר וועט איר געפינען.

— דאָס וואָס איך טו, — האָבן אירע אויגן אַ קאָסע געטון זיין פּנים, און די ברוינע שפּרינקעלעך אין אירע גרויע אויגן — שפּרינ־גענדיקע שדימלעך, אונטערן טיש האָט עמיצער . . . אָנגעטראָטן אויף זיין פוס. ער האָט אַ פיר געטון מיט די אויגן, באַגעגנט איר הייסן קוק. קיין צווייפל. זיין שמייכלענדיקער קוק האָט איר געענטפערט: גע־קראָגן די איינלאַדונג. אָנגענומען די איינלאַדונג האָט ער ניט. אין משך פון די צוויי יאָר האָט ער זי געזען אַ צוויי דריי מאָל, אַ גוט מאָרגן, אַ גוט יאָר, ביידע האָבן געשמייכלט, די פליכטיקע איינלאַדונג — אַ פונק אונטער אַ בערגל אַש, ניט ער, ניט זי האָבן אַרויסגעוויזן אַ חשק דעם פונק צעבלאָזן. איצט, ווען ער האָט זי דערזען, האָט דער פונק אַ בלענד געטון זיינע אויגן. ער האָט געזוכט איר פּנים, איז די איינלאַדונג נאָך דאָ?

ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט, כלומרשט צופעליק, כאָטש ער האָט געזוכט די באַגעגעניש, האָט ער די איינלאַדונג ניט געפונען. די גרויע אויגן האָבן קאָלט אַ מעסט געטון זיין פּנים, דערהערט האָט ער: אייך ניט געזען שוין אַ לאַנגע, לאַנגע צייט.

אין די צוויי „לאַנגע” האָט ער עפּעס יאָ דערהערט.

— האָב איך אייך אויסגעפעלט? — האָט ער שטיל, שיר ניט פאַרשווערעריש אַרויסגעזאָגט, און זיך אַליין דערשראָקן פאַר זיינע ווערטער, דעם טאָן.

מיט די ווינקלען פון די אויגן האָט זי אַ קוק געטון אויף אים.

— נו, זאָגן דעם אמת, קען איך ניט זאָגן אַז איר האָט מיר אויסגע־פעלט, אָבער אַ פּאָר מאָל האָב איך יאָ אַ טראַכט געטון וועגן אייך. — איצטער האָט זי שוין אַ קוק געטון אויף אים גלייך, די ברוינע שפּרינ־קעלעך אין די אויגן — בורשטין דערוואָרימט. ביידע האָבן זיך דער־

פילט פאַרווירט. דער שיר ניט אינטימער געשפּרעך האָט זיך ניט געפּאַסט צום טומל אין זאַל.

— אפשר גיין טאַנצן?

ער האָט געוואָלט גיין טאַנצן מיט איר. ער האָט אַ מעסט געטון איר פיגור. פון דער טיף דעקאָלטירטער בלוזקע האָבן אַ וואונק געטון די בריסט, דער חשק אָנצורירן איר קערפּער איז געוואָרן נאָך שאַרפער, דערפאַר טאַקע האָט ער מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט אַרויסגעזאָגט: ניין, איך וויל ניט טאַנצן.

— איך פאַרשטיי, — האָט זי שטיל געענטפערט.

איצטער האָט ער געזען אָן אויסדרוק פון סימפּאַטיע, מיטגעפיל. הייסט עס, זי האָט יאָ דערזען אַז אים טאַנצט זיך ניט . . . און ער איז געווען צופרידן וואָס זי האָט עס דערזען, און ניט צופרידן, ער דאַרף ניט איר . . . רחמנות. — איך וואָלט גענומען אַ טרונק, — האָט ער אַ זאָג געטון, און דער גומען האָט דערפילט אַ טרונק, אַ שאַרפן טרונק.

— לאָמיר אַריינגיין אין באַר.

די באַר — אַ טיש אָנגעלייגט מיט סענדוויטשעס. הינטערן טיש זיינען געשטאַנען אַ מאַן מיט אַ פרוי, פאַרקויפט סענדוויטשעס, סאָדא וואַסער, אַנדערע ווייכע געטראַנקען, אַרום טיש האָבן געקלעפּט, זיך געדרייט קינדער און געשריען „טשעקס פאַר דער באר". דער טומל פון די קינדער האָט אים געשטאָכן אין די אויערן. ביידע האָבן שוין גע־האַלטן סענדוויטשעס, זי האָט גענומען אַ פלעשל קאָקא קאָלא, ער האָט געפרעגט: האָט איר ניט עפּעס בעסערס? די פרוי האָט אויסגע־רעכנט נאָך אַ פּאָר קאַלטע געטראַנקען און פאַרענדיקט מיט קאַווע. — זאָל זיין קאַווע, — האָט ער אַ זאָג געטון מיט אַ טאָן פון לית ברירה.

זיי האָבן זיך צוגעזעצט ביי אַ טיש, אָפּגעוויקלט די סענדוויטשעס.

— געמיינט זיי האָבן אַ ביסל בראַנפן, — האָט ער אַנטוישט אַ זאָג געטון

— איך האָב אַ גוט פלעשל בראַנפן אין דערהיים.

ער האָט אַ קוק געטון אויף איר: איז דאָס אָן איינלאַדונג? אים האָט זיך געדוכט אַז יאָ, דערהערט האָט ער: ווען איך וויים וואָלט איך געבראַכט אַ ביסל.

— זיך שוין באַגיין מיט דעם, — האָט ער פּאַרדראָסיק אָנגעוויזן אויף דער קאַווע, געעסן, געזופּט די קאַווע, ניט גערעדט.

— איז ווי איז דאָס אייך געגאַנגען די גאַנצע צייט?

וואָס וויל זי? פּרוואווט פירן אַ געשפּרעך? — ווי האָט עס גע־קענט גיין?

— יאָ, איך ווייס. עס איז שווער. איר ווייסט, מיין מאַמע האָט געהאַט עלף קינדער. יעס סיר, עלף קינדער, איך בין די מוזינקע. און אַז מ׳האָט איר געפרעגט: יאָכוויד (יוכבד), וואָס קינדלט איר אַזוי פיל? האָט זי געענטפערט: עלף שטיקלעך קינדער איז ביי אייך אַ סך? פון עלף איז מיר געבליבן פינף, וואָס וואָלט איך חלילה געטון ווען איך האָב ניט מער ווי פינף? און זי איז געווען גערעכט. מילא עלף ווי עלף, אָבער מער ווי איינס דאַרף מען האָבן. אָדער גאָרניט, אָדער כאָטש צוויי.

— איר זייט גערעכט, אָבער . . .

ער האָט צענומען די הענט, ווי ווייזנדיק — ניטאָ קיין קינד! דערפילט אַז איצט האָט ער זיך אַרויסגעגעבן פאַר איר מיט זיין פולן וויייטיק, האָט ער אַ קוק געטון אויף איר, זען צי האָט זי עס באַמערקט. און איצט האָט ער דייטלעך דערזען אין אירע אויגן, אין איר האַלב געעפנטן מויל, ניט נאָר אַן איינלאַדונג, נאָר אויך אַ צוזאָג: איכ׳ל דיר געבן אַ קינד. ווי אַלט קען זי זיין? יאָ, זי קען האָבן אַ קינד.

מער האָבן זיי ניט גערעדט. שווייגנדיקע, האָבן זיי אומבאַמערקט זיך אַרויסגעשאַרט פון זאַל צו איר אַהיים . . .

(3)

זי אַליין האָט אים צוגערעדט גיין צום באַל. אהרנס קראַנץ בלומען. ער האָט ניט געוואָלט גיין, און אים איז אַפילו ניט געליגן אינזינען אַריינכאַפּן, זיך איבערשלאָפן מיט אַ פרעמד ווייבל. אַפילו יונגערהייד ניט נאָכגעלאָפן נאָך קליידלעך. ניט זיין נאַטור. און לאה אַ גוטע ווייב, אַ טייערע נשמה. ניט דאָס. אהרן! אַ קינד וויל ער. זיין קערפער האָט זיך אַ צאַפּל געטון און פאַרשטייפט געוואָרן.

ער איז שוין ניט געגאַנגען אַהיים, ער איז געווען מיט גאָסי פינקל אין בעט, און זי . . . ער האָט דערשראָקן זיך אומגעקוקט און אַנטשלאָסן אַ שפּאַן געטון — זי וועט עס האָבן, זי וועט אים געבוירן אַ קינד, אַ זון, אהרן. אַזוי וועט עס זיין. די טיר פון שטוב האָט ער

פונדעסטוועגן אָפּגעשלאָסן אַזוי שטיל ווי נאָר מעגלעך, געשטעלט קעצישע טריט און זיך געוואונטשן לאה זאָל שלאָפן. דערהערט: שמואל? האָט ער פאַרדראָסיק געענטפערט: איך, דאָך ניט געמאַכט ליכטיק.

— שלאָפסט נאָך נישט?

— ווי שפּעט איז?

— האַלב נאָך צוועלף, — האָט ער אַ זאָג געטון, כאָטש עס איז שוין געווען באַלד דריי און, אַרויסגעזאָגט, האָט ער מורא געקראָגן אַז זיין ווייב ווייסט ווי שפּעט עס איז און זיין זאָגן ליגן איז שוין אַ באַווייז אַז ער וויל עפּעס באַהאַלטן.

— וואָס איז מיט דיין קאָפּ? בעסער?

— דערלאַנג מיר אַן אַספּירין מיט אַ ביסל וואַסער.

דעם אַספּירין, דאָס וואַסער האָט ער גענומען אין דער ליכטיק, דערלאַנגט צום בעט האָט ער עס אין דער פינצטער, געשטאַנען, גע־וואַרט, צוגענומען די גלאָז, נאָכדעם זיך געפּאָרעט אין דער פינצטער מיטן אויסטון, זיך איבערטון, זיין גאַנצער קערפּער אויף דער וואָך — שלאָפט זי איין?

— נו, ווי איז געווען?

אַ פּרוי. האָט אַ קאָפּ־ווייטיק, שלינגט אַספּירין, און — ווי איז געווען? ווייבערישע נייגיריקייט, אָדער זי שפּירט עפּעס? זיי זיינען בריהס דאַרויף. — ווי זאָל זיין? אַ באַל, ווייסט׳אַך.

— געווען אַ סך מענטשן?

— ווי אַלע מאָל.

— וועמען האָסטו געזען?

גיי דערצייל איר וועמען ער האָט געזען. — וועמען. אַלעמען. דעם, יענעם. בערנשטיין, זאַלצמאַן, זיך נאָכגעפרעגט אויף דיר.

ער האָט זיך שווער אַריינגעלייגט אין בעט, זי זאָל הערן, זי זאָל וויסן אַז ער וויל שלאָפן, וויל ניט ריידן. זאָל זי שלאָפן, זאָל זי ניט ריידן. ער וואָלט ניט געוואָלט שלאָפן, ער וואָלט געוואָלט ליגן, טראַכטן, באַטראַכטן, אפשר גאָר ריידן, איר דערציילן, איר פאַרטרויען אַ סוד: לאה, מיר׳ן האָבן אַ אהרעלע. ניין, ניין. ער׳ט עס ניט דערציילן. איז ער זיכער אַז עס וועט זיין אַ אהרעלע? שלאָפן!

גאָסי פינקל האָט ניט געלאָזט שלאָפן . . . ער האָט זיך אַ דריי געטון, פאַרטריבן גאָסין מיט איר נאָס, שפּיציק צינגל, אירע באַווע־

גונגעזן . . . זי איז . . . וואָס גייט זי אים אָן? אַ קינד! אהרן! האָט ער געדופן זיין זון צו הילף, און דער זון האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן פּאָטערס אויגן און געזאָגט: שלאָף, טאַטע, שלאָף, איך וועל קומען, איך וועל קומען . . .

שמואל גאָלדפאַרב איז אַנשלאָפן געוואָרן מיטן שלאָף פון די גער־רעכטע. אויף מאָרגן איז די נעכטיקע נאַכט געווען עפּעס אַ חלום, דעם גאַנצן חלום האָט ער ניט געדיינקט, אַזוי פיל זיך געפּלאָנטערט, רעכט אַז ער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט, און ער האָט אויסגעמיטן קוקן דער ווייב אין די אויגן, ער האָט ווידער געשוויגן, אָבער דאָס איז שוין ניט געווען דאָס שווערע שווייגן פון קוקן אין אַ טיפן ברונעם, וואו מ׳זעט גאָרניט, אַפילו ניט דעם אייגענעם פּנים, ער האָט געקוקט אויפן הימל, געזוכט דאָרטן אַ שטערן, זיין שטערן. וועט ער אויפשיינען?

— — —

ווען גאָסי האָט אים אַ זאָג געטון: איך האָב פאַר דיר נייס, האָט ער ראַש אַ דריי געטון דעם קאָפּ. פון איר מויל, אירע קיילעכדיקע אויגלעך, וואָס האָבן אַ קוק געטון אויף אַרונטער האָט ער פאַרשטאַנען אַז עס איז געשען. און טאַקע די קליינע אויגלעך, זייער וואונק צום בויך האָט אָפּגעשטעלט דעם אימפּולס זי אַרומכאַפּן, קושן זי. אין דעם קוק פון די אויגלעך האָט ער געזען ניט: שמואל, איך גיב דיר אַ קינד, נאָר: דו האָסט עס געמאַכט! אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער אויך דערמיט שטאָלצירט, איצטער האָט עס אים אַ ביסל שאָקירט. ווען לאה איז פאַרגאַנגען אין טראָגן מיט אהרנען . . .

— ביסטו זיכער?

— זיכער? וואָס מיינסטו בין איך. אַ זעכצן יאָריקע מיידעלע? איך ווייס וואו איך האַלט אין דער ספירה.

— איך מיין צי ביסטו זיכער אַז ד אָ ס איז עס?

— וואָס בין איך, אַ זעכציק יאָריקע יידענע?

— זעכציק יאָק זעכציק, אָבער . . .

— האָבער, פּלעגט מיין מאַמע זאָגן, גיט מען אַ פערד. אַ מענטש רעדט . . .

ער האָט זי ניט געוואָלט באַליידיקן, ער האָט אודאי ניט געוואָלט זי זאָל זיין אַלט, אדרבה, יונג דאַרף זי זיין, יונג גענוג צו האָבן אים אַ קינד, הלואי איז עס אמת. — וואָס האָב איך דען געזאָגט?

— האָט גאָרניט געזאָגט. האָט דען עפּעס געזאָגט? „זעכציק יאָק זעכציק״! ווי אַלט דיינקסטו בין איך?

— איך ווייס ניט, — האָט שמואל תמימותדיק געענטפערט און זיין אומשולדיקער קוק האָט געבעטן: זאָג מיר, זאָג מיר דעם אמת, לאָמיך וויסן אויף זיכער צי קענסטו האָבן אַ קינד.

— אַז דו ווילסט שוין יאָ וויסן, איז מיר דעם צווייטן טאָג ראש השנה געוואָרן ביין און דרייסיק. ווייסטו שוין?

קיין גרויסער בעל חשבון איז שמואל גאָלדפאַרב ניט געווען, דאָך האָט זיין מוח שנעל אָן אַרבעט געטון, ווי לאַנג שוין אַז ער קען זי, דריי מענער . . . , און דער חשבון האָט ניט געשטימט, די פראַגע איז בלויז אין וויפיל.

— איצטער ווייס איך, — האָט ער געענטפערט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל. קיין ניין און דרייסיק טאַקע ניט, אָבער וויפיל קען זי דאָס פאַרלייקענען? זי קען נאָך האָבן אַ קינד. ס׳איז אמת. מיט אַמאָל איז זי יונגער געוואָרן ביי אים אין די אויגן, ווידער האָט ער דערפילט ער וואָלט זי אַרומגענומען, זי . . . זי האָט ניט געלאָזט.

— איז אַז דו ווייסט שוין יאָ, וואָס דיינקסטו טון וועגן דעם?

— טון? וואָס קען א י ך טון?

— טאַקע וואָס קענסטו טון? נו, איך קען יאָ עפּעס טון. און איכ׳ל עס טון אויך. איך גיי צום דאָקטאָר.

— אים פרעגן צי איז עס טאַקע?

— ניט אים פרעגן, נאָר אים זאָגן.

— זאָגן וואָס?

— ווען ביסטו געבוירן געוואָרן? זאָגן וואָס? וואָלט געפּאַסט זאָלסט ערשט נעכטן געווען געקומען פון סלאבאדקע. זאָגן דעם דאָקטאָר איך וויל פּטור ווערן דערפון.

שמואל האָט שווער געהויבן זיין מאַסיוון קאָפּ און ווען זיין קוק האָט דערגרייכט אירן, האָט ער אים פאַרטשעפּעט, ניט אָפּגעלאָזט.

— וועסט עס ניט טון, — האָט ער באַפעלעריש אַרויסגעבראַכט די ווערטער.

— ווער וועט מיך ניט לאָזן?

— איך וועל!

ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַ כאַפּ געטון איר אָרעם און אַזוי

שטאַרק אַ דריק געטון, אַז זי האָט אים אַ ריס געטון און מיט אַ פאַר־קרומטן פּנים אַ וואָרף געטון: איך האָב פיינט די שטיק.

שמואל האָט געפילט זיינע געעפנטע פינגער זיינען ווי געליימט, ער האָט זיי דאָך פאַרמאַכט, פאַרשטייפט אין אַ קולאַק, אַרויפגעלייגט דעם קולאַק אויפן טיש, אים אַ שאַר געטון פאַראויס. — אויב דו'סט עס טון, אויב דו'סט גיין צום דאָקטאָר, איז „גוד באַי״, וועסטו מיך מער ניט זען.

דער גרוי און ברוין פון אירע אויגן האָט זיך צעשפּילט, זיך גע־מיניעט. זי האָט אים געפּאַקט. זי האָט שוין לאַנג געהאַט געוואָרפן אויף אים אַן אויג, דאַן האָט ער זיך ניט אומגעקוקט, איצטער, איצטער האָט זי אים ביי דער טשאפּרינע. זי קען מענער. די מייסטע קומען צו דער פרוי זיך אויסליידיקן. ד ע ר איז געקומען זי אָנפילן. זי האָט עס געפילט. געוועזן עפּעס באַליידיקנדיקס אין זיין צודרינגלעכקייט, אין זיין אַנטשלאָסנקייט . . . צו דערזעלבער צייט אַזאַ שאַרפע הנאה . . . זי האָט ניט דערוואָרט אַזאַ גבורה . . . ער מוז שוין זיין אַריבער פופציק, און קיין איין גרויע האָר, האַרטע, עקשנותדיקע האָר, דער פּנים אויך אַן עקשנותדיקער, אַ פינף קאַנטיקער, דער מויל, קין אויך עקשנותדיק, און דער נאָז, אַזאַ שאַרפער נאָז, אַ מענערישער נאָז זאָגט אַ סך . . . זי האָט זיך ניט גענאַרט אין אים, איצט איז זי זיכער מיט אים. ער וויל אַ קינד. דאָס איז קלאָר. זי איז ניט אַזוי משוגע איצטער אַ ווערן אַ מאַמע, אָבער דריי מענער און פון זיי אַלע איז גאָרניט געבליבן, אפשר איז ער דער לעצטער, דער איינציקער וועג אים צו־בינדן איז אַ קינד, וועט זי עס האָבן, אָבער ער מוז זיין אירער, אינ־גאַנצן אירער. — דו וועסט אפשר מער ניט קומען, דערפאַר אָבער וועל איך ניט האָבן קיין ממזר.

— אַ ממזר! וואָס עפּעס אַ ממזר, — זיין אהרעלען באַליידיקן.

— אַ קינד וואָס ווערט געבוירן אָן אַ טאַטן איז אַ ממזר.

— אָן אַ טאַטן! און וואו בין איך?

— אה, דו ווילסט זיין דער טאַטע?

— נו אודאי.

— זייער פיין. וואָס איז מכוח דער מאַמע?

— וואָס א י ז מכוח דער מאַמע?

אירע אויגן האָבן אים אַ שטאָך געטון. — די מאַמע דאַרף האָבן

דעם טאַטנס נאָמען. מיסעס פינקל קען ניט האָבן אַ קינד פון מיסטער גאָלדפאַרב, קען זי?

ווידער האָט ער אויף איר שוועד אַ קוק געטון. — מיינסט . ..

— אָט, אָט, טאַקע דאָס מיין איך, — האָט זי הערשעריש גע־ענטפערט.

— אָבער איך בין דאָך פאַרהייראַט!

— ווירקלעך? ניט געוואוסט. אַ שיינעם דאַנק דיר פאַר אויסזאָגן מיר דעם סוד. איצט לאָמיך דיר פאַרטרויען אַ סוד: ווייסטו אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ גט?

— דו מיינסט . . .

— דו מיינסט, דו מיינסט, — האָט זי אים איבערגעקרומט און די ווערטער זיינען ממש געשפּרונגען אים אין פּנים אַריין. — וואָס מיינסטו איז עס? אַ האָטעל? געקומען, איבערגעשלאָפן אַ נאַכט און „אַ גוטן טאָג״? מיר אונטערגעשלאָגן אַ בייכל און שטיין וועט ער מיט זיין ווייב, דער אַלטער . . .

— לאָז מיין ווייב צורו.

— מיין ווייב. מיין ווייב. איך דאַרף דיין ווייב אויף כּפּרות.

— גאָ־סי!

— גאָסי מיר ניט. איך בין ניט גאָסי. מיין נאָמען איז מרס. פינקל, און איך זאָג אייך, מר. גאָלדפאַרב, אַז אויב איר גייט ניט צום אַדוואָקאַט גיי איך צום דאָקטאר. און דאָס איז אַלץ.

— אַזוי?

— יעס סיר. און טו עס וואָס שנעלער.

— אָל—רייט.

אירע גרויע אויגן האָבן געשטאָכן זיינע שוואַרצע: וואָס מיינט דער אָל—רייט? וואָס וועסטו טון? אירע אויגן האָבן געעגבערט זיינע — וועסט טון ווי א י ך זאָג! ער האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן, באַלד זיך אויפגעהויבן. — איכ׳ל זען. — ער האָט געמאַכט אַ באַוועג־גונג אַרויסצוגיין פון הויז. זי איז ניט געווען אַזוי זיכער צי וועט ער זען ווי זי וויל.

— איך וויל אַן ענטפער, אַ באַשטימטן ענטפער אין אַ פּאָר טעג אַרום. דערווייל גיב מיר פופציק דאלאר.

זיינע אויגן האָבן געפרעגט: פּופּציק דאָלאַר? אויף וואָס? פון מויל האָט זיך אַרויסגעכאַפּט — ניט פאַרן דאָקטאָר?

— ניין, דאָס איז אויף קאָרטן שפּילן. — אירע אויגן האָבן שפּאָטיש געקוקט.

— שפּילסט אין קאָרטן?

— דערווייל גייט מיר גאָרניט אַזוי שלעכט אין ליבע איך זאָל דאַרפן שפּילן אין קאָרטן. ניין, קיין קאָרטן שפּיל איך ניט, איך וויל אָבער זאָלסט וויסן, מיין טייערער סעמי, — זי האָט זיך דערנעענ־טערט צו אים, געדרייט אַ קנעפּל פון זיין רעקל, — אַז דאָס איז ניט קיין פרייע זופּ קיך . . .

דער איבלדיקער ריח פון אַ ביליקער זופּ קיך האָט אים אַ שלאָג געטון אין פּנים אַריין. ניט רירנדיק זיך פון אָרט, האָט דאָך זיין קערפּער געמאַכט אַן אָנשטריינגונג זיך דערווייטערן פון איר. זי האָט אָפּגעלאָזט זיין קנעפּל, אירע אויגן האָבן אַרויפגעקוקט צו אים.

— איך בין אויך ניט קיין פּראָסטיטוטקע, וואָס לאָזט זיך גוט באַצאָלן. — אירע אויגן — גרוי, ערנסט, שטריינג. — זאָלסט ניט וואָגן דיינקען אַזוי. די שטריינגקייט טרעט אָפּ, די ברוינע שפּריינקעלעך אין די אויגן פאַרגרעסערן זיך, אַ מילדקייט, שעמעוודיקייט פאַרשפּרייט זיך. וויפיל אויגן די פרוי האָט עס! — איך בין דיין ווייב! — אירע אויגן ציען זיך צו זיינע, דער קערפּער גייט נאָך די אויגן. — איך טראָג דיין קינד. — איר בויך האָט אָנגערירט זיינעם. — און ווען דיין ווייב בעט געלט דאַרפסטו ניט פרעגן . . .

זי איז ווי אַריינגעקראָכן אין זיינע אָרעמס און, מער כדי זי ניט אַרומצונעמען ווי צו געבן געלט, האָט ער אַריינגעשטעקט די האַנט אין הויזן קעשענע, אַרויסגעצויגן אַ בינטל פּאַפּיר געלט, דערלאַנגט איר פּופּציק דאָלאַר. אירע אויגן האָבן פלינק באַנומען די פּאַפּירלעך און פונקט אַזוי פלינק האָבן די פינגער זיי געטון אַ שטעק אַריין אין בוזים. אָט די באַוועגונג האָט אים ממש אַ שטויס געטון — זיך דער־ווייטערן פון איר. זי א י ז אַ פּראָסטיטוטקע, אַ געלט צאַפּרין. אירע הענט האָבן שוין געצויגן זיין נאַקן. — איצטער קוש דיין ווייב „גוד באַי".

ער האָט געוואָלט אָפּקומען מיט אַ קוש — אַ וויש די מזוזה, זי האָט אָבער ניט נאָכגעלאָזט, די ליפּן האָבן געזויגן, געצויגן, איר

צינגל — נאָס פייער . . . גייענדיק אַהיים האָט זיך אים געבאָמבלט אין קאָפּ: מורליקעט, רייבט זיך ווי אַ קאַץ און בייסט ווי אַ שלאַנג. וואָס איז די פרוי? אַ קאַץ, אַ שלאַנג? נאָך אַלעמען וואָס אַזוינס האָט זי אים שלעכטס געטון? זי וויל ער זאָל זיך גטן מיט לאהן. „איך בין דיין ווייב". אנכי ה' אלהיך. דער „אַלטער" איז, קענטיק, אויך ניט געווען אַזוי זיכער מיט זיינע יידן, דערפאַר האָט ער עס זיי געוואָלט אַריינקלאַפּן אין קאָפּ. זי וויל עס אויך. ער קען דאָס פאַרשטיין, צי דאַרף ער עס טון איז נאָך אַ פראַגע. ער'ט עס ניט טון. און מכוח איר וועט ער נאָך זען. צו אַן אַדוואָקאַט דאַרף מען צוגיין.

(4)

שמואל איז געגאַנגען צו גאָסין אַן אַנגעדרודלטער, ער האָט אויך געהאַט אַ פאַרגעפיל אַז אים דערוואַרט עפּעס ניט גוטעס. אין שאַפּ אַריין האָט זי געקלונגען, אים גערופן. ער האָט פיינט געהאַט מ'זאָל טעלעפאָנירן אין שאַפּ אַריין וועגן היימישע ענינים. לאה האָט עס געוואוסט, זיך אויסגעהיט ניט צו טון דאָס. גאָסין וועט ער עס דאַרפן דערקלערן. אים געפעלט עס ניט. און וואָס דאַרף זי אים אַזוי נויטיק? זיכער ניט קיין גוטס.

אַ טרוקענע, קאַלטע באַגריסונג, אַן אַנגעלאָדן שווייגן. ער האָט געפילט אַז על פּי געשעפט סטראַטעגיק דאַרף ער וואַרטן זי זאָל אָנהויבן ריידן, דער רוגז אויף איר, די אַנונג אַז עפּעס ניט גוטעס קומט און, דער עיקר דאָס שווערע שווייגן, האָט אַרויסגעריסן פון אים די פראַגע: וואָס האָסטו מיך געדאַרפט אַזוי נויטיק זען, אַזש גערופן אין שאַפּ אַריין?

— וואָס זשע, אין שאַפּ אַריין טאָר מען ניט קלינגען?

— אין דערהיים טו איך ניט קיין געשעפט, אין שאַפּ פאַרנעם איך זיך ניט מיט היימישע זאַכן.

— אַהאַ, איך פאַרשטיי, דו מישסט ניט אויס געשעפט מיט פאַרגעניגן.

שמואל האָט גאַנץ גוט געהערט די איראָניע. ווען ער האָט אַ הויב געטון די אויגן צו איר — אַ שווערער, שטרייגער קוק — האָט ער דערזען אירע קאַלטע, אַפּלאַכערישע אויגן.

— וואָס אַזוינס? — האָט ער שוין ניט אָן בייזקייט אַ פרעג

געטון. די קורצקייט, די אַנטשלאָסנקייט אין דער פראַגע האָט באַ־פוילן: זאָג! און זאָג עס קלאָר!

אירע קיילעכיקע אויגן זיינען גרעסער געוואָרן, ניט באַוועגנדיק זיך, האָבן זיי גלייך געקוקט אויף אים. — איך דאַרף האָבן דריי הונדערט דאָלאַר.

— אָה! — אין שמואלס שוואַרצע אויגן האָט אַ שימער געטון אַ שפּאָטישער שמייכל: דאָס איז גאָר? נו יאָ, אַ געלט צאַפּער. זי האָט געכאַפּט זיין שמייכל, און מיט אַ קאַלטער, שווערער שטימע פּאַמעלעך אַרויסגעבראַכט — איך האָב באַשטעלט זיך זען מיטן דאָקטאָר איבער־מאָרגן, און ער׳ט עס ניט טון ביז ער קריגט ניט דאָס געלט פאָראויס.

— אָה! — האָט שמואל ווידער אַרויסגעבראַכט, און זיין בליק האָט זיך אַ יאָג געטון צו איר. זעענדיק איר קאַלטן, בייזווילליקן קוק, האָט זיין פּנים זיך אויך געביטן. מיט אַ קאַלטן שמייכל האָט ער אַ זאָג געטון — האָסט אַ ביסל פאַרשפּעטיקט.

— גליקליכערווייז איז עס ניט צו שפּעט. פּונקט אין צייט.

— ביסט צו שפּעט: איך האָב געזען אַן אַדוואָקאַט.

— אָה, האָסט געזען אַן אַדוואָקאַט? איך ווייס גאָרניט דערפון.

— וואָס זשע, האָסט ניט געלייענט אין די צייטונגען?

— אָט ווי דו זאָגסט: ניט געזען אין צייטונג.

— וואָס פאַר אַ צייטונג? — האָט שוין שמואל אַ פרעג געטון אַ ביסל צעמישט, פילנדיק אַז אויף וועלכן ס׳איז אופן האָט ער אַרייַנ־געשטעקט אַ פוס אין אַ בלאָטע.

— וועלכע ס׳ניט איז צייטונג! — האָט זי ווייסעריש געענט־פערט. — מ׳גיט אַריין אויף אַ גט ווערט עס געמאָלדן אין אַלע צייַ־טונגען.

— אפשר האָסטו פאַרזען איין טאָג, — האָט ער געפּרואווט פאַרריכטן דעם שאָדן.

— כ׳האָב שוין גאָרניט פאַרזען. איך גיב שוין גוט אַכטונג.

— קען זיין דער אַדוואָקאַט האָט נאָך ניט אַריינגעגעבן, די פּאַ־פּירן האָט ער אויסגעפילט. זיך זען מיט אים נאָכאַמאָל.

— ווער איז דיין אַדוואָקאַט?

— דער אַדוואָקאַט? איינער מאָשקאָוויטש. וואָסי?

— גאָרניט. געוואָלט וויסן, וואָס האָט ער דיר געזאָגט זאָלסטו טון?

— גאָרניט. וואָס דאַרף איך טון? אויסגעפּילט די פּאַפּירן, דאָס אַלעס.

— אַזוי גאָר? נו, אַז דו׳סט נאָכאַמאָל זען דיין אַדוואָקאַט זאָג אים אַז ער איז אַ שייסטער ניט קיין אַדוואָקאַט.

שמואל האָט דערזען זיין אַדוואָקאַט ווי ער האָט מיט דער דלאָניע געשפּאַרט דעם קין אויף אַרויף, אַזוי אַרום מאַכנדיק אַ ח ש ו ב ע מינע, און איר עפּיטעט „שייסטער״ איז אים געפעלן געוואָרן, ער האָט עס אָבער ניט אַרויסגעוויזן.

— ער דאַרף זיין אַ גוטער אַדוואָקאַט.

— ער ד אַ ר ף זיין. ווען עס איז אַדוואָקאַט, וואָס ווייסט דעם אלף בית פון גטן וואָלט דיר געזאָגט אַז די ערשטע זאַך דאַרפסטו זיך שיידן מיט דער ווייב.

— ווייזט אויס דו קענסט שוין דעם גאַנצן אלף בית, פון אלף ביז תיו.

— וואָס זשע, איך האָב דיר אָנגעגעבן אין נדן אַז איך בין אַ זעכצן יאָריקע בתולה, קיינמאָל ניט געקושט געוואָרן? איך האָב געהאַט מיין דערפאַרונג און האָב עפּעס געלערנט, און א י ך זאָג דיר, די ערשטע זאַך מוזסטו זיך שיידן מיט דער ווייב, מיט דיינער. און טו עס באַצייטנס, ווייל אויב דו דיינקסט דו׳סט מיך פירן פאַרן נאָז מאַכסטו אַ גרויסן טעות. איך גיב דיר צוויי וואָכן צייט.

— אַן אולטימאַטום?

— רוף עס ווי דו ווילסט. ניט קיין פראַגע וואָס איינער זאָגט, עס ווענדט זיך וואָס מ׳טוט, און וואָס דו דאַרפסט טון, וועסט טון, און טון גלייך — איז זיך שיידן מיט דער ווייב, אַוועקגיין פון הויז.

— גאָר אַזוי? און וואוהין, אַשטייגער, זאָל איך גיין? — האָט ער אָנגעשלאָגן אַ האַלב שפּאַסיקן, האַלב ביטערן טאָן. זי האָט אויפגעכאַפּט דעם טאָן.

— נו, קענסט אַוועקפאָרן קיין רינאָ; קענסט נעמען אַ גאַנג צימערן אין אַמבאַסאַדאָר האָטעל, און קענסט אויך זיך אַריינקלייבן צו דער נייער ווייב.

— ניט געוואוסט אַז איך האָב שוין אַ נייע ווייב.

— דו ווייסט אפשר ניט, מיינע שכנים ווייסן שוין. ביי זיי בין איך שוין מרס. גאָלדפאַרב.

— אַזוי גאָר? דיינקסטו ניט דו האָסט זיך אַ קאַפּיטשקע צוגע־איילט? דער טאַטע איז נאָך ניט געבוירן געוואָרן, דער זון איז שוין אויפן דאַך.

— דער זון איז אָט דאָ אָ, — האָט זי אַ טיקע געטון צום בויך צו,

— און דער טאַטע אָטאָ דאָ אָ, — האָט זי געטיקעט צו אים — איז אפשר בלינד, אָבער די שכנים האָבן גאַנץ גוטע אויגן, זיי זעען, און סיי די יידישע שכנה, סיי די קריסטלעכע גלויבט ניט אַז מ׳פּאַרגייט אין טראָגן פון „באָזשי דוך״. זיי געדאַרפט עפּעס זאָגן, האָב איך זיי געזאָגט: חתונה געהאַט אין לאָס וועגאס. דער מאַן? איינער אַ מר. גאָלדפאַרב, אַ „טרעוועלינג סיילסמאַן״. דער טרעוועלינג סיילסמאַן מוז אָבער ווען עס איז קומען צופאָרן, זען זיין ווייב, ניט אַזוי?

— אַזוי? האָסט אַלץ אויסגעפּלאַנעוועט. זייער פיין. האָסט פונ־דעסטוועגן געמעגט מיך אויך אַ פרעג טון.

— האָסט גאָרניט וואָס צו זאָגן, מיין טייערער סעמי. אָט דאָס איז עס. סיידן דו האָסט חרטה אויפן שידוך. אויב דאָס איז דער פאַל, איז ניטאָ וואָס צו ריידן, גיי איך מאָרגן צום דאָקטאָר.

— הער, גאָסי . . .

— ניטאָ וואָס צו הערן. איך קען דיך. איך ווייס וואָס דו ווילסט. ווילסט זיך זיין אַ פיינער, רעספּעקטאַבלער בירגער, אָנהאַלטן דיין ווייב און מיך האָבן פאַר אַ קעפּסווייב מיט אַ קינד ביי דער זייט. נו, דאָס וועט ניט גיין. האָסט געטראָפן ניט אין ריכטיקן פּלאַץ. איך בין דיין ווייב, דיין איינציקע ווייב, די מאַמע פון דיין קינד, אָדער גאָר קיין ווייב, קענסט זיך גיין צו דער אַלטער כאַל . . .

— זי לאָז צורו!

— איך דאַרף זי אויף כפּרות, — האָט זי אים אַ וואָרף געטון אין פּנים אַריין די ווערטער, זיך אַ דריי געטון. — זי לאָז צורו. פונ־מיינעטוועגן קען זי רוען . . . אייביק . . .

שמואל האָט געקוקט אויף גאָסין, געזען זיין ווייב, פאַרגליכן ביידן, און לאה האָט געוואונען. אָט די אָ איז אַ מרשעת. אירע רויטע האָר, איר שאַרף מויל, אירע אויגן, איר פּנים . . . אויפן פּנים, דער עיקר אויפן נאָז, האָט ער דערזען אַ מאָדנע גלאַנציקע געלקייט, עפּעס

ווי אַן אַרויפגעקלעפּטע, ווי הויט פון געבריטער מילך אַרויפגעצויגן, און אָט די געלקייט האָט אַ געשריי געטון: זי טראָגט! זי טראָגט אַ קינד! אַ אהרעלע . . . ער האָט זיך אויפגעשטעלט. — גאָסי!

זי האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ, און דער פּנים, איר גאַנצער קערפּער — אַ געעפנטע טיר מיט אַן אָנגעצויגענער שפּרינגע, אָפּלאָזן די טיר, וועט זי צופאַלן מיט אַ קלאַפּ.

— גאָסי, ביסט צו האַסטיק, — האָט ער פאַמעלעך און ערנסט גערעדט. — זאַכן ווערן ניט געטון אַזוי שנעל. אַזעלכע זאַכן דאַרף מען צוגרייטן. מ׳דאַרף . . .

זי האָט געזען ער איז געבראָכן. זי האָט געוואונען. די אויגן, נאָר וואָס גרוי, קאַלט, בייז, האָבן אויפגעשיינט בורשטין. און די שיין איז געפאַלן אויפן פּנים, די געלקייט אויפן נאָז, אויף די קינבאַקן האָט זיך צעגלאַנצט.

— אודאי דאַרף מען צוגרייטן. דאָס וואָס איך טו. איך האָב געקויפט אַ ניי קלייד. די קליידלעך ווערן ענג . . . ווילסט זען? — זי האָט זיך אַ לאָז געטון אין צווייטן צימער.

איר פאַרקירעוועון דעם געשפּרעך, איר באַוועגונג האָבן געלאָזט שמואלן אַ געפּלעפטן. ער האָט אַ וויש געטון דעם שטערן, אַ שאַר געטון די האָר, אין קאָפּ האָט ער דאָך געפילט אַן ענגשאַפט.

— זעסט? — האָט ער דערהערט און דערזען אַ ברוין קלייד אין איר אויסגעצויגענער, אויפגעהויבענער האַנט. איר פּנים האָט געשמייכלט. — געפעלט דיר?

שמואל האָט ניט געוואוסט צי עס געפעלט אים אָדער ניט. — אַ פיין קלייד, — האָט ער פאַרעוו אַרויסגעזאָגט.

— ווילסט עס זען אויף מיר?

ער האָט אַפילו ניט געטראַכט דערפון, אָבער אירע אויגן האָבן געענטפערט: יאָ, דו ווילסט עס, און זי איז ווידער אַרויס פון צימער. באַלד האָט ער דערהערט: סעמי, קום אַהער אויף אַ מינוט.

ער איז פאַמעלעך געגאַנגען, ווי זוכנדיק דעם וועג לויטן קלאַנג, ער האָט אָבער געפילט אַז ער גייט אין שלאָף צימער, אינם צימער וואו . . .

— שפּיליע דאָס אָפּ! — האָט זי זיך אַ דריי געטון צו אים מיטן רוקן. אַ פאַרפום גערוך האָט אים אַ שלאָג געטון אין פּנים. מיט

ציטערנדיקע פינגער האָט ער אָפּגעשפּיליעט דאָס סטאַניקל. ווען זי האָט זיך אַ דריי געטון צו אים מיטן פּנים, האָבן אירע לויזע בריסט אַ פלאָטער געטון פאַר די אויגן, די ווייסקייט פון איר קערפּער האָט אַ בלענד געטון. זי האָט זיך ניט געאײַלט אַרויפציען דאָס קלייד, און דער אַנטבלויזטער קערפּער, דאָס נאַקעטע לייב האָט ווי געפרעגט: דערקענסט מיך?

שמואל האָט דערקענט דאָס לייב. ניט נאָר די אויגן, די פינגער האָבן דערקענט די ווייכקייט, די אָרעמס האָבן זיך דערמאָנט אָנם קערפּער, און ער האָט געפילט אַז אין דעם קערפּער האָט ער אַ חלק, די בריסט, ער וואָלט געקענט שווערן אַז זיי זיינען גרעסער געוואָרן, און דער בויך — אויך גרעסער געוואָרן — דאָרטן . . . ליגט זיין אהרעלע . . .

זי האָט זיך עטוואָס אַ דריי געטון. ניט חלילה אויסצומיידן זיינע הענט, אָרעמס, נאָר פּשוט אַרויפציען דאָס קלייד.

— געפעלט דיר?

— זעט אויס גוט.

— פאַרשטייט זיך, דאָס וועט אויסגעפילט ווערן, — האָט זי אַ זאָג געטון, האַלטנדיק די הענט אַ ביסל אָפּגעטראָטן פון בויך. דער־זעענדיק זיינע אויפגעלויכטענע אויגן, האָט אַ שמייכל זיך צעשפּילט אויף איר פּנים און דער נאָך ניט אויסגעפילטער בויך האָט ווי אומ־גערן זיך דערנעענטערט צו זיינעם. קוים האָט זי דערפילט זיינע אָרעמס, האָט זי זיך אַרויסגעדרייט פון אים. — ווי ליגט עס הינטן?

— עס ליגט גוט, — האָט ער שוין געזאָגט מעשׂה מבין אויף קליידער. — וויפל האָסטו באַצאָלט דערפאַר? — אַרויסגעזאָגט די פראַגע, האָט ער מיטן קאָפּ שוין געטאַפּט די קעשענע, צי האָט ער גענוג געלט ביי זיך, צווישן קאָפּ און קעשענע איז דורכגעלאָפן דער געדאַנק: וואָס וואָס, געלט קען זי צאַפּן . . .

— וויפל דיינקסטו דאַרף עס קאָסטן?

— האָב קיין אַנונג, — האָט ער געזאָגט און געטראַכט: דאָס מאָל וועט עס זיין אַ היפּשע מטבע.

— פאָרט?

— איך הויב ניט אָן צו וויסן. וויפל?

— אַזוי די מעשׂה. — זי האָט אַריבערגעצויגן דאָס קלייד

איבערן קאָפּ, און אין דער פּאָזע האָט זי אים אויסגעזען ווי עפּעס אַ מכשפה וואָס פּראַװעט כשוף. — איך בין אַרונטערגעפּאָרן אין שטאָט, — האָט ער דערהערט און ווידער דערזען איר אַנטבלויזטן קערפּער, — אַריינגעגאַנגען אין איין קראָם, אַ צווייטער. שפּיליע צו. ווערט ענג. אַלץ ווערט ענג. אַ דאַנק. אין איין קראָם געזען אַ קלייד, אַ שיין קלייד, אַ הונדערט און צען דאָלאַר, אין אַ צווייטער — אַ הונדערט פינף און צוואַנציק, — האָט זי דערציילט און דערבײַ געזוכט אין אַלמער אַ קלייד, געפונען אַ מין קימאָנע, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך. — זיך ניט צוצורירן. בין איך אַוועקגעגאַנגען צו סאַקס פינפטע עוועניו, זיי האָבן פיינע זאַכן, דאָרטן האָט מען מיר געוויזן אַ קלייד — אַן אַנטיק. וואָס זאָל איך דיר זאָגן? אַ פּראַכט! הונדערט און פופציק דאָלאַר.

שמואלס אויגן האָבן סוחריש געקוקט אויף איר: גייסט אַלץ העכער.

— דערזען דאָס קלייד בין איך צוגעזאַטן געוואָרן. האָב איך עס באַקוקט, באַטראַכט, אַריינגענומען אין קאָפּ דעם פאַסאָן, דאַן בין איך אַרויפגעגאַנגען אין דער שניט סחורה אָפּטיילונג, געזוכט, געזוכט ביז איך האָב געפונען דיזעלבע סחורה, אָבער, הערסט? די זעלבע סחורה! פופצן דאָלאַר אַ יאַרד. אַ סך געלט, אָבער פיר יאַרד — גענומען פיר יאַרד, ווי זאָגט מען, אויף איינפאַל — זעכציק דאָלאַר ניט קיין הונדערט און פופציק, און אַליין אויפגענייט. — איר פּנים האָט געפרעגט: בין איך ניט קיין בריה? די אויגן האָבן געמאָנט: זאָג! אַ בריה אַ ווייבל! — געמאַכט אַ גוט שטיקל אַרבעט.

זי האָט געשיינט. — איך זאָג דיר, די זעלבע זאַך. דיזעלבע פעלדעלעך, דיזעלבע געסקע, אַלץ דאָסזעלבע, אַ קאָפּיע, און עס קאָסט אַפילו קיין העלפט. פאַר דער געסקע באַצאָלט צען דאָלאַר. דאָס פאַר־שטעלט אַ ביסל דעם בוזים, — האָט זי אַוועקגעשטעלט די האַנט עטוואָס משופּע איבערן ברוסט. איצטער בין איך שוין אינגאַנצן פאַרטיק. פאַרשטייט זיך, מ׳דאַרף נאָך צוגרייטן זאַכן פאַר... אים...

פון וואַנען ווייסטו אַז עס וועט זיין אַ יינגל?

— וועט זיין אַ יינגל אַלרייט, — האָט זי אַ זאָג געטון מיט אַ טאָן פון אַ דערפאַרענעם מענטשן, וואָס ווייסט שוין ווי יינגלעך קומען.

שמואל איז געזעסן, געהערט וועגן זעקעלעך, לייבעלעך, וויקע־
לעך, אַלץ פֿאַר זיין אהרעלען, ער האָט אויך געהערט וועגן שכנים,
שכנות, הייזער, געלט. ער האָט איר געגעבן געלט אויך, און עס האָט
אים ניט געקימערט. איז זי ניט די מוטער פֿון זיין קינד?

ווען ער איז שפּעט ביינאַכט געגאַנגען אַהיים האָט ער ניט איין
מאָל אַ דריי געטון מיטן קאָפּ, אַ פּאָר מאָל אַ צי געטון מיט די אַקס־
לען, אַזוי אַרום אַרויסברייגנגענדיק זיין: איך ווייס ניט, איך ווייס ניט...

(5)

שמואל גאָלדפאַרב איז געזעסן אויף דער צעמענטענער בעט פֿון
עפּעס אַ מצבה, געקוקט אויפֿן בערגל ערד קעגנאיבער, אויפֿן ברעטל
„אהרן גאָלדפאַרב", געקוקט, געקוקט . . . פֿון די ליפּן האָט, ווי אַ
צייטיקער עפּל, זיך אָפּגעריסן דאָס איינע וואָרט „אהרעלע". דער עפּל
איז געליגן פֿאַר די אויגן, און אויפֿן „בוים", אין קאָפּ, האָט אַ ווינטל
געוויגט די בלעטלעך, זיי האָבן זיך געסודעט, געשושקעט, אָבער וואָס
זיי זאָגן האָט ער באַין אופֿן ניט געקענט באַנעמען. ער איז געגאַנגען
צום זון אויפֿן קבר, אים דערציילן, שואל עצה זיין, און דער זון, אַ
לעבעדיקער, האָט געשוויגן, בלויז דאָס ברעטל האָט געזאָגט — אהרן
גאָלדפאַרב, אהרעלע . . .

עמיצער האָט געבלאָנזשעט צווישן די מצבות, געזוכט, זיך אָפּ־
געשטעלט לעבן דער מצבה, אויפֿן פֿונדאַמענט פֿון וועלכער שמואל
איז געזעסן. אַ דערשראָקענער האָט שמואל אַ דריי געטון דעם קאָפּ.
דערזען אַ ברוגזן קוק, האָט ער זיך געטון אַ הויב אויף. אים האָט
אַ בליק געטון: ער האָט פֿאַרשוועכט אַ קבר, געזעסן אויף אים. ווען
עמיצער זאָל זיצן אויף א ה ר ע ל ע ס קבר! זיך אַנטשולדיקן — איז
געוועזן אַן אימפּולס, ער האָט אָבער ניט געקענט אַרויסברייגנגען קיין
וואָרט. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז ער אַרויסגעגאַנגען פֿון דער
מצבות אַלייע, זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל וואָס איז געשטאַנען
דערביי און פֿון בית עולם גלייך אַוועקגעפֿאָרן צום מצבה קריצער.
באַשטעלט אַ מצבה, האָט ער דערפֿילט — פֿאַרענדיקט, פֿאַרשלאָסן,
און אויך באַשלאָסן. שטייענדיק נאָכדעם ביי דער אַרבעט, אָנציענדיק
דעם טוך אויף אַ שטול, האָט ער פּעסטער פֿאַרצויגן זיין באַשלוס —
יאָ, אַזוי וועט עס זיין. ער'ט נאָכגעבן, ער'ט זיך שיידן מיט לאהן,

כלומרשט זיך שיידן, זיין מיט איר, מיט גאָסין, ביז זי'ט האָבן דאָס קינד, נאָכדעם . . . ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם שטול, געקוקט אויף אים, געזען האָט ער . . . אהרעלען, דעם נייעם אהרעלען, זיין קינד, ער און לאה . . . וואָס וועט זי זאָגן?

ער האָט זיך געכאַפּט עס איז שוין שפּעט. צייט צו גיין אַהיים. אין שטוב איז ער אַריינגעקומען מיט אַ סוד אין זיך און האָט געפילט אַז דער סוד גייט אים אויף נאָך. ער האָט זיך געזעצט עסן, איז דער סוד געשטאַנען הינטער די פּלייצעס, שטום געוואָרנט — היט זיך. שמואל האָט שווייגנדיק אָפּגעעסן, פאַררויכערט, האָט זיך אַוועקגעזעצט אין פאָדערשטן צימער, געהערט דעם גערויש פון געפּעס וואַשן, פאַרנומען לאהס יעדע באַוועגונג און ער האָט געזען לאהן, גאָסין, אהרעלען . . . ער האָט דערזען דעם בית עולם, דאָס ברעטל „אהרן גאָלדפאַרב", דערפילט די מצבה בעט אויף וועלכער ער איז געזעסן. ער האָט זיך אַ הויב געטון, זיינע אויגן האָבן אַ בלאָנזשע געטון איבערן צימער.

— לאה!

— האָסט מיך גערופן?

לאה, שטייענדיק אין טיר, האַנטוך אין האַנט, איז געווען ניט די לאה וואָס איז נאָר וואָס געזעסן ביים טיש. טאַקע זיין לאה, די שטילע, די גוטע, די ליבע, אָבער עפּעס באַהאַלט זי פון אים, ניין, עפּעס ווייסט זי וועגן אים, ווייסט און זאָגט ניט אויס. ווייסט זי פון גאָסין, פון זיין באַשלוס?

— וואו זיינען אַהינגעקומען די בילדער?

— וואָסערע בילדער?

— אהרעלעס!

מאַן און ווייב האָבן זיך אָנגעקוקט. לאהס קוק: געפעלסט מיר ניט. געפעלסט מיר גאָרניט. שוין אַ היפּשע צייט אַז דו פירסט זיך אויף עפּעס . . . איצטער . . . בילדער . . . מיט אַמאָל זיך געכאַפּט. וואָס ווילסטו? וואָס ווילסטו אויף אַן אמתן? שמואלס קוק — אַ שטריינגער, שטריינג מחמת מורא, ניט פאַר איר, פאַר זיך. דו ווייסט גאָרניט, און אויב דו ווייסט יאָ, ווייסטו אויך ניט, דאָס איז מיין באַשלוס, אַזוי וועל איך טון.

— באַהאַלטן, — האָט לאה שטיל געענטפערט.

— באַהאַלטן גאָר? וואו ליגן זיי? — ער איז גרייט זיך לאָזן נאָך די בילדער. לאהס קוק — וואָס איז דיר? — ליימט זיין באַוועגונג. פאמעלעך טוט זי זיך אַ קער, גייט אַרויס פון פאָדערשטן צימער. שמואל הערט איר יעדן טראָט, יעדע באַוועגונג. איצט איז זי אין אַלקיר, ביים קאָמאָד, זי עפנט דעם שופלאָד, פאַרמאַכט, אָט קומט זי.

אָן ווערטער דערלאַנגט זי אים אַ פּאַפּירן קעסטל, איבערגעבונדן מיט אַ בלוי, זיידן סטיינגעלע. אָט דאָס זיידן סטיינגעלע, די זייד, די בלויקייט לאָזט אים ניט אויפרייסן. פּאַרזיכטיק מאַכט ער לויז דעם שלייף, נעמט אַרונטער דעם צודעק, שאַרט אָפּ דעם פּאַפּיראָס פּאַפּיר — אהרעלע! אהרן . . . אהרן . . . אהרעלע אַ נאַקעטער, ליגנדיק אויפן בייכל . . .

. . . ער גייט און טראָגט אַ גרויסן, זייער אַ גרויסן, בייכיקן סלאָי מיט וואַסער, אינעווייניק אַ גאָלדן פישעלע. אהרעלע לויפט אים נאָך, וויל רק דאָס פישעלע. דער קליאש איז שרעקלעך שווער און אַזוי בייכיק, אָט אָט גליטשט ער זיך אַרויס פון זיינע הענט. ער פאַר־שטייפט זיי, דריקט דעם קליאש צו זיך אַזש די ברוסט טוט אים וויי. — גיי עפן די טיר, — הייסט ער אהרעלען. אהרעלע לויפט עפענען ער אַליין איז שוין ביי דער טיר, מיט דער קני טוט ער אַ שטופּ, דער סלאָי טוט זיך אַ גליטש אַרויס, דאָס וואַסער באַגיסט אים, אין דער געעפנטער טיר שטייט לאה.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן?

לאה גופא איז דערשראָקן פון איר מאַנס אויסזען, פון זיינע אויפגעריסענע אויגן. זי בויגט זיך איין, הויבט אויף איין בילד נאָכן צווייטן פון דער ערד און לייגט עס אַרויף אויפן טישל.

— אַנדרימלט געוואָרן. — האָט שמואל אַרויסגעברומט.

— גיי טו זיך אויס און לייג זיך שלאָפן.

— ווי שפעט? — שמואל האָט אַ וויש געטון דעם פנים, אָפּ־ווישנדיק דעם שלאָף, דעם חלום.

— נאָך צען.

— נאָך צ ע ן !

אַזוי לאַנג איז ער געשלאָפן? און דער חלום . . . שמואל האָט ניט נאָר געזען דעם סלאָי, ער האָט אים נאָך איצט געקענט פילן אין די הענט. ניין, ער׳ט דעם סלאָי ניט צעבראָכן . . . ער׳ט אים דער־

טראָגן . . . ער איז געוואָרן וואַך, איינגאַנצן וואַך און אַנטשלאָסן. ער׳ט רעדן מיט איר. טאַקע היינט, באַלד. ער דאַרף איר דערציילן. אַלץ. — און דו? מעגסט שוין אויך גיין שלאָפן.

— איך גיי באַלד.

ער האָט זיך אַריינגעלייגט צו איר אין בעט, ניט פרעגנדיק, ניט זאָגנדיק גאָרניט, אָט האָב איך זיך אַריינגעקליבן, און טו מיר עפּעס, טרייב מיך אַרויס. זי האָט אים ניט געטריבן, האָט אַפילו גאָרניט געזאָגט. זי האָט געאַנט אַז עפּעס קומט און זי האָט געוואַרט. ער איז געליגן אויפן רוקן, געשוויגן, ביז ער האָט זיך אַליין דערהערט זאָגן: געווען אויפן בית עולם.

— קוים געקענט געפינען דעם קבר, — האָט ער דערהערט.

— ווער? — האָט ער דערשראָקן אַ פרעג געטון. וואָס האָט זי צו טון אויפן בית עולם? איז זי אויך געגאַנגען צו אהרעלען וועגן . . .

— ווען ביסטו געווען?

— מאָנטיק.

— מאָן—טיק? — דער צעשפּאָלטענער „מאָן־טיק“ האָט געזאָגט: וואָס איז מאָנטיק פאַר אַ טאָג צו גיין אויפן בית עולם? — וואָס עפּעס פלוצלונג?

אויף דער פראַגע האָט ער קיין ענטפער ניט געקראָגן. כאַפּנדיק זיך אַז ער האָט עס ניט געדאַרפט פרעגן, האָט ער ווייטער געפרעגט: — מיט וועמען? — דערפילנדיק אַז איצט איז ער שוין אַריין מיטביידע פיס אין אַ בלאָטע, האָט ער שוין אינטים געפרעגט — פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט אַז דו ווילסט גיין?

— פאַרוואָס איך האָב דיר ניט געזאָגט. אַי, שמואל . . .

— וואָס איז?

— גאָרניט.

אין דעם „אַי, שמואל“ האָט ער קלאָר דערהערט אַ פאָרוואורף, אין דעם „גאָרניט“ האָט ער דערפילט ווייטיק. וואָס קען זי אים פאַרוואַרפן? ער האָט דאָך איר גאָרניט געטון. אַז מיט ניט טון, מיט ניט ריידן, מיט ניט פרעגן, מיט אַוועקגיין ניט זאָגנדיק וואוהין, מיט קומען ניט דערציילנדיק פון וואַנען קען מען ווי טון אַ מענטשן, אַ ווייב, איז אים ניט איינגעפאַלן. שטויסט זי זיך אָן? ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט אַז זיין אויפפירונג די לעצטע דריי חדשים איז געווען

אַזאַ וואָס האָט געקענט אַרויסרופן פאַרדאַכט און זיכער ווי טון. יאָ, ער האָט געזינדיקט קעגן איר. ניט מיט גאָסין . . . דאָס . . . איז אַן אַנדער זאַך, ווען דעם ווען ער מיט איר ריידן, ער האָט זי פשוט פאַרזען די גאַנצע צייט. און זי איז געגאַנגען אויפן בית־עולם. אַן אַן אויטאָמאָביל. ווי אַזוי? מיט וועמען? ער האָט מורא געהאַט צו פרעגן.

— באַשטעלט אַ מצבה, — האָט ער אַ זאָג געטון, אַזוי אַרום בעטנדיק מחילה: זעסטו? געטון וואָס מ׳דאַרף. ניט קריגנדיק קיין ענטפער, האָט ער צוגעגעבן — אַ שיינע מצבה. די „שיינע מצבה״, אַרויסגעזאָגט פאַרן ווייבס אויער, האָט זיך אָוועקגעשטעלט פאַר זיינע אויגן, זי איז אים ווידער געפעלן געוואָרן, אַזוי געפעלן, אַז ער וויל זיין ווייב זאָל זי אויך זען און זי זאָל זאָגן: גוט. — ניט קיין פלאַכער שטיין. אַ קיילעכדיקער. דאָס הייסט אונטן קיילעכיק, אויבן שפּיציק — אַן אונטערגעהאַקטער בוים . . .

— אַן אונטערגעהאַקטער בוים.

ער האָט עס דערהערט ווי אַן עכאָ, דערפאַר אָבער דער זיפץ, גלייך נאָכדעם דער כליפּ אַזוי נאָענט, אַזוי נאָענט . . .

זיין האַנט האָט אַ גלעט געטון אירע האָר, זיך אָפּגעשטעלט, קוים קוים אָנגערירט די האָר, דאַך האָט ער געפילט איר קאָפּ, דערזען, דער־פילט איר צעווייטיקטן פּנים. — מיר׳ן האָבן אַ אהרעלע. — זיין האַנט האָט אַ דריק געטון איר קאָפּ. ער האָט דערפילט ווי איר קער־פּער איז פאַרשטייפט געוואָרן, איר קאָפּ האָט זיך אַ דריי געטון. אירע אויגן, האָט ער געפילט, בויערן זיין פּנים אין דער פינצטער, און אים האָט ניט געאַרט דאָס בויערן, ער האָט בלויז געפילט: גוט וואָס ס׳איז פינצטער. ווי אין דער פינצטערניש אַריין האָט ער גערעדט. — האָסט׳אַך געלייענט טייטש חומש. די מעשה מיט שרה און הגרן. איז הגר . . . זי שווייגערט.

פון שמואלס ברוסט איז אַרונטערגעפאַלן אַ משא, ער קען אָטעמען פרייער, זיין גאַנצער קערפּער, האָט ער דערפילט, איז גע־וואָרן פרייער. די פיס האָבן אַ שאַר געטון דעם ליילעך, איצטער . . . די שטילקייט האָט געליימט זיין קערפּער. וואָס שווייגט זי? ער האָט זיך אַ קער געטון, זיך אויסדרייען מיטן פּנים צו איר.

— ווער איז זי? — האָט אים א קלאַפּ געטון, און ער איז געבליבן

ליגן צוריק אויפן רוקן. אַפילו אין דער פינצטער איז בעסער ניט פילן אַט דעם פּנים, אַט דאָס מויל פון וועלכן עס איז אַרויסגעקומען אַזאַ „ווער איז זי?"

— קענסט זי. — ער האָט געשוויגן, וואַרטנדיק אויף אַ פראַגע. ווען די שטילקייט איז ניט געבראָכן געוואָרן, האָט ער זי צעבראָכן. — מרס. פינקל.

— אַט די רויטע כאַליערע!

שמואל האָט געפילט לאהס צאַפּל, איר אונטערגעהויבענעם קאָפּ, ער האָט זיך אָבער ניט גערירט. — רויטע כאַליערע, איז ריכטיק. זי וויל איך זאָל חתונה האָבן מיט איר, זיך גטן . . .

ער האָט געהערט ווי לאהס קאָפּ האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן קישן, געפילט ווי איר קערפּער האָט זיך אַ צי געטון און דערהערט: געדעכט.

דאָס וואָרט האָט אים אַ שטויס געטון. ער האָט זיך אַ קער געטון. — אַזוי גאָר?

— ניין, וואָ׳דען? אַ פרוי איז אַן אינקובייטאָר? וועט דיר אויס־בריען אַ הינדעלע, וועסט עס נעמען און אַוועקגיין?

דאָס וואָרט „אינקובייטאר" האָט זיך געבאַמבלט אין זיין מאַרך, זיך געוויגט פאַר זיינע אויגן, האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיטן „וואָס דיינקסטו איז עס, א ה אָ ט ע ל"? גאָסי, לאה, ווייבער. זי האַלט גאָר מיט איר. האָט ער איר געדאַרפט זאָגן? ער ד אַ ר ף איר זאָגן, ער דאַרף איר קלאָר מאַכן.

— ז י האָט זיך א י ר ע חשבונות. איך . . . איכ׳ל דעם סלאָי ניט צעברעכן.

— וואָסער סלאָי?

די שטילקייט האָט זיך געצאַפּלט. — גאָרניט, — האָט ער צוגע־דעקט, איינגעשטילט די שטילקייט. — זי סטראַשעט, אויב איכ׳ל זיך ניט שיידן, ניט גיין וואוינען מיט איר, וועט זי גיין צום דאָקטאר, אָפּטרייבן . . . נו, איז לפנים שיידן מיר זיך.

— לפ־נים . . .

שמואל האָט ממש געזען ווי לאהס פּנים האָט זיך אויסגעקרומט ביי דעם „לפנים". ער האָט זיך אַ ריר געטון. — גלויבסט מיר ניט? —

זיין האַנט האָט זיך געצויגן צו איר פּנים. זי האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ.

— לאָז מיך צורו.

— לאה . . .

— לאָז מיך צורו! גיי דיר! גיי . . .

— לאה!

— ל—אָ—ז ! — זי האָט זיך אַ ריס, אַ דריי געטון, אָט אָט שפּרינגט זי אַרויס פון בעט.

— משוגע, — האָט ער אַ זאָג געטון, זיך אויפגעהויבן, אַריבער־געגאַנגען צו זיך אין בעט.

ער האָט געזען זי האָט זיך צוריק אַריינגעלייגט אין בעט, געהערט ווי זי האָט געדרייט די קאָלדרע. וואָס דרייט זי זיך אַזוי פיל? שטיל. שלאָפט זי? אפשר וויינט זי? זיך גוט איינהערן.

איר גאַנצער קערפּער האָט געציטערט. די קאָלדרע האָט ניט געוואַרעמט, ערשט ווען טרערן האָבן אַ גאָס געטון איז זי געבליבן שטיל, זי האָט אַפילו ניט געפּרואווט אָפּווישן דעם פּנים, ווען אַ ווינקל פון מויל האָט דערפילט די געזאַלצנקייט, האָט זי אַ קנייטש געטון מיטן מויל, איינגעזאַפּט די טרער.

הגר. שרה. אברהם. שמואל. נאָך יענער נאַכט, ווען ער האָט ביי איר געמאָנט אַ קינד, איז זי אַ פּאָר טעג אַרומגעגאַנגען אַ צערודערטע. זי איז אַוועקגעגאַנגען, געקויפט אַ טייטש חומש, איבערגעלייענט די גאַנצע מעשה מיט אברהם און שרהן, איבערגעלייענט איין מאָל, צוויי מאָל, זיך גוט אויסגעוויינט. באַהאַלטן דעם טייטש חומש, ער זאָל אים ניט דערזען. ער האָט אים ניט געזען, ווייסט אַפילו ניט. זי האָט אָבער געוואוסט, זיך אָנגעשטויסן אַז עפּעס טוט זיך. זי איז אַוועקגעגאַנגען צום דאָקטאר. אַ וואוילער אַלטער ייד. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ, יאָ, און צעפּירט די הענט: וואָס קען מען העלפן? זי האָט אויס־געוויינט דאָס האַרץ פאַר אים, אים אַ פרעג געטון צי ער האָט געלערנט חומש, וועגן אברהמען, שרהן?

— דאָס איז בלויז אין חומש. און איך בין ניט קיין מלאך, בלויז אַ דאָקטאר, און אַן אַלטער דאָקטאר דערצו, קען ניט צוזאָגן . . . — אַ וואוילער ייד. ער האָט זי געטרייסט. — ווי אַלט איז אייער מאַן? — הלואי וואָלט ער געווען אַלט. אַלט! אַלט . . . ער איז ניט אַלט . . .

און זי . . . אין איינע יאָרן מיט אים און דאָך . . . זי האָט רחמנות געקראָגן אויף זיך, באַוויינט איר ווייבערישן מזל, אירע טרערן — אַ שטילער רעגן, שטיל, פּאַמעלעך, אָבער געדיכט.

שמואל האָט ניט געהערט איר געוויין, ער האָט אים אָבער גע־פילט און אירע טרערן האָבן אים צעווייקט. ער וואָלט אַריבערגעגאַנגען צו איר, איר דערקלערט, איר פאַרזיכערט אַז דאָס טוט ער נאָר לפנים, ל פ נ י ם . „אינקובייטאָר, האָטעל“. ווייבער, איינע נעמט זיך אָן פּאַר דער צווייטער. טאַקע, פאַרוואָס זאָל זי? אפשר ניט ריכטיק, ניט יושרדיק צו ביידן. געדאַרפט געווען אפשר אַדאָפּטירן. זיין פנים האָט זיך פאַרקרומט. אַ ד אָ פּ ט י ר ן . ער וויל זען ז י י נ ס אַ קינד, זען זיך אינעם קינד, לעבן אין אים, יאָ, לעבן אין אים, לעבן אין אים אַפילו ווען ער, שמואל גאָלדפּראַב, וועט שוין זיין טויט. אַ אהרעלע! ער׳ט אים האָבן. ער׳ט אים האָבן אַפילו ווען . . . ער׳ט דעם סלאַי ניט צעברעכן . . . סיי ווי, געבראָכן דאָס אייז, געזאָגט איר. שטיל. שלאָפט זי? שמואל האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער רעכטער זייט אויף וועלכער ער ווערט געוויינלעך אַנשלאָפן.

(6)

דאָס אייז איז געבראָכן, עס איז געגאַנגען די קריהע, און שמואל איז פאַרכאַפּט געוואָרן אויפן אייז. ער איז געשפּרונגען פון איין קריהע אויף דער צווייטער, מיט איין פוס געשטאַנען אויף איינער, מיט דער צווייטער אויף אַן אַנדער שטיק אייז, און ער האָט געפילט אַז אָט אָט ווערט ער . . . ניין, ניט דערטרונקען, נאָר צוויי קריהעס שטעלן זיך אויף, כאַפּן אַריין זיין האַלז צווישן, דערשטיקן אים, און אַ דערוואָרגענער וועט ער אַוועקגעטראָגן ווערן . . .

ער האָט געוווינט מיט גאָסין, ער האָט אָבער געדאַרפט, געוואָלט קומען זען לאהן, ער האָט פשוט געביינקט נאָך איר, ניין, ניט שלאָפן מיט איר. דער מאַנסביל האָט ווי זיך אָפּגעטון פון אים, ער האָט פשוט געוואָלט זען איר פנים, איר גאַנג. ער האָט געחלשט נאָך אירן אַ מאָלצייט. גאָסי איז, צו אַלע מעלות, געווען אַ קנאַפּע קאָכערין. ער האָט געביינקט אַהיים. האָט ער אין אַ פאַרנאַכט פאַרקירעוועט אַהיים. אַריינגעפאַלן אין שטוב, אָט ווי ער פלעגט קומען פון דער אַרבעט, האָט ער מיט אַמאָל זיך דערפילט ווי אַ פרעמדער, אים איז ערשט

איינגעפאַלן אַז לאה וועט גאָרניט האָבן פאַר אים קיין וועטשערע. פון וואַנען זאָל זי געוווּסט וויסן? געדאַרפט געווען אָנקלינגען. אַ שול־דיקער האָט ער געפרעגט: האָסט עפּעס עסן פאַר מיר?

— דאָ וועטשערע, — האָט לאה שטיל געענטפערט, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז שוין אַלץ געווען אויפן טיש, גרייט פאַר א י ם.

— און דו?

— איך האָב שוין אָפּגעגעסן, — האָט לאה געענטפערט.

שמואל האָט געוואוסט אַז דאָס האָט זי אים אָפּגעגעבן איר עסן, אָבער ער האָט גאָרניט געזאָגט, ער האָט בלויז אַ קוק געטון. לאה האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ. ער האָט באַגראָבן די אויגן אין טעלער, און דאָס עסן איז געווען ביטער, און עס איז געווען אַזוי געשמאַק ווי קיינמאָל פריער. לאה . . . ער וואָלט זי אַרומגענומען, אויסגעקושט איר פּנים, ער האָט אָבער ניט געפונען קיין ווערטער צום ריידן. צו באַרעדעוודיק איז ער קיינמאָל ניט געווען, אָבער אין נאָרמאַלן לעבן זיינען אַלע מאָל געווען טאָג־טעגלעכע קלייניקייטן, וואָס זי האָט אים, ער איר איבערגעגעבן, איצטער זיינען אָט די קלייניקייטן ניט געווען. ער האָט געפּרואווט דערציילן וועגן שאַפּ, געשעפט, און געזען ווי לאה קוקט אויף אים: נאָכוואָס דערציילסטו עס מיר? שטריינגסט זיך אָן רעדן, פירן אַ געשפרעך? מ׳דאַרף ניט, שווייג בעסער. איז ער אַנט־שוויגן געוואָרן, געטראַכט וועגן דעם ווי אַזוי גאָסי דערגייט אים די יאָר, וויל וויסן יעדע קלייניקייט פון זיין געשעפט, גיט אים עצות און רעדט אים אויס למאי ער פירט ניט גוט די געשעפטן, דער עיקר וויל זי געניי דערגיין וויפל ער פאַרדינט, וויפל ער פאַרמאָגט, און פון דעם פאַרגלייך האָט לאה געוואונען, די שוויגנדיקע לאה איז זיין ווייב, זיין פריינט, זיין . . . דאָך איז אים געווען שווער צו שווייגן. איר זאָגן אַז זי, נאָר זי איז זיין ווייב, אָבער גיי זאָג עס איר . . . אָפּ־געגעסן, האָט ער, ווי געוויינלעך, זיך אַנידערגעזעצט רויכערן, אָבער אינם געבעטן שטול איז געזעסן ניט דער באַלעבאָס פון הויז, נאָר אַ פרעמדער, אַ באַזוכער.

אין איינעם אַזאַ פאַרנאַכט, ווען ער איז געזעסן און געעסן, האָט דער טעלעפאָן געקלונגען. אַ געוויינלעכע פּאַסירונג, אָבער שמואל האָט דערפילט ווי אַ בייזער הונט האָט זיך צעבילט, זיין גאַנצער

קערפּער איז געוואָרן אָנגעשטריינגט ווען לאה איז געגאַנגען ענטפערן. באַלד איז זי צוריקגעקומען. — פאַר דיר, — האָט זי קורץ אַ זאָג געטון.

גייענדיק צום טעלעפאָן, האָט ער געפילט זיין האַרץ קלאַפּט שטאַרקער, געבומען דאָס טרייבל, אַרויסגעזאָגט דעם העללאָ, דער־הערט גאָסיס שטימע, איז אים געוואָרן ענג אין האַלז. — וואָס אַזוינס? — האָט ער קוים אַדורכגעריסן דעם כעס קנויל אין האַלז. ער האָט דערהערט אַז גייענדיק אַהיים זאָל ער ברייגגען פיר „לעמב טשאָפּס".

— אָלרייט, — האָט ער שאַרף אָפּגעשניטן און אַרויפגעלייגט דאָס טרייבל מיט אַ קנאַק. ער איז צוגעגאַנגען צום טיש מיט אַן אַראָפּגע־לאָזטן קאָפּ, גענומען עסן און געפילט ער וואַרגט זיך. ניט נאָר כעס, באַליידיקונג, אָפּלאַכעריי, זי איזדיעקעוועט זיך איבער אים. ער האָט זיך געשעמט פאַר לאהן. לאה האָט גאַרניט געזאָגט, געפרעגט, און זי איז אים נאָך טייערער געוואָרן. זי האָט דערלאַנגט די קאַווע, אַוועק־געשטעלט זאַמד צוקער און מיט באַדויערן אַ זאָג געטון: ניט געקענט קריגן קיין שטיקלעך.

— זיין גוט אַזוי, — האָט ער געענטפערט, געמישט דעם צוקער אין דער קאַווע און די געדאַנקען אין קאָפּ, ער האָט אַפילו ניט גע־טראַכט וואָס ער וועט טון, וואָס ער וועט זאָגן גאָסין ווען ער וועט קומען, ער האָט נאָר געפילט ער דאַרף גיין, וואָס גיכער אַוועקגיין פון דאַנען. ער האָט ניט געזאָגט קיין גוטע נאַכט, בלויז אַ קוק געטון אויף לאהן, געכאַפּט איר קוק, איז ער ממש אַרויסגעלאָפן פון הויז.

ביים קצב איז ער געשטאַנען אויף פּריסעק. אים האָבן געברענט די טריט, ער האָט אָבער צוגעקוועטשט די פיס צום באָדן, ער'ט ניט אָפּטרעטן זיין פּלאַץ. אַזוי פיל ווייבער! פון וואַנען האָבן זיי זיך אַלע גענומען אָט איצטער אָ? ער דער איינציקער מאַנסביל. נאָך צוויי ווייבער פאַר אים. נאָך איינע. אַן עלטערע פרוי איז צוגעקומען פון דער זייט, אַריינגעשפּאַרט דעם קאָפּ בלויז, דאַן אַ רוק געטון דעם אַקסל און, ווען די פרוי פאַר שמואלן האָט זיך אַרויסגערוקט, האָט די עלטערע פרוי זיך אַריינגערוקט.

— נעקסט! — האָט דער קצב אַ הילך געטון.

— גיט מיר, — האָט די עלטערע פרוי אָנגעהויבן.

שמואל האָט אַ שאַר געטון מיטן אָרעם. — מיסעס! אויף דער

װ ע ל ט זײַט איר געקומען אַ היפּש ביסל פריער פון מיר, אָבער אַ ה ע ר בין א י ך געקומען פריער. עס איז מײַן נעקסט. גיט מיר...

— קוק אים נאָר אָן, — האָט די אַלטע אַ זאָג געטון, אַ הויב טוענדיק דעם קאָפּ, — האָט קײן צײַט ניט. עס ברענט בײַ אים. װען איך האָב אַזאַ ספּריטנעם מאַן װאָלט איך אים ניט געשיקט אין „בוטשער שאָפּ", נאָך דער באָבע װאָלט איך אים געשיקט. מיסטער, עמיצער גײט בײַ אײַך צו קינד? — האָט זי גערעדט־געזונגען ניט דוקא צו אים, נאָר אויך צום קצב, צו די אַנדערע װײַבער. איר אַ פּאַטש טון אין פּנים. אַ הילכיקן פּאַטש. די ציטערנדיקע האַנט האָט דערלאַנגט דעם קצב אַ פּאַפּירל, אַרײַנגעכאַפּט דאָס רעשט געלט און, אויסשנײַדנדיק אַ האַלבן קרײַז, איז ער אַרויסגעגאַנגען פון יאַטקע, ניט אַ קוק טוענדיק אויף דער עלטערער פרוי. זי איז אים אָבער נאָכ־געגאַנגען, אים אַרויסגעשטעלט אַ צונג: װען איך האָב אַזאַ ספּריטנעם מאַן...

שװײַגנדיק האָט ער אַ לײג געטון, אַ װאָרף געטון דאָס פלײש.

גאָסיס לאַנגער האַלז האָט זיך אַ צי געטון, די אויגן — אויפ־געפּלאַמט, האָבן אים אַ קאָסע געטון, די האַנט האָט אַ ריס געטון דעם פּאַפּיר, אַרויסגעשאָטן די פיר שטיקלעך פלײש. — דאָס אַלעס װאָס דו האָסט געבראַכט?

— דאָס אַלעס װאָס דו האָסט געהײסן ברײַנגען.

— איך האָב אויך געװאָלט אַ שטיקל ברוסט.

— פאַרװאָס האָסטו ניט געזאָגט?

— גערעכט, פאַרװאָס האָב איך ניט געזאָגט. נו, מײַן טײַערער סעמי, נאָכאַמאָל אַז דו װעסט אויפהײבנגען דאָס טרײַבל װען איך רעד צו דיר מעגסטו זיך אַלײן אויפהײבנגען. יעס סיר! — זי האָט אַ שמיץ געטון דאָס פלײש, אַרויסגעגאַנגען פון קיך מיט אַ שנעלן גאַנג. שמואל האָט ממש געקענט זען װי זי גײט און שטופּט דעם גרויסן בויך פאַר זיך.

די פיר שעפּסענע בײנער. אַט אַט נעמען זײ זיך צוזאַמען, גײען צוריק צום קצב, נײן, צום שעפּס ערגעץ, דאָ איז ניט זײער פּלאַץ. ער האָט אַ נעם געטון דעם פּאַפּיר, אַ װיקל געטון, אָן עפן דעם אײַז־קאַסטן, אַרײַנגעלײגט, פאַרמאַכט מיט אַ קנאַק און אַרויסגעגאַנגען פון קיך. אין עס צימער, פאַדערשטן צימער איז זי ניט געװען. אין

שלאָף צימער, הייסט עס. ברוגז. זי איז נאָך גערעכט. זאָל זי. כאַפּט איר . . .

ער האָט ניט אָנגעצונדן קיין ליכט, אין דער האַלב פינצטערניש איז ער געזעסן, געריוכערט, געריוכערט קייטלווייז — איין ציגאַרעט אָן צווייטן ביז דער צונג האָט געביסן, דער מויל — אַ ליולקע, ער האָט געפילט דעם טאַבאַק געריך פון זיין מויל. ער האָט זיך אויפֿ־געהויבן, אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן. אַ נעבל האָט זיך אָנגערוקט, אַ געדיכטער נעבל, אַ דינער, צעמאָלענער רעגן, עפּעס אַ קאַלטע פּאַרע. ער איז געקומען פון ים, זיך געטראָגן כוואַליעסווייז, דאָ געדיכט, דאָ שיטער, שמואל האָט געקענט פילן ווי אָט פאַלט ער אַריין אין אַ נעבל גרוב, אָט קריכט ער אויף אַ נעבל באַרג, און גרוב און באַרג ניט ממשותדיק, עפּעס אָפּנאַרעריש, פאַרפירעריש, נאָך מער פאַרפירעריש ווי וואַסער, אַ עולם התוהו אַרום אים און אויך אין אים, ער האָט ניט געזען וואוהין ער גייט, ניט געוואוסט נאָכוואָס ער גייט, אים האָט דורכגענומען אַ פייכטע קעלט. ער האָט אַ קנייטש געטון מיט די אַקסלען, אַ קוק געטון צום לאָמטערן. דער סלופּ איז שוין געווען דער־טרונקען אין נעבל, אַרום לאָמפּ האָט זיך געוויגט אַ האַלאָ, דער נעבל איז געקראָכן אויפן ליכט, געוואָלט עס אַרומנעמען, איינוויקלען, דאָס ליכט, שפּיציק, שטעכיק האָט זיך ניט געלאָזט. אָט דאָס פינטעלע ליכט. זיך ניט אונטערגעבן, ניט אונטערגעבן. פאַרקוקנדיק זיך אויפן ליכט, האָט איין פוס זיינער פאַרלוירן דעם טראָטואַר, דער גאַנצער קערפּער האָט זיך אַ שטאָפּל געטון, אָט אָט פאַלט ער אום. ער האָט זיך אָפּ־געשטעלט, אַ קוק געטון און פאַרקירעוועט צוריק אין שטוב אַריין. אין טיר האָט אים אַ שלאָג געטון אין נאָז דער ריח פון געפּרעגלטע פלייש. גאָסי איז געזעסן ביים טיש אין קיך, געעסן. אירע פינגער זיינען געווען נאַס, געגלאַנצט מיט פעטס, אויף דער אויבערשטער ליפּ אַ גלאַנציקע וואָנצע. פון הינטער דער גלאַנציקער ליפּ האָבן אַרויס־געסטאַרטשעט די לאַנגע אויבערשטע ציין, שאַרפע שניידער. ער האָט געהאַסט אָט די גלאַנציקע ליפּ, נאָך שטאַרקער געהאַסט די לאַנגע שאַרפע ציין. שטשור.

— ווילסט איינס?

— ניין. אַ דאַנק.

— פאַרגעסן, דו האָסט שוין געעסן וועטשערע . . . אין רעסטאָ־
ראַן . . . וואָס איז מכוח קאַווע? ווילסטו?

דער ריח, דער טעם פון הייסער, פרישער קאַווע האָט אַ צופּ געד
טון די נאָזלעכער, גערייצט דעם גומען, די אויערן, די אויגן האָבן
געהערט, געזען זי לאַכט פון אים, רייצט זיך מיט אים. — גיי אין
ד׳רערד אַריין, — האָט ער איר אַ וואָרף געטון.

— דו׳סט מיר ווייזן דעם וועג, — האָט זי שפּאָטיש געענטפערט.

ער האָט דערפילט ער איז געשלאָגן. מאָרגן וועט ער ווידער גיין
אין יאַטקע קויפן פלייש, ער׳ט וואַשן דאָס געפּעס, ער׳ט . . . ווייל
אַזוי וויל זי . . . געוועזן נאָך תחילת אָוונט, דאָך האָט ער זיך אויס־
געטון, אַריינגעלייגט אין בעט, ניט זען זי, ניט הערן. ער האָט פאַר־
שטאַנען פאַרוואָס זי האָט מיט צווייען זיך געגט, אַפילו פאַרוואָס
איינער פון אירע מענער איז געשטאָרבן. זי קען טרייבן אין דער ערד
אַריין. נו, גאָט צו דאַנקען, ער האָט מיט איר ניט חתונה געהאַט, און
ער וועט ניט חתונה האָבן. זאָל זי נאָר אַריבערקומען, דאַן . . .

ביז „דאַן״ איז שמואל אַליין זעלטענער געקומען צו לאהן עסן
וועטשערע, ער האָט ניט געוואָלט אַז גאָסי זאָל אים קלינגען אַהין, ער
האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט אומגעריכט, ווען ער האָט נאָר געקענט אָפּ־
רייסן אַ שעה, בייטאָג, אין אָוונט, אָדער גאָר אינדערפרי, און אָט די
ספּאָראַדישע באַזוכן זיינען אים געוועזן מאָדנע אנגענעם. גאָסי איז
געוואָרן זיין ווייב די צרה, לאה די געליבטע, ווען ער דאַרף זען
בגנבה. די צרה איז בלויז געוועזן וואָס ניט אַלע מאָל האָט ער זי
געטראָפן אין דערהיים, נאָכדעם האָט ער זיך געשעמט איר זאָגן ער
איז געוועזן, זי פרעגן וואו איז זי געוועזן.

דער מצבה קריצער האָט אים אָנגעקלונגען אין שאַפּ אַריין, אים
אָנגעזאָגט אַז ער האָט אַוועקגעשטעלט די מצבה אויף דעם זונס קבר,
ער קען גיין זי זען, אָפּדעקן דעם שטיין.

— ווי די צייט פליט, — האָט שמואלן אַ קלאַפּ געטון אין קאָפּ
באַלד ווי ער האָט אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן טרייבל. אַ יאָר שוין.
די אויגן האָבן זיך אַ צי געטון צום קאַלענדאַר. גערעכט. אַ יאָר. דער
מצבה קריצער איז פּינקטלעך. אויפדעקן די מצבה. ער האָט באַדאַרפט
לאָזן וויסן, רופן פריינט, באַקאַנטע. ניין, ער׳ט עס ניט טון. קען עס
ניט טון. עפנטלעכע מיינונג. ער האָט קיינמאָל ניט געטראַכט דערפון.

ווער איז ער? וואָס האָט ער צו טון מיט עפנטלעכקייט? ווער קימערט זיך וועגן אים? אַ פּאָר שכנים, צוויי־דריי פריינט, אַ מנין באַקאַנטע. ווען גאָסי האָט געדעדט וועגן אירע שכנים האָט ער געטראַכט: זי שפּילט טעאַטער, וויל ווירקן אויף אים. נו, דאַ אַזאַ זאַך. אַרום קלענסטן פּינטל בויט זיך אַ קרייז, אַ גרעסערער אָדער אַ קלענערער, אָט דעם קרייז איז ניט אַריבערצושפּרינגען, דאָס פּינטעלע קען זיך בלויז איינ־שרימפּן, זיך מאַכן קוים זיכטבאַר. זינט ער האָט זיך פאַרנומען מיט גאָסין האָט ער זיך ניט געוויזן פאַר די סלאַבאַדקער, אויסגעמיטן באַקאַנטע און פון די שכנים שיר ניט זיך אויסבאַהאַלטן. ניין, ער׳ט קיינעם ניט רופן. אָבער לאה! ער האָט גלייך גענומען דרייען דאָס טעלעפאָן רעדל. קיינער האָט ניט געענטפערט. איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל. שיקט זיך עס, איצטער אָ, פאַרנאַכט, זאָל זי ניט זיין אין דערהיים? „אפּעריטאַר!״ האָט ער כעסיק אַ זאָג געטון. דער „אפּע־ריי׳טאַר״ — אַ יונגע, מיידלשע שטימע האָט אים געלאָזט וויסן „די ליניע איז צייטווייליק אָפּגעשלאָסן״.

— וואָס?! — האָט ער נאָך געשריען אין טעלעפאָן אַריין. גע־הערט בלויז אַ זשומען, האָט ער פאַרטראַכט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל. וואָס מיינט עס? לאה . . .

ער האָט פאַרמאַכט דעם שאַפּ מיט אַ צען מינוט פריער, זיך געלאָזט צו זיין היים. אַ פּרואוו די טיר — פאַרשלאָסן. ער האָט אַ קלונג געטון און געהערט ווי עס קלינגט אין אַ ליידיקער שטוב. ער האָט געעפנט מיט זיין שליסל. אַריינגעקומען, האָט ער דערפילט אַז קיינער איז ניטאָ. ער איז געגאַנגען פון איין צימער אין צווייטן און געפילט ווי ער וואָלט אַריינגעקומען צו אַ פרעמדן אין הויז צו־נעמען עפּעס וואָס איז ניט זיינס. די בעטן פאַרבעט. אַזוי דאַרף זיין. אויפגערוימט. נו ווי דען? לאה וועט ניט אויפראַמען? אין קיך? קיין סימן אַז עמיצער האָט דאָרטן היינט געעסן. ער איז צו צום טעלעפאָן, אויפגעהויבן דאָס טרייבל — טויט. ביים טויבן טעלעפאָן איז ער גע־בליבן שטיין אַ פאַרטראַכטער: וואָס מיינט עס? וואו קען זי זיין? וואָס האָט פּאַסירט? ווי לאַנג שוין אַז ער האָט זי ניט געזען? שוין באַלד צוויי וואָכן, האָט ער זיך געכאַפּט. אַ חרפּה, אַ שאַנדע, אַ . . . אָבער וואו א י ז זי? האָט חלילה גאָרניט פּאַסירט? וואו ק ע ן זי זיין? פרעגן ביי אַ שכן? ניין, דאָס ניט. ער׳ט . . .

ער האָט אַוועקגעיאָגט מיטן אויטאָמאָביל צו אירס אַ געשוועסטער קינד, איר איינציקע קרובה. אויב ניט דאָרטן, איז סיידן לאָזן וויסן דער פּאָליציי . . .

לאה איז געווען דאָרטן. דערזען אים אַריינלויפנדיק ממש, האָט זי זיך דערשראָקן און דערפרייט: שמואליק! ווי קומסטו אַהער?

— ווי איך קום אַהער? ווי קומסטו אַהער? ווען ביסטו געקומען? דער טעלעפאָן . . .

לאה האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ, די אויגן פאַרגאָסן מיט טרערן, האָט זי אַ שפּאָן געטון, אָט אָט פאַלט זי מיטן פּנים צו דער ערד. ער האָט זי אונטערגעכאַפּט — לאה!

— קום! — האָט זי אַרויסגעכריפּעט. ניט אַרויפּציענדיק אויף זיך קיין בגד, ניט זאָגנדיק קיין וואָרט צו איר קרובה, האָט זי זיך געלאָזט אַרויסגיין, אַרויסגעפירט ווערן פון שמואלן. ערשט זיצנדיק אין אויטאָמאָביל האָט איר גאַנצער קערפּער זיך גענומען טרייסלען פון געוויין.

— לאה! לאהלע! לאהניו, — האָט ער שיר ניט געוויינט, גלעטנ־דיק איר קאָפּ. — נו שאַ, וויין ניט. שאַ, מיר׳ן פאָרן אַהיים.

— פאָר! — האָט זי אַרויסגעכליפּעט.

דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעריסן. איין שמואל האָט געטריבן דעם אויטאָמאָביל, זיינע הענט האָבן געהאַלטן, געדרייט דאָס רעדל, די אויגן האָבן געקוקט אויפן וועג, געמאָסטן שטח, געהיט די סיגנאַלן, די אויערן האָבן פאַרנומען דאָס פּייפן פון אויטאָמאָבילן, אַ צווייטער שמואל האָט מיטן קאָפּ געפּרואווט באַנעמען וואָס אַזוינס האָט פּאַ־סירט, די אויגן האָבן געכאַפּט אַ בליק אויף לאהן, די אויערן זיינען געווען אָנגעשטריינגט צו הערן וויינט זי נאָך א י נ ע ו ו י י נ י ק אין זיך? עס נעמט אַזוי לאַנג. ענדלעך די גאַס, דאָס הויז.

ער האָט געעפנט דאָס טירל פון אויטאָמאָביל, געהאָלפן לאהן אַרויסגיין, געפירט זי, אָט ווי ער וואָלט זי געבראַכט פון אַ דאָקטאָר, אַ שפּיטאָל. לאה האָט זיך געלאָזט פירן אָט ווי זי וואָלט טאַקע געווען קראַנק. איר גאַנג איז געווען פון אַ חולה.

אין דער געעפנטער טיר האָט אַ שלאָג געטון מיט פוסטקייט, אַ טויבקייט פון אַ הויז אין וועלכער די באַלעבאַטים זיינען שוין לאַנג ניט געווען.

— עפן אַ פענצטער, — האָט לאה אַרויסגעקרעכצט און, אָטע־מענדיק שווער, זיך א זעץ געטון אויף דער קאַנאַפּע.

— גיבן דיר אַ ביסל וואַסער?

— איבערגעגאַנגען, — האָט זי קורץ געענטפערט.

שמואל האָט זיך צוגעזעצט צו איר, און איר אויבערשטער האַלבער קערפּער איז צוגעפאַלן צו זיין אַקסל.

— ניט געקענט מער אויסהאַלטן, — האָט זי וויינענדיק געענט־פערט אויף זיין דריטן מאָל פרעגן וועגן טעלעפאָן. — טאָג איין, טאָג אויס, דריי פיר מאָל אַ טאָג האָט זי געגרופן, מיך געזידלט, געגרופן מיט די ערגסטע נעמען. און נאָכוואָס דאַרף איך אַ טעלעפאָן? איך דאַרף ניט קיין טעלעפאָן, קיין שטוב, גאָרניט . . . אַ שטוב. איך שעם זיך דאָך פאַר די שכנים, קען זיך אַפילו אין גראָסערי ניט ווייזן.

דער כעס אויף גאָסין, וואָס האָט נאָר וואָס געהאַט אויפגעזאָטן אין אים, איז פאַרדעקט געוואָרן מיט אַ געפיל פון שולד לגבי זיין ווייב, מיט אַ ווייטיק למאי ער האָט איר אַזוי ווי געטון, און דער ווייטיק איז נאָך געווען שאַרפער פון דעם באַוואוסטזיין אַז ער קען גאָרניט טון צו שטילן אירע ליידן. איצט קען ער גאָרניט טון. שפּע־טער, ווען אהרעלע . . .

„אהרעלע" האָט לאַנצירט דעם ווייטיק, ווערטער זיינען געקומען.

— געקלונגען, געקלונגען, געוואָלט דיר זאָגן די מצבה שטייט שוין, מאָרגן דער יאָרצייט . . .

— איך ווייס, — האָט לאה וויינענדיק געענטפערט. געוואָרט, געמיינט דו׳סט קומען.

— בין איך געקומען, ערשט ניטאָ. איבערגעטראַכט גאָט ווייסט וואָס, אַ נס מיר איז איינגעפאַלן צופאָרן צו שיינדלען. מאָרגן וועלן מיר אויפדעקן די מצבה.

טאַטע־מאַמע האָבן זיך פאַרקוקט אויף דער מצבה, אויפן קבר, אויף זייער זון. יעדער האָט געקוקט פאַר זיך, די בליקן האָבן זיך געוויגט אויף כוואַליעס און די צער כוואַליעס האָבן זיך צוזאַמענגע־גאָסן, פאַראייניקט די בליקן. די שטילקייט האָט זיך געוויקלט אַרום זייביידן, זיי איינגעהילט, זיי דערנעענטערט, לאהס קאָפּ איז געליגן אויף שמואלס אַקסל און דער אַקסל האָט ניט געריבן, זיין האנט האָט

גערוט אויף איר קאָפּ און די האַנט האָט ניט געדריקט. אַזוי ליגן, איינ־דרימלען, אַנשלאָפן ווערן . . .

— טו אָן דעם! — האָט לאה אונטערגעטראָגן שמואלן אַן אַנדער אנצוג. שמואל האָט אַ קוק געטון אויפן שוואַרצן אנצוג, אויף לאהן און זיך געכאַפּט: זי איז גערעכט: ער קען ניט גיין אויפן בית עולם אויפדעקן אהרנס מצבה אין דעם וואָכעדיקן גאַרניטור. אַרויפ־ציענדיק די הויזן איז אים געוואָרן קשה: ווי קומט עס וואָס ער האָט ניט מיטגענומען אָט דעם אנצוג צו גאָסין? אפשר געפילט אַז ער'ט אים דאַרפן, און אפשר האָט אים לאה פשוט באַהאַלטן. אָט די שטילע לאה . . .

ער האָט אַ קוק געטון אויף איר. זי האָט שוין געהאַט אַרויפגע־צויגן אויף זיך איר שוואַרצע קלייד און די בלאַסקייט פון איר פּנים האָט אַזש אַ בלענד געטון. אַזוי האָט ער זי קיינמאָל ניט געזען. די בלאַסקייט האָט געוואָרפן אַ העלע שיין אויפן פּנים, די העלע שיין האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן ליכט וואָס האָט געשטראַלט פון די אויגן. דאָס גאַנצע פּנים איין ליכט, אָבער ניט העל, נאָר מאַט, וויי־טיקדיק און חשוב. אַזאַ חשיבות, אַזאַ . . . פרומקייט. זיין מאַמע, ערב יום כפור ביים גיין אין שול האָט אַזוי אויסגעזען. אנשטאט אַ הי־טעלע האָט לאה אַרויפגעצויגן אויפן קאָפּ אַ שוואַרצן שאַרף און די ענלעכקייט צו זיין מוטער איז געוואָרן נאָך שאַרפער.

— וואָס שטייסטו און קוקסט? טו זיך אָן.

— איך בין שוין פאַרטיק, — האָט ער מבולבל אַ זאָג געטון, גענומען אויף שנעל שפּיליען קנעפּלעך, אויסבינדן דעם שניפּס. ביינ־דענדיק, זיינען זיינע פינגער געבליבן רוען: אין שפּיגל האָט ער געזען לאהן, אַזאַ הויכע, אַזאַ . . .

די הויכע, חשובע לאה איז צוגעגאַנגען, אַ צי געטון זיין שניפּס, אויסגעגלייכט דעם קאָלנער. — אָט אַזוי.

אָט אַזוי האָט זיין מאַמע, מיט אַ יאָר פערציק צוריק, אויסגע־גלייכט זיין היטעלע, פאַרשאַרט די פּיאהלעך, אים אָנגענומען ביים הענטל און געפירט אים אין שול אַריין צו כל נדרי.

ער האָט אָנגענומען איר אָרעם, זי אַרונטערגעפירט די פּאָר טרעפּ־לעך פון גאַנעק, געעפנט פאַר איר דאָס טירל פון אויטאָמאָביל, זיכער

אַלץ איז כשורה, האָט ער זיך אַריינגעזעצט, געלאָזט דעם אויטאָמאָביל אויפן וועג צום בית עולם.

(7)

— נו געגוג. געגוג, — האָט ער צאַרט זי אָפּגעצויגן פון דער מצבה.

די הויכע, חשובע לאה מיטן בלאַסן פּנים פון אַ שעה צוריק איז איצט געווען אַ קליינינקע, צעבראָכענע פרוי, איר גאַנצער קערפּער האָט געציטערט, דעם פּנים האָט ער אַפילו ניט געקענט זען. אָפּגעצויגן זי פון דער מצבה — אָפּגעצויגן מיט כוח — האָט איר קאָפּ זיך אַ בויג געטון צו זיין ברוסט, און מיט יעדן ציטער פון איר קערפּער האָט דער קאָפּ זיך געריבן אָן אים.

— נו שאַ, לאהלע! געגוג געוויינט.

— אוי, שמואל! ס׳איז מיר שלעכט. ס׳איז מיר אַ ז ו י שלעכט...

איר גאַנצער קערפּער איז שוין איצט לויז געהאנגען אין זיינע אָרעמס. מיט פאַרלאָפענע אויגן האָט ער אַריבערגעקוקט איבער איר קאָפּ. „אַ ז ו י שלעכט״, האָט ער געהערט און ער האָט געפילט אַז איר איז שלעכט ניט נאָר וואָס אהרן איז אומגעקומען, ער האָט עס געפילט אין איר קערפּער וואָס האָט אינגאַנצן זיך איבערגעענטפערט צו אים: איך בין אין דיינע הענט . . .

זיינע הענט האָבן פּאַמעלעך אָבער אַנטשלאָסן זי גענומען אָפּציען פון זיין קערפּער און, ווען ער האָט שוין געקענט זען איר פּנים, האָט ער מיט צוויי פינגער אָנגענומען איר קין, אַ קוק געטון אויף איר מיט אַן אַנטשלאָסענעם, שיר ניט שטרייגגען בליק.

— זעסט, לאה? — האָט ער אָנגעוויזן אויפן זונס בילד איינגעפאַסט אין דער מבצה, — איך שווער דיר ביי אים אַז איכ׳ל צוריקקומען. דו הערסט? איכ׳ל צוריקקומען, אַניט . . . אַניט . . . — ער האָט געזען ווי איר קוק האָט זיך געוויגט צווישן צווייפל און גלויבן, פאַרצווייפלונג און האָפענונג. — אַניט, זאָל יענער אהרעלע שטאַרבן...

זיינעביידע הענט האָבן זיך אַרונטערגעלאָזט. ער האָט מיט אַמאָל דערפילט ווי זיינע קני גיבן נאָך. ער האָט זיך אַ טרייסל געטון, זיך אויסגעגלייכט. — קום!

אויפן וועג פון בית עולם האָט מען געשוויגן, אויך אין הויז האָט

מען געשוויגן, אָט ווי זיי וואָלטן נאָר וואָס געקומען פון זונס לויה. מ׳האָט דאָס וואַסער פון שטוב ניט אויסגעגאָסן, און דער גייסט פון זייער טויטן זון האָט אַרומגעשוועבט אין הויז, זיך געטראָגן פון טאַטן צו דער מאַמען, און דער טאַטע האָט געזאָגט: איך בין דאָ. דאָ וועל איך בלייבן, אַהער וועל איך קומען, איך וועל קומען טאָקע מיט דיר, דו וועסט זיין מיט אונדז. און די מאַמע האָט געזאָגט: אַזוי לאַנג ווי דו ביסט מיט מיר איז מיר גוט, איז ער אויך דאָ, אָבער אַז יענער . . . וועט קומען? „אַניט, אַניט זאָל יענער אהרעלע שטאַרבן״. הלואי שטאַרבט ער. אַ שוואַרצער געדאַנקען שאָטן האָט אַ שוועב געטון און איר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. — ניין, ניין, — האָט זי געגומען שאָקלען מיטן קאָפּ און, דערפילנדיק שמואלס בליק, האָט זי דערשראָקן אַ קוק געטון אויף אים.

— ווילסט זיך איבערטון? — די פראַגע — קאמופלאזש, פאַר־דעקן, ער זאָל ניט זען איר בייזע מחשבה.

— זיך איבערטון? — האָט שמואל איבערגעפרעגט, און הינטער דער פראַגע איז געליגן נאָך אַ פראַגע: וואָס פרעגט זי? צי גייט ער ניט צו גאָסין? — כ׳וועל שוין אין שאָפּ היינט ניט גיין.

— סיי ווי, טו זיך איבער. מאַכן עפּעס עסן?

— יאָ, מאַך עפּעס.

מאַן און ווייב האָבן אויסגעטון די טרויער־יום־טוב קליידער. אין די וואָכעדיקע מלבושים האָט זי זיך געשטעלט אין קיך צוגרייטן עפּעס עסן, און פאַרנאַכט, ווען זי האָט דערפילט אַז שמואל גייט שוין היינט ניט צו . . . יענער, האָט זי אָפּגעקאָכט אַ געדישעכץ, דעם מאכל וואָס זיין מאַמע פלעגט קאָכן און וועלכן ער וואָלט, דוכט זיך, געקענט עסן טאָג איין טאָג אויס. זי האָט געזען מיט וואָס פאַר אַ הנאה ער האָט געעסן, האָט אויפגעכאַפּט זיין דאַנקבאַרן בליק, און אַ שמייכל האָט געגומען אַרומשוועבן אַרום איר מויל, שימערירן אין אירע אויגן. דערפאַר אָבער, ווען שמואל האָט זיך אַ ציי געטון צום עלעקטרישן קנעפּל, מאַכן ליכטיק אין הויז, האָט זי מיט שרעק אין די אויגן זיך אַ יאָג געטון אַרונטערצוציען די רולעטן פון יעדן פענצ־טער. שמואלס אויגן האָבן געפרעגט: וואָסי? וואָס האָסטו מורא? לאה האָט אומעטיק אַרויסגעבראַכט דאָס איינע וואָרט — שכנים.

אָפּגעריסענע ווערטער, אַרויסגעזאָגט בלחש, און שמואל האָט

זיך דערוואוסט וואָס לאה האָט געהאַט אויסצושטיין די גאַנצע צייט פון שכנים, און דוקא פריינטלעכע שכנים, וואָס האָבן איר געוואָלט העלפן אין איר עת צרה, איר געגעבן עצות גיין צו אַדוואָקאַטן, אין געריכט, מאַכן סקאַנדאַלן . . .

שמואל האָט ווידער דערזען דאָס פּינטעלע אין דעם קרייז, דעם מענטש, יעדער מענטש אין זיין סביבה, מעג די סביבה באַשטיין פון פינף זעקס מענטשן, די עפנטלעכע מיינונג, מעג עס זיין די מיינונג פון אַ פּאָר שכנים, דעם קרעמער און דעם קצבֿ. האָט ער דאָך קיינעם ניט געריפן אויפצודעקן דעם שטיין. און וואָס אַזוינס האָט ער געטון? וואָס פאַר אַ פאַרברעכן איז ער באַגאַנגען? ער וויל האָבן אַ קינד, אַ זון. און ער וועט אים האָבן. יאָ, ער וועט אים האָבן. און די שכנים, די עפנטלעכע מיינונג?

שוין ליגנדיק אין בעט, האָט ער פאַרטרוילעך שטיל גערעדט צו לאהן. — מיר׳ן פאַרקויפן דאָס הויז. מיר׳ן עס פאַרקויפן. קויפן אַ הויז אין אַן אַנדער געגנט, אַ גאַנץ נייער געגנט, אַהינצו וועלן מיר זיך אַריינקלייבן, און פאַר די שכנים, יידן צי גויים, וועלן מיר זיין אַן עלטערע פאָר פאָלק מיט אַן . . . אייניקל.

— אַן אייניקל! — לאה האָט זיך שיר ניט אויפגעזעצט.

— פאַרשטייסט, לאה? אהרעלע האָט חתונה געהאַט. היינט צו טאָג וואָלט ער שוין אפשר געהאַט אַ קינד, זיכער געהאַט, און איך און דו . . . איך ווייס דו האָסט זי ניט ליב געהאַט, די שנור, דעם אמת געזאָגט, איך אויך ניט, אָבער ווען זי וואָלט געהאַט אַ קינד? וואָלט דאָך עס געווען אהרעלעס קינד, ניין? איז וואָס גייט דיר אָן די שנור . . . ? אַן אייניקל! און מיר קלייבן זיך אַריין, קיינער קען אונדז ניט, קיינער ווייסט אונדז ניט, מיר ביידע מיט אהרעלען . . .

שלאָפט זי און שמואל שפּינט פאַר איר אַ שיינעם חלום? אַן אייניקל . . . איר איז קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו טראַכטן וועגן דעם אָט אַזוי אַ. זי, שמואל, אהרעלע, זי אַ באָבע, שמואל אַ . . . זי איז וואַך, שמואל ליגט דאָ לעבן איר, ער רעדט שוין ניט מער, אָבער עס איז איר אַזוי גוט, אַזאַ רואיקייט טרעט אַריין אין איר קערפּער, אַזאַ דערלייכטערונג אין איר געמיט. ער זאָל נאָר ניט אַוועקגיין, ער זאָל נאָר זיין מיט איר, זי מיט אים, ער . . . זי . . .

ער האָט געוואוסט אַז ער פאַלט אַריין אין אַ שטורעם. צוויי טעג, צוויי נעכט ניט געווען און זי האָט אים ניט געקענט קריגן, אויפן דריטן טאָג, גלייך אינדערפרי, האָט גאָסי אים שוין געכאַפּט אויפן שאָפּ טעלעפאָן, און פון אירע רייד, פון איר טאָן האָט ער שוין געאַנט וואָס עס וואַרט אויף אים. ער האָט באַשלאָסן — ניט שטעלן זיך קעגן דעם שטורעם, בעסער אָנבויגן דעם קאָפּ ביז די כוואַליע וועט אַריבער. ניט ווייל ער האָט זיך געפילט שולדיק. ער דאַרף איר ניט אָפּגעבן קיין דין וחשבון פון אויפדעקן דעם שטיין, זיין מיט לאהן די פּאָר טעג. דאָס איז ניט איר עסק. מיט איר וועט ער זיך אויסרעכענען שפּעטער. איצטער זיינען זיי ביידע אויף איין שיף אינמיטן ים. צוקומען צום ברעג . . . דאַן וועט ער ריידן מיט איר. דאַן צעטיילן זיך די וועגן. דאָס איז זיכער, איצטער אָבער, איצטער וועט ער שווייגן, ער׳ט גאָר־ ניט זאָגן, זאָל זי שרייען, זאָל זי גוואַלדעווען, זאָל זי אַפילו מאַכן סקאַנדאַלן; עס וועט שוין לאַנג ניט נעמען. באַוואָפנט מיט דעם באַ־ שלוס, איז ער אַריין אין שטוב.

— ביסט דאָ! — האָט ער דערהערט, און ער האָט דערהערט דעם ערשטן דונער. אירע אויגן האָבן אַ בליץ געטון. דער שטורעם האָט זיך צעבושעוועט, עס האָט אַ גאָס געטון אַ מבול.

זי האָט גערעדט, געשריען, ער האָט געשוויגן, און זיין שווייגן האָט איר גערייצט, זי האָט דערמאָנט לאהן, זי אָנגערופן „אַלטע שקאפּע". שמואל האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, זיינע קליינע שוואַרצע אויגן האָבן זיך איינגעשטאָכן אין איר. אויף אַ סעקונדע איז זי גע־ בליבן שטיל, זיך עטוואָס צוריקגעצויגן און באַלד ווידער גענומען שרייען, זיך אָנרוקן אויף אים, אָט אָט קריכט זי אַריין מיט אירע הענט, מיט איר מויל צו אים אין פּנים אַריין. ער האָט דערזען איר גרויסן פאַרשפּיצטן בויך, איר האַלז, אַזאַ לאַנגער, לאַנגער האַלז, דאָס קעפּל — אַזאַ קליין קעפּעלע, דער נאָז אַזוי לאַנג, דער מויל אַזוי שאַרף. אַ גאַנז! ניין, ניט קיין גאַנז, אַ גאַנער, אַ גאַנער!

אַ בליץ האָט אַ שניט געטון. שמואל האָט זיך דערזען אין נאַוואַ־ סעליצע, אויף דעם ליידיקן שטיקל פעלד לעבן זיין שטיבל, וואו גענז האָבן זיך געפּאַשעט. ער האָט זיך געלאָזט נאָך אַ גענזעלע. דריי

גאַנערס, די העלזער אויסגעצויגן, האָבן זיך אַ לאָז געטון צו אים, זייערע שמאָלע פּיסקעס האָבן געסיקעט, אָט אָט צעפּיקן זיי אים. ער האָט גענומען שרייען, די מאַמע איז אַרויסגעלאָפן, אים צוגעכאַפּט, אָפּגעטריבן די גאַנערס.

אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיין פּנים. ער איז שוין ניט קיין קינד. פאַר דעם גאַנער האָט ער קיין מורא ניט.

אָט דער שמייכל — אַ ווינט שטויס.

— אָה, דו דיינקסט דו ביסט אַ חכם. האָסט מיך אַריינגעכאַפּט און קענסט טון מיט מיר וואָס דו ווילסט. נו, לאָמיך דיר זאָגן, חכם מיינער, האָסט מיך נאָך ניט אַריינגעכאַפּט. איך קען נאָך עפּעס טון. און איכ׳ל עס טון אויך. ביי גאָט, איך וועל עס טון. איכ׳ל עס דער־הרגענען! איכ׳ל עס דערהרגענען! — האָט זי געפּויקט מיט אירע קולאקעס איבערן פאַרשפּיצטן בויך.

ניין, דאָס איז שוין ניט קיין גאַנער, דאָס איז אַ מכשפה, אַ . . .

— רואיק, שמואל, רואיק, — האָט ער זיך אַליין געוואָרנט, ער האָט אָבער געפילט ווי זיינע הענט ציטערן. — איך ווייס אַז דו ביסט קאַפּאַבל דאָס צו טון . . .

— און איכ׳ל עס טון אויך. דיר אויף צעפּיקעניש וועל איך עס טון. איכ׳ל . . .

זיין פּנים האָט זיך אויסגעקרומט, זיינע ציין האָבן זיך פאַר־שטייפט, אים איז שווער געווען צו עפענען דאָס מויל, ער האָט דאָך אַרויסגעזיגן — ווערסט עס טון, האַ? טו עס! טו עס! — האָט ער שוין בייז געשריען, — אָבער זעסט אָט די הענט?

די אַקסל האָבן זיך אַ הויב געטון, אַריינגעצויגן דעם קאָפּ, די אָרעמס האָבן זיך אַ צי געטון, די הענט, — צוויי האַלבע קרייזן — האָבן געציטערט, — מיט אָט די אָ הענט וועל איך . . .

די צוויי האַלבע קרייזן זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַרום איר לאַנגן האַלז און זיי האָבן אים געדריקט, געטרייסלט . . .

ווען די בלינדע כעס כוואַליע האָט זיך איבערגעטראָגן, אַרונטער־געפאַלן פון זיינע אויגן, האָט ער דערזען אירע אויגן, קיילעכיקע, אַרויסגעסטאַרטשעטע — אָט אָט קריכן זיי אַרויס פון אונטער איר שטערן, בלייבן הייגען. דער האַנט קלאַמער אַרום איר האַלז האָט זיך געעפנט, זיך צעגאַנגען, די פינגער — שטייפע שטעקלעך — זיינען

געבליבן שטיין, זיך ניט באַוועגט. איר האַלז, אַ באַפּרייטער, האָט זיך ניט אַ צי געטון אויף צוריק, איר קאָפּ, ווי איבערגעבויגן איבערן האַלז, האָט אַ פאַל געטון צו אים, נאָכן קאָפּ האָט זיך אַ רוק געטון איר גאַנצער קערפּער.

זיין שטאַרקער גוף האָט קוים אויסגעהאַלטן דעם אָנשטויס. די הענט, ווי אָפּגעבריטע, האָבן צאַפּלענדיקע זיך געקלאַמערט אָן איר קלייד, קערפּער. שטאַפּלענדיק אויף צוריק, האָט ער דערשלעפּט זיך און זי צו דער סאָפע דערביי, זיין גוף האָט זיך אַ זעץ געטון מיט־ציענדיק זי מיט זיך, זי איז געבליבן האַלב ליגנדיק איבער זיינע קני, איר קאָפּ סטאַרטשענדיק צו זיין ברוסט.

שמואלן איז באַפאַלן אַ שווייס. מיט איין האַנט האָט ער געווישט דעם פּנים, דעם קאָפּ, די צווייטע האַנט האָט געבלאָנזשעט איבער איר קאָפּ, פּלייצע, רוקן. ער האָט געעפנט דעם מויל, שווער געצויגן לופט, די לופט האָט געטרוקנט דעם שווייס, געקילט זיין פּנים, זיין קערפּער. ער האָט אַ ציטער געטון מיטן גאַנצן קערפּער. ער ווערט משוגע. משוגע, האָט אים געהאַמערט אין די שלייפן.

גאָסיס שפּיציקער בויך האָט איר ניט געלאָזט ליגן אַזוי צוזאַ־מענגעדרייט. זי האָט פּאַמעלעך אַ הויב געטון דעם קאָפּ, דעם רוקן, איין האַנט האָט אַ שאַר געטון, אַ רייב געטון דעם האַלז.

— דיר ווייי געטון?

— משוגענער קאָפּ, — האָט זי אומדערוואַרט מילד אַ זאָג געטון און איר האַנט האָט אַ לייכטן שטויס געטון זיין קאָפּ. זי האָט זיך אויפגעשטעלט.

— ניין, ניין, — האָט זיין קאָפּ גענומען זיך באַוועגן, פון מויל זיינען געפאַלן ווערטער — איך בין ניט משוגע. ניין, איך בין ניט משוגע, איך . . . איך . . . — זיין קאָפּ האָט זיך געטון אַ לאָז אַרונ־טער צו זיין ברוסט . . .

ער האָט געפילט זי שטייט און קוקט אויף אים, און דער קוק האָט אים געטריבן, געשמיסן: הויב אויף דעם קאָפּ! שטעל זיך אויף! שטעל זיך אויף די פיס! ער האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, דערזען זי, אירע אויגן: זיי האָבן געשפּעט פון אים. ער האָט ראַפּטום זיך אַ שטעל געטון און זיך אַ וואַקל געטון, ער האָט קוים באַוויזן זיך אָנכאַפּן אָן ווענטל פון דער סאָפע.

— וואָס איז דער מער מיט דיר? ווילסט אַ ביסל וואַסער?

ער האָט זיך אויסגעגלייכט. — איך וויל ניט קיין וואַסער. — אַ ציטער האָט דורכגענומען זיין גאַנצן קערפּער. — איך וויל גאָרניט. — האָט ער שוין ביי‌זלעך אַ זאָג געטון און זיך אויסגעגלייכט. זי האָט אַ צי געטון מיט די אַקסלען, זיך דערווייטערט. שמואל האָט געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן, זיך צוריקגעקערט צו דער סאָפע, זיך אַרונ־טערגעלאָזט. מיד. אַזוי מיד . . . רוען, רוען. אָנשפּאַרן דעם קאָפּ. ער האָט געפילט ווי אַ רואיקייט צעגייט זיך אין אַלע זיינע גלידער, לייגט זיך אַוועק אויף זיינע אויגן לעדלעך. גוט אַזוי . . .

זי איז געשטאַנען, געקוקט אויף אים. אונטער דער ליכט פון שטייענדיקן לאָמפּ האָט די זילבערנע האָר סטערנע פון זיין צוויי מעת לעתיקער באָרד געגלאַנצט מיט אַ שאַרפן גלאַנץ. דער פּנים — מיד, אָפּגעטראָגן, דער אַרונטערגעלאָזטער קין אונטערן אָפּענעם מויל — אַ שלעסל געעפנט, אַפילו דער נאָז, זיין שטייפער, שאַרפער נאָז — עפּעס אַ ווייך, נאָכגעלאָזט בענדל. און דאָס איז ד ע ר מאַן! זי וואָלט שוין בעסער געוואָלט פילן זיינע קרעפטיקע הענט אַרום איר האַלז איידער זען אָט דעם געעפנטן מויל. זי האָט אים אַ טרייסל געטון.

— האַ?

— ווילסט עפּעס עסן?

— עסן? — האָט ער זיך געחידושט און, אויסטשוכענדיק זיך, אַ זאָג געטון — ניין, איך וויל ניט עסן. איך בין ניט הונגעריק. איך . . .

— טאָ גיי שלאָפן! — האָט זי באַפעלעריש אַ זאָג געטון.

— יאָ, איכ'ל גיין זיך לייגן, — האָט ער געהאָרכזאַם געענט־פערט, און גענומען גיין פּאַמעלעך אין שלאָף צימער אַריין. גאָסי האָט אים נאָכגעקוקט מיט אַ שמייכל — העלד! זי'ט אים איינברעכן. ער איז שוין געבראָכן. זי'ט . . .

(9)

שמואל איז אַריינגעקומען אין שפּיטאָל דאַן ווען די וואָרטספּרוי האָט געהאַלטן אין אַרויסטראָגן דאָס קינד פון גאָסיס צימער. ער האָט אַ כאַפּ געטון דאָס קינד פון דער פּרויס הענט, אַז זי האָט זיך אַזש דערשראָקן, און גענומען עס שלינגען מיט די אויגן.

— ער האָט געוואויגן זיבן און אַ האַלב פונט, — האָט די

וואַרטספּרוי ווי זיך באַרימט מיט „איר" קינד. שמואלס אויערן האָבן געהערט, זיינע אויגן האָבן זיך אָבער ניט אָפּגעריסן פון קינד. ז י י נ ע האָר — שוואַרצע, ז י י נ ע אויגן, ז י י ן נאָז, דער מויל . . ?

די וואַרטספּרוי האָט איבערגענומען דאָס קינד. אַ נאַרישער פּאָטער, ווי אַלע . . . האָט זי באַשלאָסן. דער נאַרישער פּאָטער האָט אַ קוק געטון צום בעט, אויף גאָסין.

אירע פינקלדיקע קופּער האָר — אַ האַלאָ אַרום איר אויסגעבלייכטן פּנים, די גרוי־ברוינע אויגן, איצטער מער ברוין, האָבן מילד געלויכטן, די ווייסקייט פון איר האַלז האָט פאַרשפּרייט אַ העלע ליכטיקייט. איצטער אָ, אין דער מינוט האָט ער זי ליב געהאַט, ביזן טויט וועט ער . . . איר דאַנקבאַר זיין. ער האָט זיך צוגעבויגן צום בעט, אַ קוש געטון גאָסין, דער מוטער פון זיין קינד.

ווען ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ האָט ער געזען אירע אויגן האָבן זיך געביטן גרוי, קיין סימן פון ברוין, איר קוק — אָבער איצט!

— אַזוי לאַנג ווי דאָס קינד איז ניטאָ, — האָט דער אַדוואָקאַט איר געזאָגט, — קען ער אַפילו לייקענען זיין פאָטערשאַפט. קענט איר עס באַווייזן? זעט איר, ווען דאָס קינד וועט זיין, דאַן . . . — איצטער איז דאָס קינד דאָ, אין שפּיטאָל ליגט די מרס. גאָסי גאָלדפאַרב . . . וועסט זיך ניט אַרויסדרייען.

איבער שמואל גאָלדפאַרבס אויגן האָט זיך פאַרצויגן אַ פּראָסטיק שייבל, זיי האָבן געקוקט, זיי האָבן אָבער גאָרניט געזאָגט, קיין זאַך ניט צוגעזאָגט. גאָסיס קוק האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן דעם פּראָסטיקן שייבל און אירע גרויע אויגן האָבן אַ גלאַנץ געטון מיט שטאָליקן גלאַנץ. דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן.

זי האָט גערעדט, אים געזאָגט וואָס ער זאָל קויפן, צוגרייטן פאַרן קינד, יעדער זאַך אַ באַפעל. — און קויף ניט קיין שמאַטעס!

— פאַר אהרעלען — דאָס בעסטע!

— זיין נאָמען וועט ניט זיין אהרעלע. לאורענס וועל איך אים אַ נאָמען געבן. נאָך מיין טאַטן. מיין טאַטן האָט מען גערופן לייב.

אָפענע קריגס דערקלערונג, אָבער שמואל איז אַנטשלאָסן איצטער, דאָ אָ, ניט אַרויסגיין אין קריג.

— לייב? נו גוט, לייב, מיינט ער האָט געהייסן אריה לייב, וועט ער הייסן אהרן לייב. — דער ערלעך דיינקענדיקער שמואל איז

מיט אַמאָל פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יעזואיט. דער מויל האָט אַרויסגעזאָגט דעם קאָמפּראָמיס אהרן לייב, אין געדאַנק האָט ער רעזערווירט: וואָס מיר לייב? אהרן! אהרעלע . . .

ער איז אויף גיך אַוועק פֿון שפּיטאָל צו זיך אין דער בייער היים, צו לאהן.

אהרעלע מיט די ביינדעלעך! — האָט ער אויסגעשאָסן גלייך ביי זיין אַריינקומען. — זאָלסט זען די האָר. אַ קאלטון שוואַרצע האָר, (ווי ער האָט געציטערט טאָמער וועט ער זיין אַ רויטער!) — און די אויגעלעך — צוויי שוואַרצע קוילן. דאָס נעזעלע . . .

דעם מויל האָט ער פֿאַרשוויגן.

לאהס האַלז האָט זיך באַוועגט. זי האָט זיך ניט צעוויינט, אירע פֿייכטע אויגן האָבן פֿאַרזאָרגט געקוקט. זי האָט געהערט ווי ער האָט גערעדט וואו דאָס בעטל וועט שטיין, וועגן דעם פֿלעשל צום זויגן. זי גיט ניט דעם קינד די ברוסט? אַ רוגז האָט זיך דערוועקט צו דער . . . פֿרוי וואָס זויגט ניט דאָס קינד און גלייך איז איר עפּעס לייכטער געוואָרן דערפֿון וואָס יענע זויגט נישט דאָס קינד: ניט קיין מאַמע . . . ווען שמואל האָט אויפֿגעהערט רעדן האָט זי שטיל אַ פֿרעג געטון: און אַז זי'ט עס דיר ניט אַוועקגעבן?

שמואל האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, האַרט אַ קוק געטון אויף דער ווייב. — פֿאַרוואָס ניט?

— אַי, שמואל, שמואל, — האָט לאה אַ זיפֿץ געטון. — דו זעסט נאָר זיך, טראַכסט בלויז וועגן זיך, וועגן יענעם פֿאַלט דיר גאָרניט איין.

— אָט האָסטו דיר. זי איז שוין דאָ. וואָס גייט דיר אָן יענע . . .?

— דיר אַ טובה טון. דיר אַוועקגעבן אַ קינד. בעל טובהניצע. — האָט לאה אָפּגעהאַקט גערעדט. ווי שווער איר איז געווען צו רעדן וועגן קינד, וועגן יענער . . .

— בעל טובהניצע, איז ריכטיק, — האָט שמואל צוגעגעבן, — אָבער דאָס קינד וועט זי אָפּגעבן. זי'ט עס מוזן אָפּגעבן! — האָט ער אַנטשלאָסן אַ זאָג געטון און דער געשפּרעך איז געווען געשלאָסן. דער גערעאַנגל איבערן קינד האָט זיך אָנגעהויבן.

גלייך די ערשטע וואָך נאָך איר קומען פֿון שפּיטאָל האָט גאָסי אים געגעבן די ברירה — אָדער ער האָט חתונה מיט איר געזעצלעך,

אין געריכט און ביי אַ רב, גייט אַריבער וואוינען מיט אירע טאַקע אויף אַן אמתן, ווי מאַן און ווייב פאַר גאָט און פאַר לייט, אָדער זיין פוס זאָל מער ניט אַריבערטרעטן איר שוועל. זי וועט רופן די פּאָליציי. דאָס קינד איז א י ר ס ! ער וויל זען דאָס קינד? ווייסט ער וואָס ער האָט צו טון, אַהער אָדער אַהין.

שמואל האָט אויסגעקליבן אַהין. זיצנדיק מיט לאהן האָט ער געזען דאָס קינד, דאָס פּנימל, די פיסלעך, הענטלעך, דאָס הענטל ווי עס קריכט צום נעזל, רייבט עס, און אים האָט אָנגעכאַפּט אַזאַ ביינקעניש, אַז ער איז געלאָפן פון שטוב. אָפּגעשטעלט דעם אויטאָ־מאָביל אויפן עק גאַס, איז ער געלאָפן צו גאָסיס הויז, דאָרט, ווי אַ גנב, זיך געשאַרט אַרום וואַנט, געפּרואווט אַריינקוקן און, ווען גאָר־ניט געזען, זיך אָנגעשטריינגט הערן. איין מאָל האָט ער דערהערט אהרעלע האָט געגומען וויינען, און דאָס האַרץ האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך איינגעהערט. אהרעלע האָט אַלץ געוויינט, און דאָס האַרץ האָט זיך געוואָרפן. ער האָט אַ שפּאַן געטון. ער וועט אַריינגיין, ער׳ט אויפרייסן די טיר, אַריין גלייך אין שלאָף צימער, כאַפּן אהרעלען אויף די הענט, אַריין אין אויטאָמאָביל . . .

דער בוים אַן וועלכן ער האָט זיך אָנגעשלאָגן האָט אים געבראַכט צו זיך. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, דערזען עס איז געוואָרן ליכטיק. אַ שאָטן האָט אַ שוועב געטון. דאָס איז זי. נעענטער, נעענטער צום פענצטער. עס איז אָפּן אונטן. ניט זען, איז הערן עפּעס. — זיי שטיל! — האָט ער דערהערט און אויך דערהערט אהרעלעס געוויין. — זיי שטיל, דו ממזר, דו! — שמואלס האָר האָבן זיך אַ רודער געטון. ער וועט . . . שטיל. אַהרעלע איז אַנטשוויגן געוואָרן. וואָס האָט זי אים געטון? ווען ער קען בלויז אַ קוק טון. דאָס ליכט איז אויסגעלאָשן געוואָרן. שאַ שטיל . . . פּאַמעלעך, מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ, ניט קימערנדיק זיך אַפילו צי הערט ווער זיינע טריט, איז שמואל אַרומגעגאַנגען גאָסיס שטוב אויפן וועג צו זיין אויטאָמאָביל. איצטער אַריינגיין איז ער אַ פאַרלאָרענער. ער טאָר זיך ניט ווייזן, אָבער עס מוז נעמען אַ סוף. ער האָט געקראָגן אַ בריוו פון איר אַדוואָקאַט. גיין צו אים, צו זיין אַדוואָקאַט אויך. אַזוי קען עס ווייטער ניט גיין.

ער איז געזעסן ביי זיין אַדוואָקאַט, קוים געהערט וואָס יענער האָט גערעדט, ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט שמואל שווער

אַרויסגעבראַכט — וואָס איך וויל וויסן, איז אָט וואָס: איז דאָ אַזאַ געזעץ לויט וועלכן מ׳קען מיך צווינגען איך זאָל זיך גטן מיט מיין ווייב, חתונה האָבן מיט דער, מיט גאָסין? אַזאַ געזעץ איז ניטאָ? דאַן איז דאָס איבעריקע אַ קליייניקייט.

— ניט אַזאַ קליייניקייט ווי איר דיינקט. ניטאָ קיין געזעץ אַ מוטער זאָל אָוועקגעבן איר קינד אויב זי וויל דאָס האָבן פאַר זיך.

— זי וויל ניט דאָס קינד.

— זייט איר זיכער אין דעם?

— זי איז ניט קיין מאַמע, — האָט ער געזאָגט מער פאַר זיך ווי צום אַדוואָקאַט.

זעענדיק אַז דער אַדוואָקאַט באַנעמט ניט וואָס ער רעדט, האָט ער זיך אָנגעשטריינגט דערקלערן. — ניט יעדע פרוי איז אַ מוטער. לאה, מיין פרוי, זי איז אַ מוטער, אַפילו צו מיר איז זי צייטנווייז אַ מוטער, די איז עס ניט. איך קען זי. ניט אין איר נאַטור. זי האָט גאָר ניט געוואָלט קיין קינד. ניין, זי האָט עס ניט געוואָלט. איר פאַרשטייט? מיר האָבן ביידע געטון דיזעלבע זאַך, — האָט שמואל אויסגעשטעלט די אָנווייזנדיקע פינגער ביינדל צו ביינדל, די פינגער געעפנט, — אָבער איך האָב אינזינען געהאַט איין זאַך — אַ קינד, און זי האָט אינזינען געהאַט אירס — אַ מאַן, און דאָס וואָס זי וויל איצט — אַ מאַן, און איך בין ניט זיכער אַז דוקא מיך. פאַרגעסט ניט, איך בין דער . . . פערטער. זי איז ניט קיין שלעכטע פרוי. דאָס איז פשוט איר נאַטור. ברעכן דעם מאַן, דאָס וואָס זי וויל. צעבראָכן, איז אַוועקגעוואָרפן, אָט ווי אַ קינד אַ שפּילכעל. ד אָ ס שפּילכעל, — האָט ער אַ וויין געטון אויף זיך, — איז ניט אַזוי גרינג צעברעכן, כאָטש, איין גאָט ווייסט, מיר איז שווער, זייער שווער . . .

אַ דערשעפּטער פון אַזוי פיל רייד, האָט שמואל זיך אַפּגעוואָרפן אויפן ווענטל פון שטול.

— זי האָט אייך ניט געקענט ברעכן, ווילט איר זי ברעכן.

— ? ? ?

— צונעמען ביי איר דאָס קינד.

— דאָס וועט זי ניט צעברעכן, — האָט ער מיד געזאָגט. אוי, די אַדוואָקאַטן! האָבן ק י י ן שכל. — זי איז ניט קיין נאַר, זי ווייסט אַז זי האָט פאַרלוירן. איך בין אַוועקגעגאַנגען און צוריק וועל איך שוין

נישט קומען, דאָס ווייסט זי. זי׳ט זוכן אַן אַנדערן. זי׳ט עס מוזן טון. און אינגיכן. זי איז ניט קיין מיידעלע. דאָס קינד דאַרף זי ניט, עס וועט איר זיין אין וועג. זי האַלט עס נאָר פאַר אַ משכון, אַ משכון קעגן מיר. נו, דעם משכון בין איך וויליק אויסלייזן.

— איר מיינט געלט?

— גענוי דאָס.

— אפשר זייט איר גערעכט. אָפּן גערעדט, פון מיין געשפּרעך מיט איר האָב איך געקראָגן דעם איינדרוק אַז זי וואָלט זיך געלאָזט רעדן, איך האָב אָבער מורא אַז עס וועט אייך קאָסטן אַ היפּשע מטבע.

— וויפיל?

— וואָס ווייס איך? מיר זיינען די „קויפער". זי דאַרף שטעלן דעם פּרייז, מיר דאַרפן אָפּדינגען. דאַרפן רעדן צו איר אַדוואָקאַט.

— ער געפעלט מיר ניט.

— פאַרוואָס?

— ער איז צו שאַרף.

— אָהו! — דער אַדוואָקאַט האָט אַ שמייכל געטון. — ער איז אַ ביסל צו שאַרף אין זיין ריידן, ער איז אָבער קיין „שאַרפער" אין זיינע עסקים. ער איז אַן ערלעכער מענטש, ער׳ט ניט טון קיין זאַך וואָס איז אומגעזעצלעך.

— דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן געזעץ, — האָט שמואל שוין אומגעדולדיק אַ זאָג געטון. — מיר פּרואוון דאָך שליכטן דעם ענין אויסערן געריכט. עס איז אַ פראַגע פון מאַכן אַ סוף.

— ווי הויך קענט איר גיין?

— איר ווייסט מיין סטאַטוס, מיינע געשעפטן.

דער אַדוואָקאַט האָט אַ ריב געטאָן זיין קין. אָט די באַוועגונג האָט קלאָר געזאָגט שמואלן: מיט דעם פאַרמעגן וועסטו ווייט ניט פאַרפאָרן. שמואל האָט בעטנדיק אַ קוק געטון אויפן אַדוואָקאַט: אדרבה, גיב אַן עצה.

— וואָס איז מכוח אייער זונס אינשורנס פּאַליסי?

שמואל האָט זיך אַ צאַפּל געטון. — דאָס? דאָס וואָלט איך ניט געוואָלט טשעפּען. זיין קוק — אַ געבעט; אַלץ יאָ, נאָר דאָס ניט. ווען ער האָט געקראָגן די צען טויזנט דאלאר אַ פּאָר חדשים נאָך זיין זונס טויט, האָט ער אַ חודש צייט אַרומגעטראָגן דעם טשעק

אין בוזעם קעשענע, אים ניט געוואָלט אַפילו אַריינלייגן אין באַנק, און ווען ער האָט אים שוין דעפּאָנירט, האָט ער ווי פאַרגעסן אָן דעם, ניטאָ, גאָרניט אַנגעקומען קיין טשעק, צו דערזעלבער צייט האָט ער טאָג איין טאָג אויס געטראַכט וואָס אַזוינס קען ער טון, וואָס קען ער עפּעס אויפטון מיט דעם געלט, עס זאָל פאַראייביקן אהרעלעס נאָמען. ער האָט גאָרניט אויסגעטראַכט און דאָס געלט איז געליגן, אָבער דאָס איז ניט געווען זיין געלט, דאָס איז א ה ר נ ס, איצטער וויל מען דאָס ביי אים צונעמען.

— איך האָב מורא איר׳ט זיך דאַרפן שיידן מיט דעם, — האָט דער אַדוואָקאַט אַ זאָג געטון מיט אַ מינע, וואָס האָט קלאָר געזאָגט: דער „איך האָב מורא״ איז בלויז אַ ביסל שאָקאָלאַד אַרום דער ביטער־רער פּיל. — סיי ווי, איך וועל אָנקלינגען איר אַדוואָקאַט. אייך לאָזן וויסן.

ביי איר אַדוואָקאַט איז גאָסי געזעסן און געהערט: — „איר קענט ברייינגען דעם פערד צום ברונעם, איר קענט אים אָבער ניט מאַכן צום טרינקען״, און, אויף וויפיל איך קען אורטיילן, איז ער אַ האַרטנעקי־קער מויל־אייזל, איין מאָל באַשלאָסן, וועט ער פון זיינס ניט אָפּטרעטן.

— איך וועל אים נ י ט אָפּלאָזן.

— זייט איר נאָך אַלץ פאַרליבט אין אים?

— פאַרליבט? איך האַס אים.

— אה. הייסט עס, איר האָט אים נאָך אַלץ ליב.

— אים קיינמאָל ניט ליב געהאָט. איין מאָל האָט זיך מיר ג ע ד ו כ ט אַז איך האָב אים ליב, איצטער האַס איך אים. איר הערט? איך האַס אים!

— און איר ווילט ער זאָל מיט אייך חתונה האָבן?

— יאָ, און איך וויל ער זאָל מיט מיר חתונה האָבן, כדי אין אַ חודש אַרום זאָל איך אים אָפּגטן. איצט פאַרשטייט איר שוין.

— דעם אמת געזאָגט, איז עס אַ ביסל צו קאָמפּליצירט פאַר מיר צו פאַרשטיין, — האָט דער אַדוואָקאַט, ניט אָן פאַרדרוס גע־ענטפערט, — חתונה האָבן כדי צו גטן . . .

— פאַרוואָס זאָל ע ר אויספירן? איך בין שטאַרקער פון אים.

— איר דיינקט אַזוי?

— איך האָב אַ טויז טרומף אין האַנט. איך האָב דאָס קינד.

— דאָס האָט איר טאַקע, אָבער צי איז עס אַ טויז טרומף, ווי איר דיינקט, צווייפל איך, צווייפל זייער שטאַרק.

— איך בין זיכער.

דעם אַדוואָקאַט האָט שוין פאַרדראָסן איר פאַרריסנקייט. איר אָפּשלאָגן די פליגל.

— איר ווילט גיין אין געריכט?

— מיך אַרט ניט, אַבי איך זאָל אויספירן מיינס.

— דאָס איז נאָך אַ פראַגע. לאָמיר זיך פאָרשטעלן איר גייט אין געריכט. די צייטונגען האָבן גראַדע דאַן ניט קיין וויכטיקן מאָרד, אָדער עפּעס ענלעכעס, כאַפּן זיי זיך אָן אין אייער געשיכטע, צעלייגן עס אויף טעלערלעך, שמירן אַזוי פיל אַז מ׳פאַרשמירט אייער גאַנצן פּנים.

— דאָס אַרט מיך זייער ווינציק.

— זייט ניט אַזוי זיכער אין דעם. פון אַזאַ פּובליסיטי קומט קיין געזונט ניט צו. איר זייט ניט קיין אַקטריסע פון האליוואוד . . . אָבער לאָמיר שוין זאָגן אַז דאָס גייט אייך ניט אָן, איר קומט אין געריכט. און דער ריכטער, אַן אַלטער דונדער, באַשטימט אַז אַ פרוי וואָס האָט געהאַט אַ קינד אָן חופּה וקידושין איז ניט קיין אידעאַלע דערציִערין פון אַ קינד, וואָס דאַן?

— איך וועל אים דאָס קינד ניט געבן. דאָס אַלעס, — האָט זי אַ שניט געטון, פאַררויכערט אַ ציגאַרעט און אַ לייג געטון אַ קני איבער אַ קני. דער אַדוואָקאַט האָט דערזען די „שער" וואָס די קני האָבן אויסגעשניטן, פאַר אים האָט אַ שוועב געטון די סצענע, איינמאָל טאַקע דאָ אין אָפיס, ביים גאַנג אַיר פון צווייטן מאַן, ווען ער אַליין איז שיר ניט געשטרויכלט געוואָרן מיט איר, און מיט אַ פאַרטרוילעכן, אינטימען טאָן, צו דערזעלבער צייט ניט אָן אַ ציניִשער אָנצוהערעניש, אַ פרעג געטון: זאָגט מיר . . . גאָס, זאָגט מיר אָפן, ווילט אירווירקלעך האָבן דאָס קינד?

— פאַרוואָס פרעגט איר עס?

אַ זעלבסטצופרידענער שמייכל האָט באַלויכטן דעם אַדוואָקאַטס פּנים. ער האָט געטראָפן. ער קען זי. ער קען מענטשן. — איך פרעג עס דערפאַר, — האָט ער שוין גערעדט ערנסט, אויטאָריטאַטיוו, — ווייל מיר דוכט זיך אַז איר זייט גאָרניט אַזוי משוגע פאַרן קינד.

— איך בין אַ מוטער.

— צופעליק . . .

— ניט אַזוי צופעליק ווי איר דיינקט . . . דער פֿאַקט איז, איך האָב עס געוואָלט האָבן.

— און איצטער, אַז איר האָט דאָס קינד, האָט איר בדעה צו בלייבן אַ . . . יונגע מוטער אייער גאַנצן לעבן?

— איך וועל ניט שווערן אַז יאָ. איך בין געווען אַ נאַר, דאָס אַלעס. געמעגט געווען האָבן מער שכל. אָבער פֿאַרפֿאַלן.

— הערט, גאָס, איר זייט נ י ט קיין נאַר, איר האָט אַ גוטן גראַדן שכל, טאָ לאָמיר רעדן שכלדיק. איר'ט חתונה האָבן. מיט אַזאַ פּנים, מיט אַזאַ . . . טעמפּעראַמענט . . . איר'ט פּרואוון נאָכאַמאָל, ניט אַזוי? נאַטירלעך וועט איר פּרואוון, און איך האָף, איר וועט האָבן מער מזל, אָבער חתונה האָבן מיט אַ פּיצל קינד אויף די הענט — זייער ניט קיין גוטער נדן. איר קענט קריגן אַ בעסערן, אַ סך אַ בעסערן.

— איר מיינט געלט?

— געווי.

— ער האָט גאָרניט.

— ער האָט אַ געשעפֿט.

— געשעפֿט, — האָט זי מבטל געמאַכט שמואלס מעבל פֿאַבריק.

— דער אמתער געשעפֿטסמאַן. פֿאַרדינט קוים אויף זיין אויסקומעניש.

— ער האָט אַ הויז.

— און ווי גרויס איז דער פֿאַרך דארויף, דער מאָרטגעזש?

— און ער האָט אַן אינשורנס פּאָליסי פֿון זיין זון.

— דאָס האָט ער.

— וויפֿיל, ווייסט איר?

— איך ווייס ניט גענוי. קיינמאָל מיר ניט געוואָלט אויסזאָגן, ניט געוואָלט ריידן דערפֿון. איך בין זיך משער אַרום צען טויזנט.

— צען טויזנט דאָלאַר איז אַ פֿיינע מטבע.

— ניט גענוג. ניט גענוג פֿאַר מיר.

— איר האָט אַליין געזאָגט ער האָט ניט צופֿיל מער.

— מאַכט אים שוויצן. זאָל ער פֿאַרקויפֿן דאָס הויז, זאָל ער פֿאַרזעצן זיין ווייב, די אַלטע שקאַפּע . . . זאָל ער . . .

— ער׳ט שוין שוויצן ביי אונדז, פאַרלאָזט זיך אויף מיר. רופן זיין אַדוואָקאַט.

— אָט די לעמעשקע?

— איר׳ט זיין איבערראַשט, — האָט דער אַדוואָקאַט געשמייכלט.

— אָט די לעמעשקע, ווי איר זאָגט, ווייסט געזעץ.

— אפשר. איך צווייפל. צווייפל זייער שטאַרק. אָבער וועמען אַרט עס? קענט רעדן מיט אים וויפיל איר ווילט, דער עיקר איז — איך קריג מיינס. איך קריג פופצן טויזנט נעט. ער צאָלט אייך.

— וועגן דעם דאַרפט איר זיך ניט זאָרגן. די הויפט זאַך — געשליכטעט. אייך לאָזן וויסן אין אַ פּאָר טעג אַרום.

אין דריי טעג אַרום איז שמואל גאָלדפאַרב מיט זיין אַדוואָקאַט געזעסן ביי איר אַדוואָקאַט אין אָפיס, געהערט ווי יענער האָט דער־ציילט ווי שווער עס איז אים אָנגעקומען, אָבער ענדלעך געפּועלט ביי איר, פאַר צוואַנציק טויזנט דאָלאַר וועט זי . . .

— צוואַנציק טויזנט! — שמואל האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, אַ קוק געטון אויפן אַדוואָקאַט און געווענדעט דעם בליק צו זיין אַדוואָקאַט.

ביידע אַדוואָקאַטן — צוויי מעקלערס — האָבן זיך גענומען דינגען. שמואל האָט דערהערט „אינשורנס פּאָליסי״ און אים האָט פאַרקלעמט ביים האַרצן. באַלד האָט דער קלעם נאָכגעלאָזט. ער האָט באַשלאָסן. נאָך גייענדיק אַהער האָט ער באַשלאָסן. דאָס געלט איז אהרעלעס, און ער גיט עס אהרעלען. ניין, ער נוצט עס ניט פאַר זיך, פאַר אהרעלען נוצט ער עס, ער לייזט אויס אהרעלען.

מ׳האָט זיך אויסגעדונגען — פופצן טויזנט.

— מסכים, — האָט שמואל קורץ אַ זאָג געטון. — אין דריי טעג אַרום ברייננג איך אַ קאַסירערס טשעק, אָבער מיט איין תנאי: זי זאָל אונטערשרייבן אַ פּאַפּיר אַז זי האָט צו מיר קיינע טענות ותביעות.

— דאָס פאַרשטייט זיך — האָבן ביידע אַדוואָקאַטן אונטער־געכאַפּט.

— און זי זאָל ברייננגען דאָס קינד אַהער.

— אַהער?!

— יאָ, אַהער, דאָ אין אָפיס, מיטן וויגעלע. איר׳ט מיר טעלע־פאָנירן, ווען איך אין אַ צען מינוט קומען עס נעמען.

ביידע אַדוואָקאַטן האָבן זיך איבערגעקוקט, געשמייכלט.

— דאָס ערשטע מאָל אַז איך קריג אַזאַ „עסקראָו“, — האָט דער אַדוואָקאַט געשמייכלט. דערזעענדיק שמואלס אַנטשלאָסענע מינע, האָט ער צוגעגעבן — איך גלויב מיר קענען דאָס דורכפירן. איך גלויב אַזוי. איר זייט ניט ווייט פון דאַנען? איז גוט. בלייבט עס אַזוי. און יאָ, אונדזער שכר טרחה. איר צאָלט, נאַטירלעך, מר. מאָשקאָוויטשן, אָבער אויך מיר. דאָס איז געווען איר באַדינג. זי וויל קריגן די סומע נעט.

— וויפיל? — האָט שמואל אַרויסגעזיפצט פון צווישן די ציין.

— ניט קיין סך. פינף פּראָצענט. — דערזעענדיק שמואלס אויפ־געריסענע אויגן, האָט ער שנעל צוגעגעבן — דאָס וועט שוין גיין פאַר אונדז ביידן. מיר׳ן זיך שוין אויסגלייכן. איז אָלרייט?

— אָלרייט, — האָט שמואל אַ וואָרף געטון און, ניט וואַרטנדיק אַפילו אויף זיין אַדוואָקאַט, איז ער אַרויס פון אָפיס.

(10)

שמואל איז געפאָרן אַזוי פאַמעלעך, אַזוי פּאַרזיכטיק, אַט ווי ער וואָלט געפירט אין אויטאָמאָביל אַ טאָן אויפרייס מאַטעריאַל. הענט אויפן רעדל, אויגן אויפן וועג. האָבן נאָך אַ פּאָר אויגן אין נאַקן געקוקט צום קינד און פון צייט צו צייט האָט ער אַ קער געטון דעם קאָפּ צום וויגעלע מיטן קינד. אַריינגעפירט דאָס וויגעלע אין שטוב, האָט ער פון דאָרט אַרויסגענומען דאָס קינד ווי אַ פרומער ייד נעמט אַרויס דעם אתרוג פונם קעסטעלע מיט וואַטע. ער האָט איבערגעגעבן דאָס קינד לאהן און זיך איינגעזעסן אין איר מיט די אויגן.

דורך פאַרטערטע אויגן האָט לאה געקוקט אויפן קינד. איר אויבערשטע ליפּ איבערן פאַרמאַכטן מויל האָט זיך באַוועגט.

— אהרעלע! — האָט שמואל אויסגערופן.

פון לאהס אויגן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט צוויי טרערן. זי האָט צוגעטוליעט דאָס קינד צום ברוסט, דאַן גענומען עס קושן.

— מ׳דאַרף אים געבן עסן, — איז שמואל מיט אַמאָל געוואָרן

זייער רירעוודיק. ער האָט זיך גענומען פאָרען אין וויגעלע, אַרויסגעצויגן פון דאָרטן אַ ליידיק פלעשל מיט אַ ניפּל דארויף.

— מאַכן אַ פלעשל, — האָט ער איילעק אַ זאָג געטון, געוואָלט זיך אַ לאָז טון אין קיך. דאָס קינד האָט אַ וויין געטון, איז ער געבליבן שטיין. לאה האָט אַריינגעלייגט דאָס קינד אין וויגעלע, עס איינגעשטילט, שמואל איז געשטאַנען מיטן פלעשל אין האַנט, צוגעקוקט, אַכטונג געגעבן צי דאָס קינד האָט טאַקע אויפגעהערט וויינען און, אין תוך, ניט געוואוסט וואָס ער דאַרף טון.

— וואָס שטייסטו? — האָט לאה זיך אַ קער געטון פון וויגעלע צו אים.

— מ׳דאַרף מאַכן אַ פלעשל.

— מאַכן, — האָט לאה אַ זאָג געטון. אין דער אָפּגעהאַקטקייט פון דעם וואָרט — מאַכט אַ ווען פון אַ פלעשל, און איבערגענומען דאָס פלעשל פון זיין האַנט.

— דאַרף נאָך צולויפן אין שאַפּ אַריין, — האָט זיך שמואל געכאַפּט און פאַרקוקט צום וויגל. זיין קוק — קען איך זיך פאַרלאָזן?

— נו, טאָ גיי, וואָס שטייסטו? — האָט לאה אים שוין אונטערגעיאָגט.

שמואל האָט אַ קוק געטון אויף לאהן. אין אירע אויגן האָט ער דערזען אַ שימער פון אַ שמייכל, און אָט דער שמייכל וואָס האָט אייגנטלעך געזאָגט: אָט אַ נאַרישער מאַן! האָט אים אַזוי אַ בלענד געטון אַז ער האָט געפילט ווי צופאַלן צו איר, איר אויסקושן די אויגן. ער האָט ווידער אַ קוק געטון אויף איר און אויף גיך אַרויס פון שטוב.

לאה האָט אַרויסגענומען מילך פון אייז קאַסטן, אַרויפגעשטעלט אויפן אויוון אָנוואַרעמען אַ ביסל, האָט אַ נעם געטון דאָס פלעשל אַנטקעגן דער ליכט. דאָס פלעשל, האָט זי געזען, איז ריין, איר האַנט אַרום פלעשל האָט פונדעסטוועגן זיך ווי פאַרטראַכט. שטייענדיק שוין מיטן פלעשל ביים אויוון, האָט זי געפילט ווי טרערן גיסן זיך פון אירע אויגן: ווען זי זאָל קענען געבן דעם קינד די ברוסט . . .

דאָס קינד האָט געזויגן אַ ביסל, אָפּגעוואָרפן דאָס פלעשל פון זיך. לאה האָט עס אויפגעהויבן, געשטופּט דעם קינד אין מויל אַריין

דעם ניפל. דאָס קינד האָט אַ דריי געטון מיטן קעפּל, גענומען מאַכן פּיסקעס, זיך צעוויינט.

— נו שאַ, נו שאַ, איז ניט, — האָט זי מוטערלעך גערעדט און אַריינגעשטעקט דאָס קאָלדרעלע אונטער די זייטלעך. ווען דאָס קינד האָט פּאָרט ניט אויפגעהערט וויינען, האָט זי ביייזלעך אַ זאָג געטון — דו, דו, ישמעאל, שווייג! זיי שטיל! — אַרויסגעזאָגט, האָט זי אַ דריי געטון דעם קאָפּ, באַלד זיך ווידער געקערט צום קינד — נו שאַ, שאַ, מיין קינד.

זי האָט גענומען טרייסלען דאָס וויגעלע, וויגן דאָס קינד, אונ־טערברומענדיק אַה, אַה, אהרעלע.

אַה, אַה, אהרעלע . . .

# קינדער

— זע נאָר ווער ס׳איז דאָ! די ניסיעס מיט די גיסיעס. וואָס מאַכן עפּעס די ניסיעגיסיעס?

ניסיע און גיסיע קאַפּלאַן זיינען געווען אַ פּאָר פּאַלק, האָבן שוין געהאַט אַ קינד, באַקאַנטע האָבן זיך אָבער געוויצלט איבער זיי, אַז ווען גיסיע איז געגאַנגען צוקינד האָט ניסיען געגרימט אין בויך, אָדער, אַז ניסיע הויבט אָן ניסן, הויבט גיסיע אָן גיסן —ביידע פאַרקילן זיך גלייכצייטיק, אַז מ׳שמועסט אַ צווילינג איז דאָך ניט שייך.

ביידע זיינען געווען קליין געוואקסן, רירעווודיק, ברונעט, מער ניט, זיינע האָר — געלאָקט, אירע — גלאַט; ביידנס אויגן טונקל ברויך, נאָר אירע אויגן זיינען געווען ברייטער צעשטעלט. דאָס, און די שאַרפע באַקן ביינער האָבן צוגעגעבן איר פּנים עטוואָס כינעזישעס. אויך איר קין איז געווען ברייטער פון זיינעם, האָט זי אויסגעזען שטאַרקער, אַנטשלאָסענער פון אים. מ׳האָט זיי דאָך געקענט גיכער אָננעמען פאַר שוועסטער און ברודער ווי פאַר מאַן און ווייב, און ווער עס האָט זיי גערופן די ניסיעס מיט די גיסיעס, ווער פּשוט — דער צווילינג.

קיין צווילינג מבטן ומלידה זיינען זיי ניט געווען, אָבער ווען ביידע האָבן גענומען שטעלן די ערשטע טריט האָבן זיי זיך שוין באַגעגנט. שוואַך אויף די פיס, זיינען זיי מיט די הענטלעך אַריינגעפּאַרן איינער דעם צווייטן אין פּנים, זיך צעבוצקעט, זיך צעוויינט און באַלד זיך געשפּילט, די מאַמעס האָבן געקוקט, געשמייכלט.

וואָס עלטער די קינדער אַלץ ווייטער פון די מאַמעס. מ׳האָט זיך געשפּילט אין באַהעלטעניש. ער האָט זיך באַהאַלטן הינטער אַ פּלויט, זי האָט אים באַדאַרפט געפינען, און ווען זי איז שוין געווען ביים פּלויט, אָט אָט אַנטדעקט זי אים, האָט ער מיט אַמאָל זיך אַ הויב

געטון, אָבער אנשטאט אויסרופן: האָסט מיך ניט געפונען! האָסט מיך ניט געפונען! האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ שאַרפן קוויטש, זיך פאַר־גאַנגען אין אַ הילכיקן געוויין. אויפהויבנדיק זיך, האָט ער זיך פאַר־טשעפּעט אָן אַ טשוואָק, צעריסן איין קאַלאָשניע פון די הויזן און שטאַרק צעדראַפּעט די ליטקע.

— ווייז! לאָמיך אַ קוק טון! — האָט זי זיך געבעטן ביי אים. ער האָט אַרומגעטאַנצט אויף איין פוס, מיט איין האַנט געריבן די צעריסענע ליטקע און ניט געלאָזט זיך צורירן. זי האָט אָפּגעריסן זיין האַנט פון דער ליטקע און, דערזעענדיק דעם בלוטיקן ריס, האָט זי אַזש אַ ציטער געטון. זי האָט אים אַ כאַפּ געטון פאַר דער האַנט, גענומען לויפן, מיטציענדיק אים און כמעט אָן אָטעם אַריינגעפאַלן צו זיך אין שטוב. — מאַמע! ניסעלע! ניסעלע!

— וואָס איז? וואָס איז געשען?

— ניסעלע! — האָט דאָס קינד אָנגעוויזן אויף דער טיר, וואו ניסעלע איז געבליבן שטיין.

אַ דערשראָקענע האָט די מוטער זיך אַ לאָז געטון צום יינגל, באַקוקט די וואונד, גענומען אויסוואַשן, פאַרבינדן. גיסיע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען דערביי, אירע ענטלעך האָבן נאָכגעמאַכט די באַוועגונגען פון דער מוטערס הענט, געוואַשן, געבונדן, איר פּנימל האָט נאָכגעמאַכט די גרימאַסן פון ניסיעס פּנים ביז די ליטקע איז געווען פאַרבונדן. די וואונד האָט מער ניט וויי געטון, אָבער די קאלאשניע איז געווען צעריסן, און ווי ווייזט מען זיך פאַר דער מאַמע מיט צע־ריסענע הויזן?

— וועט זיך פאַרהיילן, — האָט די מוטער לייכט אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט דעם גאַנצן ענין. — ווייטער היט זיך. אַ טשוואָק, זאָגסטו, איז עס געווען? ניט קיין פאַרזשאַווערטער? וועט גאַרניט זיין. וועט זיך פאַרהיילן ביז דער חתונה. גיי, זוניו, אַהיים, די מאַמע וועט דיר פאַרריכטן די הויזלעך.

ניסיע האָט ניט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן חשק גיין אַהיים. ער איז געשטאַנען מיט אָן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, געקוקט אויף דעם גוואַלד־ריס אין די הויזן.

— ער האָט מורא גיין אַהיים, די מאַמע וועט אים שלאָגן, — האָט דאָס מיידעלע אַרויסגעזאָגט אין אַ וויינערישן, אָבער זיכערן טאָן.

— אים שלאָגן? די מאַמע וועט אים ניט שלאָגן.

— אָבער ער האָט מורא! — האָט זיך דאָס קינד איינגעשטעלט פאַר איר חבר. די מוטער האָט אַ קוק געטון אויף איר קינד: ווי דאָס שטעלט זיך איין פאַר אים! און אפשר ווייסט זי בעסער. זי האָט אַ נעם געטון דאָס פינף יאָריקע יינגל פאַרן הענטל. — קום! איכ׳ל גיין מיט דיר. די מאַמע וועט דיך ניט טשעפּען. — דעם יינגלס הענטל אין טעמעס האַנט — בידך אפקיד רוחי. ווען גיסיע האָט זיך אויך גע־לאָזט גיין, האָט די מוטער זי אָפּגעשטעלט — דו בלייב אין שטוב! כ׳קום באַלד צוריק.

חנה קיילע האָט געוואוינט די דריטע טיר פון טעמען. דער־זעענדיק טעמע פירט איר יינגל, איז איר איינגעפאַלן אַז ער האָט עפּעס אָפּגעטון, טעמע קומט עס אים אָנקלאָגן, און אַ רוגז אויף דער שכנה האָט גענומען אויפוועלן. ווען זי האָט אויסגעהערט וואָס עס האָט פּאַסירט, אַ שאַר געטון די קאַלאשניע, דערזען די פאַרבונדענע וואונד, האָט די רוגז כוואַליע זיך אַ טראַג געטון אויף איר קינד. — צעריסן אַ פּוס, האָסטו ניט געקענט קומען אַהיים צו דער מאַמע?

— אַניט איז ער געקומען? — איז טעמע געוועזן זיין מליץ יושר, — דאָס האָט אים מיינע געבראַכט צושלעפּן פאַרן הענטל. איר וואָלט באַדאַרפט זען, אַריינגעפאַלן אין שטוב ניט טויט, ניט לעבעדיק: מאַמע! ניסעלע! געמיינט, באַהיטע גאָט, איך ווייס וואָס. נאָכדעם האָט זי רק געציטערט טאָמער וועט איר אים חלילה מקיים פסק זיין, געמוזט אים אָפּפירן.

— ציטערט פאַר איר מאַן, — האָט חנה קיילע אַ זאָג געטון מיט אַ טאָן אין וועלכן עס איז געווען אי שפּאָס, אי פאַרדרוס. חנה קיילע האָט געשטאַמט פון אַ גרעסערן יחוס און איר איז שוין באַצייטנס ניט אָנגעשטאַנען דער שידוך.

— אַלץ הייסט ציטערן, — האָט טעמע געענטפערט מיט אַ שמייכל און, דערהערנדיק ווי עמיצער גראַבלט די טיר, האָט דער שמייכל פאַרדעכטיק זיך צוריקגעצויגן. ווען די טיר האָט זיך עטוואָס געעפנט און גיסיע האָט אַריינגעשטעקט דאָס קעפּל, האָט די מוטער אַ שפּאַן געטון צו איר: כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט . . .

— דער טאַטע איז געקומען, — האָט דאָס קינד פאַרכאַפּט איר די רייד.

די מוטער האָט אַ נעם געטון דעם קינדס הענטל, זי אַ צי געטון — קום! — נאָכגייענדיק דער מוטער, האָט זי אויסגעדרייט דאָס קעפּל, אַ קוק געטון אויף ניסעלען.

— כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט זאָלסט זיין אין שטוב, — האָט די מוטער פאַרגעוואָרפן.

— איך בין גע וו ע ן אין שטוב. דער טאַטע איז געקומען. זי האָט אים ניט געשלאָגן.

די מוטער האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ, אירע אויגן האָבן אָנגע־טראָפן דעם קינדס אויגלעך, זיי האָבן פאַרזאָרגט געמאָנט: זאָג, ניט געשלאָגן?

— ניט געשלאָגן, — האָט די מוטער בייזלעך געענטפערט, — אַ מאַמע שלאָגט ניט.

איר הענטל אין דער מוטערס האַנט, האָט דאָס קינד אונטערגע־טענצלט. „אַ מאַמע שלאָגט ניט“. דער „מאַמע“ איז דאָס גוט אַריין אינזינען.

מ׳האָט זיך געשפּילט אין טאַטע־מאַמע. גיסיע האָט ערגעץ פאַ־ציאַפּעט אַן אַלטע שאַל און אונטער דער שאַל זיינען „טאַטע־מאַמע“ געשלאָפן. דער טאַטע איז געשלאָפן ניט אַזוי רואיק. אַז האָט זיין באַק אָנגערירט אירע, אַז איז זיין מויל געוועזן לעבן איר האַלז, האָט זי אים איינגעדעקט, איינגעמאסטעט בעסער און זיין פּנים איז גאָר געווען אויף איר ברוסט, זיין נעזל איינזאַפּנדיק דעם געדוך פון איר לייב. נאָכדעם ווי טאַטע־מאַמע זיינען אויפגעשטאַנען איז אַ קינד געבוירן געוואָרן. פון דער אַלטער שאַל מיט נאָך אַ פּאָר שאַלעכלעך איז עס פאָרמירט געוואָרן, דער טאַטע האָט אָבער דערביי גאָרניט געקענט אויפטון, דאָס קינד איז געווען א י ר ס. אָפּילו ווען זי האָט עס געלייגט שלאָפן, פאַרוויגט, האָט זי ניט צוגעלאָזט דעם טאַטן צום בעטל. — דו ביסט דער טאַטע! — האָט זי אים געוויזן זיין פּלאַץ און גנעדיק אים געלאָזט שטיין פון ווייטן, צוקוקן. דאָס קינד איז ניט איינגעשלאָפן, האָט זי עס געוויגט, געזונגען: אַה־אַה־ליו־ליו, אַפילו אָנגעשריען: שלאָף! שלאָגן אָבער, דאָס ניט. אַ מאַמע שלאָגט ניט. דעם טאַטן איז נמאס געוואָרן סתם שטיין און קוקן, האָט ער געכאַפּט ערגעץ אַ שטעקן, גענומען פאָרן אויף אים רייטנדיק, געשמיסן דעם פערד מיט אַלע כוחות, געשריען, געיאָגט דעם פערד און פונדעסטוועגן

געכאַפּט אַ קוק צי זעט זי ווי ער פאָרט עס רייטנדיק. אודאי האָט זי געזען. זי האָט שוין געקוקט, מיט די אויגן געבעטן: איך וויל אויך פאָרן, ער האָט אָבער כלומרשט ניט געזען, געפאָרן נאָך שטאַרקער, ערשט ווען זי האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ, זיך געלאָזט כלומרשט גיין אַהיים, איז ער אונטערגעפאָרן מיט אַ קנאַק, קוים מיט צרות אָפּגע־שטעלט דעם פערד. זי האָט אַ צי געטון דעם שטעקן, האָט ער אַ פּאַטש געטון איר הענטל. זי קען ניט פאָרן. זי איז אַ מיידל. אַ מיידל פאָרט ניט רייטנדיק. בלויז ייִנגלעך פאָרן.

— איך קען יאָ פאָרן! — האָט זי אַ טופּע געטון מיטן פיסל.

— קענסט ניט. ווּעסט אַראָפּפאַלן. דער פערד איז אַ ווילדער פערד. — ער האָט אונטערגעהויבן דעם פאָדערשטן עק פון שטעקן און דער פערד האָט געציטערט, ניט געקענט איינשטיין.

— כ׳וועל ניט אַרונטערפאַלן. איך וועל . . . זיך אָנהאַלטן אָן דיר. — איר קוק — געפעלט דיר?

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף הינטן — אפשר אַ פּלאַן. זי האָט עס אָנגענומען ווי אַן איינלאַדונג, אַ הויב אַ פיסל און זי איז שוין געזעסן הינטער אים, איר הענטל האָט געצויגן זיין העמדל — פאָר! דער פערד האָט זיך צעיאָגט, האָט זי אַרומגעכאַפּט דעם טרייבער ביים גאַרטל. דאָס האָט שוין דער פערד ניט געקענט פאַרטראָגן, ער האָט זיי ביידן איבערגעקערט, און זיי האָבן זיך געקייקלט, געקייקלט און געלאַכט, זיך געקייקלט פון געלעכטער.

ניט אַלע מאָל האָט זיך אַ נסיעה, אַ שפּיל געענדיקט מיט גע־לעכטער. פּסח. ביידע האָבן ניס. מ׳ציילט ווער עס האָט מער, מ׳בייט זיך מיט ניס, ער איר — אַ גוט באַנקעלע, זי אים — אַ גרויסן נוס, דער גרעסטער נוס וואָס איז דאָ. זי האָט טאַקע געלאָזט פאַר זיך נאָך איין נוס, אַ גרעסערן פון דעם, אָבער דערפון ווייסט ניט ניסיע, פונקט ווי גיסיע ווייסט ניט אַז פאַר זיך האָט ניסיע איבערגעלאָזט נאָך אַ בעסער באַנקעלע, גלאַט ווי אַ מירמעלע און שווער ווי אַ שטיין. מיט אַזאַ באַנקעלע . . .

— מיט אַזאַ באַנקעלע נעמט ניסיע שפּילן מיט איר אין רעדל — אַ קרייז געמאַכט מיטן פינגער אין זאַמד. זיין באַנקעלע גייט אַריין אין רעדל, ער געווינט, איר באַנקעלע קייקלט זיך אַזוי גיך, אַזוי גוט, עס בלייבט אָבער אויפן רעדל, ניט אַריין, ניט אַרויס. ביידע לאָזן

זיך אַרונטער אויף די קני, קאָפּ רירט אָן קאָפּ, מ׳דאַרף גוט זען, באַ־שטימען גענוי צי דאָס ניסל איז אויף אָדער אַריבער דעם גרענעץ. אַ גרענעץ אינצידענט, וואָס קען ניט געשליכטעט ווערן פרידלעך צווישן די צוויי פעלקער — ייִנגל און מיידל — און די מלחמה ברעכט אויס.ביידע כאַפּן די ניס, יעדערער כאַפּט דעם צווייטנס ניס, דאַרף מען זיי אַרויסרייסן. צעטראָטן דער גרענעץ, ניטאָ שוין מיינע ניס, דיינע ניס, ווער עס איז שטאַרקער דער רייסט אַרויס. ער איז שטאַרקער, זי איז אָבער פלינקער אויף די פיס, זי שפּרינגט שוין אים אין פּנים אַריין, אירע פינגער ציִען זיך צו זיינע באַקן, מיט די נעגל גראַבלען, דראַפּען. זיין באַק ברענט שוין, אָבער וועמען גייט עס אָן אַ באַק? איר צאָפּ! ער דאַרף זי בלויז אָנכאַפּן פאַרן צאָפּ. דאָן! איר צאָפּ אין זיין האַנט, ציט ער, שלעפּט איר קאָפּ, און זי גיט נאָך, מוז נאָכגעבן, אהו! איצטער!

— ני־סיע!

— גי־סיע!

מאַמעס שרייען. יעדע מאַמע שלאָגט איר קינד, וואַרפט אַ שנאה בליק, אַ שטיך וואָרט דער צווייטער, ביידע קינדער וויינען: ער האָט צוגעכאַפּט מיינע ניס! זי איז אַ דרייער! איר ניסל . . .

— זאָלסט שוין אַריין אין שטוב!

— שפּיל זיך מער ניט מיט . .

די מאַמעס קוקן זיך נאָך איבער מיט בייזע בליקן, פירן אַריין זייערע קינדער אין שטוב, און די קינדער — טויט ברוגז, זיי וועלן שוין קיינמאָל זיך מער ניט שפּילן. קיינ־מאָל מער, אָבער טאַקע קיינ־מאָל . . .

דער טאָג איז לאַנג, שרעקלעך לאַנג, שיר ניט לייִנגער פון דעם קיינ־מאָל, אָבער פאַרפאַלן — קיינ־מאָל וועלן זיי זיך ניט שפּילן מער. מיט דעם באַשלוס גייט מען שלאָפן. די נאַכט איז קורץ פאַרן קינ־דערישן, געשמאַקן שלאָף, אָבער אין דער קורצער נאַכט איז דער באַ־שלוס ווי איינגעשרומפּן געוואָרן. ער איז דאָ, אודאי איז ער דאָ, מער ניט, אַזאַ קלייניקער, אַזאַ פּיצעלע, קען זיך באַהאַלטן אין אַ . . . ניסל. שטייט שוין ניסן אין דרויסן, האַלט די האַנט אין דער קעשענע מיט ניס, רייבט זיי, טאַפּט זיין באנקעלע, און גיסיע שטייט אויך אין דרויסן, אירע ניסלעך אין פאַרטוך קעשענע. זיי שטייען סתם אַזוי זיך,

קוקן אין דער וועלט אַריין, און ווען סתם קוקן ווערט נמאס, נעמט מען שפּילן ניס פּאָר זיך . . . אָבער די ניס, אַזעלכע ווילדע, גייען גאָרניט וואוהין מ׳שיקט זיי, זיין ניסל לויפט אַוועק צו איר, איר ניסל צו אים, לויפט מען כאַפּן, צוכאַפּן די ניסלעך און . . .

— אַ גוט באנקעלע!

— איך האָב אויך!

— ווילסט זיך בייטן?

און מ׳בייט זיך, און מ׳שפּילט זיך, און מ׳שלאָגט זיך שוין מער ניט, מ׳רייסט זיך מער ניט „פּאָר די צעפּ״, שלום צווישן די פעלקער, צווישן דעם פּאָר פּאָלק.

דאָס פּאָר פּאָלק איז צעשיידט געוואָרן. מ׳האָט געוואוינט אין די זעלבע דירות, די מאַמעס, די טאַטעס האָבן זיך דורכגערעדט, דורכגעשמועסט, נאָך פריינטלעכער ווי ווען עס איז: וואָס מאַכט זי? האַלט נאָך אָן די היץ? אַזוי? און וואָס זאָגט דער דאָקטאָר? מירצעשעם, גאָט וועט העלפן. פאַרלאָזט זיך אויף אים. ניסיען האָט מען ניט צוגעלאָזט אַפילו נאָענט צו דער טיר, צום פענצטער פון גיסיעס הויז. מ׳האָט אים דערקלערט אַז גיסיע איז קראַנק, זייער קראַנק, האָט ער פאַרשטאַנען אַז מ׳איז קראַנק ליגט מען אין בעט, ער איז שוין אויך אַמאָל געליגן קראַנק אין בעט, אָבער פאַרוואָס קען ער ניט אַריינגיין צו איר, ליגן מיט איר אין בעט? איז ער דאָך שוין וויפל מאָל געליגן מיט איר, נו יאָ, דאַן איז ער געווען אַ קליינינקער, איצטער איז ער שוין אַ גרויסער, אין אַ יאָר אַרום וועט ער שוין לייגן תפילין, ער איז ניט קיין חמור־אייזל, ניין, ליגן מיט איר טאָקע ניט, אָבער זען זי! פאַרוואָס טאָר ער זי ניט זען? זי איז קראַנק. וואָס איז דאָס פאַר אַ קריינקן? טיפוס. טיפוס. וואָס איז טיפוס? זיי באַהאַלטן זי. איר מאַמע באַהאַלט זי. ער האָט פיינט איר מאַמע. און זיין מאַמע אויך. זיי לאָזן אים ניט צו צו איר. ער׳ט זיך אַריינגנבענען, דורכן פענצטער וועט ער אַריינקריכן.

דורכן פענצטער, דורכן קומען, דורך אַ שפּאַרונג האָט ער זיך דורכגעשפּאַרט, אַריין צו איר, זי איינגעקוטעט אין אַ שאַל, זי אַרויסגעטראָגן פון שטוב און אַנטלאָפן מיט איר אין וואַלד, זי דאָרטן באַהאַלטן. יאָ, אין וואַלד, דאָרטן האָט ער אויסגעגראָבן אַ קורין, זי אַוועק־

געלייגט און קיינער, קיינער ווייסט ניט וואו זי איז, נאָר ער אַליין, ער און זי . . .

יאָ, אַזוי וועט ער טון, נאָר דערווייל, דערווייל איז עפּעס אַזוי . . . ניטאָ מיט וועמען צו רעדן, מיט וועמען זיך שפּילן. די ייִנגלעך אין חדר? נו יאָ, אָבער גיסיע . . . ווען קומט זי שוין אַרויס! זי איז דאָך שוין בעסער, האָט ער געהערט. ער טאָר נאָך אַלץ ניט אַרייַנגיין, אָבער זי מעג דאָך אַרויסגיין, אָדער כאָטש צוגיין צום פענצטער.

ווען זי איז אין אַ שיינעם זומערדיקן טאָג אַרויסגעקומען און האָט אַ קער געטון דעם קאָפּ צו ניסיעס הויז, האָט זי אים דערזען, אָט ווי ער וואָלט געשטאַנען און געוואַרט אויף איר, געוואוסט אַז זי קומט אַרויס. טאָ פאַרוואָס שטייט ער און קוקט אויף איר פון דער־ווייטן? פאַרוואָס גייט ער ניט צו?

ניסיע איז געשטאַנען, געקוקט, געגאַפט: גיסיע און ניט גיסיע. אַזוי הויך אויסגעוואַקסן! און אויפן קאָפּ אַ טיכל, און דער פּנים . . .

דער שמייכל אויף איר פּנים האָט געצויגן, געריפן: קום! זיינע אויגן האָבן זיך ניט געקענט אָפּרייסן פון איר פּנים, די פּיס האָבן בלינד געטראָטן, ער איז שוין געווען לעבן איר. דאָס איז זי, גיסיע! אַן אַנדערע, דאָך זי, איר פּנים, איר מויל, און זי שמייכלט אַזוי . . . אַזוי . . .

— ביסט געווען קראַנק?

האָט ער דערלאַנגט די האַנט? האָט זי אָנגענומען זיין האַנט? ניט ער, ניט זי האָבן זיך געכאַפּט אַז זיי האָבן דאָס געטון, ביידע האָבן אָבער געפילט אַז די האַנט איז אַזוי ווייך, אַזוי וואַרעם, האַלטן די האַנט, זי האַלטן . . .

— יאָ, איך בין געווען קראַנק, זייער קראַנק, און דו?

זיין האַנט האָט זיך ממש אַרויסגעריסן פון אירער, דער קוק זיינער האָט זיך אַ ריס געטון צו אירע ווערטער, אַ ריס, און זיך אָפּ־געשטעלט, זיך אַרונטערגעלאָזט.

— דיך ניט געקענט זען. מ׳האָט מיך ניט צוגעלאָזט.

— מ׳האָט קיינעם ניט צוגעלאָזט. עס איז געווען טיפוס.

וואָס ווייסט זי ניט וועגן טיפוס! ער זיצט שוין מיט איר אויף דער פּריזבע און זי דערציילט אַזוי פיל וועגן דעם . . . טיפוס. ער הערט, אודאי הערט איר, איז איר אפילו מקנא וואָס זי האָט געהאַט

אַט דעם טיפוס, אָבער וואָס מער ער הערט אַלץ בייגיריקער ווערן זיינע אויגן — דאָס טיכל אויפן קאָפּ, וואָס איז דאָס?

האָט זי אויפגעכאַפּט זיין קוק?

— און די גאַנצע האָר פון קאָפּ זיינען מיר אויסגעקראָכן. — דאָס קול שיר ניט באַרימעריש, די האַנט וואָס האָט אַ שאַר געטון דאָס טיכל אויף אַרויף איז אַזאַ זיכערע, אָבער דער קוק אין די אויגן אַ פרעגערישער, אַ שרעקעוודיקער: געפעלט דיר . . . ניט . . . ?

— ניט די גאַנצע, — פאַרכאַפּט זי זיך, — אויסגעקראָכן ניט אַלע. דער דאָקטאר האָט געהייסן אָפּגאָלן. אָנוואקסן נייע, שענערע.

ביז די האָר וועלן אָנוואַקסן ציט זי דערווייל אַרויף דאָס טיכל אין איילעניש, אָבער גיסיע זעט נאָך אַלץ דעם גלאַטן קאָפּ. אַ גלאַטער קאָפּ. אָן איי. אַ גרויס איי. קיינמאָל ניט געזען אַזאַ קאָפּ, אים בייסט די האַנט, ער וואָלט געוואָלט אַ פיר טון, אַ גלעט טון דעם קאָפּ. ער וואַגט ניט. גיסיע געוואָרן גרעסער, אַנדערש, און ער אויך אַ גרויסער בחור. ניט שיין. אָבער דער קאָפּ אַזוי גלאַט . . . אַ גלעט טון . . .

איין טאָג, צוויי, דריי, די גרויסע מויד גיסיע און דער גרויסער בחור ניסיע זיינען ווידער געוואָרן קינדער, מ׳האָט זיך ווידער גע־שפּילט, דאָס טיכל אויף איר קאָפּ — איר היטל און, רייסט זי אַרונ־טער זיין היטל, טוט ער אַ ריס דאָס טיכל פון איר קאָפּ און זינגט צו:

כינ־קע, פינ־קע,<br>
גאָלער קאָפּ!<br>
נאַדיר אַ גראָשן<br>
פאַר דיין צאָפּ!

— כינ־קע, פינ־קע . . . — פּרוּאווט ער איבערזינגען נאָכאַמאָל.

כינקע, דאָס איז דער כינעזער, וועמען ער האָט איינמאָל געזען, אַ כינעזער, אַ מאַן מיט אַ צאָפּ, אַלע קינדער זיינען אים נאָכגעלאָפן, יעדער איינער האָט געוואָלט אָנטאַפּן דעם צאָפּ. גיסיע האָט אויך געהאַט אַ לאַנגן צאָפּ, ניט איין מאָל האָט ער אים אָנגעטאַפּט, געצויגן, איצטער — כינ־קע, פינקע, גאָלער קאָפּ! — אים געפעלט דאָס לידל אָבער פאַרוואָס . . . וואָס איז מיט גיסיען?

— כאַנעקייוועו! — שרייט זי אויס, אַרויפכאַפּנדיק דאָס שאַ־לעכל, שיסט אויס אַ געוויין און אַנטלויפט צו זיך אין שטוב.

ערשט ווען ער האָט דערזען ווי די טיר פון איר שטוב האָט זיך

פאַרמאַכט האָט ער צורעכט געמאַכט די היטל אויף זיין קאָפּ. די האַנט וואָס האָט אַ פיר געטון איבער די האָר האָט געגאַרט אַ גלעט טון גיסיעס קאָפּ. שוין דאָ קליינע הערעלעך. אים אַרט ניט איר הוילער קאָפּ, דאָס לידל האָט ער געזונגען אַזוי זיך, כינ־קע, פינ־קע, גאָלער קאָפּ! און זי . . . זי האָט אים אַ וואָרף געטון אין פּנים אַריין חנה־קייווע! דאָס איז ניט סתם אַ לידל, אַ שפּאַס, דאָס איז . . . גענוג איז ער זיך אויסגעשטאַנען פון די ייִנגלעך אין חדר פאַר זיין ניט קענען אַרויסזאָגן דעם „למד“, זיי האָבן עס אים אַ נאָמען געגעבן ניסיע חנה קייוועס. ניט איין מאָל איז ער געשטאַנען פאַרן שפּיגל, געדרייט זיין „צו לאַנגן צונג“, אָפּשניידן אַ שטיקל, זאָגן — לע! לע! ניט ווע. אוי, ווי ער האָט זיך געמוטשעט. ער האָט אָבער אויסגעפירט, בלויז ווען ער רעדט גיך, דער עיקר ווען ער ווערט אין כעס, כאַפּט זיך אַרויס דער ווע, באַוועגאָווע, ניט באַלעגאַלע, ווייטער אַזוי, איז לע! לע! ניט ווע. זיין מאַמע הייסט חנה קיילע, קיילע! קיילע! איצטער קומט זי, גיסיע, און שרייט אים אַריין אין פּנים — כאַנעקייווע! ער׳ט עס איר קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

גיסיע איז געשטאַנען פאַרן שפּיגל, אַריינגערוקט דעם קאָפּ אַהין אַז זי האָט גאַרניט געקענט זען, אָפּגעצויגן, אונטערגעהויבן אַ ביסל דעם קאָפּ, האָט זי געזען מיט פרייד — עס וואַקסט! אָבער אַזוי פּאַ־מעלעך, אַזוי גוואַלדיק פּאַמעלעך. זי האָט אָנגענומען אָן איינצלנע האָר, זי געצויגן, געצויגן, ווען עס וואַקסט שוין כאָטש אָן אַזוי לאַנג! דערהערט אַ באַוועגונג, האָט זי גיך אַרויפגעכאַפּט דאָס טיכל אויפן קאָפּ. קיינער דאַרף זי ניט זען אָנ׳ם טיכל. קיינער! און ער האָט אַרונ־טערגעריסן דאָס טיכל: כינ־קע, פינ־קע . . . כאַנעקייווע! זי האָסט אים! זי וועט אים מער ניט זען, זי וועט מער ניט . . . איר וועט אָנ־וואַקסן אַ שיינער קאָפּ האָר, זי וועט פאַרפלעכטן אַ צאָפּ, אַ לאַנגן צאָפּ, אַט טאַקע ווי ביי דעם כינעזער . . . (כינ־קע, פינ־קע . . . ) ניין, צוויי צעפּ, די צוויי צעפּ וועט זי אַרומדרייען אַרום קאָפּ, ניין, זי וועט גאָר פאַרפלעכטן אַ קובליק, אַ הויכן קובליק, זי וועט . . .

גיסיען זיינען אָנגעוואַקסן ניט נאָר צוויי לאַנגע צעפּ, צוויי בריסטלעך האָבן זיך שוין געבערגלט, און ניט דאָס קאַווע קאָליר קליידל און אַפילו דער שוואַרצער פאַרטוך — דער גימנאַזיע אוני־פאָרם — האָבן געקענט עס פאַרדעקן, באַהאַלטן. דאָס פּנימל מיט די

הויכע קין־באַקן האָט זיך אַ ביסל אויסגעצויגן אין דער לייַנג, די מאַנדל שניט צימרינג קאַליר אויגן האָבן שטיפעריש פריילעך געקוקט פאַר זיך — אָט גיי איך אויף גאָטס שיינער וועלט, גרייט צו באַ־געגענען . . . ניסיען.

אויף ניסיעס אויבערשטער ליפּ האָט זיך שוין באַוויזן אַ שוואַר־צער אויסשיט. טאַקע נאָר אַן אויסשיט, אָבער פאַר אים איז דאָס שוין געווען וואָנצעס, ניט איין מאָל האָט ער זיי שוין אַפילו געדרייט מיט צוויי פינגער, די באַקן האָט ער שוין געגאָלן, בגנבה פון טאַטן. ניין, קיין בערדל וועט ער זיך ניט פאַרלאָזן, אַפילו ווען ער וועט שוין זיין אַ סטודענט. דערווייל איז ער געווען אַ גימנאַזיסט, מיט אַ מונדיר, מיט קנעפּ. דער מונדיר, גוט געפּאַסט אין די אַקסל, האָט אים געמאַכט ברייטער, מענערישער, אָבער קורצער. ניין, ער איז ניט פון די הויכע מענער, אָבער ער איז אַ מאַן! אַ מאַן! און גיסיע . . .

מיט גיסיען איז ער יעדן טאָג געגאַנגען אין גימנאַזיע, זי אין דער ווייבערישער, ער אין דער מענערישער, אויף צוריקוועגס האָט מען זיך אויך באַגעגנט און געגאַנגען אַהיים צוזאַמען. אין דערהיים האָט מען צוזאַמען געלייענט, געזונגען נאַדסאָנס לידער, און עס איז געווען גוט צו זיין אַזוי טרויעריק, אַזוי זיס צו פילן זיך אומגליקלעך און זיך קושן, זיך קושן . . .

אויך אין גימנאַזיע עלטער איז ניט געווען לויטער קושן. אַ זוני־קער ווינטער טאָג, דער שניי בלאַנקט אַנטקעגן דער זון, דער הימל בלוי, די לופט געשמאַק, אַ ליכטיקע וועלט, אַ ריינע און אַ שפּילעווודיק פריילעכע. ווינטער, מענטשן טראָגן שווערע מאַנטלען, נאָר די מאַנט־לען זיינען אָפן, אויך די פּנימער אָפענע, האָפערדיקע. מ׳שפּאַצירט, ניט מיטן זומערדיקן פאַמעלעכן טראָט, נאָר מיט אַ ווינטערדיקן מונ־טערגאַנג. און אויך דער געשפּרעך איז אַ מונטערער, מער ניט, דער נאָמען אַרקאַדי פּעטראָוויטש חזרט זיך איבער צופיל מאָל. ניסיע האָט פיינט געקראָגן דעם אַרקאַדי פּעטראָוויטש. ביים הערן דעם נאָמען צום פינפטן אָדער זעקסטן מאָל, האָט זיין אָרעם זיך אַרויסגעצויגן פון גיסיעס, ער איז שוין ניט געגאַנגען מ י ט איר, נאָר נאָכגעגאַנגען, און ער האָט שוין ניט געהערט וואָס זי האָט גערעדט, ער האָט שוין געזען דעם אַרקאַדי פּעטראָוויטש, האָט ניט געקענט פאַרטראָגן זיין פּרצוף, האָט אים אַרויסגערופן אויף אַ דועל, האָט אים דערשאָסן,

ניין, ער האָט אים דערשטאָכן, צעהאַקט מיט אַ שווערד, אָט דעם אַרקאַדי פּעטראָוויטש.

— אָטאָ גייט ער! — האָט גיסיע אויסגערופן, אַ שטורכע טוענ־דיק ניסיען, און ער האָט געזען ווי אויף אירע באַקן האָט זיך אַ רויט־קייט צעגאָסן, ווי אירע אויגן האָבן זיך געעפנט ברייטער און געקוקט מיט דערוואַרטונג, מיט . . . זי האָט אים ליב, דעם גענאַנגס לערער, דעם אַרקאַדי פּעטראָוויטש!

און דער אַרקאַדי פּעטראָוויטש האָט זיך אַלץ מער דערנעענטערט, ניין, זיך אָנגערוקט. אַפּריער האָט זיך גערוקט דער בויך, אַ פּוז, אַ . . . באַראַבאַן. מיט יעדן טראָט האָט דער פּויק זיך געהויבן, אַראָפּ־געלאָזט, די ברוסט האָט זיך נאָכגעוויגט נאָכן בויך, און דאָס קליינע קעפּעלע אויפן גרויסן קערפּער האָט זיך אויך באַוועגט פאָראויס און צוריק. ניט קיין מענטש, אַ הורבע לייב האָט זיך באַוועגט, און דאָך האָט ניסיע דערזען פאַר זיך אַ טויב ווי זי גייט, דאָס דיקע בייכל, דאָס פּעטע העלזל, דאָס קעפּל אַלץ באַוועגט זיך. ער האָט דערזען אַרקאַדי פּעטראָוויטשעס שיינקלען, זיינע פיס וואָס האָבן אַרויסגע־סטאַרטשעט פון די צו קורצע הויזן, און דער איינדרוק פון אַ טויב האָט זיך פאַרשטאַרקט. ווען דער אַרקאַדי פּעטראָוויטש גייט באַרוויס וואָלטן זיך ביי אים אויך אַרויסגעזען די מייטקעס, אָט ווי ביי אַ טויב אירע פאַרוואַקסענע פיס. אַר־קאַ־די פּעט־ראָ־וויטש!

גיסיע האָט געגריסט איר לערער און ניסיע, גימנאַזיסט אין מונדיר, האָט מעשה סאָלדאַט דעם אָפיצער, אויך געגריסט אים שטו־מערהייד, דערפאַר האָט ער דערהערט אַ הילכיקע, שיר ניט ווייבערישע שטימע:

* אהו! זדראַווסטוואויטיע. מאַדעמואזעל געניאַ עזראַילאָווגאַ! גור־ליאַיעטיע? נו, טשטאָזש, גוליאַיטיע, גוליאַיטיע!"

דער צווייטער „גוליאַיטיע", דער שמייכל דערביי, איז שוין זיכער געווען אויף זיין, ניסיעס, חשבון. אַזאַ . . .

---

* זדראַווסטוואויטיע — העללאָ; גוליאַיעטיע — שפּאַצירט; גור־ליאַיטיע — הוליעט; דאָ סווידאַניא — צום ווידערזען; מילאָיאַ סאָזדאַניע — ליבע באַשעפעניש.

„דאָ סווידאַניא‟!

אַ שמייכל, געשײַנקט זיי ביידן, און אַרקאַדי פּעטראָוויטש האָט אָוועקגעטענצלט מיט זיין טויבן־גאַנג.

אַרקאַדי פּעטראָוויטש איז נאָך ניט געווען אַוועקגעגאַנגען קיין צען טריט און ניסיע איז שוין געשטאַנען, דעם בויך אַרויסגעסטאַר־טשעט, געוויגט זיין ברוסט און מיט אַ געמאַכטער, קוויטשיקער שטימע גערעדט, דעקלאַמירט: „זדראַווסטוואויטיע, מאַדעמואזעל געניאַ עז־ראַאילאָוונאַ! גוליאַיעטיע? נו טשטאָזש? גוליאַיטיע. דאָ סווידאַניאַ!‟ האָט ער אויסגעקרומט דעם מויל, אַ נויג געטון דעם קאָפּ און נאָך קאָמישער צוגעגעבן „דאָ סווידאַניא מילאָיע סאָזדאַניע . . . ‟

ער האָט דערזען גיסיע איז בלאָס געוואָרן, אַזוי בלאַס, אַז ער האָט זיך אַזש דערשראָקן, די קאָמישע פּאָזיציע פון זיין קערפּער איז ווי אָפּגעשפּרונגען, ער האָט אָבער ניט געקענט זיך אויסגלייכן, זיין גאַנצער קערפּער האָט געוואָרט אויף אירער אַ באַוועגונג, איר׳ס אַ וואָרט. דאָס וואָרט איז געפאַלן — אידיאָט!

דאָס וואָרט האָט אים אַזאַ קלאַפּ געטון אַז אים איז פינצטער גע־וואָרן אין די אויגן. ווען ער האָט ווידער דערזען די ליכטיקע שיין האָט ער אויך דערזען גיסיעס פּלייצע, איר באַראַשקען היטעלע, אירע פיס ווי זיי דערווייטערן זיך, אַנטלויפן.

איר נאָכלויפן! זי אָנכאַפּן ביי די אַקסל, זי אַ דריי טון . . .

ער האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און גענומען גיין פּאַמעלעך אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. „אידיאָט!‟ אַ טעמפּ וואָרט, אַ טעמפּער קלאַפּ, דאָך פּילט ער דעם ווייטיק. דער זוניקער ווינטער טאָג האָט זיך באַהאַלטן הינטער אַ שנײַ כמאַרע. זי האָט אים באַליידיקט, באַליידיקט. און פאַרוואָס? אַר־קאַ־די פּעט־ראָ־וויטש. ער א י ז קאָמיש. אַ שמייכל־שטראַל רייסט דורך דעם שנײַ וואָלקן, באַלד ווערט אָבער דער וואָלקן ווידער פאַרצויגן. דעם אַרקאַדי פּעטראָוויטש האָט ער אין דער ערד, אָבער זי! זי!

זי האָט די נאַכט זיך געדרייט אויף איר געלעגער. זי האָט אים ניט געדאַרפט באַליידיקן, דאָס איז אמת, אָבער פאַרוואָס האָט ער געלאַכט פון איר? פון איר, ניט פון אַרקאַדי פּעטראָוויטשן, „דאָ סווידאַניא מילאָיע סאָזדאַניע!‟ זי׳ט אים מער ניט זען, אויס. אַרקאַדי פּעטראָוויטש, זיין גאַנג, זיין גרויסער בויך. זי האָט אים מיט אַמאָל

דערזען אַ נאַקעטן, די הענט אונטערהאַלטנדיק דעם בויך, און זי האָט זיך אַ רוק געטון אויף איר געלעגער, שטייפער אַרומגענומען די קאָלדרע אַרום זיך. דער גראָב־בייכיקער אַרקאַדי פּעטראָוויטש איז זיך צעגאַנגען ווי אַ פּאַרע, פאַרשוואונדן. ניסיע! ער איז אַזוי איידל, אַזוי . . . און ער איז . . . אייפערזיכטיק! זי האָט אָן עפן געטון די אויגן. ער איז אייפערזיכטיק! זי האָט פאַרזשמורעט די אויגן, געשמייכלט און, ווען געווען זיך אָנגעשמייכלט איבער אים, האָט זי אַריינגעכאַפּט זיין קאָפּ, געקושט אים אין מויל, שטאַרק, שטאַרק געקושט — ניסיע! ניסעלע! ניסעניו! — דאָס איז געווען ביינאַכט. אינדערפרי האָט זי שטייענדיק ביים פענצטער, אָן אַ זייט, אַכטונג געגעבן ווען ניסיע וועט אַרויסגיין, און ערשט ווען ער איז שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ שטיק וועג האָט זי זיך געלאָזט אין גימנאַזיע. זי וועט אים ניט באַגעגענען. זאָל ער וויסן.

ער האָט אויך אַכטונג געגעבן זיך ניט צו טרעפן מיט איר. גייענדיק אַהיים איז ער שיר ניט געלאָפן, ניט צוליב איר, פאַרשטייט זיך, פּשוט עס איז קאַלט אין דרויסן, אַ ביטערער פראָסט. און, פון גימנאַזיע איז טאַקע קאַלט צו גיין, דערפאַר אָבער גליטשן זיך אין אַזאַ פראָסט איז ווי אָנגעמאָסטן. מיט אַ וואָלן לייבל אונטערן גימנאַזיסטישן רעקל, אַ באַשליק אויף די אויערן, גליטשערס איבערגעוואָרפן איבערן אַקסל, איז ער אַרויס פון שטוב. ביים טיר האָט דער קאָפּ זיך אַ דריי געטון צו . . . איר טיר, אַ דריי, ניט מער, און גלייך אַ קער אויף צוריק, ער גייט צום טייך זיך גליטשן. וועט ער זיך גליטשן!

איין פוס האָט געשניטן אויף רעכטס, איינער אויף לינקס, און דער אויבערשטער האַלבער קערפּער איז נאָכגעגאַנגען אָט דעם פוס, אָט יענעם, און דער קאָפּ האָט געגורעט — זיך אַריינשניידן ווייטער, ווייטער! ביידע פיס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, ער איז געשטאַנען גלייך, אויסגעצויגן, דאָך האָט ער זיך באַוועגט, געפאָרן, געפאָרן ביז ער האָט דערזען . . . גיסיע פאַרט אים אַנטקעגן, אָט אָט צעבוצקען זיי זיך. ער האָט אַ וואָרף געטון איין פוס, אַ שניט געטון, דער קערפער האָט זיך אַ בויג געטון, דער גליטשער פון דעם צווייטן פוס האָט אַ קראַץ געטון דאָס אייז, דאָס אייז איז אַרויסגעשפּרונגען פון אונטער אים און צוריק אונטערגעשפּרונגען. ער האָט נאָך ניט באַוויזן „צוזאַמענגענעמען הענט און פיס״, זיך אויפשטעלן, ווען איבער אים האָט זיך

עפּעס אַ קוילער געטון, און ווען ביידע האָבן געמאַכט אַ באַוועגונג זיך אויפהויבן, האָט קיינער ניט געקענט דאָס טון אַליין, פאַר זיך, איינער האָט געמוזט העלפן דעם צווייטן, הענט, אָרעמס האָבן זיך פאַרפּלאָנטן, און ערשט נאָכדעם ווי מ׳האָט זיך איבערגעקייקלט, זיך גוט אָנגעלאַכט, האָט מען זיך אויפגעהויבן, און ערשט דאַן האָט מען גענומען זיך גליטשן. אַלץ הייסט גליטשן! זיין באַשליק האָט זיך אַרונטערגעגליטשט פון די אויערן, זיך געבאָמבלט אויף דער פּלייצע, די אויערן האָבן געברענט, ער האָט דאָס אָבער ניט געפילט, ער האָט בלויז געזען ווי אירע באַקן — רויטע עפּל — האָבן געפלאַמט. איינבייסן אָט די ווייניקע עפּל! און אירע אויגן, אָט די שקאָצעוואַטע אויגן, האָבן געשפּילט ווי ווייַן אַנטקעגן דער זון, אונטערגעטריבן: פאַרזוך! געשמאַק...

דער ווייַן האָט געיווירט, געשפּילט, פאַרזוכן האָט מען פאַרזוכט, טרינקען נאָך געווען צו פרי, זאָל ער פריער ענדיקן די גימנאַזיע, ווערן אַ סטודענט, אויסשטודירן אויף דאָקטאר, זי ווייסט נאָך ניט צי זאָל זי לערנען אויף ציין דאָקטאר אָדער . . .

— אָדער אויף די העכסטע פרויען קורסן — ווערן אַ מאַמע.

זי האָט אים אַ פּעטשל געטון איבערן מויל: דו . . . די אויגן דערביי: ס׳וועט נאָך זיין דאָס אויך, דערווייל אָבער דאַרף מען ניט ריידן דערפון. צוויי יאָר אינגאַנצן צום ענדיקן די גימנאַזיע, און וואָס איז צוויי יאָר, ווען אָט אָט ווערט מען אַכצן?

אין די צוויי יאָר האָט פּאַסירט איין קלייניקייט — ביידע טאַטעס, אירער און זיינער, האָבן אין משך פון איינע דריי חדשים געטון אַ שטאַרב אַוועק. איר טאַטע האָט איבערגעלאָזט אַ גאַרבאַרניע, אַ לעדער קראָם, אין וועלכער די מאַמע איז געווען אַ גלייכער שותף מיט אירע דריי קינדער, און אַן אייגענע שטוב, זיין טאַטע האָט איבערגעלאָזט אַ קליין שניט קרעמל מיט אַ ביסל סחורה און אַ סך וועקסלען. ביידע אלמנות האָבן זיך האַרציק אויסגעוויינט איינע פאַר דער אַנדערער, נאָר ווען מ׳איז זיך צעגאַנגען האָט חנה קיילע מיט אַ זיפץ צוגעגעבן: איינע וויינט די פּערל זיינען שיטער, די צווייטע — דער קוליש איז ביטער. טעמע האָט באַדויערט חנה קיילען: איר איז, נעבעך, ניט גוט און, רחמנות האָבנדיק אויף חנה קיילען, האָט זי אויך זי אַרונטערגעזעצט — כ׳האָב צו דיר גאָרניט, ווער נאָך ווי איך קען פילן דיין צער, נאָר מ י ט דיין גאַנצן יחוס קומסטו ניט צו מיר,

דיין ניסיע קומט ניט צו מיין גיסיען. איר איז שוין לאַנג ניט געפעלן דאָס פריינדלען זיך פון די קינדער, איצטער אָ ווער זי שוין זען אַז צווישן די קינדער זאָל גאָרניט זיין. און די קינדער . . .

ניסיע האָט ניט געקענט פאַרשטיין למאי גיסיע איז אַזוי נידערשלאָגן פון איר טאַטנס טויט. ער איז אויך געבליבן אַ יתום, די מאַמע איז צוגעשטאַנען, איז ער געגאַנגען אין שול אַריין זאָגן קדיש, אָבער געטון האָט ער עס טאַקע צוליב דער מאַמע, ניט צוליבן טאַטן. עפּעס האָט ער אים ניט אויסגעפּעלט, דער טאַטע. ער וואָלט עס ניט אַרויסגעבראַכט פון מויל, אָבער אַזוי האָט ער געפילט. געווען אַ טאַטע. אַ שיינער פּנים, רויטלעכע באַקן, אַ הויכער בלאַסער שטערן, טונקעלע האָר, אַ טונקל בלאָנדע, קליינע אָבער ברייטע באָרד און טונקל ברוינע, ר ו א י ק ע אויגן, אַ רואיקער מענטש. ער גערייננקט ניט דער טאַטע זאָל ווען עס איז האָבן געשריען, ניט אויף אים, ניט אויף שמעונען מיט לאה׳ציען, צי אויף דער מאַמע, ער האָט גערעדט שטיל, רואיק, אָבער דוקא אָט די רואיקייט האָט ניט איין מאָל צעשטערט זיין רו. זעקס טאָג אין וואָך איז דער טאַטע געזעסן אין שטוב ביי דער גמרא אָדער מיט דער מאַמען אין קלייט, פרייטיק בייטאָג איז מען געגאַנגען אין באָד אַריין. דאָרטן האָבן יידן געקרעכצט, געהאָכעט, געשריען: נאָך פּאַרע! רייב! רייב שטאַרקער! קינדער האָבן זיך געפּליושקעט, געשטיפּט. דער טאַטע האָט זיך רואיק געוואַשן, געפּאַרעט און מיט די רואיקע אויגן, מער ווי מיטן מויל, באַפוילן: וואַש זיך! האָט ער זיך ניט געוואַשן ווי עס דאַרף צו זיין, האָט דער טאַטע, ניט ריידנדיק אַ וואָרט, אים גוט אָפּגעוואַשן, אָפּגעווישט און צוגעוואָרפן — טו זיך אָן! — שבת איז ער געגאַנגען מיטן טאַטן אין שול, געטראָגן זיין טלית — ביז דרייצן יאָר — און ביים דאַוונען האָט ער געמוזט שטיין, זיצן לעבן אים. דער טאַטע האָט זיך ניט געוואָרפן, אַפילו זיך ניט געשאָקלט צופיל ביים דאַוונען, געהאַלטן די אויגן פאַרמאַכט, דערפאַר אָבער אַז ער האָט אַן עפן געטון די אויגן און געכאַפּט אַז ניסיע דאַוונט ניט, האָבן די אויגן געקוקט, געוואַרט, געצוואונגען אים איינצוגראָבן די אויגן אין סידור אָדער מחזור. שבת נאָכמיטיק האָט ער אים פאַרהערט. האָט ער געקענט דעם שיעור, האָט אין די רואיקע אויגן זיך באַוויזן אַ מין פייכטקייט, האָט ער ניט געקענט, זיינען די אויגן געוואָרן טונקעלער, אָט ווי זיי וואָלטן געוואָרן געדיכטער און האָבן געקוקט אויף אים: ווי קען עס ניט אַ יינגל אַן עמוד גמרא? אויסגע־

קעמט די באָרד מיט די פינגער, אַ גלעט געטון דעם הויכן שטערן, האָט ער פאַרמאַכט די גמרא און פון מויל איז טרויעריק שטיל אַרויס־געקומען: גויעץ! אַן עמוד גמרא קען עס ניט אָפּלערנען. גיי, די מאַמע וועט דיר געבן שבת אויבס. דער עפּל, די באַר, די ראָזשינקעס זיינען אים שוין ניט איינגעגאַנגען. נאָך דער בר מצוה האָט ער געהערט ווי דער טאַטע מיט דער מאַמע האָבן זיך איבערגערעדט.

— וואָס ווילסטו? אַ רב פון אים מאַכן? זאָל די שול ברענען וואו ער וועט שוין דרשענען. ער'ט שוין קיין רב ניט ווערן.

— איז ניט קיין רב, אָבער לערנען!

— קען ער דאָך ניט, זאָגסט דאָך אַליין אַז ער באַנעמט ניט, טאָ זאָל ער כאָטש ווערן אַ דאָקטאר.

— צו דאָקטאָריע דאַרף מען אויך אַ קאָפּ. אַ דאָקטאר. אַ גוי וועט פון אים ווערן.

— ניט ווערן קיין גוי. דאָקטאר קעניגסבערג פאָרט אַפילו ניט אום שבת.

— דאָקטאר קע־ניגס־בערג! דאָקטאר קעניגסבערג קען נאָך הייגט אָפּלערנען אַ בלאַט גמרא. דאָקטאר קעניגסבערג . . .

— ניין, אַ שניט קרעמער איז בעסער.

זיין אַ שניט קרעמער איז דעם טאַטן קענטיק אויך ניט געווען צום האַרצן, און די מאַמע האָט אויסגעפירט — ער האָט זיך צוגעגרייט, איז אַריין אין גימנאַזיע. פון דאַן אָן האָט דער טאַטע אים אויפגעהערט פאַרהערן. די מאַמע האָט זיך געשפּיגלט אין זיין מונדיר, דער טאַטע האָט זיך אַפילו ניט צוגערירט צו זיינע מלבושים, בלויז איין מאָל, ווען ער איז אַריינגעקומען פון קלייט און אים געטראָפן עסן אָן אַ היטל, איז ער געבליבן שטיין ביים טיש, געקוקט, געקוקט אַזוי לאַנג, מיט אַזאַ פינצטערן קוק, אַז א י ם איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן, ער האָט שוין ניט געזען דעם טאַטן, דאָס עסן פאַר זיך, ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טון. וואָס האָט ער געוואָלט, אָט דער טאַטע? ענדלעך האָט דער טאַטע אַ זאָג געטון: שייגעץ! אָן אַ היטל? ער האָט זיך געפּרואווט אַ הויב טון, גיין נאָך דער היטל, אַרויסגיין און מער ניט אַריינקומען, אָבער דער טאַטע איז רואיק אַרויסגעגאַנגען פון צימער, באַלד צוריקגעקומען מיט דער היטל אין האַנט, זי אַ וואָרף געטון אויפן טיש און רואיק אַ זאָג געטון: איך זאָל עס מער ניט זען. דו הערסט? אפשר אַ שעה נאָכאַנאַנד איז דער טאַטע אַרומ־

געגאַנגען איבערן זאַל, געריבן דעם שטערן, געשוויגן. נאָך דער מעשה מיט דער היטל האָט דער טאַטע גערעדט צו אים נאָך ווינציקער ווי פריער, דערפאַר אָבער האָט ער גאַנץ אָפט געכאַפּט אויף זיך דעם טאַטנס קוק. ווען דער טאַטע איז שוין געליגן אַ טויטער, צוויי ליכט צוקאָפּנס, האָט ער ניט געקענט אָפּרייסן די אויגן פון דעם טאַטנס רואיקן פּנים, דעם גלאַטן שטערן, וואו אַפילו קיין קנייטש האָט זיך ניט געזען, אָט אָט, וועט דער טאַטע אַן עפן טון די אויגן, אַ קוק טון אויף אים. דער טאַטע האָט מער ניט געקוקט אויף אים מיט זיינע רואיקע אויגן, אָבער עפּעס פונם טאַטנס רואיקייט, שטילקייט איז געבליבן אין שטוב, האָט זיך איינגעגעסן אין די ווענט, עפּעס האָט ער געהאַט דעם געפיל אַז אָט אָט שטעלט ער זיך אַריין, דער טאַטע, טוט אַ קוק אויף אים, און מיטן קוק זאָגט ער: גויעץ! שייגעץ! אפילו די מאַמע, די פריער באַריידעוודיקע מאַמע, איז נאָכן טאַטנס טויט געוואָרן אַ סך שטילער און, ווען זי האָט אים איין מאָל אַ זאָג געטון: ניסיעניו! קום אַריבער אין קלייט, איך דאַרף דיך האָבן, איז דער „ני־סיעניו" געווען אירער, אָבער דער „איך דאַרף דיך האָבן" איז געווען דעם טאַטנס.

— מעסט מיר אויס אַלע סחורות. אַלע! — האָט זי אַ ווייז געטון אויף די האַלב ליידיקע פּאָליצעס, — און פאַרשרייב. — אויף זיין פרעגערישן קוק האָט זי געענטפערט: — כ׳וועל דיר געבן די פּרייזן, וועסט אַלץ צונויפרעכענען.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט די חשבונות, איר געוויזן דעם סך הכל, האָט זי אַ זאָג געטון: — זיך משער געווען אַז אַזוי איז עס. — אינגיכן האָט זי אים פאַרטרויט איר השערה — די וועקסלען, פאַר־לייגנגערטע, פעליקע און נאָך ניט פעליקע, באַטרעפן כמעט אַזוי פיל ווי די סחורות, זי, ער פאַרמאָגן גאָרניט, אויב די בעלי חובות זאָלן צודריקן, פאַדערן וואָס זיי קומט, שוין, גלייך, דאַרף זי פאַרמאַכן די קראָם, אַנזעצן. זי מוז זען מאַכן אַ טאָלק מיט די וועקסלען, זי וועט אויסצאָלן ביז אַ גראָשן, דער טאַטע, אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן, איז ניט געווען קיין אָנזעצער, אָבער זיי׳ן מוזן וואַרטן. זי׳ט עס פועלן ביי זיי, ער מוז איר אָבער אַרויסהעלפן, שטיין מיט איר אין קראָם.

— און די גימנאַזיע?

— וועט ניט אַנטלויפן, — האָט זי אַ זאָג געטון מיט ביטול, ווי איינער רעדט: אויך מיר אַן עסק, גימנאַזיע.

— כ׳וועל פֿאַרלירן . . .

— וועסט גאָרנישט פֿאַרלירן. פֿאַרלירן. דער טאַטע עליו השלום האָט געקענט זיין אַ רב, פֿונדעסטוועגן איז אים אָנגעשטאַנען צו שטיין מיט מיר אין קלייט, מעג דיר אויך אָנשטיין . . .

מער האָט זי ניט גערעדט, ער האָט אָבער געפֿאָלגט, ווי אַ קליין קינד וועמען די מאַמע האָט באַפֿוילן — עס! ער איז געשטאַנען אין קלייט. ער איז ניט אַרויס פֿון גימנאַזיע, בלויז צייטווייליק ניט געגאַנגען, אַזוי האָט ער זיך שטיל געטרייסט, ער האָט אָבער געפֿילט אַז דער מונדיר איז שוין עפּעס ניט זיינער, אָט ווי ער וואָלט אים געדונגען אויף פּראָקאָט, אָדער גאָר זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ גימנאַזיסט. אפשר אים גאָר אויסטון? אויס! דאָס ניט. גיסיע גייט אין גימנאַזיע, זי׳ט נאָך אָרונטערקוקן אויף אים, אָדער גאָר רחמנות האָבן. דאָס ניט. ער׳ט נאָך גיין אין גימנאַזיע, אין אוניווערסיטעט, דערווייל וועט ער לערנען אין דערהיים.

דער טאַטע איז כלומרשט געשטאַנען אין קלייט, ער איז אָבער מער געזעסן ביי דער גמרא אין דערהיים, דער זון האָט אויך כלומרשט געהאָלפֿן דער מאַמע, ער האָט אָבער מער אינזינען געהאַט די ביכער, גיסיען . . . די מאַמע האָט געשוויגן, און פֿון איר שוויגן איז אים געוווען פֿונקט אַזוי שווער ווי פֿונם טאַטנס קוק. וואָס וויל זי האָבן פֿון אים?

די מאַמע האָט ניט גערעדט קיין סך, זי האָט אָבער געטון אירס — אָפּצאָלן אַלע חובות, זכריהס נאָמען זאָל בלייבן ריין. אויף די אַלטע וועקסלען דאַרף זי צאָלן אַזוי פֿיל אַ חודש. זעקס און דרייסיק חדשים, דריי יאָר, אָבער זי וועט אויסצאָלן, מיט פּראָצענט! די נייע וועקסלען צאָלן ווען פֿעליק, און נייע סחורה קויפֿן פֿאַר מזומן. אַזוי האָט זי אָפּגעמאַכט מיט די בעלי חובות. שווער, אָבער, מיט גאָטס הילף, וועט זי עס דורכפֿירן. זי האָט זיך אָבער ניט פֿאַרלאָזט אויף גאָט אַליין, זי האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו איר עלטערן ברודער אין אַמעריקע.

דרייסיק יאָר אַז דער ברודער איז אין אַמעריקע. יעדן יאָר האָט ער צוגעשיקט אַ לשנה טובה קאַרטל. זי האָט זיי אַלע. אויף דער „שנה טובה״ האָט זי אים געענטפֿערט מיט אַ בריוו און ניט געהערט פֿון אים מער ביזן קומענדיקן ראש השנה. נאָך גוט דאָס אויך. אַמע־

ריקע! עד היום האָט זי אים ניט מוחל געווען זיין אַוועקפאָרן אַהין, כלומרשט אַנטלאָפן פונם פּריזיוו. זי ווייסט בעסער. טעמע! צוליב איר איז ער אַוועקגעפאָרן, אָבער פאַרפאַלן, איצטער האָט זי, ניט וואַרטנ־דיק אויף דער לשנה טובה, אים אָנגעשריבן אַ בריוו. זי האָט ניט גע־בעטן קיין געלט, אַזוי ווייט האָט זי ביי זיך ניט געקענט פועלן, זי האָט אים אָבער אַלץ אַרויסגעשריבן, און ער דאַרף אַליין פאַרשטיין.

דער ברודער האָט פאַרשטאַנען, נאָר אויף זיין שטייגער. ער האָט אַריינגעשיקט צוויי שיפקאַרטן, איינע פאַר איר, איינע פאַרן „יינגל״ און אין אַ קורץ בריוול איר געשריבן זי זאָל אויספאַרקויפן „די קראָם״, אָפּצאָלן וויפל זי קען, און אַז זי׳ט ניט אָפּצאָלן אינגאַנצן איז אויך אַ קנאַפּער אומגליק, און זאָל זי קומען צופאָרן. וואָס׳ט זי זיצן דאָרט? און פאַרן יינגל איז אודאי בעסער. וואָס׳ט ער דאָרטן אויפטון? ווערן אַ סאָלדאַט ביי ניקאָלאַיען? אין אַמעריקע וועט ער שוין מאַכן פון אים אַ לייט.

דער ענטפער האָט איר פאַרדראָסן. ניט דאָס האָט זי געמיינט. זי׳ט אָפּצאָלן די חובות ביז אַ קאָפּיקע. ניט אַזוי פון אירעטוועגן, פון זיינעטוועגן. און פאָרן קיין אַמעריקע? וואָס וועט זי דאָרטן טון? זיצן ביי נחומען אויף קעסט? מוחל. לאה׳ציען, שמעונען, די קינדער איבערלאָזן, זיי קיינמאָל מער ניט זען, משוגע אירע שונאים. זעסטו, ניסיע, פאַר אים וואָלט אפשר טאַקע געווען אַ פּלאַן. וואָס׳ט ער דאָ טון? אַ דאָקטער? וועט אַזוי ווערן אַ דאָקטער ווי . . . רייכערע פון איר באַווייזן דאָס ניט, און . . . זכריה, אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן, איז געווען גערעכט, ניט קיין לערנער . . . און דער עיקר, דער פּריזיוו, באַלד, באַלד דאַרף ער זיך שטעלן. זי וואָלט אַזאַ פאַרשווין ניט צוגעגונען פאַר קיין סאָלדאַט, אָבער זי האָט שוין געזען קורצערע פון אים, שוואַכערע, און מ׳האָט זיי צוגענומען. גיין דינען איז ניט קיין פּלאַן, און פאָרן קיין אַמעריקע? זי ווייסט ניט, זי ווייסט ניט . . . עטלעכע טעג האָט זי זיך געישובט, ניט דערציילט דעם זון וואָס דער ברודער האָט געשריבן, סוף כל סוף האָט זי פאַרפירט מיט אים אַ שמועס.

דער זון האָט פאַרוואָרפן מיט הענט און פיס. אַמעריקע! וואָס דאַרף ער אַמעריקע? דאָ לערנט ער, וועט אַריין אין אוניווערסיטעט, וועט . . .

— אין אוניווערסיטעט וועסטו אַריין? מיט דיין טאַטנס רייכער ירושה וואָס ער האָט דיר ניט איבערגעלאָזט?

זי האָט דערפילט אַז זי האָט באַליידיקט איר מאַן, און זי האָט גלייך פאַרריכט, — צי מיט דיין גילדענעם מעדאַל, וואָס דו האָסט נישט?

דאָס, האָט זי געזען, האָט שוין פאַרדראָסן איר קינד, האָט זי מיט מוטערלעכער צאַרטקייט צוגעגעבן, — און פאַרגעס ניט, עס רוקט זיך אָן דער פּריזיוו. איכ׳ל דיך ניט לאָזן גיין דינען.

— איך קען זיין אַ פּרייוויליקער, ניט זיין קיין פּראָסטער סאָלדאַט.

— ווערן אַן אָפיצער, צי גאָר אַ גענעראַל. — דעם שפּאָט ווישט זי אָפּ מיט — און, באַהיט גאָט, אַז סע ברעכט אויס אַ מלחמה?

— וואָסער מלחמה? — האָט ניסיע מבטל געמאַכט דער מאַמעס רייד. — איך וועל ניט פאָרן קיין אַמעריקע.

— און וואָס וועסטו דאָ טון?

— שוין זען.

— זאָל זיין אַזוי, — האָט די מאַמע אָפּגעזיפצט און מער ניט גערעדט. זי האָט זיך געהאַלטן אין ישובן וואָס זי זאָל שרייבן נחומען, צי זאָל זי אָפּשיקן די שיפקאַרטן, ווען עס האָט פּאַסירט אַ קלייניקייט — מ׳האָט אַרעסטירט ניסיען. דער אַרעסט האָט געדויערט ניט מער ווי אַ צוועלף שעה, פון שפּעט ביינאַכט ביז אויף מאָרגן בייטאָג. די פּאָליציי האָט געזוכט אַ ס ט ו ד ע נ ט קאַפּלאַן, וואָס גייט אויך אונטערן נאָמען איוואַנאָוו, וועלכער פירט אָן רעוואָלוציאָנערע פּראָ־פּאַגאַנדע. דעם איינציקן „סטודענט“ מיטן נאָמען קאַפּלאַן וואָס די פּאָליציי האָט געקענט געפינען, איז געווען ניסיע. זיינען געקומען צוויי זשאַנדאַרן, האָבן געמאַכט אַ רעוויזיע, קיין טריפה ליטעראַטור האָבן זיי טאַקע ניט געפונען, האָבן זיי פאַרנומען אַלע זיינע שול ביכער, אַפילו אַ געאָגראַפישן אַטלאַס, און מיטגענומען אים אויך. דאָרטן, אין „אוטשאַסטאָק“, וועט שוין אַלץ אויפגעקלערט ווערן. אַ דערשראָקענע, האָט די מאַמע געוואָלט מיטגיין, אָבער איין זשאַנ־דאַר האָט, ווייט ניט העפלעך, זי אָפּגעשאַרט אָן אַ זייט — אייך האָבן מיר ניט קיין באַפעל צו אַרעסטירן, — און צו ניסיען מיטן צווייטן זשאַנדאַר אַ זאָג געטון: „פּאַשאָל!“ אַ צעווייטיקטע, אַ דער־

שראַקענע איז חנה קיילע געבליבן זיצן: וואָס טוט זיך דאָ? איר ניסיע אַ „ציציליסט״? קען ניט זיין! זי׳ט . . . זי׳ט . . . די שפּעטע נאַכט שעה האָט זי געליימט. וואו וועט זי איצט גיין? שמעון וועט זיך נאָך דערשרעקן אַז זי׳ט איצט קומען אים וועקן, און וואָס קען ער אויפטון איצטער אָ? זי האָט גאָרניט געקענט טון חוץ טראַכטן און איבערטראַכטן, דערפאַר אָבער מיטן ערשטן שפּראָץ אויף טאָג איז זי שוין געווען ביי שמעונען, צוזאַמען מיט אים אַוועק צום רב. דער רב, נאָך צוויי חשובע באַלעבאַטים זיינען אַוועק צום נאַדזיראַטעל, האָבן עדות געזאָגט, געשוואָרן אַז ניסיע קאַפּלאַן איז אַ גוט ערלעך קינד, אַז ער קען בשום אופן ניט זיין דער ס ט ו ד ע נ ט קאַפּלאַן, וועמען די פּאָליציי זוכט, אַז ער שטייט גאָר מיט דער מאַמע אין איר שניט קראָם, העלפט איר אַרויס, דער הויכגעשטעלטער הער נאַדזיראַטעל קען אַליין אַריינגיין צו איר אין קראָם, זיך איבערצייגן דאריין . . . דער הויכגעשטעלטער הער נאַדזיראַטעל האָט פאַרשטאַנען אַז זיין וויזיט אין קראָם וועט זיך אים באַצאָלן, האָט ער הויכמוטיק זיך אַנטשולדיקט פאַר די חשובע באַלעבאַטים: אַ טעות, פּאַסירט אַמאָל . . . און דאָס גוט, ערלעך קינד איז גלייך צוריקגעקערט געוואָרן צו דער דערשראָקענער מוטער.

אַ נאַרישער, אומגעלומפּערטער אַרעסט, אָבער חנה קיילע האָט שוין ניט געפונען קיין רו. אפשר טאַקע? וואָס ווייסט זי? און ווידער. אויב פּאָליציי קען קומען איין מאָל, אינמיטן נאַכט און צונעמען איר זון, אים איינזעצן, מיט וואָס איז זי באַוואָרנט אַז זיי׳ן ניט קומען נאָכאַמאָל? זאָל ער פאָרן קיין אַמעריקע, צו נחומען, דאָרטן ווייסט מען כאָטש ניט פון אַזעלכע זאַכן. שמעון, וואָס האָט ווינציק געהאַלטן פון אַמעריקע, וואָס האָט באַין אופן ניט געוואָלט הערן פון דעם אַז די מאַמע זאָל פאָרן אַהין, אַפילו ניט מסכים געווען אַז ניסיע זאָל פאָרן, האָט איצט, נאָכן אַרעסט, אויך צוגעשטימט — זאָל ער פאָרן. האָט זי אין אַ פּאָר טעג אַרום אַ פרעג געטון ניסיען: איז וואָס זאָל איך ענטפערן נחומען?

— ענטפער אים אַז איך פאָר, — האָט ניסיע רואיק און אַנטשלאָסן געענטפערט. אָט די רואיקייט האָט אויפגעריסן דער מוטערס אויגן: האָט אויף אים אויך געווירקט דער אַרעסט?

אויף ניסיען האָט דער אַרעסט געהאַט אַ קנאַפּע ווירקונג, אים

האָט בלויז פאַרדראָסן וואָס מ׳האָט אים אַרעסטירט אומזיסט . . . ער האָט טאַקע געדאַרפט זיין אַ סאָציאַליסט, זיצן אין טורמע, אויף קאַטאָרגע, ניט . . . שטיין ביי דער מאַמע אין קלייט. עטוואָס פאַר־שעמט האָט ער דערציילט גיסיען וועגן דעם „אַרעסט״, אין איין וועג איר שוין אויף פאַרטרויט וועגן דער שיפקאַרטע, און געציטערט זי זאָל נאָר ניט זאָגן: פאָר! ווי איבערראַשט איז ער געוואָרן ווען גיסיע, אויסהערנדיק אים, האָט פאַרוואָרפן אירע אָרעמס אַרום זיין האַלז, אים געקושט און מיט פריידיקע טרערן געשריען, געבעטן: לאָמיר פאָרן! שוין, גלייך!

ער האָט זיך דערוואוסט אַז איר מאַמע דערגייט איר די יאָר למאי זי טרעפט זיך נאָך מיט אים, איצטער אָ, ווען ער איז שוין אַפילו אַרויסגעפאַלן פון גימנאַזיע, ניט נאָר סטראַשעט זי אַז זי וועט ניט געבן אַ קאָפּיקע נדן, נאָר האָט איר שוין אַפילו גענומען רעדן אַ שידוך און פאָדערט זי זאָל שוין חתונה האָבן, באַוואָרענען עס זאָל צווישן זיי גאָרניט ווערן. מיט די שיפקאַרטן קענען זיי אַוועקפאָרן, אַנטלויפן קיין אַמעריקע, דאָרטן וועט ער לערנען אויף דאָקטאָר, זי אויף דענטיסט, זיין פעטער איז דאָך אַ רייכער פעטער . . .

— אודאי איז ער רייך, — האָט גיסיע צוגעגעבן, ניט וויסנדיק אַפילו וואָס זיין פעטער טוט דאָרט. אים איז ניט אָנגעגאַנגען דער פעטער. גיסיע! האָט ער דאָך מורא געהאַט אַז זיין אַרויספאַלן פון גימנאַזיע וועט ווירקן אויף איר, און זי, ניט נאָר שטעלט זי זיך איין פאַר אים, זי קריגט זיך מיט איר מאַמע צוליב אים, זי וויל מיט אים אַנט־לויפן . . . ער וועט פאָלגן ז י י ן מאַמע, ער׳ט פאָרן, דאָרטן וועט ער ענדיקן אויף דאָקטאָר, וועט אַרויסנעמען די מאַמע צו זיך, זאָל זי דאַן זען . . . דערווייל האָט די מאַמע געקוקט אויף אים, מיט די אויגן געפאָדערט: רעד, דערקלער! —

— מיר פאָרן ביידע. איך און . . . גיסיע.

ער האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן, די מוטער האָט ברייט גע־עפנט איר אויגן.

— אָה! אַזוי די מעשה?

איצט האָט זי שוין פאַרשטאַנען.

יענע נאַכט האָט חנה קיילע לאַנג זיך געדרייט אויף איר געלעגער. פאַרדרוס האָט געזאָטן אין איר, אַ פאַרדרוס אויף איר זון: אַ ז ו י

האָט ער נ י ט געוואָלט פאָרן, צוליב א י ר ניט, נאָר אַז יענע, עפּעס אַ מיידל, זאָגט יאָ, פאָרט ער שוין, איז אויס מאַמע. מ י ר פאָרן. דער פּאַרדרוס האָט זיך גענומען בויטען, אָט אויף איר זון, אָט אויף דער מיידל, און ווער איז די מיידל? טעמעס טעכטערל!

„די פעל געפעלט מיר נישט", האָט זי דערהערט, דערזען איר טאַטן, אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן, ווי ער האָט עס אַ זאָג געטון. ווען נחום האָט גענומען רעדן וועגן חתונה האָבן מיט טעמען. ווי גדליה דער גאַרבאַרניק, טעמעס טאַטע, איז דאָס אין כעס געוואָרן! די גאַנצע שטאָט האָט געלאַכט — די פעל געפעלט מיר נישט. „מיין טאָכטער וועל איך פירן צו דער חופה אין אַ סאַמעטענער קלייד און זיין זון וועט מיט אַ סאַמעטענער טאַרבע גיין איבער די הייזער", האָט ער זיך געכעסט, דער גאַרבאַרניק. נחום איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע, שטילערהייד אָפּגעמאַכט מיט טעמען זי זאָל נאָכפאָרן, זי איז ניט נאָכגעפאָרן, איר טאַטע האָט זי פאַרשלייערט פאַר עזריאל דעם לעדער הענדלער. אַ גלייכער שידוך, איין יחוס. אָבער בעסער אַ קווינט מזל איידער אַ פונט יחוס. אין שול איז ניסן דער גבאי טאַקע געוועזן ניסן דער גבאי, דער רב אַפילו האָט אים אָפּגעגעבן כבוד, אָבער אין שטוב, ווען ניט די מאַמע . . . און איצטער אויך. איר איז גוט — אַ גאַרבאַרניע, אַ הויז, אַ לעדער קראָם, שטייט שוין א י ר ניט אָן דער שידוך. גיסיע איז ניט טעמע. זי אַז זי האָט זיך איינגעשפּאַרט וועט זי אויספירן. זי וועט צונעמען איר זון. די פעל געפעלט מיר ניט . . . כאָטש וואָס האָט זי צו דער מיידל? אַ וואויל קינד, און ניסיע? ער'ט אַוועקפאָרן, צושיקן אַ . . . לשנה טובה . . . צוריקשיקן די שיפקאַרטן, זאָגן איר ברודער דעם נאָר אַז זי איז אים מוחל זיין שיפקאַרטע, זיין אַמעריקע, זיין . . . טעמעס מיידל. און אפשר? אַ מצוה אויף איר, אויף טעמען, זי האָט אָפּגענאַרט נחומען, וואָס וועט זי זאָגן איצטער?

טעמע האָט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן, זי האָט זיך אויך גע־דרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער, זיך ניט געקענט קיין עצה געבן וואָס זי זאָל טון. זי האָט שוין געפּרואווט מיט גוטן, מיט בייזן און עס העלפט ניט, עס וועט ניט העלפן. אַן עקשן דאָס קינד, אַז זי האָט זיך איינגעשפּאַרט וועט שוין גאָרניט העלפן, זי'ט נאָך אַנטלויפן מיט אים, און ווער ווייסט וואָס דאָרטן וועט זיך טון? דאָרטן, נחום . . .

שוין אַ יאָר דרייסיק אין דעם . . . דער טאַטע האָט זי געשלאָגן, די מאַמע האָט געוויינט, זי האָט אויך געוויינט, זיך געלאָזט פירן צו דער חופּה מיט אים, מיט עזריאלן, אַ ליכטיקן גן עדן זאָל ער האָבן. איצטער קומט נחומס פּלימעניק און וויל צונעמען איר קינד. אפשר באַשערט אַזוי, אפשר . . . זי ווייסט ניט, זי וויל ניט. זי'ט גיין צו עזריאלן, צו טאַטע־מאַמע אויפן קבר . . .

עס האָט ניט געהאָלפן קיין רייסן קברים, עס האָט אַפילו ניט געהאָלפן וואָס טעמע האָט כלומרשט איינגעוויליקט אויפן שידוך, נאָר זיי זאָלן דאָ בלייבן, זאָל ער פריער אויסשטודירן, זאָל ער פריער איבערקומען דעם פּריזיוו. גיסיע האָט געקענט איר מאַמע, זי האָט געוואוסט, דאָס וויל זי פאַרשלעפּן, אָפּציען, ניסיען וועט מען אָפּגעבן פאַר אַ סאָלדאַט . . . דאָס וועט ניט גיין. זי פאָרט, פאָרט מיט ניסיען. שוין, גלייך!

טעמע האָט נאָכגעגעבן. אַ ברירה האָט זי געהאַט? אַלץ וואָס זי האָט געקענט אויספירן — מ'זאָל שטעלן אַ חופּה, אַ שטילע חופּה, אַבי זיי זאָלן פאָרן ווי מאַן און ווייב, ניט עפּעס אַ יינגל מיט אַ מיידל.

די מחותנתטעס זיינען זיך געפאַלן אויף די העלזער, געוויינט: באַשערט מסתּם, און אין דעם „באַשערט מסתּם" האָבן ביידע געהערט, געזען דעם אַמאָל. טעמע האָט ניט געפירט איר קינד צו דער חופּה מיט חנה קיילעס יינגל, דאָס האָט זי חתונה געהאַט מיט נחומען, און חנה קיילע האָט ניט אַרויסבאַגלייט איר זון קיין אַמעריקע, נאָר נחום איז ווידער אַוועקגעפאָרן. זי האָט אים אַמאָל ליב געהאַט, זייער ליב געהאַט, איצטער איז ער איר פרעמד און איר זון, איר ניסיע, איר ניסעלע, אָבער מסתּם באַשערט אַזוי, זאָלן זיי פאָרן די קינדער, זאָלן זיי . . .

די קינדער האָבן אויך געלאָזט אַ טרער, פאַרלאָזן זיי דאָך זייערע מאַמעס, זייער היים, פאָרן אין דער וועלט אַריין, אַ וועלט וואָס זיי קענען ניט, אָבער די פרייד פון יוגנט האָט צעזייט דעם טרויער, און די פרעמדע וועלט? זיי זיינען יונג, די וועלט איז זייערע, און האָבן זיי דאָרט ניט אַ פעטער, אַ רייכן פעטער?

(2)

דער פעטער נחום — אַ לעגענדאַרע פיגור, אַ ייד מיט אַ לאַנגער, ווייסער באָרד, אַ מיליאָנער, וואָס פאָרט מיט זעקס פערד נאַשפּיץ, אַ . . . זיי קענען זיך אים ניט פאָרשטעלן, ווייסן אַפילו ניט ווי ער

זעט אויס. יאָ, זיי האָבן געזען זיינס אַ בילד פון פאַר דרייסיק יאָר, איצטער געדיינקען זיי אַפילו ניט ווי ער זעט אויס אויף יענעם בילד אויך, און וואוינען וואוינט ער ערגעץ הינטער די הרי חושך. זייער שיף האָט שוין געאַנקערט, זיי פאָרן שוין אַ טאָג, צוויי, דריי, פאַרבייגעפאָרן שטעט, פעלדער און בערג, אַזעלכע ריזיקע בערג, און נאָך אַלץ ניט דעם פעטערס שטאָט. שוין דער פערטער טאָג. מאָרגן קומען זיי אָן. וועט דער פעטער קומען זיי באַגעגענען? דער מאַן אויף דער שיף דאָרט האָט ביי זיי גענומען געלט, געזאָגט אַז ער׳ט שיקן אַ טעלעגראַמע, האָט ער טאַקע טעלעגראַפירט? אפשר גאָר אויסגענאַרט דאָס געלט? ביידע אַמפּערן זיך און קומען פאָרט צום באַשלוס אַז יאָ, ער האָט יאָ געשיקט אַ טעלעגראַמע, פאַרוואָס זאָל ער אויסנאַרן ביי זיי געלט? אַזאַ פיינער מאַן, גערעדט אַזוי פריינטלעך. וועט דער פעטער קומען זיי באַגעגענען? וועט ער זיי דערקענען? וועלן זיי אים דערקענען? זיי האָבן זיך דאָך קיינמאָל ניט געזען!

דער פעטער האָט זיי דערקענט אָנ׳ם שטרויענעם קערבל וואָס ניסיע האָט געטראָגן.

— דאָס ביסטו חנה קיילעס יינגל?

דאָס „יינגל" האָט אַ קראַץ געטון אין אויער, אָבער דערזען דעם שמייכלענדיקן פּנים, די גרויע האָר, דערפילט די פריינטלעכע האַנט נאָך אַזאַ לאַנגער, שטומער נסיעה צווישן פרעמדע מענטשן, איז דער קראַץ גלייך פאַרהיילט געוואָרן, אַ פריידיקער אויסרוף איז אַרויסגע־קומען — פעטער נחום! דאָס איז דער פעטער נחום! — האָט ער זיך שוין געווענדעט צו גיסיען, — און דאָס איז מיין ווייב, גיסיע.

דער פעטער האָט, מעשה זשענטלמאַן, אונטערגעהויבן זיין קאַ־פעליוש, אָנגענומען גיסיעס האַנט און אַ קוק געטון אויף איר מיט אַ פאַרשעריטן קוק: ווער ביסטו עס אַזוינס? געמעגט שווערן איך האָב געזען דעם פּנים ערגעץ. געכאַפּט זיך אַז ער האָט זי ניט געקענט זען, האָט ער אַ קוק געטון אויפן פּאָר פאָלק און אַ שמייכל האָט זיך צע־שפרייט איבער זיין פּנים: צוויי קינדער שפּילן זיך אין מאַן און ווייב. ער האָט אַ נעם געטון דאָס שטרויענע קערבל און אַ זאָג געטון: קומט!

די בוימער פאַרן הויז, אַזעלכע מאָדנע בוימער, קיינמאָל ניט געזען, פּאַלמעס רופט מען זיי. דאָס הויז, אַ גרויס הויז, פינף צי זעקס צי־מערן, און אין דעם הויז וואוינט קיינער אַחוץ דעם פעטער און אַ . . . שוואַרצע גויע, אַ דינסט אַפּנים. זיי האָבן געוואוסט עס זיינען דאָ

שוואַרצע מענטשן אויף דער וועלט, נעגער, אויפן שיף, אויף דער באַן געזען עטלעכע, אָבער יענע שוואַרצע האָבן אויסגעזען ווי פאַר־שטעלטע, עפּעס האָט זיך ניט געגלויבט אַז זיי זיינען טאַקע שוואַרץ, די שוואַרצע פּנימער — מאַסקעס, אויפן לייב מוזן זיי זיין ווייס, און זייערע לייבער האָבן זיי ניט געזען. דערפאַר דאָ אין שטוב האָבן זיי דערזען, דערפילט לעבן זיך אַ שוואַרצע פרוי, מיט אַנטבלויזטע אָרעמס, און די אָרעמס זיינען שוואַרץ, דער האַלז אויך, און דער פּנים . . . דער שוואַרצער פּנים שיינט, און ווי שוואַרץ דער פּנים, אַזוי ווייס די אויגן־ווייסלעך, ווייס אַזש בלוילעך, אָט ווי . . . זויערמילך. אין די צוויי „זויערמילך שאָלעכלעך" שווימען אַרום צוויי קאַרשן אויגן, און די אויגן, דער פּנים, דאָס מויל שמייכלט, לאַכט, אַנטפּלעקנדיק געזונטע ווייסע ציין, זי וויטעט זיך מיט זיי ווי מיט אַלטע פריינט, גיסענען טרייסלט זי שטאַרק די האַנט, גיסיען נעמט זי ממש אַרום, און זי רעדט, לאַכט אַזש פון התפעלות. וואָס זי רעדט פאַרשטייען זיי ניט, זיי כאַפּן יאָ אַז איר נאָמען איז דעיזי. אַזוי הייסט זי — דעיזי. אַ מאָדנער נאָמען. און דער פעטער אויך — מאָדנע, עפּעס אַזוי אַנדערש, אַזוי פרעמד, און דאָך היימיש. זיי קוקן ניט אויף אים, זיי כאַפּן נאָר אַ קוק בגנבה. גיסיע האָט שוין אַפילו געפונען עפּעס אַן ענלעכקייט צו דער מאַמע, אין גאַס וואָלט ער אים אָבער ניט דערקענט, אַ נאַקעטער פּנים, דער קאָפּ אויך נאַקעט, בלויז אַ קרייזל גרויע האָר, מוז שוין זיין אַלט, אָבער די אויגן, דער עיקר ווען ער פאַרזשמורעט זיי אַ ביסל, קוקן אַזוי פריינטלעך, שמייכלען, ממש זיי זאָגן: רעדט, רעדט, שעמט זיך ניט, אייגענע מענטשן. זיי רעדן, דערציילן פון דערהיים, און ער הערט אַזוי אויפמערקזאַם און פרעגט זיך נאָך ניט נאָר אויף זיין שוועסטער, גיסיעס מאַמע, ער וויל אויך וויסן וועגן טעמען, גיסיעס מאַמע.

— ביסטו, הייסט עס, טעמעס מיידל. גיי ווייס, גיי ווייס, — חזרט ער איבער, פאַרמאַכט די אויגן, און ווען ער עפנט זיי קוקן זיי מיט אַזאַ מאָדנעם קוק אויף גיסיען, אַז שפּעט אין אָוונט, ווען גיסיע מיט גיסיען זיינען שוין געליגן אין דער ברייטער בעט, וואָס דער פעטער האָט פאַר זיי צוגעגרייט, האָט גיסיע פאַרטרויט איר מאַן: ווייסט? ווען ער גיט אַ קוק אויף מיר שעם איך זיך עפּעס, איך פיל ווי ער וואָלט מיט די אויגן געגלעט מיין נאַקעט לייב.

— גיי שוין גיי, וואָס דיר דוכט זיך. ער איז, קענטיק, זייער אַ גוטער.

— און ער וואוינט איינער אַליין אין אַזאַ גרויס הויז. ער איז קענטיק רייך. די שוואַרצע — אַ דינסט אַפּנים. האָט ניט קיין ווייב? האָט גאָר קיינמאָל ניט חתונה געהאַט?

גיסיע האָט אים פאַרוואָרפן מיט פראַגן וועגן פעטער, און גיסיע האָט געענטפערט, כאָטש ער האָט זייער ווינציק געוואוסט וועגן אים. ער איז אָבער ז י י ן פעטער, האָט ער געענטפערט, זיינע ענטפערס — השערות און, ווען ער האָט שוין אַפילו קיין השערה ניט געקענט אַרויס־זאָגן, האָט ער איבערגעהאַקט — שוין זען מאָרגן. — דער מאָרגן איז אָנגעלאָדן מיט סודות, חידושים, דערווייל איז נאַכט, די ערשטע נאַכט זייערע אין דער נייער היים, אין אַ בעט, נאָך אַזוי פיל נעכט אויף דער שיף, אויף באַנען . . .

אויף מאָרגן האָט דער פעטער זיי מיטגענומען צו זיך אין קראָם, דאָרטן האָט ער זיי פאָרגעשטעלט פאַר זיין בוכהאַלטערין מרס. גאָרדאָן. די פאָרשטעלונג איז געווען אין ענגליש און זיי האָבן בלויז פאַרשטאַנען איין וואָרט „גרין", זיי האָבן אָבער געזען איר שמייכל, איר פריינטלעכן קוק, אַרייגענומען אירע האָניק קאָליר האָר, דעם לענגלעכן פּנים מיט אַזאַ צאַרטער הויט, מיט די אויגן האָט מען גע־קענט פילן די צאַרטקייט. ניסיען איז זי געפעלן געוואָרן, מער ניט, דאָס נעזל, ביים סאַמע סוף האָבן זיך די נאָזלעכער צעשפּרייט, די נאָז־פליגל — בערגעלעך צוויי. גיסיען איז דורכגעלאָפן אַ געדאַנק אַז עפּעס מוז זיין צווישן דעם פעטער און דער בלאָנדער „שיקסע". ווי זיי שמייכלען דאָס איינער צום צווייטן! און זי האָט ניט פיינט געקראָגן די „שיקסע", נאָר זי באַטראַכט ווי עפּעס אַ ביליקע פרוי.

— דיך וועל איך שוין אַליין אויסקליידן, — האָט דער פעטער אָנגעוויזן אויף די שטאַנגען מיט פאַרטיקע אנצוגן, — און דו וועסט גיין מיט דער מרס. גאָרדאָן, זי'ט שוין פאַר דיר צופּאַסן אַ פּאָר קלייד־לעך, אַ מאַנטל, שיך, אַלץ וואָס דו דאַרפסט.

גיסיע איז געווען ניט אַזוי צופרידן. זי גייט נאַקעט? און גיין מיט אָט דער אָ? זי געפעלט איר ניט. גיסיעס ליפּן האָבן זיך צוזאַמענגע־פרעסט, אירע געדיכטע ברעמען האָבן זיך אַ בערשטל געטון, זי האָט אָבער גאָרניט געזאָגט, די מרס. גאָרדאָן האָט מיט אַ שמייכל זי איינ־געלאַדן גיין, האָט זי געענטפערט מיט אַ שמייכל און מיטגעגאַנגען.

צוויי ווייבער קענען ניט גיין שווייגנדיק, מיט שמייכלען אַליין האָט מען ניט געקענט אויסקומען, די „שיקסע" האָט אַרויסגערעדט

אַ פּאָר ווערטער אין אַ צעקייטן, דייטשמערישן יידיש, געלאָזט וויסן אַז פאַרשטיין פאַרשטייט זי יידיש גאַנץ גוט, האָט שוין גיסיע גערעדט, געפרעגט, די מרס. גאָרדאַן האָט געענטפערט חצי ענגליש, חצי יידיש און גיסיע האָט כמעט ווי פאַרשטאַנען וואָס די מרס. גאָרדאַן האָט געזאָגט. זי האָט אויך געפּסקנט פאַר זיך אַז די מרס. גאָרדאַן איז אפשר ניט קיין . . . צנועה, אָבער, קענטיק, ניט קיין שלעכטע, אַ צוגעלאָזענע.

וועןביידע פרויען זיינען צוריקגעקומען מיט זייערע קעסטלעך, פּעקלעך איז ניסיע שוין געווען אַ פאָלנער אַמעריקאַנער, גיסיע האָט גלייך אין קראָם אָנגעמאָסטן אירס אַ קליידל, שיך, אַ היטעלע, און דער פּעטער האָט זיך ממש געשפּיגלט אין זייביידן, גיסיען האָט ער אַזש אַ גלעט געטון איין באַק, זי האָט זיך פאַררויטלט און ער . . . אויך.

— מיר׳ן אַלע עסן וועטשערע צוזאַמען, — האָט דער פּעטער אויסגערופן. — וואָס זאָגט איר, מרס. גאָרדאַן?

אַ קורצע באַראַטונג צווישן דעם פּעטער און דער מרס. גאָרדאַן, און עס איז געבליבן אַז ביידע פרויען גייען צום פּעטער אַהיים צוגרייטן עסן, ער מיט ניסיען וועלן קומען ווען מ׳וועט פאַרשליסן די קראָם.

פון דעם אופן ווי די מרס. גאָרדאַן האָט זיך געשאַפּן מיט דעיזין, ווי זי האָט געעפנט די שאַפעס און שאַפּקעלעך, האָט ביי גיסיען זיך פאַרשטאַרקט דער געפיל אַז צווישן דעם פּעטער און דער מרס. גאָרדאַן איז טאָקע עפּעס . . . זי איז אַזוי היימיש דאָ, אָבער איר האָט עס שוין מער ניט געאַרט, זי האָט זיך בלויז געחידושט: דער פּעטער אַזוי אַלט, גרוי און זי? ווי אַלט קען זי זיין? זי האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און אַ פרעג געטון ווי אַלט זי איז, זיך פאַררויטלט פאַר שטעלן די פראַגע און, ווי צו פאַרגיטיקן דערפאַר, אַרויסגעזאָגט איר עלטער — איין און צוואַנציק, כאָטש ס׳איז איר נאָך ניט געווען קיין פולע איין און צוואַנציק.

— איך בין פינף און צוואַנציק, גיי אויפן זעקס און צוואַנציקסטן, האָט די מרס. גאָרדאַן געענטפערט מיט אַ שמייכל. — פאַרוואָס פרעגט איר עס?

— אָה, איר זייט אַזוי יונג און איר קענט אַלץ, אין קראָם, דאָ אין קיך, און איר קענט אַזוי גוט ענגליש, — האָט גיסיע פאַרענדיקט און זיך פאַררויטלט. זי איז ניט געווען זיכער צי די מרס. גאָרדאַן האָט ניט דערזען איר א מ ת ע פראַגע.

— זאָרגט זיך ניט, איר׳ט אויך קענען, — האָט די מרס. גאָרדאַן

געענטפערט מיט אַ שמייכל. — איר קענט שוין אַ ביסל ענגליש, איר ווייסט שוין אַ „סטאָר“, „דרעס“, „שוס“ . . .

אַ פּאַטראָניזירנדיקער שמייכל. אַ פאַלשע, האָט גיסיע באַשלאָסן, שמייכלט צופיל, זי געפעלט איר ניט. ניין, זי געפעלט איר גאָרניט. זי האָט זיך דערפילט אַ סך בעסער ווען ביידע מאַנסבילן זיינען געקומען. ווען ניסיע איז לעבן איר פילט זי זיך בעסער, זיכערער.

ביים עסן האָט מען גערעדט מייסטנס וועגן מאכלים, אַמעריקאַנישע, אייראָפּעאישע, דאָס הייסט, יידישע, נאָכן עסן האָט מען גענומען רעדן תכלית.

— אַ דאָקטאר? — האָט דער פעטער איבערגעפרעגט, — פאַרוואָס דוקא אַ דאָקטאר?

— נאָך אין רוסלאַנד געוואָלט לערנען אויף דאָקטאר.

— אין רוסלאַנד ווילן אַלע יידן זיין דאָקטוירים. דאָרטן איז אַ דאָקטאר שיר נישט אַ גענעראַל, אויב אַפילו אָן אַ קאָקאָרדע, און געלט פאַרן וויזיט גיט מען אים ווי מ׳גיט כאַבאַר, דאָ איז אַ דאָקטאר אַ פּראָפעסיע, ווי אַלע פּראָפעסיעס, געלט נעמט ער ווי אַ . . . קאָלעקטאר, און גאַנץ אָפט איז אַ גוטער דאָקטאר דער, וואָס איז אַ רייכער דאָקטאר. דו, האָב איך מורא, וועסט קיין רייכער דאָקטאר ניט זיין, איך צווייפל צי דו וועסט אויסנעמען ביי ווייבער . . .

— ניט אויסנעמען ביי פרויען? ער האָט אויסגענומען ביי מיר! — האָט גיסיע שיר ניט אויסגעשריען. אירע מאַנדל שניט אויגן האָבן אַ קאָסע געטון דעם פעטער: איך שפּאַס ניט! איך מיין עס ערנסט.

דעם פעטערס שמייכלענדיקע אויגן האָבן באַגעגנט אירע; געפעלסט מיר. דער שמייכל האָט זיך אַ מיניע געטון. — דאָס וואָס מ׳קריגט, ווען מ׳הויבט זיך אָן מיט ווייבער. — די מרס. גאָרדאָן האָט צוריקגעשמייכלט — בעסער הויבט זיך טאַקע ניט אָן.

גיסיע האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס זיי האָבן געזאָגט, זי האָט בלויז געוואוסט אַז זיי ביידע, דער פעטער און זי, די מרס. גאָרדאָן, האָבן גערעדט וועגן איר, און זי האָט זיי ביידן, אים און איר, דער עיקר איר. וואָס האָט זי זיך צו מישן?

דער פעטער האָט מיט נאָך אַ מילדערן שמייכל פאַרריכט. — איך האָב חלילה גאָרניט געמיינט. ניסיע איז אַ וואוילער בחור, אַ שיינער בחור, אָבער צי דאַרף ער ווערן אַ דאָקטאר, דאָס ווייס איך נאָך ניט.

זאָג מיר, האָסטו שוין אַמאָל געזען ווי אַ דאָקטאָר שניידט אָפּ אַ מענטשן אַ האַנט, אַ פוס, אָדער עפּנט אויף אַ בויך און שניידט דאָרטן?

גיסיע האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטון, איר פּנים האָט זיך פֿאַר־קרומט, ניסיע האָט אַ צעמישטער געקוקט אויפֿן פֿעטער: — וואָס רעדט ער? — ניט אַלע דאָקטוירים שניידן. אַ דאָקטאָר היילט.

— און דו דיינקסט אַז דו קענסט היילן מענטשן?

ניסיעס קוק — וואָס איז דאָס? אַן עקזאַמען?

— איך מיין, צי פֿילסטו ביי זיך אַז דו וועסט עס קענען טון, ווילסט דווקא טון דאָס און ניט קיין אַנדער זאַך, ווייל דווקא דערצו ביסטו פֿייאיק?

— דאָס ווייס איך ניט. איך וועל אויסשטודירן, וועל איך זען. — ניסיען האָט שוין פֿאַרדראָסן אויף זיין פֿעטער. וואָס האָט ער מורא, עס וועט אים קאָסטן געלט? ער׳ט ניט נעמען ביי אים אַ גראָשן, ער׳ט אַפֿילו ניט וואוינען ביי אים, ער׳ט זיך אַרויסקלייבן, וועט אַליין . . . פֿריער דער טאַטע, דערנאָך די מאַמע, איצטער דער פֿעטער, אַלע קעגן אים . . .

— מ׳יאָ, — ציט דער פֿעטער דעם „יאָ“, — דאָס קען מען ניט וויסן. קיינער קען ניט פֿאָראויסזאָגן. וואָס זאָגט איר, העלען?

דער „העלען„ האָט אַ דריי געטון גיסיעס קאָפּ. ניט אַנדערש זי איז זיין . . . ווייב. פֿרעגט ביי איר אַן עצה. זי האַסט אים, זיין . . . ווייב.

— איך זאָג, אַ מענטש וויל לערנען, זאָל ער לערנען, אָבער די ערשטע זאַך מוז ער, ביידע דאַרפֿן זיך לערנען ענגליש.

— גערעכט. מרס. גאָרדאָן איז גערעכט. דאָקטאָר צי ניט דאָקטאָר, די ערשטע זאַך איז ענגליש. מיר איינגעפֿאַלן אַ גוטער געדאַנק. איך קען איינעם אַ פּרינציפּאַל פֿון אַ היי סקול, אַ דירעקטאָר פֿון אַ גימ־נאַזיע, — האָט ער פֿאַרטייטשט פֿאַר ניסיען, — מיר׳ן אַריבערגיין צו אים, הערן וואָס וועט ער זאָגן. מר. סטיווענס, — האָט ער אַ זאָג געטון צו דער מרס. גאָרדאָן, און זי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ — איך ווייס.

מר. סטיוועגסעס מילך־ווייסער קאָפּ האָר האָט געזאָגט — אַ מיל־דער מענטש; זיין קאָרן־ברויט־קאָליר פּנים האָט געזאָגט: איך בין אַ פּשוטער חי וקים, דערפֿאַר זיינע אַגרעס גרינע אויגן האָבן געוואָרנט: דאָס איז ניט קיין ברויט מיט מילך, מיר האָבן שוין געזען זאַכן. נחומען האָט ער אויפֿגענומען מיט אַ פֿריינטלעכן דאָך העפֿלעכן: העללאָ,

מר. קופער! וואָס ברייינגט אייך אַהער? זיצט! אויסהערנדיק נחומען האָבן די אַגרעס גרינע אויגן זיך געגליטשט איבער ניסיעס פּנים, און ווען נחום האָט געענדיקט, האָט מר. סטיוועגס אַ רייב געטון דעם קין.

— איך האָף, מר. קופּער, איר וועט אויף מיר ניט האָבן קיין פּאַראיבל פאַר דעם וואָס איך וועל אייך זאָגן, נאָר אָפּטמאָל וואונדער איך זיך: וואָס באַוועגט די יידן זיך רייסן אין די פּראָפעסיעס, וועלן דוקא ווערן דאָקטוירים אָדער אַדוואָקאַטן? איך בין אַ פּרינציפּאַל די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר, אַ לערער שוין אַריבער פערציק יאָר, און איך מוז זאָגן די יידישע קינדער זיינען גוטע סטודענטן, פּייאיקע שילער, אין דורכשניט אפשר בעסער ווי אַנדערע, אָבער פאַרוואָס דוקא דאָקטאָר אָדער אַדוואָקאַט? איר זייט אפשר גערעכט, — האָט ער צוגעגעבן, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעהערט נחומס דערקלערונג, — אָבער דאָ איז ניט רוסלאַנד, דאָ האָט יעדער איינער אַ געלעגנהייט צו טון וואָס ער וויל, וואָס ער איז פייאיק צו טון און, גלויבט מיר, דאָ געבוג דאָקטוירים וואָס וואָלטן געווען זייער גוטע קצבים, יידישע אַזוי גוט ווי ניט יידישע; דאָ אַדוואָקאַטן ווענען איך וואָלט ניט געטרויט קיין פינף סענט; און דאָ אויך לערער, יאָ, לערער אויך, וואָס וואָלטן בעסער געפּאַסט צו זיין סערזשאַנטן ביי ווילהעלעמען אין זיין אַרמיי. איך האָף אַז עס וועט נאָך אַמאָל קומען אַ צייט ווען יעדער בחור און יעדע מיידל וועט דורכגיין אַן אוניווערסיטעט און, מיט אַ דיפּלאָם אין קעשענע, וועט ער אָדער זי ערשט דאַן ווערן אַ סטאָליאַר, אַ מוליאַר, אַ פּאַרמער, יעדער איינער צו וואָס ער איז ווירקלעך פּייאיק. ווען איך בין איר, וואָלט איך געזאָגט אייער פלימעניק: קודם לערן זיך ענגליש, באַקען זיך מיטן לאַנד, זע וואָס דו קענסט טון. און, אויב ער קען זיין אַן ערלעכער סוחר, פאַרקויפן אַ גאַרניטור ניט אָפּנאַרנדיק דעם קונה, וועט ער זיין אַ מער נוצלעכער בירגער ווי אַן אַדוואָקאַט אַ שווינדלער, אָדער אַ דאָקטאָר אַ קאַליקע. דיינקט איר ניט אַזוי?

נחום האָט צוגעשטימט און האָט געפרעגט וואָס איז דער בעסטער וועג פאַר אַזאַ בחור צו לערנען ענגליש, ער איז דאָך ניט קיין פּראָסטער בחור, געענדיקט אַ היי סקול.

— איך וואָלט געזאָגט גיין אין אָוונט שול. איך וואָלט אים גע־קענט אַריינגעמען אויף בייטאָג, אָבער איך דיינק ער׳ט זיך פילן דאָרט ניט אין זיין סביבה. איר ווייסט׳אך, אַמעריקאַנער בחורים, מיידלעך... עס וועט ניט אַרבעטן. אָוונט שול, מיט נאָך אימיגראַנטן ווי ער, וועט

ער זיך פילן בעסער. ווען ער׳ט כאַפּן די שפּראַך, וועט וויסן וואו ער איז אין דער וועלט, אויב ער׳ט דוקא וועלן לערנען, וועל איך זיין צופרידן אים אַרויסהעלפן. ער האָט געענדיקט היי־סקול, זאָגט איר? וועט ער קריגן קרעדיט פאַר דעם וואָס ער האָט געלערנט, דאָס הייסט, אויב ער קען טאַקע, אָבער קודם מוז ער קענען ענגליש.

— ער איז אַ פיינער מאַן, — האָט דער פעטער צוגעגעבן, נאָכדעם ווי ער האָט אין קורצן איבערגעגעבן ניסיען וואָס דער פּרינ־ציפּאַל האָט געזאָגט. — זייער אַ פיינער מאַן. יעדן יאָר קומט ער אַריין קויפן אַן אנצוג, אַזוי שוין די לעצטע זעקס, זיבן יאָר. אַן ערלעכער מענטש, מ׳קען זיך אויף אים פאַרלאָזן. דער עיקר איז — כאַפּן די שפּראַך. קענסט בייטאָג שטיין מיט מיר אין קראָם, דאַרף סיי ווי אַ מענטשן, דיר צאָלן עלעהיי אַ פרעמדן, און אין אָוונט וועסטו גיין אין שול, דו און גיסיע, ביידע.

אַזוי איז געווען. ניסיע און גיסיע, מאַן און ווייב, זיינען געוואָרן צוויי שול קינדער, און די קינדער, ביידע גערואָטענע, ווילן דאָך איבער־שטייגן איינער דעם צווייטן, און אין זייער פאַרלאַנג זיך אויסצייכענען גייען זיי אַזוי ווייט ווי זיך קריגן, שיר ניט שלאָגן. פאַרוואָס זאָל ער איר פאַרריכטן ווי אַרויסצורעדן דעם „דאבל יו״, ווען ביי אים קומט דער „טה״ אַרויס ווי אַן „עף״, ער, אַזאַ . . . חנה־קייוועו! זי האָט עס ניט אַרויסגעזאָגט, אָבער ער האָט עס געפילט, געזען ווי עס ליגט איר אויפן צונג, אָט אָט שפּרינגט עס אַרונטער, און עס פאַרדריסט אים, פאַרדריסט אים זייער שטאַרק, ווייל וואָס וואָס, דוקא ענגליש רעדט ער אַ סך בעסער, ריכטיקער ווי זי. ביי איר קומט דאָך דער „דאבל יו״ אַרויס ווי אַ „ווע״, בעת זיין „לאַנגע צונג״ וואָס האָט אַמאָל פאַר־וואָמעדט די לאַמעדן ברייגגט אַרויס זייער גוט דעם „דאבל יו״. און ניט נאָר דאָס, זי רעדט טאַקע שנעלער, מאָלט, מאָלט, דערפאַר אָבער מאַכט זי אַ סך גרייזן, ער רעדט פּאַמעליכער, אָבער ריכטיק. אַפילו די מרס. גאָרדאָן האָט אים שוין געגעבן אַ קאָמפּלימענט אויף זיין ענגליש.

מער האָט ער ניט געדאַרפט.

— אָה, ער גייט זיך פאַרהערן צו איר! זי גיט אים נאָך שבת אויבס אויך. נישקשה, זי האָט אַן אָפענע האַנט, און ניט נאָר די האַנט אירע איז אָפן . . .

— גיסיע! וואָס רעדסטו? שעם זיך, פע! די מרס. גאָרדאָן . . .

— די מיסעס גאָרדאָן! — האָט זי אים איבערגעקרומט, אַ וואָרף געטון דעם האַנטוך וואָס זי האָט געהאַלטן און אַנטלאָפן אין שלאָף צימער.

ניסיע איז געבליבן אַ געפּלעפּטער. וואָס האָט ער אַזוינס געטון? וואָס האָט ער געזאָגט? די מרס. גאָרדאָן . . . מיט אַמאָל האָט ער דערזען זיך מיט גיסיען אין שטאַטישן פּאַרק, דערהערט, דערזען דעם אַרקאַדי פּעטראָוויטש . . . און אַ שמייכל האָט זיך גענומען שפּרייטן איבער זיין פּנים. דאָס איז עס? נאַרישע מיידל . . .

ווען ער איז אויף מאָרגן געקומען אין קראָם האָט זיך אים גע־וואָרפן אין די אויגן מרס. גאָרדאָנס קאָפּ האָר — האָניק, מוזן זיין זייער ווייך, און . . . אויך איר לייב, די הויט פון פּנים, דער עיקר פון האַלז מוז זיין אַזוי ווייך, אַזוי צאַרט, ער האָט געקענט פילן איר לייב . . .

האָט זי דערפילט זיין באַגערנדיקן קוק? זי האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ. — איר האָט געוואָלט עפּעס פרעגן?

— ניין, — האָט ער פאַרלוירן געענטפערט, — דאָס הייסט יאָ, — האָט ער שוין צוגעגעבן מיט געמאַכטן מוט, — איך האָב געוואָלט פרעגן פאַרוואָס רופט איר זיך מיסעס? איר זייט ניט פאַרהייראַט? — זיין קוק: אָט האָב איך דיך געפרעגט און טו מיר עפּעס!

— אָה! — האָט זי אויסגעצויגן, און איר פּנים האָט זיך גענומען רויטלען. — איך בין ג ע ו ו ע ן פאַרהייראַט. מיר האָבן זיך געגט, — האָט זי צוגעגעבן עטוואָס שטילער און די נאָז פליגל האָבן אַ ציטער געטון.

— און איר האָט ניט חתונה געהאַט נאָכאַמאָל?

אירע בלוי־גרויע אויגן האָבן אַ שניט געטון זיין פּנים: וואָס איז דאָס פאַר אַן אַנשיקעניש? דערזעענדיק זיין יינגלשן קוק, זיינען אירע אויגן געוואָרן בלויער, וואַרעמער. — פאַרשטייט איר מיך, ווען איינער האָט חתונה איין מאָל און טרעפט גוט קען ער חתונה האָבן אַ צווייטן מאָל אויך. מאַכט זיך, אַ מאַן אָדער אַ ווייב שטאַרבט. ווען איינע האָט אָבער חתונה און פאַלט דורך איז זי ניט אין גרויס איילעניש פּרואוון נאָכאַמאָל. ניין, איך אייל זיך ניט חתונה האָבן, — האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ שמייכל און אַ קוק געטון אויף אים ווי אַ דער־וואַקסענער מענטש וואָס האָט כלומרשט „דערקלערט" אַ קינד ווי אַזוי קינדער קומען אויף דער וועלט: איצט ווייסטו שוין?

— איך פֿאַרשטיי, — האָט ער אַ ביסל פֿאַרשעמט געענטפֿערט.
— אַנטשולדיקט פֿאַר פֿרעגן.

— עס מאַכט ניט, — האָט זי גוטמוטיק געשמייכלט. ער איז אַ קינד. ניט קיין שלעכט בחורל. אַ ביסל קאָמיש.

ער האָט פֿאַרפֿירט אַ שמועס מיטן פֿעטער וועגן איר און זיך דער־וואוסט אַז זי איז געקומען אַרבעטן ביי אים גלייך ווי ער האָט געעפֿנט די קראָם דאָ. געווען אַ יונג מיידל, נאָר וואָס אַרויס פֿון „ביזנעס קאָ־לעדזש״. חתונה געהאַט, האָט ער איר געגעבן אַ מתנה, אינגיכן האָט ער איר געהאָלפֿן זיך גטן. דער מאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גאַרנישט, אַ געמבלער, האָט פֿאַרשפּילט אירע פֿאַרדינסטן, פֿלעגט זי נאָך שלאָגן. און זי איז אַ וואויל מיידל, זייער אַ וואויל מיידל, און אַ גוטע געשעפֿטס פֿרוי אויך, זי קען די געשעפֿטן בעסער פֿון אים. יאָ, זי איז אַ וואויל מיידל.

די מרס. גאָרדאָן איז אַ וואוילע פֿרוי, האָט ניסיע באַשלאָסן, און גיסיע איז אַ נאַרישע מיידל . . .

דאָס נאַרישע מיידל האָט זיך שוין לאַנג איבערגעבעטן, און איין אָוונט האָט זי דערקלערט איר נאַרישן יינגל אַז זי גייט ניט מער אין אָוונט שול. זי האָט ניט געוואָלט זאָגן פֿאַרוואָס, ווען ער איז אָבער צוגעשטאַנען, האָט זי אָנגענומען זיין אויער לעפֿל, צוגעצויגן זיין קאָפּ און אים איינגערוימט אַ סוד אין אויער.

— מיינסט עס? ביסטו זיכער? ביסטו זיכער אַז דאָס איז עס?

— ביסט אַ קינד. ביסט אַ קליין קינד, — האָט זי גרויס־מוטע־ריש געענטפֿערט מיט אַ שמייכל.

א י ם, דעם פֿאָטער פֿון אַ קינד, רופֿט זי אַ קליין קינד! ער איז דאָך שוין אַ טאַטע! אַ טאַטע!

דער טאַטע האָט שוין פֿאַרגעסן אין אָוונט שול. ער האָט אַרומ־גענומען די מאַמע, זי אַ דריי געטון, כאַטש גיי מיט איר אַ טענצל.

— משוגענער, — האָט זי אים גוטמוטיק צוגעוואָרפֿן, און ניט אָן שפּאַס צוגעזען ווי ער האָט ש ו י ן גענומען אַרומפּאַדען אַרום איר, אָט ווי זי וואָלט מאָרגן געדאַרפֿט גיין אין בעט אַריין, אַפֿילו קאָכן האָט ער איר געוואָלט העלפֿן, און זי האָט אים געמוזט אַרויסטרייבן פֿון קיך — דאָ איז ניט דיין אָרט.

אָוונט שול, ענגליש, שטודירן אויף דאָקטאר — אַלץ איז ווי פֿאַרגעסן, אָפּגעווישט געוואָרן, דער עיקר — זי, דאָס קינד. איז איר

ניט צו שווער? דאַרף זי ליגן, זיצן? גיין איז בעסער? איז ער געגאַנגען מיט איר שפּאַצירן. ביי איר האָט אַרויסגעסטאַרטשעט דער בויך, ביי אים די ברוסט — איך ווער אַ טאַטע! זי האָט געגייט, געשטריקט זע־קעלעך, לייבעלעך פאַר . . . אים.

— פון וואַנען ווייסטו עס וועט זיין אַ ייינגל?

— מסתמא ווייס איך, — האָט זי געענטפערט מיט אַן עניגמאַ־טישן שמייכל, און ביי אים איז רעכט געווען אַז זי, די ווייבער ווייסן. אויב אַזוי דאַרף ער הייסן נאָך זיין טאַטן.

— וואָס עפּעס נאָך ז י י ן טאַטען? א י ר טאַטע דאַרף אויך אַ נאָמען.

איר טאַטע, זיין טאַטע, מ׳האָט זיך געאַמפּערט, געקריגט, אָט אָט צעפּאַטשט מען זיך. ער האָט שוין אַפילו געוואָלט איינגיין אויף אַ קאָמפּראָמיס — ביידנס נעמען, אָבער זי האָט, מעשה באַלעבאָס, זיך פּשוט אויסגעלאַכט. אָט באַלד וועט זי אַ נאָמען געבן איר קינד זכריה עזריאל, צי עזריאל זכריה. עזריאל, עזרא, וועט ער הייסן. עז־רא! האָט זי שוין געהערט ווי זי רופט איר קינד, און עס האָט איר גע־קלונגען זייער גוט, אַפילו אין . . . ענגליש. ניסיע האָט נאָכגעגעבן. אַ ברירה האָט ער געהאַט? און ווידער, זיין טאַטע . . .

און דאָס ייינגעלע איז אַריינגעבראַכט געוואָרן בברית אברהם אבינו מיטן נאָמען עזריאל בן ניסן. געראָטן איז ער געווען אין טאַטן ווי איין טראָפּן וואַסער אין צווייטן, באַלעבאָס איבערן קינד איז אָבער געווען די מאַמע, זי האָט אים ממש ניט צוגעלאָזט צום קינד, און האָט זי אים שוין דערלאַנגט דאָס קינד ער זאָל עס צוהאַלטן אַ ווײַלע, האָט זי גלייך חרטה געקראָגן. — אַ מענטש האַלט עס אַ קינד! גיב אים שוין אַהער!

ביידע האָבן אָנגעשריבן אַ בריוו אַהיים צו די מאַמעס, געלאָזט וויסן זיי זיינען געוואָרן באָבעס, אָבער קיין ענטפער האָבן זיי ניט געקראָגן. פּאָסט פון אייראָפּע איז שוין כמעט ווי ניט געגאַנגען, דער טעלעגראַף האָט צעטראָגן איבער דער וועלט קריגס נייעס. אַמעריקע איז אויך אַריין אין קריג, אָבער דאָס פּאָר פאָלק איז ווי ניט באַרירט געוואָרן פון דער מלחמה.

— גיי, רעגיסטריר זיך, — האָט אים דער פעטער געראַטן, גע־הייסן, — און גיב אָן אַז דו ביסט אַ טאַטע פון אַ קינד, נאָך ניט קיין פולער בירגער, דאַרפסט ניט גיין אין מלחמה.

— איז דאָס רעכט אַזוי צו טון?
— וואָס זשע, דיר ווילט זיך גיין געהרגעט ווערן?
— געהרגעט ווערן ניט, אָבער . .
— טו ווי מ׳זאָגט דיר! — האָט דער פעטער שוין באַפוילן. פאַר זיך האָט ער אונטערגעבורטשעט: ראַטעווען די וועלט פאַר דעמאָ־קראַטיע . . .

ער האָט ניט געהאַלטן פון דער מלחמה, פון קיין מלחמה. ער האָט געקויפט „באָנדס" פון דער „פרייהייט הלוואה", אַ ברירה האָט ער געהאַט? ער האָט זיך אָבער ניט געאײַלט נאָך מלחמה פּראָפיטן, אים האָט אַפילו פאַרדראָסן וואָס צוליב דער מלחמה זײַנען זײַנע געשעפטן פאַרבעסערט געוואָרן. ער האָט ניט געלייענט די מלחמה בייס און זעלטן ווען געגאַנגען אין אַ טעאַטער אָדער אַ מואווי, ער זאָל ניט דאַרפן מיטמאַכן די מלחמה היסטעריע . . . ער האָט ליבערשט פאַרבראַכט אין שאַך קלוב אָדער גאָר אין דערהיים מיטן . . . אייניקל, אַזוי האָט ער שפּאַסיק זיך אַליין טיטולירט מיט נאָמען זיידע. ער האָט געפילט אַז די עלטער רוקט זיך אָן אויף אים, דאָס געזונט ניט אַזוי גוט, טאַקע גאָרניט גוט, נו, וועט כאָטש זײַן וועמען איבערצולאָזן דאָס אַלץ. טײַערע צוויי קינדער. זי — די מאַמע מיט די בײַנדלעך . . . און ער, אויף דאָקטאָר האָט ער געוואָלט לערנען, האָט נחום גע־שמייכלט, צוזעענדיק ווי זײַן קורצוויקסיקער פלימעניק לויפט אַרום ווי אַ שרעטעלע איבער דער קראָם. זאָל ער לויפן, זאָל ער טון, סיי ווי זײַנס. מיט העלפענען ווי אַן אַרויסהעלפער וועט ער קענען אָנגיין גאַנץ גוט. וועט עס דאַרפן באַוואָרענען. זען דעם אַדוואָקאַט. ווי אַ זאַך מאַכט זיך . . . נאָכדעם ווי מ׳שטעלט אויס אַ צוואה קען מען ערשט לאַנג לעבן . . .

ער האָט נאָך דערלעבט אַ צווייט „אייניקל". אַ מיידעלע איז גע־בוירן געוואָרן. ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַ מחלוקה צווישן מאַן און ווייב איבערן נאָמען. גלייך נאָך דער מלחמה האָבן זיי געקראָגן אַ ידיעה, אַז ביידע מאַמעס זײַנען אַוועקגעשטאָרבן, און ניסיע איז באַ־שטאַנען דאָס קינד זאָל הייסן נאָך זײַן מאַמע — חנה. (דעם צווייטן נאָמען קיילע האָט ער אַפילו ניט דערמאָנט). גיסיע האָט ניט נאָכגע־לאָזט, איר מאַמע מוז אויך האָבן אַ נאָמען.

— ווּעסטו האָבן נאָך אַ מיידעלע, — האָט ער געשעפטסמעסיק געענטפערט.

— קוק אים אָן! נאָך מיידעלעך זאָל איך אים האָבן, — האָט זי זיך שוין איבערגענומען ניט אָן שפּאַס. — נו, ווי דען, ער האָט עפּעס בויכווייטיק? טעמע, וועט זי הייסן, טעמעלע! חנה, טעמע, טעמע, חנה. ס׳איז געבליבן מ׳זאָל זיך פאַרלאָזן אויפן פעטער, און דער פעטער האָט געפּסקנט — אַ פּשרה, ביידע נעמען. דער טאַטע איז אָבער באַשטאַנען אַז חנה זאָל זיין דער ערשטער נאָמען, און פאַר זיך געטראַכט: אין געבורט צעטל וועט מען טאַקע אַריינשרייבן חנה טהעלמא — (דער גלגול פון טעמע), אָבער רופן וועט מען זי חנה, חנהלע.

חנהלע איז געוואָרן דער ליבלינגביים טאַטען, ביי דער מאַמע און ביים פעטער. אינמיטן העלן טאָג האָט ער געקענט אַוועקגיין פון קראָם, זיך צולייגן אַ ביסל, אַזוי האָט ער געזאָגט, אָבער ער האָט מער פאַרבראַכט ביים קינדערישן וויגל ווי ביי זיך אין בעט. ער האָט זי באַשאָטן מיט מתנות, צאַצקעס, און ווען דאָס קינד האָט אָנגעהויבן גיין, רעדן, האָט ער שוין פאַרגעסן אָן דער קראָם, אָן זיין שאָך שפּילן, אַפילו אָן זיינע ווייטיקן, אַבי זיך שפּילן מיטן קינד, הערן דאָס פּלאַפּלען.

ער האָט שוין געהאַט ווייטיקן. ער האָט גערעדט מיטן דאָקטאָר, זיך מישב געווען, אפשר אַן אָפּעראַציע? דער דאָקטאָר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: איך צווייפל צי עס וועט טון עפּעס גוטס. עס וועט קיין סך ניט העלפן, — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ זיפץ, דערביי לאַנג אַ קוק געטון מיט זיינע אַלטע, קלוגע אויגן. אין דעם דאָקטאָרס קוק האָט נחום איבערגעלייענט זיין טויט אורטייל און ער האָט אים אָנגענומען רואיק, מער ניט, די ווייטיקן, קען מען דערצו גאָרניט העלפן?

— דאָס קענען מיר. מיר קענען פאַרלייכטערן די ווייטיקן, אָבער די הויפּט זאַך, פּרובירט איר אַליין פאַרגעסן אָן דעם, אויב איר קענט נאָר . . .

ער האָט פאַרגעסן אָן דעם . . . ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט אַזוי לאַנג ווי ער האָט געקענט און ווען ער האָט שוין געמוזט זיך אַוועק־לייגן, האָט ער גענומען ריידן וועגן גיין אין אַ שפּיטאָל, כאָטש אים האָט זיך זייער ניט געוואָלט פאַרלאָזן די היים, די קינדער . . . ווען גיסיע האָט גענומען טענהן אַז ער דאַרף ניט גיין אין קיין שפּיטאָל, זי וועט אויף אים אַכטונג געבן, האָט ער פונדעסטוועגן זיך געוועוט. — האָסט׳אַך קינדער, אַ פּיצל קינד.

— אַ פּיצל קינד. שוין אַ גרויסע מויד!

גיסיע האָט גענומען דערציילן די חכמות, די אויפטואונגען פון איר גרויסער, דריטהאַלבן יאָריקער מויד, און נחום האָט ניט געפילט אַזוי שטאַרק די ווייטיקן. חנהלע אַ טייער קינד, און גיסיע . . .

— קום אַהער, זעץ זיך אַנידער, — האָט ער אָנגעוויזן אויפן בעט און, ווען זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט ער אָנגענומען איר האַנט, פאַרמאַכט די אויגן. זי האָט מיט אַמאָל דערזען ווי אויסגעדאַרט זיין פּנים איז געוואָרן, אַט אַזוי וועט ער אויסזען אין ארון, אַ מת. ער האָט קענטיק דערפילט דעם לייכטן ציטער אין איר קערפּער. ער האָט אָן עפן געטון די אויגן. — זאָג מיר, גיסיעניו, זאָג מיר דעם אמת, איך בין דיר ניט דערווידער?

— דערווידער! פּעטער, וואָס רעדט איר? איך . . .

— אויב אַזוי איז גוט. איז גוט, — האָט ער שטיל אַרויסגערעדט, געגלעט איר האַנט, געגלעט איר פּנים מיט די אויגן, דאַן אַ נעם געטון קרעפטיק איר האַנט, זי אַ צי געטון צו זיך און, אַריינגעמענדיק איר קאָפּ אין זיינעביידע הענט, איר אַ קוש געטון אין שטערן.

דאָס האָט פּאַסירט אַזוי אומגעריכט אַז ווען זי האָט זיך אויסגעגלייכט איז זי ניט געווען זיכער אויב דאָס איז טאַקע פּאַרגעקומען. זי האָט אַ קוק געטון אויפן פּעטער — אַ טויטער פּנים, אַ מאַסקע, נאָר אויף דער מאַסקע שוועבט אַרום אַ שמייכל, אַזאַ מאָדנער, מאָדנער שמייכל, ווי ער וואָלט געשמייכלט אין שלאָף. שטיל, זי זאָל אים „ניט אויפוועקן", האָט זי זיך אויפגעהויבן און אַרויסגעגאַנגען פון צימער.

אין אָוונט, ווען גיסיע איז אַרויס פון פּעטערס צימער אַ פאַרזאָרגטער, איר דערציילט אַז דער פּעטער האָט מיט אים גערעדט וועגן זיין צוואה, האָט זי שוין מער ניט געקענט איינהאַלטן איר סוד און אים דערציילט אַז דער פּעטער האָט זי אַ קוש געטון.

— ער האַלט אַפּנים זייער שלעכט, — האָט ניסיע אויסגעטייטשט דעם קוש.

— עס איז געווען זייער אַ מאָדנער קוש, — האָט גיסיע פאַרטראַכט געזאָגט, ניט אינגאַנצן צופרידן מיט ניסיעס אויסטייטשונג.

ווען דער פּעטער האָט צוגעמאַכט די אויגן און מ'האָט אין זעלבן בריוו טאַש וואו עס איז געלעגן זיין צוואה אויך געפונען אַן אַלט פאַרברוינט בילד און גיסיע האָט, אַ קוק טוענדיק אויף דעם, אויסגעשריען: דאָס איז דאָך די מאַמע! האָט זי באַלד מיט אַ שטילערן טאָן צוגעגעבן אַ צעצויגענעם: אַ ה . . .

איצטער האָט זי פאַרשטאַנען דעם פעטערס קוש, זיין צוגעלאָזט־קייט צו איר, זיין „גלעטן זי מיט די אויגן". אָט וואָס עס איז געווען...
און זי האָט אים פאַרדעכטיקט אַז ער . . . ליובעט זיך מיט דער . . .
מרס. גאָרדאָן. און דאָך האָט זי זי פיינט, אָט די יפהפיה. זי האָט זי ניט ליב. גיסיע מוז זי אַוועקשיקן. זי וועט באַשטיין דאָרויף.

זי איז באַשטאַנען, אַפילו זיך געקריגט מיט גיסיען, ער האָט אָבער ניט נאָכגעגעבן.

— דו ביסט נישט גערעכט, ווייסט ביסט נישט גערעכט צו איר, און איך דאַרף זי האָבן.

— אודאי דאַרפסטו זי, — האָט זי שוין ניט אָן ביטערניש געענטפערט. — קענסט זיך ניט באַגיין אָן איר. איין קלייניקייט, אַזאַ גוואַלדיקער געשעפטס מענטש!

— העלען איז אַ גוטע געשעפטס פרוי.

— אָה, עס איז שוין הע־לען!

געזאָגט האָט זי העלען, אָבער ער האָט געקענט הערן ווי זי קרומט אים איבער — הע־ווען, אָט ווי אַמאָל — כאַנעקייווע. איצטער איז ער אָבער שוין ניט קיין יינגל, ער איז אַ געשעפטס מאַן און, מעשה געשעפטס מאַן, רעדט ער צו זיין ווייב. — זי קען די געשעפטן בעסער פון מיר. זי איז געווען מיטן פעטער פונם ערשטן טאָג אָן וואָס ער האָט גענפנט די קראָם און ער האָט געוואוסט ווי אָפּצושאַצן אירע פייאיקייטן, והא ראיה — די צוואה. עס זאָגט זיך דאָרט בפירוש איך זאָל זי ניט אַוועקשיקן, זי זאָל קריגן, חוץ די שכירות, פינף פּראָצענט פונם ריינעם ריוח, און אין פאַל איך שיק זי אַוועק זאָל זי קריגן פינף הונדערט דאָלאַר פאַר יעדן יאָר וואָס זי איז געווען אין געשעפט פונם ערשטן טאָג אָן. דאָס מיינט אַ פיר טויזנט דאָלאַר. דאָס איז אַ סך געלט, מיין ווייב, איך פאַרמאָג גאָרניט אַזוי פיל אין מזומן. און פאַרגעס ניט, דעיזין דאַרף מען אויך אויסצאָלן פינף הונדערט דאָלאַר.

— דיין פעטער, זאָל ער מיר מוחל זיין . . .

— גיסיע!

— גיסיע! גיב דעיזין דאָס געלט און זאָל זי זיך גיין. איך דאַרף זי ניט. איך וויל זי דאָ ניט האָבן.

פאַר דעיזין האָט גיסיע זיך ניט איינגעשטעלט. וויל זי אַוועקשיקן, זאָל זי אַוועקשיקן. אפשר בעסער אַזוי. גייט אַרום ווי זי וואָלט געווען די באַלעבאָסטע, ער אַ שכן ביי איר, צי גאָר אַ משרת. העלען ווייזט

שוין גאָרניט אַרויס קיין באַלעבאַטישקייט. מיט אַ בריוו אין האַנט איז זי, אויף מאָרגן נאָך זיין איבעררייד מיט גיסיען, געשטאַנען פאַר אים און געפרעגט: וואָס זאָל איך זיי ענטפערן?

— וואָס פרעגט איר מיך? ענטפערט. וואָס איר׳ט ענטפערן וועט זיין גוט.

— איר זייט דער באַלעבאָס.

ער האָט אַ קוק געטון אויף איר, געזען אירע נאָז פליגל האָבן אַ ציטער געטון. ער האָט שוין געקענט דעם ציטער. האַלט איין דעם כעס. — אַזוי? דער באַלעבאָס. נו גוט. ווער איז די פירמע? כ׳מיין, קויפן מיר ביי זיי אָפט?

— ניט זייער אָפט. פון צייט צו צייט.

— און זייער סחורה גייט?

— ניט קיין „פאָרד“, אין די טויזנטער גייט עס ניט, פאַרקויפט זיך צוביסלעך.

— טאָ ענטפערט זיי אַז איצטער דאַרפן מיר גראַדע ניט, מיר׳ן דאַרפן וועלן מיר זיי לאָזן וויסן.

העלען איז אַוועקגעגאַנגען שרייבן דעם בריוו און גיסיע האָט געקענט זען אירע נאָז פליגל ציטערן. ער איז געווען ניט איבעריק העפלעך צו איר, און אַלץ, ווייל זי, גיסיע, דערגייט אים די יאָר. און פרעג, וואָס האָט זי צו איר? זי איז אַ וואויל מיידל, האָט אַ גוטן קאָפּ אויף זיך, איז איבערגעגעבן דעם געשעפט, וועט אַזאַ מענטשן ניט קריגן פאַר כ׳ווייס וויפיל, און גיסיע . . .

גיסיע האָט, פאַרשטייט זיך, זיך איבערגעבעטן, האָט שוין אַפילו מער ניט דערמאָנט העלענס נאָמען, האָט אינגאַנצן אויפגעהערט זיך נאָכפרעגן אויף די געשעפטן. זי האָט געהאַט געננוג אירע אייגענע „געשעפטן“. דעריזין אַוועקגעשיקט, האָט זי אַליין געדאַרפט אַכטונג געבן אויף דער הויז, די קינדער, און די קינדער, עזרא שוין אַ גרויסער בחור, גייט שוין אין שול, און חנהלע, אַ געזונט אין אירע ביינער, איז דאָס אַ מזיק, איז דאָס אַ שטיפער, און קלוג . . . !

זי האָט זיך געשפּילט.

— וואו האָסטו געקראָגן די ליאַלקע?

— איך האָב עס געמאַכט! — און דער טאָן: אַ מענטש זאָל ניט וויסן אַזאַ קלייניקייט.

— אַ שיינע ליאַלקע, — האָט ער איר קאָמפּלימענטירט, דערביי אַנגערירט די ליאַלקע.

— זאָלסט עס ניט אָנרירן! — האָט זי אַ שטופּ געטון זיין האַנט, אים אָפּגעשטויסן.

— וואָס איז דער מער? מ׳טאָר שוין גאָרניט אָנרירן.

— פּאַפּא האָט גאָרניט צו טון מיט דער „בייבי״. עס איז מ י י ן „בייבי״.

די מאַמע מיט די ביינדלעך . . . ער האָט דערזען די מאַמע, ווי ז י האָט זיך געשפּילט מיט איר „קינד״, ניט געלאָזט אים זיך צורירן צו דעם. אַ היפּשע פּאָר יאָר אין דעם, וואַרט, דעם דריי און צוואַנ־ציקסטן ווערט איר זיבן און צוואַנציק יאָר. יאָ, דאָס איז קומענדיקן מאָנטיק. ער׳ט איר עפּעס קויפן. וואָס אַשטייגער? אַז קיין צירונג טראָגט זי ניט, אָבער אַ דין שנירעלע פּערל, גוטע פּערל, וועט איר זייער פּאַסן צו איר שוואַרצער קלייד. יאָ, אַ שנירל פּערל. זיך נאָכ־פרעגן אויף אַן אָרענטלעכן צירונגס הענדלער. העלען, אפשר ווייסט זי. ער׳ט גאָרניט זאָגן. וואָס איז היינט, מאָנטיק? מיטוואָך, דאָנערשטיק, וועט ער אַריינגיין קויפן.

דינסטיק אָוונט האָט זי זיך געקלאָגט דער „בויך״ טוט איר ווײ. מיטוואָך האָט מען זי צוגענומען אין שפּיטאָל מיט אַ געפּלאַצטן אפּענדיקס, דאָנערשטיק האָט מען שוין געוואוסט אַז עס האָט זיך אַריינגעכאַפּט פּעריטאָנייטיס, שבת איז זי געווען טויט, זונטיק איז געווען די לויה.

דאָס איז געשען אַזוי אומגעריכט, אַזוי פּלוצלונג, אַז עס האָט זיך גאָרניט פּאַטויפּעט ביי אים אין קאָפּ. אָט איז זי דאָך אַרומגעגאַנגען אַ געזונטע, אַ פרייליכע, און מיטן דרינען, נאַדיר אַן אפּענדיקס. און אַז אַן אפּענדיקס? היינטיקע צייטן אויסשניידן אַן אפּענדיקס — אַ גאָרנישט. אפּענדיסייטיס, פּעריטאָנייטיס, האָט זיך געפּלאָנטערט ביי אים אין קאָפּ, זיך פאַרפּלאָנטערט, דער קאָפּ פול און דאָך בלאַנק, איבערן אומאויפהערלעכן געדאַנקען שטראָם האָט זיך פאַרצויגן אַן אייז הייטל.

— וואו איז די מאַמע אַוועקגעגאַנגען? — דאָס קינד האָט אַרויפּ־געשטעלט אַ פּוס אויפן אייז הייטל, עס צעבראָכן.

— זי איז אַוועקגעגאַנגען ווייט, ווייט. זייער ווייט.

— ווען וועט זי קומען?

וואָס וויל דאָס קינד פון אים האָבן? — איך ווייס ניט. איך ווייס ניט, חנהלע.

— וועט זי קומען אַהיים שלאָפן?

— באַדער מיך ניט! — האָט ער שוין אומגעדולדיק אַ זאָג געטון.

— עזרא! נעם חנהלען און גיי מיט איר אַרויס אין דרויסן. גייט אַ ביסל שפּאַצירן.

— איך וויל ניט גיין אין דרויסן! איך וויל זיין דאָ! איך וויל וואַרטן אויף דער מאַמע! — האָט שוין דאָס קינד ברוגזלעך, עקשנות־דיק גערעדט. דער קינדערישער רוגז האָט זיך איבערגעטראָגן צו אים. ער איז געווען ברוגז אויפן קינד, ברוגז אויף . . . גיסיען . . . זי האָט אים אָפּגעטון אַ שפּיצל! אַ שפּיצל האָט זי אים אָפּגעטון! ז י איז זיך געשטאָרבן און אים איבערגעלאָזט מיט צוויי קינדער. ער האָט דערזען דעם ארון, דעם אָפענעם קבר, דערהערט דאָס פאַלן פון דער ערד אויפן ארון, און אַ שנאָבל האָט אַ פּיק געטון אין מאַרך — זי איז ט ו י ט ! ט ו י ט ! ב אַ ג ר אָ ב ן ! ל י ג ט א י ן ד ע ר ע ר ד ! דאָס האַרץ איז פאַרקלעמט געוואָרן, די אויגן האָבן זיך אויך פאַרקלעמט, אָבער טרערן רייסן זיך אַרויס, רינען איבער די באַקן און ער ווישט זיי אַפילו ניט אָפּ.

— ד׳ נתן וד׳ לקח, — הערט ער ווי שטיינבערג רעדט. דער ייד איז דאָס געקומען אים מנחם אבל זיין, טרייסט עס אים אַזוי. קוקט ניסיע אויפן יידן: וואָס פאַר ד׳, ווער נתן, וואָס לקח? דער ייד איז אַ טיפּש, אַ בהמה! ד׳ לקח. אַן אויסכאַפּעניש איז דאָס געווען. און פאַרוואָס? פאַרוועמען? פאַרוואָס האָט אַזאַ יונגער מענטש געדאַרפט אַוועקגיין פון דער וועלט? און פאַרוואָס קומט עס אים? צדוק הדין. ניטאָ קיין דין, קיין דיין, גאָרניטאָ. אַז אויף גיסיען האָט געקענט קומען אַזאַ אויסכאַפּעניש, איז גאָרניטאָ. ער זאָגט עס ניט שטיינבערגן, ער טוט בלויז אַ מאַך מיט דער האַנט, אין דער האַנט באַוועגונג דערזעט מר. שטיינבערג: גיי, דו ווייסט נישט וואָס דו רעדסט. ער זעגנט זיך אָפּ אויף שנעל. מקיים געווען די מצוה מנחם אבל זיין? גענוג. און ער גייט אַרויס.

מר. שטיינבערג גייט אַרויס, מר. וויינבערג קומט אַריין. שטיינ־בערג, וויינבערג, פריינט, שכנים, באַקאַנטע, ער הערט זייערע רייד,

ענטפערט אַפילו, ער זעט זייערע טרערן, אויפריכטיקע טרערן, און ער ברעכט אויס אין אַ געוויין. ער הערט: איר דאַרפט זיך נעמען איי די הענט אַריין, און אים ווילט זיך נעמען הענט און פיס, אַנטלויפן, אַנטלויפן פון פאַדערשטן צימער אין שלאָף צימער, זיך אַריינוואַלגערן אין בעט, וויינען, וויינען אָן אַן אויפהער, אָדער גאָר אַנטלויפן פון שטוב, גיין, אַבי ניט זיין דאָ מיט די מענטשן. זיי מיינען גוט, אַלע גוטע פריינט, אָבער אים איז אַזוי ניט גוט, אַזוי ניט גוט . . .

אַ שכנה האָט געמאַכט עסן פאַר די קינדער, אים אויך גערופן צום טיש.

— איך וויל ניט עסן, — האָט ער זיך געווערט.

— מענטש איינער, — האָט זי אים גערופן, געצויגן צום טיש, — וואָס הייסט איר ווילט ניט? עסן דאַרף מען דאָך! מ׳איז דאָך אַ לע־בעדיקער מענטש.

— יאָ, אַ לעבעדיקער מענטש, — האָט ער איבערגעחזרט מיט אַ זיפץ, — אָבער איך וויל ניט עסן, אויף מיין וואָרט איך וויל ניט. אַ שיינעם דאַנק אייך.

— אָבער אַ גלאָז קאַווע! — האָט די שכנה ניט נאָכגעלאָזט, — שטאַרקן אַ ביסל דאָס האַרץ און זיצן מיט די קינדער.

ער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש.

— פאַרוואָס עסטו ניט, פּאַפּאַ? — האָט חנהלע אַ פרעג געטון. ער האָט אַ הויב געטון די אויגן, דערזען חנהלען, עזראַן, און אַ כוואַליע פון ליבע, רחמנות אויף זיי, אויף זיך האָט פאַרפלייצט זיין קאָפּ, זיינע אויגן. נאָר ניט וויינען. ניט דאָ. ניט איצטערביים טיש, מיט די קינדער.

— נעמט עפּעס אין מויל, — איז די שכנה צוגעשטאַנען, צוגע־רוקט אַ טעלערל מיט פלייש, ברויט, און ער האָט גענומען אין מויל אַריין, אָפּצושטעלן די טרערן, און ער האָט געעסן, געטרונקען קאַווע און געטראַכט: איך עס, טרינק, איך לעב, און זי . . . זי איז טויט, טויט . . .

די טויטע גיסיע איז ניט אָפּגעטראָטן פון שטוב. אינדערפרי האָט ער גענומען מאַכן אָנבייסן פאַר די קינדער. וויטינאַ, האָט חנהלע געוואָלט. — די מאַמע פלעגט געבן וויטינאַ, — איז זי באַשטאַנען,

געמאָנט, און ער האָט געוואָלט צופרידנשטעלן זיין קינד, גיסיען...
אָט איז דאָס קעסטעלע מיט דער וועהיטינא, אָבער ווי קאָכט מען דאָס?

— דו גיי אַרויס פון דאַנען! אין קיך האָסטו גאָרניט וואָס צו טון, — האָט ער געהערט גיסיעס רייד, געזען איר כלומרשט שטרייגגען פּנים. ווי ער האָט זי ליב געהאַט דערפאַר, און ווי ברוגז ער איז איצטער אויף איר: ער קען דאָך אַפילו קיין ביסל קאַשע ניט אָפּקאָכן פאַרן קינד. אָפּקאָכן אַ ביסל קאַשע — אַ פּראָבלעם! קאָמיש, אָבער די פּראָבלעם מוז ער לייזן. ער האָט דורכגעשטודירט די אָנווייזונגען, גענומען קאָכן לויטן שולחן ערוך און...

— פאָ! די וועהיטינא ברענט!

ער האָט אַ כאַפּ געטון דאָס טעפּל מיט דער הוילער האַנט, דערפילט אַ ברי און עס אַ שטעל געטון צוריק אויפן אויוון. ער האָט פאַרקוועטשט די אָפּגעבריטע האַנט מיט דער צווייטער, ניט געפילט מער דעם ברי, דערפאַר אָבער האָט זיין פּנים געבריט פון חנהלעס קוק, וואָס האָט באַגלייט איר לאַכערישן אויסרוף: אַ שיינער טאַטע ביסטו, אַפילו קיין וועהיטינא קענסטו ניט קאָכן. אַ מזיק, ניט קיין קינד.

— נאַ, עס! — האָט ער אַ שטעל געטון דאָס ביסל קאַשע פאַר איר. — דו ווילסט אויך? — האָט ער אַ פרעג געטון עזראן, — דאָ גענוג.

— גיב מיר אַ ביסל, — האָט עזרא שטיל אַ זאָג געטון, נאָכדעם ווי ער האָט אַ שטורכע געטון זיין שוועסטערל למאי זי לאַכט פונם טאַטן.

אַ פאַרשטענדיק קינד עזרא. רעדט ניט, איז שטיל, אָבער אים פעלט די מאַמע. אוי, פעלט זי!

— וואָס זאָל איך דיר מיטגעבן אויף איבערבייסן? — האָט ער געפרעגט עזראן און אַ טראַכט געטון: ווידער אַ פּראָבלעם. די פּראָבלעם האָט עזרא אומגעריכט געלייזט.

— דאַרפסט מיר גאָרניט מיטגעבן, איך קען עסן אין דער שול קאַפעטעריא.

אַ טייער קינד עזרא. — וויפיל קאָסט עס אין דער קאַפעטעריא?

— איך ווייס ניט, — האָט עזרא עטוואָס פאַרשעמט געענטפערט. ער האָט דאָרטן קיינמאָל ניט געעסן, די מאַמע האָט מיטגעגעבן, ער האָט אָבער געזען אַנדערע ייִנגלעך עסן דאָרט.

— אַ קוואָטער וועט זיין געבוג?

— איך גלויב אַזוי, — האָט ער שוין געזאָגט מעשה דערפאַרע־נער, און מיט אַ מינע פון אַ דערוואקסענעם צוגענומען די מטבע פון פאָטערס האַנט. דער פאָטער האָט אַרומגעכאַפּט עזראן, אים אַ קוש געטון. — גיי, מיין זון, אין שול. זיי אַ גוט קינד.

— מיר אויך! — איז חנהלע אונטערגעשפּרונגען, אָנגעשטעלט דאָס פּנימל, געמאָנט אַ קוש.

— דו גייסט דאָך ניט אין שול, — האָט דער פאָטער כלומרשט געזשאַלעוועט איר אַ קוש.

— איך גיי אויך. איך גיי אין מיין אייגענער שול.

— אַזוי?

זי האָט גענומען איר קוש און גענומען זיך שפּילן אין „איר” שול, וואו זי איז געווען די . . . לערערין. ביסיע האָט גענומען צוקלייבן דאָס הויז. פּוסט דאָס הויז, נאָר וואו ער טוט זיך אַ קער — גיסיע. אָן עפּן געטון די קליידער שאַפע, האָט ער דערזען גיסיעס קליידער, און ניט נאָר האָט ער דערזען גיסיען, ער האָט זי דערשפּירט, זיין נאָז האָט אַריינגענומען דעם גערוך פון איר לייב, און אים האָט זיך פאַר־דרייט דער קאָפּ, פאַר די אויגן האָט זיך אַ פינצטערניש פאַרצויגן.

די שכנה איז אַריינגעקומען אַזוי שטיל אַז ער האָט אַפילו ניט געהערט און, ווען זי איז שוין געשטאַנען לעבן אים, האָט זי גערעדט אַזוי שטיל אָט ווי זי וואָלט מורא געהאַט עמיצן אויפוועקן. זי גייט איינקויפן, אויב ער דאַרף עפּעס, פלייש, באַך זאַכן, וועט זי איינקויפן.

ער האָט ניט געוואוסט וואָס מ׳דאַרף, האָט ער איר דערלאַנגט אַ פינפערל. — קויפט וואָס איר ווילט, וואָס מ׳דאַרף, — האָט ער זיך פאַרכאַפּט.

די שכנה האָט איינגעקויפט, אָפּגעקאָכט עסן, ער, די קינדער האָבן געגעסן. ניט ד ע ר טעם, ניט גיסיעס געקעכץ. אָבער . . . נאָך אַזוי אויך פיין פון איר. זי׳ט דאָך אָבער ניט קאָכן אַלע מאָל. ער׳ט דאַרפן זען עמיצן. וועמען? יאָ, ער׳ט דאַרפן אַ סך זאַכן. אי, גיסיע, גיסיע . . . ער׳ט דאַרפן גיין אין געשעפט אויך. מילא, דאָרטן איז דאָ העלען, וועט זיך שוין ספּראַווען אָן אים. זי איז ניט געווען ביי דער לויה. געדאַרפט געווען קומען. און זי האָט ניט אָנגעקלונגען אויך. זאָל ער

אַנקלינגען? ניין, זי׳ט שוין באַזאָרגן די געשעפטן. דאָס הויז, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש.

אויף מאָרגן האָט העלען אָנגעקלונגען. מ׳דאַרף אונטערשרייבן אַ פּאָר טשעקס, זאָל זי אַריבערקומען, זיי ברענגען, אָדער ער וויל אַריינקומען?

— איך וועל אַריינקומען. מאָרגן וועל איך אַריינקומען.

עזראַן האָט ער אַוועקגעשיקט אין שול, חנהלען איבערגעלאָזט ביי דער שכנה, אַליין איז ער אַוועקגעגאַנגען אין קראָם. ביים אַריינ־קומען האָט די קראָם, מיט איר טונקלקייט, קילקייט אויסגעזען עפּעס פרעמדלעך, יאָ זיינע און ניט זיינע, ער— אַ קונה, וואָס איז אַריינ־געקומען און זעט ניט קיין פאַרקויפער, קיין באַלעבאָס, גיי אַליין און נעם וואָס דו ווילסט. העלען איז אַרויסגעקומען פון אָפיס, ער האָט זיך געלאָזט צ ו ם אָפיס און ביי דער טיר זיינען ביידע געבליבן שטיין. ער האָט ניט געקענט אַרויסברייגען קיין „גוט מאָרגן״. זי האָט אַ טראָט געטון אָן אַ זייט, אים געלאָזט אַריינגיין. אַוועקגעזעצט זיך ביים שרייב טיש, האָט ער אַ פיר געטון מיט די אויגן: וואָס האָב איך דאָ צו טון? העלען האָט דערלאַנגט די טשעקס, שטיל, אין געציילטע ווערטער געזאָגט פאַרוואָס די טשעקס זיינען. ער האָט אונטערגעשריבן, אַ לייג געטון די פּען, אַ קוק געטון אויף איר.

— איך האָב ניט געקענט קומען צו דער לויה, — האָט העלען אַ זאָג געטון, — טוט מיר זייער לייד, — האָט זי זיך פאַרהאַקט. — דעם אמת געזאָגט, האָב איך ניט געוואוסט ווען און וואו די לויה איז געווען. רופן האָב איך ניט געוואָלט. איך שטעל מיר פאָר איר האָט געהאַט גענוג רופענישן.

ניסיע האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

— געדיינקט אַזוי. וואָס איז מיט די קינדער?

— וועגן דעם האָב איך געוואָלט רעדן מיט אייך, — האָט ער אַרויפגעקוקט צו איר. — איך דאַרף עמיצן האָבן, מוז האָבן. דער יינגל, נאָך ווי עס איז, גייט אין שול, אָבער דאָס קליינס, חנהלע . . .

— וואָס איז מכוח דעיזין?

— דעי־זי? ניט געטראַכט וועגן איר. עפּעס האָב איך זי ניט ליב. און איך דיינק אַז זי וועט ניט וועלן גיין. זי איז געווען ברוגז למאי מ׳האָט זי אַוועקגעשיקט.

— דאָס ווייס איך.

— פון וואַנען ווייסט איר עס?

— זי האָט עס מיר דערציילט, — האָט העלען ניט אָן אַ שמייכל אַ זאָג געטון.

— ניט אַזוי שיין פון איר זייט, גיין רעדן אויף . . .

— יאָ, עס איז ניט זייער פיין, אָבער גאַנץ מענטשלעך.

— וואָס מיינט איר? — אין זיין פראַגע אַ נאָטקע פון פאַרדרוס.

— זי האָט זיך געפילט געקריוודעט, באַליידיקט.

— געקריוודעט! זי האָט געקראָגן געלט. פינף הונדערט דאָלאַר!

— עס איז ניט דאָס געלט. זי איז געווען צוגעבונדן צום הויז, גענדינט אַזוי פיל יאָר ביים אָנקל, זי האָט זיך געפילט ווי אַ מין באַלעבאָסטע, און מיט אַמאָל . . .

— דאָס איז טאַקע געווען די צרה. זי האָט געדיינקט זי איז מער באַלעבאָסטע ווי . . . מיר . . .

— דאָס איז מענטשלעך, — האָט העלען שטיל געענטפערט און דרייסט באַגעגנט ניסיעס קוק.

— איז עס? — האָט ניסיע פאַרריסן אַ פרעג געטון, זיין קוק — דו דיינקסט אויך דו ביסט מער באַלעבאָסטע?

— איך זאָג ניט אַז דאָס מוז אַזוי זיין, — האָט זי אַקצענטירט דעם „מוז", און אירע נאָז פליגל האָבן אַ ציטער געטון, — אָבער עס קען אַזוי זיין. אַ פרוי ווי דעיזי . . .

אַ פרוי ווי דעיזי. ניין, העלען דיינקט ניט זי איז די באַלעבאָסטע.

— וואו „וואָקסט" די דעיזי? ווייסט איר וואו זי וואוינט? וועל דאַרפן צוגיין צו איר.

— איך דיינק עס וואָלט בעסער געווען ווען איך גיי.

זיינע אויגן האָבן ביסטרע אַ קוק געטון. זי מער באַלעבאָס פון אים?

— איר האָט אַליין געזאָגט זי איז אָנגעשטויסן.

— וואָס, מ'דאַרף זיך גיין בעטן ביי איר?

— איר דאַרפט זי האָבן.

קעגן דעם האָט ער שוין גאָרניט געקענט זאָגן. מ'דאַרף דעם גנב, שניידט מען אים פון דער תליה.

— גוט, זעט איר זי, — האָט ער צוגעגעבן אָן אומצופרידע־

נער, און מער האָט מען דעם טאָג ניט גערעדט, אַחוץ געשעפּטלעכע באַמערקונגען.

גאָט אַליין האָט אים צוגעשיקט דעיזין. זי האָט באַזאָרגט די קינדער, דאָס הויז, און ניסיע האָט זיך געפילט שולדיק לגבי העלענען — ער האָט מיט איר גערעדט ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין, זי חושד געווען אַז זי וויל אויך שפּילן די באַלעבאָסטע, אָט ווי דעיזי. ער האָט גאָרניט קעגן דעיזין. פּאַקטיש, האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט וואָס אויסצוזעצן קעגן איר, דאָס האָט זי, גיסיע . . . זיך אַנטשולדיקן פאַר העלענען האָט אים ניט געפּאַסט, ער האָט איר אַפילו ניט געקענט דאַנקען פאַר ברייגגען דעיזין, האָט ער איר פּשוט דערציילט וואָס דעיזי טוט, וואָס די קינדער טוען, וועגן זיינע היימישע ענינים איך אַלגעמיין, אַזוי כמעט יעדן טאָג, און אין זיינע דערציילונגען האָט זי אָפּט געכאַפּט אַ מין קלאָגערישן טאָן, וואָס מענטשן שוינען זיין הויז. מענטשן, וואָס פלעגן פריער קומען גאַנץ אָפּט, שמעקן איצט אַריין זייער זעלטן. קיינער וויל ניט אָטעמען קיין „טרויער לופט". אודאי איז טרויעריק, וואָס דען, ס'איז פריילעך? טאַקע דערפאַר וואָלט ער געוואָלט זען מענטשן, הערן אַ לעבעדיק וואָרט, אָבער גיי טו עפּעס, אַזוי זיינען מענטשן .

. . . מענטשן. ניט נאָר קומען זיי ניט צו אים, נאָר אַז ער קומט צו זיי, אַז זיי דערזען אויף זיין פּנים אַ פריילעכע מינע, פאַרגינען זיי עס אים ניט, זיי פאַראורטיילן אים — ער האָט שוין פאַרגעסן גיסיען. ווי דען? אַז אַ מענטש שמייכלט! יאָ, ער שמייכלט, אודאי שמייכלט ער, אַ קניפּ אין באַק, אַבי די פאַרב זאָל שטיין, מער ניט, דאָ אַנומעלטן, ווען ער האָט איינגעפּאַקט גיסיעס קליידער, זיי אַוועקגעגעבן אַן אָרעמען יידן, אַ פּעדלער — וואָס וועלן זיי היינגען? — האָט ער זיך שיר ניט צעוויינט פאַרן יידן אין די אויגן: דער ייד האָט אַרויסגעטראָגן ג י ס י ע ן פון שטוב, ע ר  ה אָ ט  אַ ר ו י ס ג ע־ ו ו אָ ר פ ן גיסיען. אַרויסגעוואָרפן. אַרויסגעריסן פון זיך אַ שטיק לעבן. איין העמדל אירס האָט ער געלאָזט, עס באַהאַלטן... מענטשן... און אַז ער זאָל אַרומגיין מיט זיין אומעטיקן פּנים, וועלן זיי זאָגן: היפּאָקריט! קלאָגט אויף גיסיעס טויט און קוקט אויף יונגע ווייבלעך.

ניין, פאַר מענטשן וועט ער ניט יוצא זיין. און פאַר זיך גופא? אים איז ניט גוט . . .

העלענען איז ניט געפעלן געוואָרן זיין קלאָגן זיך. אַ מענטש דאַרף קענען טראָגן זיין פעקל, מ׳קען אים אָבער ניט פאַרדיינקען. זי האָט געקענט זען ווי ער זיצט אָוונט איין אָוונט אויס אין שטוב, יאָ, זי קען אים מיטפילן.

— יאָ, עס איז ניט גוט צו זיין אַליין, — האָט זי אַ זאָג געטון און גלייך זיך דערשראָקן פאַר דעם אַרויסגעזאָגטן, פאַרן זיפציקן טאָן, ער — אַליין, זי — אַליין, ער . . . זי . . .

— וואָלט כאָטש עמיצער אַריינגעקומען, געזאָגט: גוט באָוונט, געזעסן אַ מינוט.

לאדט ער זי דאָס איין? זי האָט אַ קוק געטון אויף אים, אַ פאַר־שערישער קוק, ניין, דאָס רעדט ער סתם, אים איז טאַקע ניט גוט. איר קוק איז שוין ניט קיין זוכנדיקער, נאָר אַ מיטפילנדיקער: דיר איז ניט גוט, און דו ביסט אַ ייִנגל, אַ וואויל ייִנגל, איך וואָלט דיר געקענט אַרויסהעלפן, אָט ווי אַ . . . מוטער העלפט אַרויס אַ קינד.

ניט איין מאָל האָט זי אים אַרויסגעהאָלפן מיט קלייניקייטן. ער האָט איר אַלע מאָל באַדאַנקט און גאַנץ אָפט איר קאָמפּלימענטירט אַז זי איז אַ בריה, די שווערסטע זאַך פאַר אים לייזט זי אַזוי גרינג. מיט אַ שמייכל האָט זי אָנגענומען דעם דאַנק, דעם קאָמפּלימענט, איר שמייכל אַ סודותדיקער: ווען דו זאָלסט וויסן וואָס איך קען, וואָס איך וויל טון פאַר דיר . . .

איין טאָג האָט ער, שטאַמלענדיק, רויט ווערנדיק, איר אַ פרעג געטון צי קען זי מאַכן אַ רייז פּודדינג.

— אַ רייז פּודדינג!

— יאָ, אַ רייז פּודדינג, — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל, למאי ער פרעגט גאָר אַזעלכע זאַכן. — אַזוי די מעשה. מיין ייִנגל, אַ וואויל ייִנגל, זייער אַ וואויל ייִנגל, האָט ליב רייז פּודדינג. די מוטער פלעגט עס אָפט מאַכן פונזייַנעטוועגן, — האָט ער צוגעגעבן עטוואָס שטילער, — און ער בענקט נאָך דעם. (ווי ער בענקט נאָך דער מוטער! און ווי ער שווייגט!) האָב איך געבעטן דעיזין זי זאָל מאַכן אַ רייז פּודדינג. זי האָט געמאַכט, אָבער . . . (ניט גיסיעס) מ׳האָט עס ניט גע־קענט נעמען אין מויל אַריין. איז, קענט איר מאַכן אַ רייז פּודדינג? — זיינע אויגן האָבן געבעטן: זאָג יאָ!

— איך גלויב אַז איך קען. סיי ווי, איכ'ל פּרוּאוון. ווען ווילט איר עס?

— מאַכט ניט אויס ווען ס'איז. ניין, בעסער אַ זונטיק, ווען דעיזי האָט איר טאָג. זי קען זיך נאָך פילן באַליידיקט. — זיין קוק דערביי: מיר ווייסן דאָך ווי די דעיזי איז . . .

— גוט, זי'ט עס מאַכן אויף זונטיק. אָבער ווי וועט עס קומען צו אייך, זונטיק?

זי האָט געזען ווי ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון, אָט אָט זאָגט ער אַרויס: קומט מיטן פּודדינג, און זי האָט עס געוואָלט הערן, זי האָט דאָך פאַרכאַפּט — איך וועל עס ברענגען אַהער שבת. קען שטיין, מ'דאַרף בלויז אַ ביסל אָנוואַרעמען.

ער האָט צוגעשטימט מיט אַ מהיכא תיתי טאָן.

מאַנטיק האָט זי כלומרשט אין שפּאַס אַ פרעג געטון — און ווי איז געווען דער רייז פּודדינג?

— אַ דערפאָלג! אַ גרויסער דערפאָלג! עזרא, מיין יינגל, און דאָס קליינס, חנהלע, האָבן ממש געלעקט די פינגער.

— און, האָט איר זיי געזאָגט ווער עס האָט געמאַכט דעם רייז פּודדינג?

ניט אַזוי דער שמייכל אַרום מויל, ווי אירע אויגן. זיי האָבן אויך געשמייכלט, אָבער אַזאַ מאָדנער שמייכל, אי ער האָט זיך געבעטן: זאָג שוין, אי ער האָט געפאָדערט: זאָג דעם אמת!

דעם אמת האָט ער ניט געקענט זאָגן. נאָךביים טיש, עסנדיק דעם פּודדינג האָט ער זיך פאַרפּלאָנטערט אין אַ נעץ פון ליגן. חנהלע האָט, ווי דער שטייגער, אים פאַרוואָרפן מיט פראַגן: וואו האָט ער גענומען דעם פּודדינג? איז געווען די ערשטע פראַגע, און ער, ער ווייסט אַליין ניט פאַרוואָס, האָט געענטפערט: געקויפט. — געקויפט, — האָט חנהלע שפּאָטיש איבערגערעדט, — גיי שוין גיי, אין קראָם פאַרקויפט מען ניט קיין פּודדינג.

— אין אַ רעסטאָראַן.

— וואָס איז אַ רעסטאָראַן?

— אַ פּלאַץ וואו מ'פאַרקויפט עסן.

— דאָס איז אַ „גראָסערי"! — האָט זי ווייסעריש פאַררינכט.

ער האָט איר דערקלערט, אין אַ „גראָסערי" פאַרקויפט מען רויע,

אין אַ רעסטאָראַן געקאָכטע, געבאַקטע עסן, און זי האָט שוין מער ניט געפרעגט, כאָטש ער האָט געזען זי האָט ניט אינגאַנצן געגלויבט.ביים טיש האָט ער נאָכן ערשטן ליגן שוין געמוזט ליגנערן, איצטער האָט ער ניט געקענט ליגנערן, אירע אויגן . . .

— ניין, איך האָב ניט, — האָט ער שטיל אַרויסגעזאָגט, נאָך באַוויזן אַ קוק טון, זען אירע אויגן, ווי איר פּנים איז מיט אַמאָל פאַרפלייצט געוואָרן פון רויטקייט. ער און זי האָבן אַרונטערגעלאָזט די אויגן, אַ שווייגן איז אַנטשטאַנען, און דאָס שווייגן האָט זיי ביידן געזאָגט: אָט איצטער אָ האָט איר ביידע זיך פאַרראַטן. איצטער ווייסטו פאַרוואָס דו האָסט ניט געזאָגט דיינע קינדער ווער עס האָט געמאַכט דעם פּודדינג, און אויך דו האָסט זיך אַרויסגעגעבן פאַרוואָס דו האָסט געמאַכט דעם פּודדינג, וואָס דו האָסט אַהין אַריינגעלייגט חוץ רייז און ראָזשינקעס און אַנדערע זאַכן, און פאַרוואָס דו האָסט דווקא געוואָלט אַז די קינדער, ז י י נ ע קינדער זאָלן וויסן ווער איז די . . . מאַמע פונם פּודדינג. ביידע האָבן געהערט דאָס שווייגן און ביידע האָבן ניט געוואָגט אַ קוק טון איינער אויפן צווייטן, האָבן מורא געהאַט זיך אַ ריר טון. אַ קונה איז אַריינגעקומען און ביידע האָבן זיך אַ ריס געטון כלומרשט צו דעם קונה. דעם גאַנצן טאָג האָבן זיך ביידע אויסגעהיט פון בלייבן אויג אויף אויג, יעדער איינער פון זיי אַן עלעקטרישער דראָט, זאָלן די צוויי דראָטן זיך אָנרירן וועט אַ פונק אַ שפּריץ טון. פאַרנאַכט, ביים פאַרמאַכן דאָס געשעפט האָבן „די דראָטן" זיך אָנגערירט. ביים הייגער פון די קליידער האָבן זיי זיך באַגעגנט, פינגער האָבן אומגערן זיך אָנגערירט, און נאָך די פינגער זיינען נאָכגעגאַנגען הענט, אָרעמס, אָן אַ וואָרט צו זאָגן האָבן ביידע פּנימער, קערפּערס זיך דערנעענטערט, אַ שטילער פאַרצויגענער קוש...

נאָכדעם האָט מען שוין גערעדט, דער עיקר וועגן די קינדער, ווי וועט זי אויסקומען מיט זיי, זיי מיט איר. וועגן יינגל האָט ער קיין דאגה ניט, אָבער מיטן קליינס איז ער ניט אַזוי זיכער. זי איז אַ קלוג קינד, זייער אַ קלוג קינד, אָבער אַן עקשן. ניין, ניט קיין עקשן, אָבער באַשטייט אויף אירס.

עזראן האָט ער געזאָגט ער זאָל שבת קומען אין קראָם, ער'ט אים אָנטון אַ נייעם אנצוג, לאַנגע הויזן. די לאַנגע הויזן זיינען עזראן זייער געפעלן געוואָרן.

— טו אַ קוק, העלען, זעט ער ניט אויס גוט אין די לאַנגע הויזן?

— ער זעט אויס פיין! אַ מאַן! — אירע אויגן האָבן געגלעט דאָס ייִנגל, און דעם ייִנגלס אויגן האָבן שעמעוודיק געשמייכלט אַנט־קעגן. ווען זי האָט אים געפרעגט וועגן זיין שול לערערין, האָט ער געענטפערט ניט גערן, מיט געציילטע ווערטער. ווען זי האָט אָבער אַ פרעג געטון וועגן באַל שפּילן, האָבן זיינע אויגן אויפגעלויכטן. ער האָט ליב בעסקעט באַל. שפּילט זי בעסקעט באַל?

— זייער זעלטן. זי שפּילט טעניס.

— איר שפּילט טעניס? — אַ פרייידיקע פראַגע.

— יאָ, וואָס איז?

— אים געפעלט טעניס.

— זי קען אים אויסלערנען. דאָס הייסט, ניטאָ וואָס צו לערנען. שפּילנדיק לערנט מען זיך אויס.

— אַ דאַנק, — האָט ער פאַרשעמט געענטפערט און זי האָט אַ צופרידענע געשמייכלט צו ניסיען — אים האָב איך שוין געוואונען.

דעמזעלבן אָוונט האָט ניסיע גערעדט צו זיין „זון", גערעדט צו אים ווי צון אַ דערוואקסענעם. — האָסט געזען העלענען, געפעלט זי דיר?

— זי איז אַ פיינע פרוי, — האָט דער זון, מעשה דערוואקסע־נער, געענטפערט. — זי האָט מיר צוגעזאָגט שפּילן טעניס מיט מיר — האָט ער אַרויסגעזאָגט און זיך פאַרשעמט — ער שפּילט טעניס מיט אַ מיידל, אַ פרוי . . .

— זי איז אַ פיינע פרוי, און אַ גוטע פרוי אויך. זי קומט אַריבער צו אונדז, זיין מיט אונדז . . . זי וועט זיין גוט צו דיר . . . זי וועט דיר זיין ווי אַ מוטער . . .

ניסיע האָט אַ שלינג געטון און צוגעגעבן — זיי גוט צו איר.

דער זון האָט אויפגעהויבן די אויגן צום פאָטער. אים איז ניט געווען קלאָר וואָס דער טאַטע האָט געוואָלט פון אים, דער פאָטער האָט אָבער מער ניט דערקלערט, ער האָט אַרומגענומען דעם זונס קאָפּ, פּנים און אים שטאַרק, שטאַרק אַ קוש געטון. חנהלע. מיט איר קען ער ניט רעדן. שוין זען . . . ער האָט געקוקט ערגעץ אין דער ווייט, און דער קוק איז איבערגעשניטן געוואָרן — מאָרגן קומט העלען . . .

חנהלע האָט געקוקט פאַרדעכטיק, ממש שפּיאָנירט העלענס טריט,

געזען דער טאַטע רעדט צו איר, שמייכלט, און די פרוי איז איר ניט געפעלן געוואָרן. — וואָס איז דיין נאָמען? — האָט זי מיט אַמאָל אויסגעפּלאַצט.

— מיין נאָמען איז העלען. מוטער העלען.

— מ ו ט ע ר העלען!

— יאָ, מוטער העלען. און וואָס איז דיין נאָמען?

דאָס קינד האָט געשוויגן.

— פאַרוואָס זאָגסטו ניט וואָס דיין נאָמען איז? — האָט זיך דער פאָטער אַריינגעשימט.

— שעם זיך נישט, זאָג: מיין נאָמען איז חנהלע.

— איז איר נאָמען מוטער העלען? — האָט דאָס קינד, פאַר־טרוילעך צום פאָטער און פאַרדעכטיק אויף דער פרעמדער, געפרעגט.

— יאָ, זי איז מוטער העלען.

— זי איז ניט מ י י ן מוטער, איז זי?

— יאָ, זי איז.

— עס איז ניט אמת! — האָט זי אַ טופּע געטון מיטן פיסל.

— דער פּאַפּא זאָגט ניט קיין ליגן.

— האָסטו ניט געזאָגט אַז די מאַמע איז אַוועקגעגאַנגען? האָסט עס אַליין געזאָגט.

ווי עס געדיינקט דאָס קליינס. — יאָ, י ע נ ע מאַמע איז אַוועק־געגאַנגען, ד י מאַמע איז געקומען.

— גיי שוין גיי, — האָט דאָס קינד געשפּאָט, — קענסט ניט האָבן קיין צ ו ו י י מאַמעס, קענסטו?

— ניין, ניט קיין צוויי. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, יענע מאַמע איז אַוועקגעגאַנגען, איצטער איז העלען די מאַמע, מוטער העלען. איצט זיי אַ וואויל מיידל, גיב דער מוטער העלען די האַנט.

ער האָט געצויגן דעם קינדס הענטל צו העלענען. העלען האָט אַריינגענומען דאָס הענטל, געפילט דאָס קינד וויל עס אַרויסציען, האָט זי עס אַרויסגעלאָזט, מיט די אויגן געזאָגט דעם פאָטער — לאָז איר אָפּ. דערווייל גענוג.

דאָס קינדערשע הענטל, ווי עס האָט זיך געריסן פון איר האַנט, דעם קינדס פאַרדעכטיקער קוק האָט ניט געלאָזט צורו העלענען און אויך ניט ניסיען. פאַרן שלאָפן גיין האָט עזרא ניט געלאָזט איר זי

זאָל אים אויסטון, איבערטון. ער האָט זיך געשעמט פאַר איר. פאַר דער מאַמע האָט ער זיך ניט געשעמט. חנהלע האָט זיך געלאָזט אויס־טון, האָט שוין אַפילו אַרויסגעזאָגט מוטער העלען, אָבער מוטער העלען, גיסיע איז געווען פשוט — מאַמע. מוטער העלען איז ניט מאַמע.

— קינדער. ווען זיך צוגעוואוינען, — האָט ער געפּליסטערט העלענען אין אויער.

— יאָ, האָט זי שטיל צוגעשטימט, — אין דעם „יאָ", אין דער שטילקייט נאָכן „יאָ" האָט זיך געפילט אַ לויזער פאָדים היינגט נאָך. זי האָט אויפגענומען דעם פאָדים.

— און האָסטו זיך צוגעוואוינט? — אינם דריי פון איר קאָפּ האָט ער דערפילט זי קוקט אויף אים, עגבערט זיין פּנים אין דער האַלב פינצטערניש.

— אייפערזיכטיק?

דאָס איינע וואָרט — אַ שטעקל געוואָרפן אויף שאָטנס וואָס האָבן זיך געשפרייט, געדרייט איבערן צימער. די שאָטנס זיינען זיך צעלאָפן, ווידער זיך צונויפגעקומען, געשטאַנען, געוואַרט, זיך איינגעהערט. עס האָט זיך דערהערט:

— ניין, אויף טויטע איז מען ניט אייפערזיכטיק, אָבער מיר דוכט אַז אויך דו טראַכסט נאָך וועגן איר. ניט אַזוי?

די שאָטנס זיינען געדיכטער געוואָרן, געדיכט דאָס שווייגן. אינם שווייגן האָבן זיך גענומען זייען ווערטער.

— ניט ווי וועגן אַ פרוי. און איך קען עס אַפילו ניט רופן טראַכטן. איך ווייס ניט צי דו וועסט עס פאַרשטיין. — ער האָט זיך אַ רודער געטון אין בעט, כלומרשט נעענטער צו איר, געערעדט האָט ער דאָך ווי פון דער ווייט.—עס איז ניט טראַכטן. טראַכטסטו וועגן דיין קינדהייט? טראַכטסט ניט. עס גיט אַ קום אַרויף אין קאָפּ, אין מוח, ווי ס'זאָל דאָרט ניט הייסן, דערזעסט זיך אַלס קינד, ווי דו שפּילסט זיך, אין באַהעלטע־ניש, אין ביס . . . נו, ווען איך דערזע דאָס, דערזע איך אויך זי. מיר זיינען געווען קינדער, אויסגעוואַקסן צוזאַמען, אויף איין באָדן אויס־געוואַקסן. יאָ, צוויי בוימלעך אויף איין באָדן, נו, איין בוימל האָט דער ווינט אומגעוואָרפן, ניטאָ, די וואָרצלען זיינען געבליבן. טויטע וואָרצלען, אָבער זיי זיינען דאָ. ווילסטו זיי אויסרייסן, אויסוואָרצלען? קענסט עס קוים טון, און ניט נויטיק. דאָס בוימל לעבט, און עס וויל

לעבן, עס וויל זונשיין, די צווייגן ציען זיך אין דער הויך, צו אַן אַנדער בוים . . .

זיינע הענט האָבן גענומען שאַרן איר קערפּער. זי האָט זיך ניט געוווערט, זי האָט אָבער אויך ניט געענטפערט, ערשט ווען זיין פּנים האָט זיך דערנעענטערט צו די בריסט, זיינע ליפּן האָבן אַריינגעכאַפּט אַ ניפּל און גענומען זויגן, זויגן, האָט זי אַ שויבער געטון זיינע האָר. — ביסט אַ קינד, אַ פּיצל קינד . . . קינד מיינס . . .

אַ געזעטיקטע איז זי איינגעשלאָפן, אַ דערשעפּטער איז ער געלעגן, די מוסקולן נאָכגעלאָזט, אַ מידקייט האָט זיך געשפּרייט אין אַלע זיינע גלידער, זיי זיינען שווערער, אָבער די שווערקייט גייט אים נישט אָן, ניט ער רירט אַ האַנט אָדער אַ פוס, און דער קאָפּ איז ווי צעטיילט אינעווייניק, איין העלפט פּוסט, אויסגעהוילט, אַהין דרינגט די מידקייט אַריין ווי אַ פּאַרע, קנוילט זיך דאָרט, לייגט זיך איין, די צווייטע העלפט איז אָנגעפילט, לאָזט די מידקייט ניט צו, האַלט אים וואַך.

זיין וואַכקייט האָט אים באַזייטיקט פון דער שלאָפנדיקער העלען, אַפילו זיך אַליין האָט ער געפילט מן הצד. נאָר וואָס האָבן זיי ביידע זיך געטראָגן אין זודיקן, קאָכיקן שטראָם, דער שטראָם האָט זיי ביידע פאַרטראָגן צו איין ברעג, אָבער זי איז אין אַן אַנדער וועלט, שלאָפט, און ער? ער איז דאָ אויפן ברעג, דאָך אַזוי ווייט פון דעם שטראָם, צו די אויערן, אויסגעהוילט פון טומל, דערטראָגט זיך אַ שטיל ריזלען. אַזוי שטיל אַז ער קען הערן ווי אַ טראָפּן שפּאַלט זיך אָפּ, טוט אַ שפּריץ, און ער דערפילט — גיסיע . . .

ניסיע איז שוין געווען אינגאַנצן וואַך. זינדיקט ער קעגן איר? מיטן ל י י ב דאָ אָ? ניין. שכנים קוקן קרום: נאָך קיין יאָר ניט. „אויף טויטע איז מען ניט אייפערזיכטיק" . . . און . . . מיט טויטע קען מען ניט לעבן . . . און אַז ער וואָלט שוין געוואַרט נאָך אַ פּאָר חדשים? געוואַרט ניט צוליב זיך, נאָר צוליב מענטשן . . . וואָס גייען זיי אים אָן? פאַר זיך גופא? ער איז נישט קיין בזיר . . . און די קינדער דאַרפן אַ מאַמע . . . מוטער העלען איז ניט מאַמע . . . און ווען אַ מענטש שטעלט זיי צערעמאָניעל פּאָר: מר. און מרס. קאַפּלאַן, דער מענטש, אַ באַקאַנטער, וואָס האָט וויצלענדיק זיך זיי גערופן די ניסיעס מיט די גיסיעס, דאַן דערפילט ער אויך אַז מר. און מרס. קאַפּלאַן איז

ניט ניסיע און גיסיע. ניסיע און גיסיע איז געווען עפּעס אַזוינס . . . פאַרשוועכט ער ניט אָט דאָס אָ, זיין, זייער לעבן ביז אַהער?

ווען דער אומגליק האָט געטראָפן האָט ער נישט געקענט באַגרייפן ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, ער האָט נאָר געפילט — אַן עק, אַלץ איז געענדיקט, ניט נאָר איר לעבן, זיינס אויך. וואָס פאַר אַ זין האָט זיין לעבן אָן גיסיען? אָבער מ׳שטאַרבט ניט נאָך, ניין, מ׳שטאַרבט ניט נאָך, דער שטראָם גייט זיין גאַנג, ער קען הערן, זען דעם שטראָם.

. . . דער טאַטע. געמיינט דער זון ווען ער איז געווען אויסוואַקסן אַ רב, געווען אין כעס פאַר לערנען „טריף פּסול״, און ער איז געווען ברוגז אויפן טאַטן, מורא געהאַט פאַר זיין רואיקן קוק, דער טאַטע — אַ פרעמדער, זיין אמתער פריינט — די מאַמע, אָבער דוקא נאָכן טאַטנס טויט האָט די מאַמע אים געזאָגט: מעג דיר אָנשטיין שטיין מיט מיר אין קראָם, האָט מער אינזינען געהאַט דעם טויטן טאַטן ווי דעם לעבעדיקן זון, און ז י האָט עס אים אַנטוואָרנט פון לערנען, צוגעוואוינט צום שטיין אין קראָם. איז עס ניט געווען אַ מין צוגרייטונג צו דער קראָם דאָ? און דאָ? ער האָט דאָך דאָ אויך געוואָלט לערנען. „און דו, האָב איך מורא, וועסט קיין רייכער דאָקטאָר ניט זיין. איך צווייפל צי וועסטו אויסנעמען ביי ווייבער״. ווי גיסיע האָט זיך דאַן „אַרויפגעכאַפּט״ אויפן פּעטער. ווער ווייסט? אפשר ווען ער גייט אַוועק לערנען, טרעפט ניט העלענען . . . וואָלטיך, זאָלט׳יך . . . ווען ער וואָלט ניט געפאָרן קיין אַמעריקע . . . אָבער דאָס האָט דאָך ג י ס י ע באַשלאָסן פאָרן, און זי האָט קיינמאָל ניט חרטה געהאַט. זי האָט ניט ליב געהאַט העלענען, פונם ערשטן טאָג אָן, דאָס איז אמת. האָט זי געפילט, געאַנט? אויב יאָ, איז דאָך טאַקע דאָ עפּעס . . . ניט קיין זין, עפּעס טיפער, עפּעס . . .

דער געדאַנק, געפּענטעט מיט ווערטער שטריק, פאַלט אום, איבער אים טראָגט זיך אַ בילדער כוואַליע. אַ שנעלער שטראָם. דער שטראָם דרייט זיך, שליינגלט זיך, שלאָגט זיך אָן אין שטיינער, גייט זיי אַרום. אַ זאַמד באַרג. דער שטראָם צעשפּאַלט זיך, איין שטראָם פאַרקירעוועט זיך, פאַרלירט זיך, דער אַנדערער שטראָם גייט ווייטער. אַ דינער שטראָם, אַן אָפּגעשפּאָלטענער . . . אָט אָט טרוקנט ער אויס, אָבער אַ זייטיקער שטראָם גיסט זיך אַריין, פאַראייניקט זיך . . . און דער שטראָם טראָגט זיך, מוז זיך טראָגן, אויב אַפילו צום ים . . . פאַר־לאָרן גיין . . .

איבערן שטראָם פּאַרציט זיך אַ נעפּל, אין קאָפּ אויך אַ וואַרעמער נעפּל, ניט צו זען מער דעם שטראָם, ער פילט אים בלויז, קוים וואָס ער ריזלט זיך. דער וואַרעמער נעפּל שפּרייט זיך פאַר די אויגן, לייגט זיך אויף די אויגן לעדלעך. דין און לייכט ווי אַן אָטעם, באַשווערט ער דאָך די אויגן לעדלעך, שליסט די אויגן — שלאָף! שלאָף רואיק, דאָס לעבן וואַכט איבער דיין בעט, דער לעבנס שטראָם ציט זיך, גייט זיין אייביקן גאַנג.

# קאַלט

דער פראָסט האָט געברענט. דער אָטעם פון שמעונס נאָזלעכער האָט געפרוירן אויף זיין אויבערשטער ליפ, דער קין — אַ הילצערנער, די באַקן — לעדער, די וויעס האָבן זיך געקלעפּט.

שמעון האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ. אַ בלוילעכע לבנה הינטער אַ פּראָסטיקן גאַז האָט קאַלט געקוקט. שמעונען איז געוואָרן נאָך קעלטער. ער האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ, אַ קוק געטון פאַר זיך. אָן איז שוין דאָס שטיבל. דאָס שטיבל —אַ שוועמל, אַ ווייס דעכל איבער אַ טונקעלן שטיינגל— האָט זיך קוים אַרויסגעהויבן פון דעם שניי פעלד אַרום, דאָס איז אָבער געווען ז י י ן שטיבל, און ער האָט עס שוין געזען. דער הונט, פעל, האָט עס שוין דערשמעקט. ער האָט אַ לאַף געטון פאָראויס, דאַן אומגעקערט דעם פּנים צו שמעונען, אַ ביל געטון — זעסט? מיר זיינען שוין אין דערהיים. שמעון האָט פאַרשנעלערט דעם גאַנג.

אַריינגעקומען אין שטוב, געמאַכט ליכטיק, האָט ער דאָס ערשטע דערזען דאָס סטויגל האָלץ ביים קאַמין. — איינהייצן. וואָס זאָגסטו, פעל? — פעל האָט זיך אַ טרייסל געטון, אויסגעטרייסלט דעם פראָסט פון זיין געדיכטער פעל, זיין קוק אויף שמעונען: זאָגסט איינהייצן? מהיכא תיתי.

שמעון האָט אויסגעטון די הענטשקעס, אַרונטערגעצויגן די היטל מיט די אויערלעפּלעך, אַ טאַפּ געטון די אויערן, אַ רייב געטון דעם קין, די באַקן און, אין פעלצל, זיך אַרונטערגעלאָזט מאַכן פייער, איינ־הייצן דעם קאַמין. אַ טאָג־טעגלעכע ווינטערדיקע אַרבעט, געשיקט גע־טון, אין אַ פּאָר מינוט האָט דאָס פייער געלעקט די שייטלעך האָלץ, זיך געוויקלט אַרום זיי. די קאַלטע, שטייענדיקע לופט האָט זיך גע־נומען וויגן, די וואַרעמקייט האָט זיך גענומען שפּרייטן איבערן שטוב.

שמעון האָט אויסגעטון דאָס פעלצל, גענומען אויספּאַקן די זאַכן וואָס ער האָט איינגעקויפט אין דזשאָהנסטאַון, דאָס נאָענטסטע שטעטל, פינף מייל פון זיין הויז. פעל, וואָס האָט די גאַנצע צייט זיך געדרייט אַרום זיין באַלעבאָס, אָט ווי ער וואָלט אים געהאָלפן, האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, דעם קאָפּ צווישן די לאַפּעס, מיטן פנים צום פייער.

אויספּאַקנדיק די זאַכן, האָט שמעון געזען אַז שטאַרק נויטיק האָט ער, דוכט זיך, ניט געדאַרפט קיין זאַך, אָבער אַז עס איז שוין דאָ וועט אַלץ צונוץ קומען, גיין צוליב דעם אין שטעטל, אסור אויב עס האָט זיך געלוינט.

— און קיין בריוו איז ניט געווען, — האָבן די אַלע זאַכן, צעלייגט, צעשטעלט, אים געזאָגט.

— האָב איך דערוואַרט אַ בריוו היינט? — האָט שמעון ווי געפרעגט די אַלע זאַכן, אַריינשטעלנדיק, אַוועקלייגנדיק יעדע זאַך וואו עס באַלאַנגט. ניין, ער האָט ניט דערוואַרט. נו יאָ, ער איז געגאַנגען, ער גייט אַלע וואָך, יעדן מאָנטיק, אָבער ניט נאָך קיין בריוו. ער גייט איינקויפן, אגב אורחא גיט ער שוין אַ קוק אין קעסטל דאָרט אין פּאָסט אָפיס. היינט אויך אַ קוק געטון, אַפילו אַרויסגענומען אַ פּאָר „בריוו". וואָרט, וואו זיינען זיי? אין בוזים קעשענע. ער האָט אַרויסגענומען די בריוו — אַ קוק געטון אויף איין קאָנווערט, דעם צווייטן, ניט געעפנט־געהייד זיי אַ וואָרף געטון אויפן טיש. ער ווייסט שוין. חשבונות. קען וואַרטן. און יענער בריוו . . . דער קורצער בריוו: קום מיך באַגעגענען . . . נו . . .

נעמען עפּעס עסן, זיך דערוואַרעמען. ער האָט אַ קוק געטון אויפן פייער. ברענט גוט. באַלד ווערן וואַרעם אין שטוב. וואָלט ניט געשאַדט עפּעס וואַרעמס, אַ הייסער טעלער זופּ. ווילט זיך ניט עסקן. ער האָט דאָך געבראַכט אַ קוואָרט בראנפן און אין שאַפע איז נאָך אויך דאָ אַ פלעשל. אַ ביסל בראנפן, אַ קעסטל סאַרדינס, אַ ציבעלע, אַ שטיקל וואורשט, אויפקאָכן אַ טעפּל קאַווע, וואָס דאַרף מען נאָך?

— פעל! מיר עסן וועטשערע.

דער הונט האָט זיך אַ הויב געטון, אַ צי געטון דעם רוקן און צוגעגאַנגען, זיך אַוועקגעשטעלטביים טיש, געדרייט מיטן עק, דעם קאָפּ אויפגעהויבן, די אויגן מאָנענדיק: נו, גיב שוין!

דאָס ביסל בראַנפֿן האָט אַ ברי געטון, די באַוועגונג פֿון די ציין, קינבאַקן האָט פֿונאַנדערגעשרויפֿט, לויז געמאַכט דעם גאַנצן פּנים.

— דאָס דאַרפֿסטו ניט. ניט פֿאַר דיר. פֿאַר דיר האָב איך . . . —

ער האָט דערלאַנגט דעם הונט אַ שטיק ברויט. — נאַ! עס דערוויל. באַלד קריגן נאָך. — שמעון האָט זיך גענומען צום קעסטל סאַרדינס, געטונקען דעם ברויט אינם סאַרדין אויל, די פֿעטקייט פֿונם אויל אָפּ־געווישט מיט דער ציבעלע, מיט נאָך אַ ביסל בראַנפֿן, און זיך גענומען צום וואורשט.

— געשמאַקער וואורשט, — האָט ער צוגעוואונקען דעם הונט.

— ווילסט, האַ? ניין, דו ווילסט ניט? נאַ! — האָט ער דערלאַנגט דעם הונט אַ שטיק. כהרף עין איז די שטיק וואורשט געווען אַרונטער־געשלינגען.

— עה, ביסטו דאָך אַ פֿרעסער! מיט ברויט, דו הונט דו! — ער האָט אָפּגעשניטן אַ דיקע שטיק ברויט, אַ דין פֿענעצל וואורשט און דערלאַנגט דעם הונט. — נאַ, מער קריגסטו ניט.

דאַרפֿן קויפֿן נאָך אַ פּאָר פֿונט. גוטער וואורשט. אין אַזאַ נאַכט קומט עס גוט צונוץ. מיט אַ ביסל בראַנפֿן גאַנץ געשמאַק. ביז קומענ־דיקער וואָך וועט קלעקן. מאַנטיק וועט ער, פֿאַרשטייט זיך, ווידער גיין אין שטעטל. ניט טאַפּן דאָס בריוו קעסטל, דאָס איז — אויס! ער׳ט פּשוט גיין איינקויפֿן. יאָ, ער׳ט קויפֿן וואורשט. דאָס וואַסער זידט שוין. גוט. אַריינשיטן אַ שפּאָר ביסל קאַווע, מיט אַ ביסל ברענדי וועט עס זיין אויסגעצייכנט.

די וואַרעמקייט פֿון דער קאַווע מיט ברענדי האָט שמעון שוין געפֿילט אין די שפּיצן פֿיס פֿינגער, אין פּנים האָט געשלאָגן די וואַ־רעמקייט פֿון קאַמין.

ניטאָ קיין בעסערע זאַך ווי אַ פֿייער אין אַ קאַמין אין אַ פֿראָס־טיקער, ווינטערדיקער נאַכט. אַ פֿאַרגניגן. וואָס ווייסן שטאָטישע מענטשן פֿון דעם פֿאַרגניגן? יאָ, די שטאָטישע מענטשן . . .

איין שטאָטישער מענטש איז געשטאַנען אַנטקעגן אים, אַרייַנ־געשריען אים ממש אין פּנים אַריין: איך וויל זיין אין שטאָט! אין שטאָט וויל איך זיין, זען הייזער, געביידעס, מענטשן! איך וויל זען מענטשן, ניט פֿעלד און פֿעלד, און ווידער פֿעלד. דאָס ווייסע פֿעלד, דער שניי מאַכט מיך בלינד. איך וויל זען, מענטשן וויל איך זען!

אָט אַזוי האָט זי געשריען. ער הערט די ווערטער, זעט דעם פּנים, אַ פּנים צעקרימט פון ווייטיק, כעס. אירע אַלע אַנדערע פּנימער טויכן אויף און פאַרשווינדן, ד ע ר פּנים בלייבט. נעכטן געוואָרן צוויי יאָר. געווען אַ פראָסט, ניט ווי היינט, אָבער קאַלט געגוג. זי אָפּגעפירט קיין דזשאָהנסטאון, זי אַרויפגעזעצט אויף דער באַן, געווען זיכער, אין אַ חודש, צוויי אַרום וועט ער קריגן אַ בריוו: איך פאָר אַרויס . . . יאָ, צוויי יאָר . . . מ׳גע . . .

שמעון האָט אָנגעשטאָפּט די ליולקע, אויסגעלאָשן דאָס ליכט, זיך אַרונטערגעזעצט צום אויוון, אַ שאַר געטון מיט די הוילע פינגער אַ קויל, פלינק זי אַריינגעוואָרפן אין דער ליולקע, געשטורכעט מיטן פינגער, געצויגן, געזויגן די ליולקע. פאַררויכערט, האָט ער זיך אויס־געצויגן אויף דער פעל פאַרן קאַמין.

פעל האָט אַן עפן געטון אַן אויג: קוים צום שכל געקומען. בו ליג, רו ווי איך, אָבער פאַרוואָס שטינקסטו אַזוי? דעם הונטס נאָז האָט זיך אַ קנייטש געטון, ער האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ — אפשר זיך אויפ־הייבן אַוועקגיין אַ ביסל ווייטער? די וואַרעמקייט האָט אים צוריקגע־האַלטן, האָט ער צוריק אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ צווישן די לאַפּעס, פאַרמאַכט די אויגן.

שמעון איז געליגן מיטן פּנים צום פייער. דאָס פייער האָט גע־וואַרעמט, געבראַנזט זיין פּנים, דער פלאַם אַ מין שפּיגל וואו ער האָט געזען ניט זיין פּנים, נאָר אַנדערע פּנימער. די פּנימער זיינען אונ־טערגעשפּרונגען, האָבן זיך געוויגט און פאַרשוואונדן.

שטאָט. מענטשן. געווען אין שטאָט. יאָרן. נמאס געוואָרן, די שטאָט, די מענטשן. געטראָפן אסתרן. און זי?

— מיר נמאס געוואָרן די שטאָט, וויל אַוועקפאָרן אויף אַן אינזל ערגעץ. יאָ, אַן אינזל, וואו קיינער זאָל ניט זיין, קיינער חוץ אונז צווייען. — געגנבי מיט די ווערטער. און ווי פריילעך זי איז געווען ווען זי איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעקומען, ווי זי האָט אָנגעקוואָלן פון אַלץ! — און קיין לעבעדיקער נפש אַרום! אַ מייל אַרום! בלויז מיר ביידע . . . — געווען גוט.

ער האָט אַ טורקע געטון מיטן פינגער אין דער ליולקע, זי אויס־געטרייסלט, אַריינגעשאָטן נייעם טאַבאַק, ווידער פאַררויכערט.

יאָ, אַזוי איז עס געווען אין אָנהויב. נאָכדעם . . .

אַ קויל איז אָפּגעשפּרונגען פון אַ שייטל האָלץ, ברוגז אַ שיפּע געטון און זיך איינגעלייגט אינם דיקן שיכט אַש וואָס האָט זיך שוין פאַרמירט אויפן דעק. שמעון האָט אַ נעם געטון דעם שאַר־אייזן, אַ רוק געטון איין שטיקל האָלץ, אַ צווייטס, דאָס קאָסטערל האָלץ האָט זיך איינגעלייגט, געוואָרן קלענער, דאָס פייער אַ ביסל טונקעלער. שמעון האָט צוגעלייגט נאָך האָלץ, זיך אויפגעהויבן.

פעל האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ: וואָס דרייט ער זיך דאָרט אַרום? לאָזט ניט איינליגן. אַ באַשעפעניש זאָל זיך נאָר דרייען! אומ־צופרידן פון דער זיך דרייענדיקער באַשעפעניש, האָט דער הונט צוריק אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ, פאַרמאַכט די אויגן: פאַרפאַלן. אַזוי איז ער שוין.

שמעון האָט גענומען נאָך אַ טרונק בראַנפן, גענומען דעם טרונק ווי ביי זיך אַליין אַוועקגעגנבעט, זיך אַ קרום געטון, גענומען זויגן די ליולקע און זיך אַרונטערגעלאָזט צוריק אויף דער פעל פאַרן פייער. דאָס פייער האָט זיך שוין ווידער צעפלאַקערט. שמעון האָט אָפּגעע־שפּיליעט דאָס קנעפּל פון דער וואָלענער העמד, אַ רייב געטון די האָ־ריקע ברוסט. וואַרעם. אַ שיין פייער. אמת שיין. ער האָט געזען יעדער פייער צינגל באַזונדער, ווי עס לעקט דאָס האָלץ, בויגט זיך איבער, נעמט עס אַרום, און דעם גאַנצן פלאַם. עפּעס לעבעדיקס דאָ אין פייער, אין פלאַם. יאָ, עס לעבט, עס רעדט אַפילו.

— עס איז ניט די שטאָט אַליין, אַפילו ניט די מענטשן, — האָט דאָס פייער פאַרטרוילעך געסודעט. האָט ער דאָך אויך געבייבקט נאָך דער שטאָט, נאָך מענטשן. האָט אים אָנגעכאַפּט די בייבקעניש, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין ניו יאָרק, צו דעם שטיקל ערד, וואו די מערסטע מענטשן האָבן זיך צוגעקלעפּט, און עס איז געווען גענוג פאַר אים מאַכן איין רייזע אויף דער „שפּולקע באַן״ אויף דער צוויי און פערציקסטער, אַריינגיין אין אַ גרויסער קאָפּעטעריע, וואו הונדער־טער מענטשן האָבן געעסן אויף איין מאָל, אָדער גאָר זען עטלעכע טוצן ווייבער מיט קינדער וויגעלעך, און ער האָט גלייך געכאַפּט די באַן און געפאָרן צוריק. בייבקען נאָך מענטשן איז בעסער ווי באַגעגענען זיי. אַ פרוי, אַ קינד, דאָס איז עפּעס . . . אָבער עטלעכע טוצן פרויען מיט קינדער וויגעלעך, זיי זיינען שוין ניט קיין מוטערס, נאָר אַרבעטאָרינס אין אַ קינדער פאַבריק . . . און פון דער פאַבריק איז ער אַנטלאָפן.

זי האָט געקענט פאָרן אין שטאָט ווען זי האָט געוואָלט און קומען צוריק. אַזוי, האָט ער געדיינקט, וועט עס טאַקע זיין, זי האָט אָבער געוואָלט ניט אַזוי פאָרן אין שטאָט ווי אַוועקפאָרן פון אים. אָט וואָס זי האָט געוואָלט.

ווידער האָט ער אָנגעשטאָפּט די ליולקע, געצויגן, געזויגן. די וואַרעמקייט האָט געשלאָגן אין פּנים אַריין. ער האָט זיך אָפּגערוקט אַ ביסל פון פייער, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן עלנבויגן, האָט ער גע־קוקט אויפן פלאַם. אים האָט זיך געדוכט דער פלאַם ווערט קלענער, שטילער, טונקעלער, אויך אין קאָפּ ביי אים, האָט ער געפילט, ווערט עטוואָס טונקעלער, אָט ווי שאָטנס וואָלטן זיך דאָרט געשפּרייט, דורך די שאָטנס שפּאַרט זיך פונדעסטוועגן דורך אַ געדאַנק — נאָר ז י האָט עס געוואָלט? וואָס איז מכוח אים? דער קאָפּ האָט זיך אַ גליטש געטון פון עלנבויגן. האָט ער איינגעדרימלט? ניין. אונטער־שטורכען אַ ביסל דאָס פייער. אָט אַזוי. ברענט פיין. ניין, ער האָט ניט געוואָלט זי זאָל אַוועקפאָרן. זיכער? נו, ער האָט געוואָלט זי זאָל אַוועקפאָרן אויף אַ חודש, צוויי, זי זאָל זען מענטשן. איין מענטש איז ניט גענוג פאַר אַ צווייטן, ניט גענוג און צופיל, דאָרטן וואו עס איז בלויז דאָ אדם און חוה מוז קומען אַ שלאַנג, פון גן עדן ווערט אַ גיהנום, האָט קיין זין צו לייקענען, געוועזן טעג ווען עס א י ז געוועזן אַ גיהנום, דאָך . . . ער האָט זיך געריכט אויף איר, געוועזן זיכער זי וועט קומען, איצטער — צוויי יאָר. יאָ, נעכטן געוואָרן צוויי יאָר. יעדן מאָנטיק גייט ער איינקויפן, טאַפּט דאָס בריוו קעסטל, ד ע ם מאָנטיק וועט זיכער זיין אַ בריוו, קיין איין מאָנטיק ניט פאַרפעלט, אָבער ניטאָ קיין בריוו. ניטאָ, און עס וועט ניט זיין. עס וועט ב־יי־ט ז־יי־ן.

. . . ער פאָרט רייטנדיק אויפן שוואַרצן פערד מיט די ווייסע טלאָען, ווייסן פלעק אויפן פּנים. ער פאָרט גיך, זייער גיך, און ער טאָרעט אַלץ „ספּאַטין" — גיכער! גיכער! ער זיצט שוין ניט, ער ליגט אויף „ספּאַטין", זיין מויל רירט אָן די גריווע, און ספּאַטי טראָגט זיך ווי אַ וויכער, מיט אַמאָל — סטאָפּ! ספּאַטי האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די הינטערשטע פיס. מיטן גאַנצן כוח האַלט ער זיך אָן אָן דער גריווע, דריקט די זייטן מיט זיינע שיינקלען, ער באַצווינגט ספּאַטין, ער זיצט שוין גלייך, אָבער ער דערזעט וואָס ספּאַטי האָט דערזען

פריער פון אים — אסתר, אינגאַנצן אין ווייסן, שטייט די אָרעמס אויסגעשפּרייט, פאַרשטעלט דעם וועג. ער שפּרינגט אַרונטער. אסתר בלייבט ניט, פאַרשווינדט. ער יאָגט איר נאָך, זי טוט אַ נורע אין קוסטעס, ער נאָך איר, ער טוט זיך אַ יאָג, פאַלט אַריין אין אַ טייך ...

ער האָט זיך אַ טרייסל געטון. פּעל איז אויפגעשפּרונגען, אַ ביל געטון. שמעון איז געקומען צו זיך, באַנומען וואו ער איז, אָבער ניט געקענט זיך אָריענטירן וואו איז די טיר, דער טיש. אָן איז דער קאַמין, פּעל. — לייג זיך אַוועק! — האָט ער באַפוילן דעם הונט, און, אַרויס־געזאָגט די דריי ווערטער, איז ער געוואָרן וואַך. ער האָט דערזען דעם גרויען אַש אין קאַמין. אויסגעגאַנגען דאָס פייער. אַנשלאָפן געוואָרן. ווי שפּעט קען עס זיין? ער האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ צום פענצ־טער. דורך די אייז פאַרקאָוועטע שויבן האָט זיך דורכגעזויגן אַ בלוי־גרויע שיין. מוז שוין זיין שפּעט. און קאַלט. ער האָט זיך אַ דריי געטון, אויסגעצויגן די פיס. פאַרקליאַקנעט. ער האָט אָנגעטאַפּט דאָס שאַר־אייזן, אַ שאַר געטון אין קאַמין. אַ פונק האָט אַ וואונק געטון און ניט געבליבן. ער האָט זיך אַ רוק געטון, אַ שאַר געטון דאָס אַש מיט דער האַנט. וואַרעמלעך. קוים, קוים. לעבלעך. ער האָט צעריבן דאָס אַש צווישן די פינגער, זיך אויפגעהויבן. מיט אים האָט זיך אויפגע־הויבן די פינצטערניש, אים געקראָכן אין פנים אַריין, געוואָלט אַפילו פאַרשטעלן די שוואַכע שיין פון פענצטער, די קעלט האָט זיך אַ יאָג געטון אויף אים, אים צעטרייסלט. ער האָט אַ רייב געטון דעם פנים, אַ ציאַמקע געטון מיט די ליפּן.

— צופיל געטרונקען.

פּעל האָט זיך אויפגעהויבן פאַרקוקט צו אים: וואָס רעדסטו?

ערשט איצט איז שמעון געוואָרן אינגאַנצן וואַך. אין מויל אַזאַ פאַסקודנער טעם. אפשר נאָך אַ טרונק בראַנפן? ניין, פאַררויכערן. ער האָט אָנגעטאַפּט די ליולקע, זי אָנגעשטאָפּט, גענומען זיך גריבלען אין אַש, זוכן אַ קויל. אַפילו קיין פונק האָט זיך מער ניט געזען. אַש. ער האָט אַ רייב געטון אַ שוועבעלע אין די הויזן, פאַררויכערט. דער הונט איז געשטאַנען, געקוקט אויף אים: וואָס ווילסטו טון? פאַרוואָס ליגסטו ניט? וואָס לאָזסטו מיך ניט איינליגן?

— לייג זיך אַוועק! — האָט שמעון באַפוילן דעם הונט. — דו לייג זיך אַוועק. אָט אַזוי. איצטער . . .

מיט דער האַנט אַרום דער ליולקע, איז ער געבליבן שטיין. ער האָט געזען ספּאַטין, ניט נאָר געזען אים, ער האָט געפילט ווי ער איז געפאָרן אויף אים, און אסתר . . .

— מ׳נע, גיין שלאָפן. אַרויפגיין אויבן, זיך לייגן שלאָפן. מוז שוין זיין שפּעט. — ווידער האָט ער אַ קוק געטון צום פענצטער, כאַפּן די לבנה. פיינע פראָסט בלומען, איידעלע אייז קרוזשעוועס, צוזאַמען אַ געדיכטער וואַלד וואָס לאָזט ניט זען דעם פּנים פון דער לבנה. די געדיכטע שטילקייט האָט אונטערגעזאָגט: שוין שפּעט. זייער שפּעט. ער האָט אַ קוק געטון צום קאַמין. דאָס אַש דאָרט — אַ בעלמע פאַר־צויגן איבער אַן אויג.

שמעון האָט זיך אַ טרייסל געטון מיטן גאַנצן קערפּער. קאַלט. אויבן מוז זיין גאָר קאַלט. ער האָט אַ שפּאַן געטון.

— דו בלייב דאָ. יאָ, דו בלייב דאָ, — האָט ער אַ גלעט געטון דעם הונט, אים צוגעפּלעטשט צום באָדן, אַליין זיך געלאָזט צו די טרעפּ פון שלאָף צימער.

דאָס טרעפּל אונטער זיין פוס האָט אַ קרעכץ געטון. אפשר גאָר בלייבן דאָ אויף דער פעל, אויפלעבן דאָס פייער אין קאַמין?

— פייער. וואַרעמט, לויכט. — ער האָט אַרויפגעשטעלט אַ פוס אויפן צווייטן טרעפּל. — פלאַם — שיין, לעבעדיק, מיטן האַנט ניט אָנצוגעמען, דאָך אַזוי . . . אַזוי . . . — דער קאָפּ האָט ניט אונטער־געטראָגן דאָס וואָרט צום אַזוי . . . די פוס איז שוין געווען אויפן דריטן, פערטן טרעפּל. — יאָ, דער פלאַם, גוט און שיין, אָבער אַז מ׳לייגט ניט צו קיין האָלץ איז אויס פלאַם, שטאַרבט דאָס פייער, געשטאָרבן . . . טויט . . .

די פיס האָבן מיט שטירדעס באַטראָטן די לעצטע צוויי טרעפּלעך, יעדער טראָט האָט געטופּעט — טויט! טויט! ער גייט ניט מער קיין דזשאָהנסטאון. אויסגעגאַנגען דאָס פייער, אויס בריוו קעסטל. ניטאָ מער.

אַ פליכטיקער ישוב הדעת — זיך אויסטון אָדער ניט? די פּראָסט־פּאַרקאָוועטע שויבן האָבן גרימיק געוואָרנט: קאַלט, אָט אַזוי אָ, אין די זאַכן, קענסטו ליגן, חלומען, וועסט זיך נעמען אויסטון . . .

מיט כעס האָט ער געצויגן פון זיך די קליידער, אַן אויסגעטוועטער האָט ער זיך אַ וואַלגער געטון אין דער ניט פּאַרבעטער, קאַלטער בעט, אַ צי געטון די קאָלדרע איבערן קאָפּ — שלאָפן! ניט חלומען, שלאָפן!

# דער כלב לעבט

— איר פֿאָרט קיין לאָס אַנגעלעס? איר׳ט אפשר באַגעגענען דאָרטן איינעם אַ זשוכאָוויצקי, זשוקאָוו רופֿט ער זיך, גיט אים איבער אַ גרוס פֿון מיר. ער איז מיינער אַ בן . . . בור.

אויף מיין פֿרעגנדיקן קוק האָט פּרנס געענטפֿערט מיט אַ שמייכל.

— אָט ווי איר הערט, אַ בן בור. געלעבט אין איין גרוב. אַ היפּש שטיקל צייט. אַ לאַנגע מעשה.

דער מאַך מיט דער האַנט ביי די לעצטע ווערטער האָט געזאָגט: ניט איצטער צו דערציילן. פֿון דערפֿאַרונג האָב איך שוין געוואוסט אַז אויב פּרנס פֿאַרהאַקט זיך, וויל נישט דערציילן, העלפֿט ניט קיין ציען פֿאַרן צונג. פּרנס האָט גאַנץ אָפֿט פֿרייוויליק גערעדט וועגן זיינע איבערלעבונגען; זיין רעדן, עפּעס ווי ער וואָלט ניט דערציילט וועגן זיך, נאָר וועגן אַנדערע מענטשן, גערעדט האָט גאָר ניט ער, ער האָט בלויז אָפּגעדרייט אַ קרענטל און עס האָט זיך געגאָסן פֿון דאָרט אַן אַן אויפֿהער, איין פּאַסירונג האָט זיך אַמאָל אַריינגעריסן אין דער צווייטער, איבערגעיאָגט, דער שטראָם רייד האָט זיך געבולבעט אַ ביסל און ווידער געפֿלאָסן גלאַטיק. אַמאָל האָט זיך דער שטראָם פֿאַרהאַקט, אים האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן, אָדער ער האָט זיך גלאַט פֿאַרקוקט, געשוויגן, בין איך דאַן געזעסן און געשוויגן, געפֿילט זיך שולדיק — איך צווינג עס אַ מענטשן נאָכאַמאָל איבערלעבן אַלע גרוילן, כאָטש איך בין קיינמאָל ניט צוגעשטאַנען צו אים ער זאָל מיר עפּעס דערציילן, און געטראַכט ווי הויבט מען זיך אויף, מע גייט אַוועק, דערביי אים ניט ווייטאָן, ניט באַליידיקן, פּרנס האָט אָבער ווי ניט געפֿילט גאָר מיין אַנוועזנהייט, ער האָט מיך גאָרניט געזען, ער האָט געקוקט אין אַן אַנדער וועלט, אויף איין פּונקט אין יענער וועלט און, ווען אָט דער פּונקט איז נעלם געוואָרן, איז ער גופֿא אויך אַרויס פֿון יענער וועלט, האָט מיך ווידער געזען און ווידער גענומען רעדן, ניט

קיין דירעקטע פאַרזעצונג פון דעם וואָס ער האָט געהאַט דערציילט, נאָר אינם שטראָם פון רעדן האָט זיך עס צוזאַמענגעגאָסן מיטן פרי־ערדיקן. דאָס איז אַלץ געווען, ווען ער האָט געוואָלט, געפילט אַ באַ־דערפעניש צו ריידן, האָט ער אָבער ניט געוואָלט ריידן זיינען זיינע באַמערקונגען, אָדער גאָר איינצלנע ווערטער, געווען ווי טראָפּנס וואַ־סער וואָס קאַפּען אַרויס פון אַ פאַרשטאָפּטן קראַן. דאַן האָט נישט געהאָלפן קיין „שטופּן דרעטלעך אינם קראַן״, אַרויסקריגן אַ ביסל וואַסער. קאַליע געוואָרן, פאַרשטאָפּט, און פאַרפאַלן. איך האָב שוין דעריבער ניט דערוואַרט צו הערן די „לאַנגע מעשה״, פונדעסטוועגן האָב איך געפּרואווט אַ „פּיק טון אונטערן צונג״ און אַ פרעג געטון: איז וואָס זאָל איך אים זאָגן, אויב איכ׳ל אים טרעפן?

— זאָגט אים, — האָט פּרנס געצויגן דעם „זאָגט״, — זאָג־ט אים . . . אַז . . . דער כלב לעבט.

איך האָב דערפילט דעם הינטערטאָן פון די ווערטער, איך האָב ממש געקענט זען אַז „דער כלב לעבט״ איז אַ געדיכטער עקסטראַקט, צוזאַמענגעפּרעסט פון אַ היפּש ביסל איבערלעבונגען, און איך האָב אַ קוק געטון אויף אים, מיט די אויגן געמאָנט — דערצייל! מיינע אויגן האָבן אָבער באַגעגנט אַ שמייכל, אַ שמייכל וואָס איז געווען מיד פון אַ לאַנגער וואַנדערונג, און אָט דער שמייכל האָט געזאָגט: איך בין מיד. לאָז צורו. אַן אַנדערש מאָל. מיטן מויל האָט ער אַרויס־געבראַכט: ער׳ט שוין וויסן . . .

— פאַרפאַלן, — האָב איך באַשלאָסן, — דער קראַן איז פאַר־שטאָפּט. — האָב איך זיך געזעגנט מיט פּרנסן, אים צוגעזאָגט איך וועל אויפזוכן דעם זשוכאָוויצקי־זשוקאָוו, וועל אים שרייבן פון לאָס אַנגעלעס, און איך בין אַוועקגעגאַנגען, אַוועקגעפאָרן קיין לאָס אַנגע־לעס און, דעם אמת געזאָגט, איז מיר דער זשוכאָוויצקי־זשוקאָוו ניט געליגן אינזינען, דערפאַר אָבער דער „כלב״ האָט מיך פאַרפאָלגט. וואָס איז דאָס פאַר אַ . . . גרוס „דער כלב לעבט״?

אין דעם לאָס אַנגעלעסער טעלעפאָן בוך האָב איך אַ זוך געטון זשוכאָוויצקי, זשוקאָוו, געפונען אַ זוקאָוו, זוקאָווסקי, אונטערן בוכ־שטאַב „זי״, דאַן אַ זשוק, אונטערן אות „סז״, אָנגעקלונגען, אָנגעהויבן פרעגן, דערקלערן, האָט איינער מיך אויסגעהערט און העפלעך געענט־פערט: טוט מיר לייד, ניט דער וועמען איר זוכט; אַ צווייטער האָט בייז געענטפערט: „ווראָנג נאַמבער״ און אַ קלאַפּ געטון מיטן טרייבל;

אַ דריטער האָט איבערגעפרעגט: „זשוכאָוויצקי, זשוקאָוו? ניטאָ דאָ אַזאַ נאָמען. פאַרטיק. אַ זוך געטון אין דער שטאָטישער דירעקטאָרי, קיין זשוכאָוויצקי האָב איך ניט געפונען, זשוקאָווס יאָ געווען, עטלעכע, און גיי ווייס ווער איז דער ריכטיקער זשוקאָוו. ניכאַיבי וואָלט איך געווען געפרעגט פרנסן וואָס איז זיין ערשטער נאָמען, איצטער גיי פּאָר צו די אַלע זשוקאָווס, ס'איז פּאָלג מיך אַ גאַנג אין אָט דער אומגעלומפּערט צעשפּרייטער שטאָט לאָס אַנגעלעס מיט איר שוידערלעכער טראַנספּאָרטאַציע, אַפילו בריוו שרייבן צו יעדן איינעם פון די זשוקאָווס איז פאַר מיר געווען צופיל: גיי דערצייל יעדן איינעם אַ גאַנצע מעשה, און צוליב וואָס? אָפּגעבן אַ גרוס? איך האַלט ניט פון אָפּגעבן „לעבעדיקע גרוסן". דער בעסטער גרוס אָפּגעבער איז דער בריוו־טרעגער. ווען פרנס זאָל ווירקלעך וועלן הערן פון אָט דעם זשוקאָוון וואָלט ער אים געשריבן אַ בריוו. ער האָט אָבער אַפילו ניט געהאַט זיין אַדרעס, מיינט עס דער אינטערעס ניט אַזאַ שטאַרקער, טאָ וואָס בין איך עס אַזוי פאַראינטערעסירט? „דער כלב לעבט". איך בין נישט געפאָרן צו די עטלעכע זשוקאָווס, נישט געשריבן קיין בריוו, דער „כלב" איז מיר אָבער נאָכגעגאַנגען און, דערהערנדיק אַז אין שטאָט געפינט זיך אַן אָרגאַניזאַציע פון „קאצעטלער", האָב איך באַשלאָסן איכ'ל צוגיין צו זייער אַ זיצונג, דאָרטן וועל איך אפשר טרעפן דעם זשוקאָוו, אויב ער'ט ניט זיין דאָרטן, ווייסן זיי מסתם וועגן אים, און אויב אַפילו ניט, איז סתם אינטערעסאַנט צו זען די קאצעטלער. אין לאָס אַנגעלעס קאַליפאָרניע אַן אָרגאַניזאַציע פון קאצעטלער!

דאָ גוטהאַרציקע, בייגיריקע מענטשן, וואָס שטאַטן אָפּ וויזיטן אין סאַניטאַריומס, משוגעים הייזער, תפיסות. קומענדיק אַהין ווילן זיי זען די *גאָר קראַנקע*, כאָטש ווייז זיי אַ פּאָר מענטשן אין גוססן; זיי ווילן זען די *אמתע* משוגעים, אָט ווי מען וויקלט זיי אין נאַסע ליילעכער; פאַרשטייט זיך, אויך די *ווירקלעכע* מערדער, אַ פּאָר מענטשן מיט העק אין די הענט, דאָס בלוט נאָך אויף די העק. ווייזט מען זיי ניט די אַלע מענטשן, זיינען זיי אַנטוישט: דער שווינדזיכטיקער וועמען זיי האָבן געזען איז גאָרניט אַזוי שווינדזיכטיק; דער משוגענער האָט גערעדט קלאָרע דבורים; און דער מערדער? אַ זשענטלמאַן. זיי ווילן זען די *אמתע* סחורה. אַנדערע, ווידער, זיינען זייער באַהבנט אין חכמת הפרצוף, אַזוי גיך ווי זיי טרעטן אַריבער די שוועל פון אַ סאַניטאַריום דערזען זיי גלייך די שווינדזוכט אויף

יעדנס פּנים, אויב אַפילו דער פּנים איז בלוט און מילך; זיי דערזען די משוגעת אויף יעדן פּאַציענט אין משוגעים הויז, דער עיקרשט אין זיינע אויגן, כאָטש וואָס פאַר אַ קאָליר יענע אויגן זיינען געווען געדיינקען זיי ניט; און פּונם מערדער איז דאָך אָפּגערעדט, די מינוט וואָס זיי האָבן אים דערזען (הינטער די גראַטעס) איז זיי דורכגעגאַנגען אַ סקרוך איבערן לייב.

איך בין ניט פון די גוטהאַרציקע, די נייגיריקע, און אויך ניט קיין עקספּערט אין דערקענען מענטשן לויט זייערע פּנימער, ממילא בין איך געגאַנגען צו די קאצעטלער ניט אָנקוקן זיי, נאָר פּשוט זען, הערן, אפשר כאַפּן דעם זשוקאָוו אָדער קריגן זיין אַדרעס.

פּשוט זען? אפשר ניט אַזוי פּשוט. יאָ, גאָרניט אַזוי פּשוט. ווייל וואָס, אייגנטלעך, איז מיר אַזוי שטאַרק אָנגעגאַנגען דער זשוקאָוו? צי אַפילו פּרנס? ער איז ניט מיינער אַ קרוב, אַ גואל, אָדער אַפילו אַ ידיד, און דאָך האָב איך לעצטנס מיט אים פאַרבראַכט מער ווי מיט מיין אייגענעם ברודער, כאָטש יעדע שטונדע וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט אים האָט מיך געווייגלעך געקאָסט אַ נאַכט שלאָף. אין אָט די שלאָפלאָזע נעכט האָב איך טאַקע געפּרוּווט זיך דערגרונטעווען למאי גיי איך צו אים, פאַרוואָס הער איך זיך צו מיט אַזאַ אינטערעס צו זיין דערציילן כאָטש דאָס קאָסט מיך אַ שטיק געזונט, און איך בין געקומען צום באַשלוס אַז איך וויל טאַקע עס זאָל מיך קאָסטן געזונט, איך וויל, ווי זאָגט מען, געשמיסן ווערן *דאָ*, דערפאַר וואָס איך בין נישט געשמיסן געוואָרן *דאָרט*. עפּעס פיל איך זיך שולדיק למאי איך בין ניט געווען *דאָרטן*, און יעדע שלאָפלאָזע נאַכט איז אַ מין זאָגן תיקון, דאָס וויל איך מתקן זיין, תשובה טון פאַר מיין ניט באַגאַנגענעם פאַרברעכן, איך *ווייס* אַז איך בין *נישט* שולדיק, איך *פיל* זיך אָבער שולדיק, און וויל אָפּקומען פאַר מיינע זינד. משוגעת? מאזאכיזם? די יידישע קריינק? איך ווייס ניט, אַ פאַרפלאָנטערטער ענין, אַן עסק פאַר פּסיכאָלאָגן, איך, וואָס מער איך האָב זיך פאַרפלאָנטערט, דאָס הייסט, וואָס מער איך בין פאַראינטערעסירט געוואָרן אין די מענטשן וואָס זיינען געקומען פון „דאָרטן“, ניט נאָר האָב איך געקוקט אויף זיי מיט אַ מין דרך ארץ, נאָר זיי אַפילו מקנא געווען, יאָ, מקנא געווען, צו דערזעלבער צייט האָבן זיי, מיט זייער *לעבן* — נאָך דעם אַלעמען וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט — ווי געגעבן

מיר אויך אַ הכשר צום לעבן: זיינען דאָך ניט אַלע אומגעקומען, און אויב זיי לעבן, מעג איך אויך . . .

בין איך געגאַנגען צו די קאַצעטלער, זען ווי זיי לעבן, וואָס זיי טוען. געקומען צו זייער פאַרזאַמלונג, האָב איך געטראָפן אַריבער צוויי מנינים מענטשן און, ווי יעדער פרעמדער וואָס פאַלט אַריין צווישן אַ היימישער גרופּע, האָב איך זיך דערפילט אַז איך סטאַרטשע אַרויס, איך האָב מורא געהאַט איך וועל זיך אָנזען צופיל, צו דערזעלבער צייט האָב איך אויך ניט געוואָלט בלייבן אינגאַנצן אומבאַמערקט. אַ מיאוסע מיידל וויל טאַקע ניט יעדער איינער זאָל דערזען איר מיאוסקייט, זי וויל אָבער עמיצער זאָל זיך אומקוקן אויף איר. קענטיק אַז די ערשטע מורא — איך זאָל נישט אַרויסטאַרטשען — איז געווען שטאַרקער, ווייל איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, אויף איינעם פון די לעצטע ביינקלעך, איך האָב אָבער ניט איינגעצויגן דעם קאָפּ אין די אַקסל ווי אַ שנעק ציט איין זיין קעפּל אונטער דער האַרטער שאָל. מיינע אויגן און אויערן זיינען געווען היפּער־וואַך. מיינע אויגן האָבן טאַקע ניט געזוכט דעם אויסגעקריצטן נומער אויף יעדן אָרעם פון די קאַצעטלער, איך האָב ניט געפּרואווט זען דעם שטעמפּל פון דעם קאָנצענטראַציע לאַגער אויף יעדנס פּנים, איך האָב זיי אָבער געזען אין קאָנצענטראַציע לאַגער. די אויערן האָבן אונטערגעהאַלפן דאַריין. מע האָט גערעדט, „פאַרהאַנדלט" וועגן שיקן פּעקלעך אין די לאַגערן. אַ פּשוטע זאַך, מע מאַכט, מע קויפט אַ פּעקל און מע שיקט אַוועק. דאָס איז פאַר איינעם וואָס איז ניט געווען אין קיין לאַגער, פאַר דעם וואָס איז דאָרטן יאָ געווען איז עס שוין נישט אַזוי פּשוט. וואָס איז, אַשטייגער, בילכער, אַ גאַז טיכל צי נאָדל פאָדים? איך בין ניט געווען אַזוי זיכער ווי צו פּסקענען, זיי האָבן כמעט אַלע געפּסקנט — נאָדל פאָדים איז בילכער. און וואָס איז וויכטיקער, אַ בלעכל אַרבעס, קאָנ־סערווירטע פלייש, אָדער אַ שטיקל שאָקאָלאַד? פאַר מיר איז אַ שטיקל שאָקאָלאַד ניט קיין עסן, עס איז אַ נאַשעריי, איך גופא פאַרזוך זעלטן וועלכע עס איז זיסע זאַכן, זיי זיינען אַלע געווען פאַרן שאָקאָלאַד, און איך האָב צו זיך אַליין געזאָגט: זעסטו? זיי זיינען געווען דאָרטן, וויסן זיי, דו ביסט פאָרט אַ זייטיקער.

בין איך געזעסן, געהערט, געזען און געטראַכט: די אַלע מענטשן, אין תוך איינער ווייט פונם צווייטן, וואָס זיי דערנעענטערט, פאַר־אייניקט איז דער קאַצעט, אַ מין יידישע „אַלמא מאַטער", אַז אַך און

ווײ, זײ — אַן אַלומני קלאַס, גראַדואירט פון אײן אוניווערסיטעט, אַפילו ניט פון אײן אוניווערסיטעט, מע האָט געלײענט בריוו פון לאַגערן: לאַנדסבערג, פעלדאפינג, פערנוואַלד, רײכנהאל, צילסהײם, אַזוי פיל אוניווערסיטעטן . . . און זײ זײנען פאַרבונדן מיט די אַלע פלעצער, האַלטן זיך אָן אָן זײ. און פרויד זאָגט אַז מענטשן ווילן פאַרגעסן שלעכטס. וואָלטן זײ געוואָלט פאַרגעסן וואָלטן זײ גאָר געדאַרפט אויסמײדן זיך טרעפן, און דאָ קומען זײ זיך צוזאַמען, מע רעדט וועגן די לאַגערן. אמת, מע זיצט ניט און מע דערצײלט זיך מעשׂות ווי אַלטע סאָלדאַטן אין אַרמײאישע מושב זקנים, אָבער מע רעדט פונדעסטוועגן וועגן לאַגערן, פלעצער, וואו יעדער אײנער פון זײ איז געווען און האָט דאָרטן „קײן האָניק ניט געלעקט“. זײ ווילן אַפנים ניט פאַרגעסן, זײ ווילן געדײנקען און העלפן. ניט נאָר מיט פעקלעך. אָט האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט גרוסן פון קרובים, אָפזוכן קרובים. דאָ האָב איך שוין אָנגעשפיצט די אויערן. הערנדיק אײנעם, אַ צווײטן דערצײלן, ווי ער האָט טעלעפאָנירט, איז געגאַנגען צו אײן לעווין, דער האָט אים געשיקט צו אַ צווײטן לעווין, דער צווײטער צו אַ דריטן, אַ פערטן, ביז ער האָט פאָרט געפאַקט דעם ריכטיקן לעווין, האָב איך זיך אַ ביסל פאַרשעמט פאַר מײן „זוכעניש“. זײ ווײסן וואָס עס מײנט אויפזוכן אַ מענטשן, אַ קרוב, אַ פרײנט, און זײ זוכן טאַקע. זײ וואָלטן שוין אויסגעזוכט דעם זשוקאָוו. איך האָב אים גלײך גענומען זוכן, טאַקע דאָרטן בײ דער פאַרזאַמלונג, דאָס הײסט, איך האָב זיך אָפגעשטעלט אויף אײן פנים, אַ צווײטן, דער מוז עס זײן, דער . . . פאַרשטײט זיך איך האָב ניט דערזען קײן זשוקאָוו אויסגעמאָלט אויף קײן פנים, איך האָב אויך ניט געהערט דעם נאָמען, דערווײל איז די זיצונג שוין געווען אַזוי גוט ווי געענדיקט. בין איך צוגעגאַנגען צום פאָרזיצער, זיך פאָרגעשטעלט, איך בין אַ פרעמדער דאָ אין שטאָט . . .

— פון וועלכן לאַגער? — האָט ער אַ פרעג געטון, און אַ פאַרשעמטער האָב איך גענומען שטאַמלען אַז איך . . . איך . . . בין ניט געווען אין קײן לאַגער, איך זוך אײנעם וואָס איז געווען, דאָס הײסט, איך דײנק ער איז געווען, אײנער זשוכאָוויצקי, זשוקאָוו.

— זשוכאָוויצקי? זשוקאָוו?

איך האָב ממש געזען ווי דער מענטש מישט, אין קאָפ, זײן נעמען און אַדרעסן ביכעלע, מישט, מישט, ווײסט אַז דאָרטן דאַרף עס זײן, קען אָבער עפּעס ניט געפינען.

— וואָס איז זיין ערשטער נאָמען?

איך בין ממש רויט געוואָרן. אַזאַ פּרא אדם, מיר ניט איינגעפאַלן פרעגן פּרנסן דעם זשוקאָווס ערשטן נאָמען.

— זיין ערשטן נאָמען ווייס איך ניט. איך קען אים ניט. דאָס האָב איך בלויז אַ גרוס צו אים פון זיינעם אַ פריינט, פון איינעם פּרנס.

— פּרנס! הער, מאָטל! — האָט ער זיך אַ קער געטון צום סעק־רעטאר. — אַ גרוס פונם פּרנס חודש.

דער סעקרעטאר האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ, אָנגעשטעלט די אויגן אויף מיר. איך האָב געפילט ווי ער באַטראַכט מיך, צו דער־זעלבער צייט האָט מיר געקלונגען אין די אויערן:

— וואָס מאַכט ער, דער פּרנס חודש? וואו איז ער? אין ניו יאָרק? ווי גייט עס אים?

איך האָב געענטפערט איינצלנע ווערטער, ווי אַ יינגל אויף אַן עקזאַמען, וואָס האָט מורא ער זאָל ניט אַריינפאַלן, דער לערער ווייסט דאָך אַזוי פיל. זיי ווייסן מער וועגן פּרנסן ווי איך, ביי זיי איז ער דאָך פּרנס חודש . . . זיי'ן נעמען פרעגן נאָך זאַכן. איבערקומען דעם עק־זאַמען וואָס גיכער. — דער זשוקאָוו איז עס געווען מיט אים צוזאַמען, זיינער אַ בן . . . עיר, — האָב איך אַרויסגעזאָגט, און ניט בן בור, ווי פּרנס האָט געזאָגט.

— דאָס מוז זיין שימעלע! שימעלע דער טערק!

איצטער האָב איך שוין טאַקע אַרויסגעסטאַרטשעט ווי אַ פלאָקן פון אַ זאַק. שימעלע דער טערק. — טערק? — האָב איך איבערגע־פרעגט, — מיר דוכט ער דאַרף זיין אַן אוקראַאינער.

פּאָרזיצער און סעקרעטאַר האָבן זיך איבערגעשמייכלט. — דאָס איז ער! דער טערק! אין פערנוואַלד איז ער געווען. געהאַלטן אין איין רעדן ער פאָרט קיין ארץ ישראל. און אַ וויזע? אַ וויזע וועט ער קריגן אַ טערקישע, פון דאָרט וועט ער זיך שוין דערשלאָגן קיין ארץ ישראל. נו, פון פעטער ישמעאל האָט ער ניט געקראָגן קיין איינלאַדונג, פון פעטער שמואל יאָ, איז ער געקומען אַהער. ער איז דאָ, אודאי איז ער דאָ. ניין, צו די זיצונגען קומט ער נישט, וואוינט צו ווייט, אין די הויכע פענצטער . . . — האָט ער צוגעגעבן ניט אָן איראָניע. — דעם אַדרעס . . . ? זיין אַדרעס איז . . .

געקראָגן דעם אַדרעס, האָב איך זיך דערפילט ווי אַ יינגל וואָס

איז קוים קוים דורכגעקראָכן דעם עקזאַמען, אָבער געקראָגן די דיפּלאָ־
מע, איצטער . . . גיין זען דעם זשוקאָוו, דעם . . . טערק, דעם . . . כלב.

די גאַס איז געליגן אויסגעצויגן, זיך געוואַרעמט אַנטקעגן דער נאָכמיטיק זון, די פיר שורות בוימער פוןביידע זייטן גאַס — שומרים, וואָס היטן קיינער זאָל ניט שטערן די רו און אויך אַ וואַך אַנטקעגן דער זון, וואַרעמען מעג זי אָבער ניט ברענען. די גאַס, די בוימער, די וואַרעמקייט און, דער עיקר, די שטילקייט האָט געוואָרנט: זעסט'אַך, סיעסטאַ, נאָכמיטיק דרימל. מיר, דעם גיו יאָרקער, האָט אָט די שטיל־קייט געעגבערט די אויערן. אַ שטאָט! צוויי מיליאָן מענטשן, זאָגט מען, איז דאָ אין דער שטאָט, וואו טוען זיי זיך אַהין? וואו זייבען זיי? אין גאַס ניטאָ קיין לעבעדיקער נפש, קיין קינד אַפילו. שאַ, דאָ ליגט אַ הונט. איך מוז זיך מודה זיין, פאַר אַ הונט האָב איך מורא. דערזען דעם הונט, האָב איך דערפילט ווי מיינע לענדן האָבן זיך געטון אַ פאַרשטייף, מיין טראָט איז געוואָרן ניט זיכער. איך האָב זיך אַ ישוב געטון — גיין גלייך, צי אפשר אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט? אַריבערגיין האָב איך זיך עפּעס געשעמט, האָב איך באַשלאָסן — גיין גלייך, איך בין אָבער ניט געווען זיכער צי זאָל איך קוקן אויפן הונט, אַזוי אַרום אים זאָגן: זעסטו, הונט איינער, אָט גיי איך, האָב פאַר דיר קיין מורא ניט, אָדער זיך מאַכן ניט זעענדיק — ניטאָ קיין הונט. גיי פאַרלאָז זיך אויף הינטישן שכל, ער זאָל זיך דערוויסן אַז איך האָב פאַר אים . . . ניט מורא, צי גאָר זיך פאַרלאָזן אויף זיין יושר. מיין ישוב הדעת האָט זיך געענדיקט ווען איך האָב אים דערזען, בעסער געזאָגט, איך האָב דערפילט אַז דער הונט האָט אַ קוק געטון אויף מיר, איך האָב שוין געמוזט ענטפערן מיט אַ קוק. געזען האָב איך ווי דער הונט, ליגנדיק אויפן בויך, די פאָדערשטע לאַפּעס אויסגעצויגן, דער קאָפּ מיט לאַנגן פּיסק צווישן די לאַפּעס, האָט אַן עפן געטון די אויגן, אַ בליק געטון און, צי האָט ער טאַקע דערזען אַז איך האָב פאַר אים קיין מורא ניט, צי ער האָט באַשלאָסן אַז אָט דער פאַרשוין האָט ניט די ווערט מ'זאָל אויף אים אַ ביל טון אַפילו, אפשר איז ער גאָר געווען צו פויל דאָס טון, סיי ווי, ער האָט אַ בלינצל געטון ווי אַ הון, צוריק פאַרמאַכט די אויגן, איך בין פאַרבייגעגאַנגען, מיט אַן אָנגעצויגענעם טראָט, אָבער פאַרבייגעגאַנגען. איבערגעקומען. אפשר וועט ער נאָך שטילערהייד מיך אַ כאַפּ טון פאַר דער ליטקע? הינט וואָס בילן ניט . . .

זיך אומקוקן? איך האָב ניט אומגעדרייט דעם קאָפּ, מיין נאַקן, מיין פּלייצע האָט זיך איינגעקוקט, איינגעהערט און, איבערצייגט זיך אַז דער הונט ליגט ווי ער איז געליגן, איז מיין טראָט געוואָרן זיכערער. גאָר ניט געזען קיין הונט. איך האָב געזען פּאַלמעס, גראָבבייכיקע פּאַלמעס, אָלעאַנדער בוימער, רויטע און ווייסע, און עטלעכע מאַגנאָליע בוימער. אַי, די מאַגנאָליעס מיט זייערע גרויסע, ווייסע בליעכצן! ביי איין בוים האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. די בליעכץ, בעסער געזאָגט, די ווייסע בלום, האָט זיך געעפנט, צעלאָזט, יעדער בלעטל אַ האַנט שיסעלע וואָס שעפּט פולע זשמעניעס זון פון הימל. איך האָב אַ טאַפּ געטון דאָס בלעטל, זייד? ניין, סאַמעט. און דער גערוך! אַזאַ איידעלער גערוך. שטיין, ציען, זופּן דעם גערוך. האָט זיך דער הונט פאַרגנבעט הינטער מיר? איך האָב זיך אַ צאַפּל געטון, אַ דריי געטון דעם קאָפּ, אַ פּרוי אין אַ לייכט ציצן קליידל, מיט אַ גרויסער סאָמברעראַ אויפן קאָפּ איז געווען אַ צוויי דריי טריט פון מיר. פון וואַנען האָט זי זיך גע־נומען? אויסגעוואַקסן. פון הינטער דער סאָמברעראַ האָט זיך אַ כוואַליע געטון אַ שמייכל, פון די אָנגעפאַרבטע ליפּן האָט זיך אַראָפּגעקייקלט: שיין, ניין?

— וואונדערפול! — האָב איך אויסגערופן. זי איז ניט נתפּעל געוואָרן פון מיין אויסרוף, פון דער מאַגנאָליע, דער שמייכל האָט זיך געשפּרייט פאַר אירע פיס און, ווען זי איז שוין געווען פאַרבייגע־גאַנגען, האָב איך נאָך געקענט זען דעם שמייכל ווי ער טראָגט זיך אויף צוריק איבערן טראָטואַר, אַ ביסל אַ צעטראָטענער פון אירע סאַנדאַלן, אירע פּיאַטעס—ראָזעווע לעכער אינם לייב קאָליר שמייכל... עפּעס מאָדנע וואַרעם איז מיר געוואָרן פון אָט דעם שמייכל. אַ שטאָט, אַ גאַס, בוימער, מענטשן, שמייכלענדיקע פּרויען! — האָט זיך גע־טראָגן ביי מיר אין קאָפּ. — און אַ זון . . . ! די זון, אויפן וועג „באַרג אַראָפּ" האָט פונדעסטוועגן זיך ניט געאיילט, זי האָט אויך געשמייכלט: ווי געפעל איך דיר? זי איז מיר געפעלן געוואָרן. אַ בעלנות פון אַ זון, זיך אָפּשטעלן אַ שפּיל טון זיך מיט אַ זילבערנעם קונציק געקנייטשטן דאַך איבער אַ בלאַנקיטנער געפאַרבטער הויז. און די הייזער, די קאָלירן! ווייס, ראָזעווע, רויט, בלוי, בלוילעך, קאַווע מיט אַ סך שמאַנט . . . ניט שלעכט צו לעבן אין דער שטאָט, אין אַזאַ גאַס, אין די הייזער. „וואוינט אין די הויכע פענצטער", האָב איך דערהערט

דעם קאַצעטניקס ווערטער, און איך האָב באַשטעטיקט: יאָ, קענטיק אַ רייכע געגנט. וואָס איז דער נומער?

זוכנדיק דעם נומער, האָב איך דערזען אַ מענטשן זיצן אויף אַ גאַניק און איך בין געווען זיכער אַז דאָס איז ער, דער זשוכאָוויצקי־זשוקאָוו, שימעלע דער טערק, דער . . . כלב. מיט יעדן טראָט נעענטער אַלץ זיכערער בין איך געוואָרן אַז דאָס איז ער. ווען איך בין שוין געווען ביים גאַניק, האָבן די מעשענע ציפערן בלויז באַשטעטיקט: יאָ, דאָס איז ער.

ער האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, אַ קוק געטון אויף מיר, האָב איך זיך דערפילט אָט ווי איינער וואָס קוקט אַריין צו יענעם אין פענצטער און דאָרטן באַווייזט זיך עמיצער. מיין פאָרשטעלן זיך איז אַרויסגעקומען אַ ביסל שטילער ווי איך רעד געוויינלעך, איך ווייס ניט צי האָט ער אַפילו געכאַפּט מיין נאָמען, דערפאַר ווען ער האָט דערהערט מיסטער פּרנס, האָט ער פאַרחידושט איבערגעפרעגט: פּרנס? עוזר? זיצט! — האָט ער אַ ווייז געטון מיט דער האַנט.

ער איז געזעסן אויף אַ הוידלקע מיט אַ דעכל, לעבן דער הוידלקע איז געשטאַנען אַ געפלאָכטענער שטול מיט אַ קישן פאַרן געזעס. זיין האַנט איינלאַדונג צום זיצן איז געווען אַזוי אומבאַשטימט אַז איך האָב זיך אַ ישוב געטון: זיך צוזעצן לעבן אים אויף דער הוידלקע, אָדער אויפן שטול? איך האָב אויסגעקליבן דעם שטול, אי ניט אַזוי נאָענט צו אים, אי איך וועל אים בעסער זען.

— וואָס מאַכט ער עוזר? וואָס טוט ער? ווי גייט עס אים?

— דער כלב לעבט! — האָב איך פריילעך אַ זאָג געטון, מיין שמייכל — אַן אָנצוהערעניש: מיר זיינען היימישע מענטשן. אנשטאָט אַ צוריק שמייכל, אַ דערקענטעניש צווישן צוויי „ברידער" פון איין געהיימער חבריא, האָב איך אָנגעטראָפן אַ חשדיקן בליק: ווער ביסטו צו ריידן וועגן אַזעלכע היימישע ענינים? דער בליק זיינער האָט מיך אַ ביסל צוריקגעשטויסן, איך האָב שוין געהאַט בדעה דערקלערן אַז דאָס האָט פּרנס מיר געגעבן „דעם שליסל", ווען עס האָט זיך דערהערט אַ טומל. צוויי ייִנגלעך אין אַן אָפן אַלט פאָרדל האָבן געדראָשן די שטילקייט פון גאַס. פון אָט דער געדראָשענער שטילקייט האָט אַ הונט געריסן שטיקער מיט זיין אָפּגעריסענעם בילן, האַווקען. דער הונט איז געלאָפן אַזוי גיך ווי דער אויטאָמאָביל, אָט אָט פאַלט ער אַרונטער

אונטער די פעדערשטע רעדער, אָט אָט שפּרינגט ער אַרויף אויף די יינגלעך אין אויטאָמאָביל. דאָס איז דערזעלבער הונט, מ י י ן הונט. ווען חלילה, חלילה, ער זאָל געווען אַזוי אָנפאַלן אויף מיר! די יינגלעך אין דער אָפענער טאַראַדאַיקע האָבן ניט אויסגעזען ווי באַפּאַלענע. איין יינגל, אַ רויטער, קופּער קאָליר האָר, מיט קלייען אויפן פּנים, דער וואָס האָט געוואָרפן די צייטונגען, האָט זיך גאָר געשפּילט מיטן הונט, געהאַלטן אַ צייטונג ווי דאָס וואָלט געווען אַ שטיקל פליייש, אַ ביין, געהויבן די צייטונג העכער און אויפגעפּאָדערט דעם הונט: כאַפּ! דער הונט איז אונטערגעשפּרונגען, געעפנט דעם פּיסק, די צייטונג האָט אָבער ניט געטראָפן אין פּיסק אַריין. ביידע יינגלעך האָבן זיך צעלאַכט, אַ מאַך געטון מיט די הענט — אַ גוטן! . . . דער הונט האָט אַריינגענומען די צייטונג אין פּיסק און אַ רואיקער געגאַנגען צו זיין גאַניק, זי דאָרטן אַוועקלייגן. הייסט עס, גאָרניט אַזוי געפערלעך, אַ שפּיל אַזאַ, און איך . . .

איך האָב אַ דריי געטון דעם קאָפּ צו זשוקאָוון און איך האָב דערזען זיין פּנים איז געווען פאַרשטעלט מיט ביידע הענט. ניט צונעמענדיק די הענט פון פּנים, האָט ער זיך אויפגעהויבן און, ווי אַ בלינדער וואָס ווייסט שוין זיין וועג, זיך געלאָזט צו דער טיר פון שטוב.

איך בין געבליבן זיצן מיט אויפגעריסענע אויגן. וואָס האָט פּאַסירט? וואָס טוט ער דאָרט אין שטוב? מיינע אויערן — אַנטענעס, גרייט אויפצוכאַפּן דעם מינדסטן קלאַנג, אָבער פון שטוב אינעווייניק קיין שאָרך. אפשר אים ניט גוט געוואָרן? געחלשט? אַריינגיין, אַ קוק טון. אפשר איז ער גאָר אַנטלאָפן פון מיר, מיט זיין אַריינגיין פּלוצלונג אין שטוב מיר געזאָגט: גיי דיר צו אַלדי שוואַרצע יאָר. וואָס אַזוינס האָב איך געזאָגט? „דער כלב לעבט". זיין קוק אויף מיר איז זיכער ניט געווען קיין צו פריינטלעכער, הייסט עס, דאָס אַ, אָבער דאָס האָט דאָך פּרנס געזאָגט. אַי דער פּרנס מיט זיין „כלב". און דער כלב דאָ, ווי ער איז דאָס געשפּרונגען אויפן אויטאָמאָביל . . .

— איר׳ט מיר אַנטשולדיקן, — האָב איך דערהערט און דערזען זשוקאָוון אין אַ שמאָלער עפענונג פון דער טיר. דערזעלבער מענטש וואָס מיט אַ פּאָר מינוט פריער, נאָר דער פּנים, וואָלט איך געמעגט שווערן, אַן אַנדערער. ניין, ניט בלאַס, נאָר עפּעס אַ גרינלעכער פּנים, און אָט דעם גרינלעכן פּנים האָבן דאָמינירט די גרויס געוואָרענע

אויגן. מיט אַ פּאָר מינוט צוריק געווײנלעכע בלוי־גרויע אויגן, איצטער, דאָס ווייסל, דער איריס אַזוי ווי פֿאַרשוואונדן, אויגן — לויטער „שוואַרצאַפּל", עפּעס ניט קיין אויגן, נאָר קוקערס, און די קוקערס האָבן געקוקט אַזוי בלאַנק, אַז איך האָב געצווייפֿלט צי זעען זיי גאָר מיך. — קומט אַריין, — האָב איך דערהערט און, ווי געצויגן פֿון זיינע אויגן, האָב איך שווערלעך זיך אויפֿגעהויבן און זיך אַרייַנגעצויגן אין שטוב אַריין.

דאָרטן אין שטוב, די ווענעציאַנער שטאָרן פֿאַרצויגן אַז בלויז זון שפּיזלעך האָבן זיך אַרייַנגעשטאָכן, איז געווען אַזוי טונקל אַז איך האָב קוים געקענט זען זיין פּנים, דאָס שווער געבעטע מעבל האָט אונטערגעבעט די טונקלקייט מיט שטילקייט.

— זיצט, — האָב איך דערהערט אַ פֿאַרדעמפּטע שטימע און, ווען איך האָב זיך אַוועקגעזעצט, האָט זיך מיר געדוכט איך האָב געלאַנדעט אויף אַ שטילן ברעג וואָס איז פֿאַרצויגן מיט אַ געדיכטן טומאַן.

— איר'ט מיר אַנטשולדיקן . . .

איך האָב געוואוסט דאָס רעדט זשוקאָוו, איך זיץ ביי אים אין הויז, אויף אַ שטול קעגנאיבער אים, די ווערטער האָבן מיר אָבער געקלונגען ווי עפּעס אַ סוד וואָס עמיצער רוימט מיר איין אין אויער ביים בעט פֿון אַ חולה אין אַ שפּיטאָל.

— דאָס איז ביי מיר פֿאַרבליבן . . . דער הונט . . . דער כלב . . .

הייסט עס, טאַקע דער כלב, מיין „כלב", וואָס איך האָב שיר ניט שפּאַסיק אַ זאָג געטון. — איר'ט מיר אַנטשולדיקן, — האָב איך גע־נומען שטאַמלען, — איך האָב ניט געוואוסט . . . דאָס הייסט, פּרנס האָט מיר . . .

— ער האָט אייך דערציילט?

— ער האָט מיר געזאָגט איר זייט זיינער אַ בן . . . בור.

— בן בור איז ריכטיק. פֿון וואַנען קומט איר?

— פֿון ניו יאָרק.

— איך מיין פֿון דאָרט, אַ געבוירטיקער?

— אָה! איך קום פֿון דער ליטע. אַ קאָוונער.

— איך בין אַן אוקראַינער. פֿון סאַטאַנאָוו, געהערט? דאָס הייסט, געבוירן געוואָרן בין איך אין בערעזאָווקע, אַ דאָרף ניט ווייט פֿון סאַטאַ־

נאָוו, אַ ווערסט צען, דאָרטן אויסגעוואַקסן, ערשט שפּעטער האָבן מיר זיך אַריבערגעקליבן קיין סאַטאַנאָוו. עוזר איז אַליין אַ הוסיאַטינער. מיר האָבן זיך געקענט, מיין פאָטער איז געפאָרן צום הוסיאַטינער רבין, געווען שטיקלעך קרובים, מחותנעשאַפט. געקומען די בהלה, דער איז געלאָפן אַהער, יענער אַהין, האָט ער זיך ווי עס איז דערלאַנגט קיין סאַטאַנאָוו, ער, זיינער אַ פלימעניק מיט אַ ווייב, אַ קינד, אַ מיידעלע. זייער אַ שיין קינד. די ווייב זיינע איז אומגעקומען אויפן וועג, איך בין שוין געווען אַן אלמן, מיין ווייב איז געהאַט געשטאָרבן מיט עט־לעכע וואָכן פריער, זי נאָך געבראַכט צו קבר ישראל טאַקע אין סאַ־טאַנאָוו, אַ הויז האָב איך געהאַט אַ גרויסע, האָבן זיי זיך אַריינגע־קליבן צו מיר. זיך אַריינגעקליבן. דער דייטש איז שוין געווען ביי אונדז אויך, היינט מאָרגן וועט מען אונדז „אויסזידלען". איך האָב באַשלאָסן — יעבור עלי מה, איך גיי ניט.

— וואָס טוט מען? — האָט עוזר געפרעגט.

— איך ווייס ניט וואָס איר׳ט טון, איך גיי ניט.

— זיך אויסבאַהאַלטן?

— דאָ איז ניטאָ וואו זיך באַהאַלטן, אָבער איך קען אַ גוי אין אַ דאָרף, דאָ ניט ווייט, אַ ווערסט צען, אַן ערלעכער גוי, ער וועט אפשר יאָ אויסבאַהאַלטן. און איך האָב גענומען „איינפּאַקן" די פּאָר זייגערלעך וואָס איך האָב געהאַט. איך בין אַ זייגער מאַכער.

— און איך? — מאַכט עוזר.

— קענט מיטגיין אויב איר ווילט.

— דעם אמת געזאָגט, בין איך געווען ניט אַזוי צופרידן. ניט איך האָב געוואוסט ווי איך וועל זיך אַרויסקריגן פון שטאָט, און אַז איכ׳ל זיך שוין אַרויסקריגן, זיך שוין דערלאַנגען צו מיקיטען, צום גוי דאָרטן, צי וועט ער מיך אַריינלאָזן. טאַקע אַן ערלעכער גוי, אַ וואוילער גוי, קינדווייז האָט ער זיך געשפּילט מיט מיר, מיך געהאָצ־קעט אויף זיינע קני, אָבער אין אַזעלכע צייטן, ווען פאַר באַהאַלטן אַ יידן הייבגט מען אויף, דאַרף מען שוין זיין גאָר אַ גרויסער צדיק, אָדער גאָר אַ גרויסער זלידנע, צוליב אַ פּאָר קערבלעך, אַ זייגערל, אַריינלאָזן אַ יידן. עוזר האָט געהאַט אַ ביסל געלט, זיין פלימעניק אויך, אָבער וואָס איז געלט? איין יידן, נאָך ווי עס איז, דאָ צוויי, פיר, נאָך מיט אַ קינד. אַ שיין קינד, זייער אַ שיין קינד, אַ פּאָר אויגעלעך

אַז . . . — זשוקאָוו האָט אַ פּיר געטון מיט דער האַנט איבערן פּנים, אים אָפּגעווישט. — אָבער וואָס איז שייך? איכ׳ל גיין, זיי׳ן בלייבן? זאָג איך אים: קענט אויך גיין, אָבער ניט אַלע אינאיינעם, איכ׳ל זיך לאָזן, איר׳ט נאָכגיין, און . . . גאָט וועט העלפן, ער׳ט אונדז באַגלייטן.

— איך האָב גוט געקענט די שטאָט, דעם וועג קיין בערעזאָווקע, דאָס גאַנצע דאָרף, מיקיטעס שטיבל ביים סאַמע ברעג וואַלד, אַ שטיבל פאַר זיך, אָן שכנים, אַ גרויסע מעלה פאַר אַ גוט אויג . . . ווי דער־לאַנגט מען זיך אָבער אַהין? איך האָב זיי אַרויסגעפּראָוואַדעט פון הויז, זיי אָנגעזאָגט ווי צו גיין און זיך אויך אַרויסגעלאָזט. איך גע־דיינק, איך האָב נאָך אַפילו פאַרשלאָסן די טיר. צוליב וואָס איך האָב עס געטון ווייס איך ניט עד היום, איך געדיינק אָבער אַז איך האָב פאַרשלאָסן די טיר.

— מילא ביז מיר האָבן זיך דערצויגן קיין בערעזאָווקע האָבן מיר ניט איין מאָל געהאַלטן די נשמה אין די הענט. קודם דאָס אַרויס־קריגן זיך פון שטאָט. אַ שטאָט, אַ פאַסטקע! אַ מויז אין אַ פאַסטקע, ערגער — אַ פליג אין אַ פאַרמאַכט פלעשל, וואו דו גיסט זיך אַ וואָרף — פאַרשטעלט, פאַרמאַכט, מע קוקט דעם טויט אין די אויגן, און דאָס איז נאָך ניט אַזוי געפערלעך ווי פילן דעם טויט אין רוקן און זיך ניט קענען אומקוקן אַפילו. קוים מיט צרות האָבן מיר זיך אַרויסגעקראָגן. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט גיין. וואָס איז צען ווערסט? אַמאָל האָב איך עס געמאַכט אין דריי־פיר שעה, איצט האָט עס גע־נומען אַ גאַנצע נאַכט. אַ גאַנצע נאַכט האָט עס גענומען, אַז ביי יעדן שאָרך האָט מען זיך געמוזט אַ וואָרף טון, זיך איינגראָבן ווי די קראָטן. אַ גליק געווען אַ פינצטערע נאַכט, סוף חודש, אָבער דאָס קינד האָט ניט געקענט גיין, געוואָלט שלאָפן, געווען מיד, עס געדאַרפט טראָגן, אַ ביסל דער, אַ ביסל יענער. מילא מ׳האָט זיך ווי עס איז דערשלעפּט. אַ שפּראָץ אויף טאָג זיינען מיר געווען ביי מיקיטען. מיקיטע האָט זיך אַ קראַץ געטון אין קאָפּ איין מאָל, אַ צווייטן מאָל . . .

— איך וועל באַצאָלן, — האָב איך שוין אַרויסגעצויגן מיין טויז קאָזיר.

— באַצאָלן, דאָס פאַרשטייט זיך, — האָט מיקיטע ווי זיך געחידושט גאָר וואָס איך רעד וועגן אַזאַ זאַך, — אומזיסט טרינקט מען וואַסער, אי דאָס, ניט היינטיקע צייטן. הייגטיקע צייטן אַז מע

דערלאַנגט אַ יידן אַ טרונק וואַסער איז . . . — ער האָט אַ הויב געטון די האַנט, ווייזנדיק ווי הויך ער וועט הייגען דערפאַר. — פאַרשטייסטו שוין?

— איך האָב פאַרשטאַנען אַז אַ מענטש וויל ניט הייגען, איך האָב ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס ס׳איז גרינגער צו הייגען נאָכדעם ווי מ׳האָט געקראָגן אַ זייגערל צי אַ ביסל געלט, אָבער איז דאָס געווען דאָס איינציקע וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען? אַזוי איז עס, אַן ערלעכער גוי, אַ וואוילער גוי, אָבער . . . איך האָב אָבער ניט אָפּגעלאָזט. — מיקיטע, זאָג איך אים, — ביים דייטש קען מען הייגען גאַנץ הויך פאַר אַנדערע זאַכן אויך, ניט נאָר פאַר אויסבאַהאַלטן אַ יידן. איז אַזוי, אויב איר האָט מורא פאַרן פאַרשיוון דייטש...

— דער „מורא" און דער „פאַרשיוון" האָט קענטיק געווירקט. מיקיטע האָט אַ קוק געטון אויף מיר. — ניט פון די שרעקעוודיקע, שימעק, ווייסט עס גאַנץ גוט. דיך אַליין וואָלט איך ווי עס איז פאַרשטורכעט ערגעץ, קען דיך ווען דו ביסט נאָך אַרומגעלאָפן מיט אַ וואָראַטשיקל, און קוקסט אַפילו אויס ווי אַן אונדזעריקער, אָבער זיי, אַ קינד דערצו . . .

— דאָס קינד, אָט ווי עס וואָלט געפילט אַז מע רעדט וועגן דעם, האָט אָנגעשטעלט אויף מיקיטען אירע אויגעלעך און, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן, אויב איך האָב מיט אַ מינוט פריער געהאַט תרעומות אויף זיי למאי זיי האָבן זיך „צוגעטשעפּעט" צו מיר, האָב איך איצטער ממש געזען ווי מיקיטעס פאַרהאַרטעווועטער פויערישער פנים גייט אָפּ, ווערט ווייכער, צווישן די קנייטשן האָט גענומען אַרומטאַנצן אַ שמייכל.

— אַ נפשל, — האָט ער אַ זאָג געטון, אַ קוק געטון אויף מיר, לייכט אַ קראַץ געטון דעם קאָפּ. — דאַרף איבעררייידן מיט דער „באַבע". קומט אַריין, שטייט ניט אין דרויסן.

— אַז ער רופט שוין אין שטוב אַריין איז אַ גוטער סימן. די „באַבע", אַ גוטע גויע, אַ האַרציקע נשמה, ניט איין מאָל האָט זי מיר געגעבן יאָדערן, באַרלעך, האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט מיר, דערזען דאָס קינד, האָט זי אַ פרעג געטון: דיינס? און געכאַפּט עס אויף די הענט.

— ניין, — האָב איך אָנגעוויזן אויף פאָטער און מוטער, און

בעת מעשה זיך געוואונטשן: הלוואי וואָלט עס געווען מיינס. קיינ־מאָל ניט געהאַט קיין קינדער . . .

— וואָס טויג אייך מעשות, ער האָט אונדז באַשטאַט. אַלעמען. ניט ביי זיך. ביי אים גופא האָט ער ניט געהאַט וואו. — ניטאָ קיין באַהעלטעניש פאַרן דייטש, אומעטום שטעקט ער אַריין זיין שנויץ, קען אים שוין, היינט וועט ער קומען נאָך היינער, מאָרגן נאָך דער בהמה, איבערמאָרגן נאָך . . . אַלץ דאַרף ער, און אומעטום קוקט ער. דאָ אָבער אַ פלאַץ אין וואַלד . . .

— ער האָט אונדז געגעבן אָפּצועסן, דעם טאָג זיינען מיר איבער־געליגן אין שייער, אונטערן היי, געכאַפּט אַ דרימל אַפּילו, אין אָוונט האָט ער אונדז אַוועקגעפירט אין וואַלד אַריין. אין וואַלד, ביי אַ קי־לאָמעטער פון זיין שטיבל, אפשר דאָס אויך ניט, זייער נאָענט, האָט ער אונדז אַריינגעפירט אין אַ גרוב, אַ הייל, אַ גאַנץ גרויסע הייל. געבויג פאַר אונדז פינף, דער אַריינגאַנג זייער גוט פאַרמאַסקירט, פינצטער, פאַרשטייט זיך, די לופט, קענט איר זיך משער זיין, געווען אויך ניט אַזאַ פרישע, אָבער אין דער טוכלעקייט פון דער גרוב האָט זיך געפילט נאָך עפּעס אַ גערוך. איך האָב זייער אַ שאַרפן נאָז.

— דאָ האָט עמיצער געוואוינט? — האָב איך אַ פרעג געטון.

— וואָס ווינציקער דו'סט פרעגן אַלץ געזונטער פאַר דיר, — האָט מיקיטע שאַרף אַ זאָג געטון. — איר מאָסטעט זיך איין ווי עס איז, מאָרגן אָוונט, איך וועל ברענגען עסן, וועל איך מיטברענגען נאָך אַ ביסל שטרוי, און געדיינקט — בייטאָג זאָל קיינער ניט אַרויס־שטעקן דעם קאָפּ, אין אָוונט מעגט איר אַרויסגיין, איז אויך, ניט אַלע מיט אַמאָל. און אַז איר'ט הערן טיגערן בילן — יאָ, מע קען אים הערן אַזש דאָ — איז גלייך אַריין. געדיינקט זשע. און קיין פייער ביי־נאַכט, אַפּילו ניט אַ פּאַפּיראָס. מאָרגן אָוונט וועל איך זיין.

— מיקיטע איז אַוועקגעגאַנגען, האָבן מיר גענומען זיך איינ־מאָסטען אין דער נייער היים. אַ היים. אַ קבר. אַרום אַכט וואָכן האָבן מיר דאָרט געלעבט. געלעבט. טויב, שטום און בלינד. איך ווייס ניט ווי אין אַ קוילן גרוב, אַנדערע מינען, דאָרטן אַרבעט מען דאָך, מע הערט עפּעס, דאָ, אין דער גרוב, האָט מען אויך געהערט — די שטומ־קייט. די שטומקייט פון דער ערד אַרום האָט ממש געלעכערט די אויערן, האָט מען אויסגערעדט אַ וואָרט האָט זיך געדוכט אַז דאָס קול

קומט פון דער טיף פון דער ערד. און וואָס איז געווען צו רעדן? נאָך צוויי דריי טעג איז שוין ניט געווען וואָס צו רעדן, יעדער איינער איז געליגן אויף זיין ביסל שטרוי, געטראַכט. אַפילו דאָס טראַכטן — אַ קבר טראַכטן. די איינציקע מחשבה — וואָס׳ט זיין? און אויף דעם איז ניט געווען קיין ענטפער. אין קאָפּ האָט זיך געדרייט — אויבן איז דאָ אַ וואַלד, אַ וועלט, במחשבה איז מען אַרויסגעגאַנגען, געגאַנגען, געלאָפן, געשאָסן, וואָס האָט מען ניט געטון במחשבה? און מ׳איז ווייטער געליגן. די דערוואקסענע ווי די דערוואקסענע, נאָר אויפן קינד איז געווען אַ ביטערער רחמנות. אַ קינד, האָט זיך געוואָלט שפּילן, רעדן, פּלאַפּלען. דער טאַטע אירער, די ערד זאָל אים ניט זיין צו שווער, געווען אַ קריינקלעכער מענטש, דאָס קינד איז צוגעשטאַנען צו אים, האָט ער עס אָפּגעשטופּט: טשעפּע זיך אָפּ פון מיר, אָדער גאָר: שווייג! דורך די טעג האָט מען געשוויגן, געדרימלט, ערשט אין אָוונט, נאָך וועטשערע, אַזוי צו זאָגן, איז מען אַרויסגעקראָכן אַ ביסל אויף דער פרישער לופט, געקוקט אויפן הימל.

— ווער וואוינט דאָרטן? — האָט דאָס קינד איין מאָל אַ פרעג געטון.

— דאָרטן וואוינט . . . גאָט, — האָט די מוטער געענטפערט.

— איז דאָס גאָטס פּנים?

— וואו זעסטו דאָרט אַ פּנים?

— אָן אָ! זעסט ניט? — האָט דאָס קינד אָנגעוויזן אויף דער לבנה. — איאָ עס איז גאָטס פּנים?

— יאָ, — האָט די מאַמע צוגעשטימט.

— און דאָס אָ! — האָט דאָס קינד אָנגעוויזן אויף די שטערן.

— דאָס זיינען קינדערישע אויגעלעך, — האָט די מוטער געענטפערט און געקושט דעם קינדס אויגעלעך.

— אַזוי פיל קינדערלעך! — האָט דאָס קינד זיך געחידושט, באַוואונדערט און מיט בייַנקעניש צוגעגעבן — איך וואָלט אויך געוואָלט זיין דאָרטן.

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן! — האָט דער פאָטער אַ שיפּע געטון, און איך האָב דאַן פיינט געקראָגן דעם מענטשן. פּשוט פיינט געקראָגן. אַ שווערער מענטש געווען, זאָל ער מיר מוחל זיין, זייער אַ שטילער, זייער אַן איידלער, ניט געווען קיין פּראָסטאַק, אָבער,

זאָל ער מיר מוחל זיין, אַ שווערער מענטש. שטעלט זיך פֿאָר, מ'לעבט אין אַ קבר, עסן האָט געבראַכט מיקיטע, וואָס האָט ער געבראַכט? ברויט, קאַרטאָפֿליעס, אַמאָל אַן אוגערקע פֿון גאָרטן, און, דער עיקר, וואַסער. וואַסער, פֿאַרשטייט זיך, אין אַן עמער. אַ הילצערנער עמער און אַ בלעכן קווערטל. פֿון דעם קווערטל האָט מען געטרונקען, איינער דעם צווייטן אויפֿגעגאָסן, זיך אַרומגעוואַשן אַ ביסל. דער מפֿונק איז דערגאַנגען דער ווייב די יאָר זי זאָל בעטן ביי מיקיטען אַ גלאָז פֿון זיינעטוועגן, ער אַליין זאָל טרינקען פֿון דער גלאָז. און אַליין בעטן, דאָס ניט, זי זאָל דאָס טון. אַזאַ מענטש איז דאָס געווען. אַ מפֿונק, אַ קריינקלעכער, אפֿשר אַ קראַנקער, ווער ווייסט אים. זאָל אים די ערד ניט זיין צו שווער, לעבן מיט אים געווען זייער שווער, ער האָט אַלעמען אַ טובֿה געטון וואָס ער לעבט אויף דער וועלט, און טרינקען פֿון קווערטל — קיין גלאָז, פֿאַרשטייט איר דאָך, האָט ער ניט געקראָגן, פֿון וואַנען קומט צו מיקיטען אַ גלאָז? — האָט ער ממש געבראַכט אַ קרבן. יאָ, שווער געווען אויסצוקומען מיט אים. אין אַל־געמיין שווער, פֿיר פֿינף מענטשן אין איין גרוב. דאָס איז אפֿשר דאָס ערגסטע וואָס איז געווען דאָן. איך מיט עוזרן פֿלעגן אומישנע בלייבן שפּעטער אין דרויסן, אַמאָל אַפֿילו פֿאַרהאַלטן דאָס קינד אויך, דאָס פּאָר פֿאָלק זאָל זיין אַליין אַ ביסל. זיינען מיר געזעסן, געשוויגן, וואָס איז געווען וואָס צו ריידן? איר ווייסט גאָרניט ווי איינזאַם אַ מענטש קען זיין ווען ער וואוינט צוזאַמען מיט נאָך מענטשן אין איין גרוב. פֿאַראייניקט האָט אונדז די שרעק. דאָס איז פֿון אונדז ניט אָפּגעטראָטן ניט ביי טאָג, ווען מיר זיינען געליגן אין גרוב און ניט ביי נאַכט ווען מיר זיינען געזעסן אין דרויסן. אין גרוב גופֿא האָט מען קוים קוים געהערט עפּעס, עס איז אָבער געווען גענוג אַ מייזל זאָל דורכ־לויפֿן, און אַ סקרוך איז דורכגעגאַנגען איבער יעדנס לייב. אין דרויסן איז אָפּגערעדט. אין וואַלד איז, דוכט זיך, שטיל, עס איז אָבער קיינ־מאָל ניט אינגאַנצן שטיל, איז גענוג געווען אַ בלעטל זאָל אַרונ־טערפֿאַלן, האָט זיך דער גאַנצער קערפּער אַ צאַפּל געטון, ווער שמועסט נאָך אַז טיגער האָט אַ ביל געטון, דעמאָלט . . .

— דער טיגער, מיקיטעס הונט, טאַקע געווען ממש אַ טיגער. אַ שיינער הונט געווען. אַ גרויער, ליים גרוי מיט שוואַרצע פֿלעקן, הויך, ממש אַ קעלבל, אָבער ניט פֿעט, דאַר אַפֿילו, אָבער געזונט —

טאָקע אַ טיגער, און אַן אויער, אַ נאָז האָט ער געהאַט — איינעם אין דער וועלט, דער עיקר פאַר די דייטשן. אויב עס איז אמת אַז יעדער מענטש האָט זיך זיין גערוך, האָט דער טיגער געקענט דערשמעקן אַ דייטש פון כ׳ווייס ווי ווייט, און ווען ער איז צוגעקומען נאָענט האָט ער ממש צעריסן דעם הויף. פאַרשטייט זיך, אַז ווי נאָר מיר האָבן אים דערהערט האָבן מיר „פאַררוקט דעם טשאָלענט״, זיך אַריינ־געררוקט אין אונדזער הייל, געליגן, געוואַרט, און ד אַ ן האָבן מיר אַפילו אין הייל געהערט וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. איך זאָג גע־הערט, מעגלעך אונדז האָט זיך געדוכט אַז מיר הערן: די הייל איז געווען גאַנץ טיף, דעם שאָס האָבן מיר אָבער זיכער געהערט.

— דאָס איז געווען ביי אַ פיר וואָכן ווי מיר האָבן זיך געהאַט אַריינגעקליבן. געוויינלעך פלעגט מיקיטע אָדער קאַטערינע, זיין ווייב, אונדז ברייינגען עסן תחילת אָוונט. דעם אָוונט, מיקיטע איז ניטאָ. וואָס קען עס זיין? מיר זיינען שוין געוואָרן אומרואיק. געוויינלעך זיינען מיר אַרויסגעגאַנגען ערשט נאָכן עסן, אָבער אַז ער איז ניטאָ, האָבן מיר זיך מישב געווען — אַרויסגיין, אַ קוק טון. מיר שטייען, קוקן צום שטיבל צו, אַ ליכט שפיזל שטעכט זיך דורך, ביי מיקיטען, הייסט עס, איז ליכטיק, טאָ וואו איז ער? פאַרוואָס קומט ער ניט? אפשר „געסט״ געקומען? אפשר . . . פאַרגעסן? דאָס ווייסן מיר אַז ניט, סיידן, אפשר ו י י ל ע ר שוין פאַרגעסן, אפשר אַ טאַקטיק אַזאַ, לאָזן אונדז אַ ביסל הונגערן, נאָכדעם בעטן מער געלט, אַ קשיא? אונדזער ביסל געלט האָט געטאָגט. און אפשר? אַלערליי אפשרס. און ווי מיר מאַכן אַזוי אונדזערע אפשרותן, אַז מיר דערהערן מיט אַמאָל ווי טיגער האָט זיך צעלאָזט, אָבער וואָס הייסט געבילט, מיר האָבן ממש געקענט זען ווי ער רייסט שטיקער. — די דייטשן! — האָט אונדז אַ קלאַפּ געטון. ערשט געקומען, אָדער גייען זיי אַוועק? נאָכוואָס זיינען זיי געקומען? סיי ווי, מיר האָבן אויף גיך זיך אַריינ־געכאַפּט אין הייל, פאַרמאַכט די „טיר״ און געשטאַנען די אויגן פאַר־ריסן אויף אַרויף, ניט געוואָלט זיך אַוועקזעצן, אַוועקלייגן, אָפּגערעדט שוין פון אויסריידן אַ וואָרט, אַפילו דאָס קינד האָט געשוויגן, און ווי מיר שטייען אַזוי, מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שאָס. מיר זיינען אַלע פאַרצאַפּלט געוואָרן.

— מאַמע! וואָס האָט עס אַ קלאַפּ געטון? — האָט דאָס קינד אַ פרעג געטון.

— גאָרניט, — האָט די מוטער געענטפערט און אַ נעם געטון דאָס קינד אויף די הענט.

— אָבער איך האָב געהערט . . .

— שווייג שטיל! — האָט דער פאָטער אַ שיפּע געטון און, כאָטש איך האָב ניט געקענט פאַרטראָגן דעם קינדס פראַגן, האָב איך דאָך געפילט ווי אַרונטערלאָזן דעם פאָטער אַ פּאַטש אין פּנים.

— די מוטער האָט איינגענומען דאָס קינד, געגלעט, געקושט, מיר האָבן זיך צוזעצט, געשוויגן, געוואַרט, אָבער ווי לאַנג קען מען וואַרטן? מיר האָבן שוין מער ניט געקענט אויסהאַלטן. עוזר האָט אויפגעעפנט די „טיר״, מיר האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ — שאַ שטיל און . . . פינצטער. דאָס שפּיזל ליכט פון מיקיטעס שטיבל שטעכט ניט דורך דעם וואַלד.

— אפשר זעט מען נישט דאָ? אַרויסגיין אַ קוק טון? אפשר האָט ער זיך געלייגט שלאָפן? אפשר . . . האָט מען אים דערשאָסן?

— די לבנה איז שוין געשטאַנען הויך אין הימל. מיר זיינען געזעסן, געקוקט. אַמאָל געזען אַ וואַלד אין לבנה ליכט? שיין. שיין און שרעקלעך. אַלע בוימער שפּילן עפּעס אַ מין שאָטן שפּיל, אָט באַווייזן זיי זיך, אָט באַהאַלטן זיי זיך. נו יאָ, ניכטערע מענטשן ווייסן אַז בוימער לויפן ניט, שפּרינגען נישט, מיר זיינען אָבער געווען ניט קיין ניכטערע מענטשן, מיר האָבן געזען די שאָטנס זיך באַוועגן און מיר זיינען נישט געווען אַזוי זיכער אַז דאָס זיינען בוימער אַנטקעגן דער לבנה ליכט, אפשר זיינען דאָס גאָר מענטשן, וואַלד מענטשן, נאַכט מענטשן, וואָס קומען ביינאַכט געוואוירע ווערן וואָס דאָ טוט זיך . . . אפשר גאָר דייטשן . . . יאָ, אַ שרעקלעכע שפּיל אַ וואַלד ביינאַכט, שרעקלעך און שיין. מיר זיינען געזעסן, ניט אויסגערעדט אַ וואָרט און זיך ניט געקענט אָפּרייסן, אַריינגיין אין הייל. ווען מיר האָבן דערזען עמיצער באַוועגט זיך, טאַקע ממש באַוועגן, האָבן מיר איינגעהאַלטן דעם אָטעם. איך מוז אייך זאָגן אַז פון לעבן אין הייל זיינען מיר געוואָרן ווי די סאָוועס, ביינאַכט געזען בעסער ווי ביי טאָג, שוין ניט געווען קיין צווייפל דאָס גייט אַ מענטש. ווער איז דער מענטש, מיקיטע אָדער . . . ?

— עס איז געווען מיקיטע. ער האָט אָוועקגעשטעלט דעם עמער וואַסער, אַ מאַך געטון מיט דער האַנט מיר זאָלן אַריינגיין. ווי הונ־געריק מיר זיינען ניט געווען האָבן מיר דאָך זיך ניט צוגעכאַפּט צום עסן, מיר האָבן געוואָלט הערן, וויסן וואָס פאַר אַ שיסערייַ.

— געשאָסן טיגערן, — האָבן מיר דערהערט, און די ווערטער האָבן אונדז געטראָפן ווי אַ שאָס. טיגער — אונדזער שומר.

— האָט אים אָבער ניט דערשאָסן, — האָט מיקיטע צוגעגעבן, און אין דער פינצטער האָבן מיר געקענט זען מיקיטעס פויעריש־כיטרען שמייכל. — ער לעבט, דער כלב. קענטיק ניט אַזאַ גוואַלדיקער שיסער, האָט אָפּנים געצילט אין קאָפּ, אין אויג, האָט אָבער נאָר צע־שעדיקט די מאָרדע, אַ ביסל דעם צונג, אָבער ער לעבט, וועט זיי נאָך איבערלעבן, אַזעלכע הינטישע זין, שיסן טיגערן.

— מיר האָבן זיך גענומען נאָכפרעגן אויפן הונט און מיקיטע האָט ניט אָן פאַרגעניגן דערציילט ווי אַזוי ער האָט „געמאַכט אַ שטיקל אָפּעראַציע" אויפן הונט. מיט בראַנפן האָט ער אויסגעוואַשן די וואונד. — בראַנפן אַ גוטער אַנטיסעפּטיק, אַפילו אויפן פראָנט אין דער לעצ־טער מלחמה, געווען אַ סאַניטאַר, ניט איין מאָל גענוצט בראַנפן, פאַר אַנעסטעטיק אויך, אָנגעשכורט טיגערן, שלאָפט איצט ווי אַ געהרגע־טער, די קויל דורכגעגאַנגען דורך און דורך, אָבער די וואונד וועט זיך פאַרציען. אַ הונט היילט זיך גיכער ווי אַ מענטש. וועט נאָך קענען בילן אויך. יאָ, ער'ט נאָך קענען בילן. מאָרגן, ער'ט זיך אויסניכטערן, זיך אויסטשוכען, אים ברייגגען אַהער. יאָ, ער'ט זיין דאָ מיט אייך. אויסגעשאָסן, האָט ער געטיקעט דעם רעוואָלווער מיר אין פּנים אַריין: „וועל ביי דיר נאָכאַמאָל טרעפן אַ הונט וועל איך אים דערשיסן מיט דיר אינאיינעם". אַזוי איז עס. ער האָט די ביקס. נו, מיר'ן נאָך זען ווער וועמען. דערווייל וועל איך מאָרגן ברייגגען טיגערן אַהער, און איר זייט פאָרזיכטיק, שטעקט ניט אַרויס די קעפּ בייטאָג. שטופּט שוין צופיל זיין שנויץ אַהער, דער פאַרשיווּעץ. אַ גוטע נאַכט.

— מיקיטע איז אַוועקגעגאַנגען, מיר האָבן זיך „געזעצט עסן", געגעסן שווייגנדיק, ביי יעדן אין קאָפּ — געשאָסן טיגערן. אונדזער שומר. ער האָט אונדז אַ סך אַרויסגעהאָלפן. — דער כלב לעבט! — האָט עוזר אַ זאָג געטון, און די דריי ווערטער — אַ מין סענץ פון אונדזער אַלעמענס מחשבות — האָט אונדז דערקוויקט: דער כלב

לעבט, מיר'ן נאָך לעבן, איבערלעבן יענע כלבים. ווי אַזוי? ווער ווייסט, אָבער איבערלעבן.

— יענע נאַכט זיינען מיר לאַנג געזעסן אין דרויסן. מ'האָט ניט גערעדט, געזעסן, געטראַכט, געטראַכט, ביז מ'איז מיד געוואָרן טראַכטנדיק. אויסגעטראַכט האָט מען גאָרניט.

— אויף מאָרגן האָט מיקיטע געבראַכט טיגערן. געווען אַ ביסל קאָמיש צו זען אַ הונט מיט אַ פאַרבאַנדאַזשירטן מויל, געווען ניט קיין שלעכטער באַנדאַזש פאַר אַזאַ „סאַניטאַר" ווי מיקיטע. נאָך קאָמישער איז געווען — טיגער ביי אונדז אין גרוב, מיר דאַרפן היטן אונדזער שומר, אַ חולה דאַרף היילן זיין רופא. מיקיטע האָט געפּאַדעט אַרום אים, גערעדט צו אים ווי צון אַ קינד, אָדער גאָר צון אַ פאַרשטענדיקן מענטשן, אים אָנגעזאָגט ער זאָל ניט אַרויסגיין אין דרויסן, ער זאָל ניט פּרואוון האַווקען, און דער הונט, ווי ער האָט געקוקט אויף מיקיטען, זיך געריבן אָן אים, האָט ווי פאַרשטאַנען וואָס יענער רעדט צו אים. אַ קלוגע באַשעפעניש דער הונט.

— נאַכט איין נאַכט אויס איז מיקיטע געקומען, געבראַכט עסן אונדז און דעם הונט און, סיי פונם עסן, סיי פונם פאַרברייענגען מיטן הונט, האָבן מיר געקענט זען אַז דער הונט גייט אים אָן מער ווי מיר. מיר האָבן ניט איין מאָל גענאָסן פון דעם הונטס שיריים . . . — דער כלב לעבט, אָדער לעבן זאָל דער כלב, — האָבן מיר שוין געשפּאַסט צווישן זיך, ווען מיר האָבן גענאָסן אַן איבעריקן ביסן אין זיין זכות. און ער איז דאָך געווען אַ „חולה", געליגן מערסטנס אויף זיין „געלעגער", ניט אַרויסגעגאַנגען פון גרוב אַפילו פאַר זיינע באַדערפענישן — דאָס האָט מיקיטע שטריינג פאַרבאָטן — פונדעסטוועגן איז ער געווען אַ שטיקל שומר. בילן האָט ער ניט געקענט נאָך, אָבער גאַנץ אָפט האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָנגעשפּיצט די אויערן, גענומען זיך אַרומדרייען אומרואיק איבערן גרוב, און זיין אומרואיקייט האָט זיך איבערגעגעבן אונדז אויך: ווען שמעקט ער עס, הערט? און ער האָט געהערט, צי געשפּירט. געקומען מיקיטע, האָט ער אונדז דערציילט די דייטשן זיינען ווידער געווען ביי אים, זיי שנאָפּן, זוכן, פאַרדעכטיקן אַז פון וואַלד ציען זיך שפּורן צו אים. אין וואַלד גופא וואַגן זיי ניט זיך לאָזן, כאָטש זיי קומען שוין מיט אייגע־

נע הינט, שפיר הינט, זאָלן נאָר ניט דערשמעקן אַהער. — זייט פּאַר־זיכטיק, — האָט ער אונדז געוואָרנט צום ווײפילטן מאָל.

— דעם אמת געזאָגט, האָבן מיר געזינדיקט, ניט געווען דער טאָג וואָס מיר זאָלן ניט אַרויסגיין, אויף אַ מינוט, אָבער אַרויסגעגאַנגען. דאָך ניט מער ווי מענטשן. ניט צוליב נאַטירלעכע באַדערפעניש. ד אָ ס איז דוקא געווען ניט אַזוי וויכטיק. איר ווייסט גאָרניט וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע „מאַשינקע" דער מענטשלעכער קערפּער איז, זי פּאַסט זיך צו, צו אַלץ פּאַסט זי זיך צו. אונדזערע באַדערפעניש האָבן מיר דערליידיקט דורך דער נאַכט. אַפילו דאָס קינד האָט זיך צוגעפּאַסט. צו ד ע ם האָבן מיר זיך צוגעוואוינט, מיר האָבן זיך נ י ט געקענט צוגעוואוינען צו דער פינצטערניש. דאָס הייסט, צוגעוואוינט האָבן מיר זיך, אייך שוין געזאָגט, מיר זיינען געוואָרן ווי די סאָוועס, ביינאַכט געזען בעסער ווי בייטאָג, די פינצטערניש האָט אָבער געדריקט אויף אונדזער געמיט, אונדז איז געווען ניט נאָר פינצ־טער אין די אויגן, נאָר אויך אויף דער נשמה. ניט איין מאָל האָב איך געפילט די פינצטערניש ווי שפּינוועב אויפן פּנים, דעם פּנים האָב איך אָפּגעווישט, אינעווייניק איז אָבער די פינצטערניש געבליבן, גע־דריקט. דרויסן אַ זון, אַ וואַלד, אַ וועלט, און דאָ . . . אַ קבר. עס האָט געצויגן ווי מיט צוואַנגען, בדאַי אויף אַ מינוט, אין דער מינוט, מ׳וועט אַ קוק טון אויף דער זון, וועט מען זיך דערוויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. איז יעדערער פון אונדז אַרויסגעגאַנגען כלומרשט עפּעס טון און שוין געשטאַנען אַ מינוט אָדער צוויי. דבורה, די ווייבל, האָט אַפילו געוואַגט מאַכן אַ פּאָר טריט אין וואַלד.

— איך בין דאָך אַ פּאַראַסקע, — האָט זי געשפּאַסט ווענן זיך, מיינענדיק דערמיט איר גויאישן אויסזען. על כל צרה קען זי זיין אַ גויע, אַ גויע וואָס גייט אין וואַלד אַריין קלייבן יאַגדעס, שוועמלעך. זי האָט טאַקע אויסגעזען ניט יידיש. ווייץ קאָליר האָר, קאָרן־בלימ־לעך אויגן, אַ פּאַרריסן נעזל, ווי אַ זאָטל, ווייסט׳אָך, צוגעפּלעטשט אינמיטן, דער שפּיץ פּאַרריסן, טאַקע אַן אמתע פּאַראַסקע. דערפּאַר ער, איר מאַן, ער איז שוין גאָר געווען אַ ייד, לויטן אויסזען. אַזוי איז ער געווען אַ קנאַפּער ייד, אַפילו ניט געוואָלט ריידן קיין יידיש, אָבער דער אויסזען — אַן אמתער ייד, דאָס הייסט, ניט קיין ייד מיט באָרד און פּיאות, אַ יידישער אינטעליגענט. ער האָט געהאַט אַ שמאָלן פּנים,

אַ שמאָלן, אָבער הויכן שטערן, קליינע, שוואַרצע, שאַרפע אויגן, אַ שמאָל מויל, אַ שמאָלן קין, אַלץ שמאָל, געהאַט אַ שמאָלן קאָפּ אויך. ער איז ווינציקער פון אונדז אַלעמען אַרויסגעגאַנגען, כאָטש ער האָט עס אפשר געדאַרפט מער פון אונדז. ער איז געווען אַ קריינקלעכער, ניט קיין געזונטער אָפּנים, ניט געווען דער טאָג ער זאָל ניט האָבן קיין קאָפּווייטיק. און אַז אים האָט ווי געטון דער קאָפּ איז דאָס שוין אויסגעגאַנגען צו איר קאָפּ. וואָס זי האָט ניט געטון, וואָס זי האָט ניט געזאָגט האָט ניט געטויגט. אַפילו דאָס קינד האָט ער ניט געקענט פאַרטראָגן, איז עס צוגעגאַנגען צו אים האָט ער עס געטריבן פון זיך. דאָס קינד האָט נעבעך געליטן, האָט זיך עס געטוליעט צו דער מוטער, און זי האָט עס געהאַלזט, געקושט און געמוסרט: דעם טאַטן טוט ווי דער קאָפּ.

— מיר טוט אויך ווי דאָס קעפּעלע, — האָט דאָס קינד געכיט־רעוועט, און אפשר געזאָגט דעם אמת. די גרוב האָט דעם קינד קיין גוטס ניט געטון. געוואָרן בלאַס, ניין, ניט בלאַס, געקראָגן אַן ערד־קאָליר, אַרויסנעמען דאָס קינד אין דרויסן איז טאַקע געווען ממש אַ מצוה אַן דעם, אָבער אויך אַ ריזיקע. אָט ווי די מאַמע האָט אויס־געזען גויאיש, איז דאָס קינד געווען געראָטן אין טאַטן, זיין שמאָל פּנימל, זיינע שוואַרצע האָר, מער ניט די אויגן דער מאַמעס — בלוי. אַ זעלטענע קאָמבינאַציע, און דאָס האָט דעם נאָך צוגעגעבן מער חן. זייער אַ שיין קינד געווען, זעלטן ווען צו זען אַזאַ שיין קינד.

זשוקאָוו האָט פאַרמאַכט די אויגן. האָט ער געזען דאָס קינד? ווען ער האָט געעפנט די אויגן בין איך ניט געווען זיכער צי האָט ער געזען מיך, ער האָט, דוכט זיך, געקוקט פאַראויס, אָבער איך וואָלט געקענט שווערן ער האָט געזען אויף צוריק.

— געווען איז דאָס אַ פּרייטיק אינדערפרי. יאָ, פּרייטיק. מיר האָבן שוין געהאַט אונדזערע סימנים ווי צו וויסן דעם טאָג פון דער וואָך, אלול צייט. טעג געווען זייער שיינע, וואַרעם, ליכטיק, נעכט אויך זייער שיינע. די נעכט איז דאָך אָפּגערעדט, מ׳איז געזעסן אַזוי לאַנג ווי מ׳האָט נאָר געקענט, אָבער אויך דורכן טאָג האָבן מיר אַריינגעכאַפּט בגנבה אַ ביסל זון, ליכט, דער עיקר — גאַנץ פרי. די אויסרעכענונג איז געווען — דער דייטש וועט דאָך ניט אויפשטיין אַ שעה פאַרטאָג גיין זוכן אין וואַלד. איך האָב נאָך געהאַט איין זיי־

גערל און האָב עס זייער געהיט עס זאָל זיך חלילה ניט אָפּשטעלן, כאָטש וויסן „וואו מ'האַלט אין דער וועלט". אַ קוק געטון דער זייגער איז פינעף, האָב איך געטראַכט — אַרויסגיין, אַ קוק טון ווי די זון גייט אויף, ערשט איך הער, אַנאַטאָל, אַזוי האָט ער זיך גערופן, זיין יידישן נאָמען האָב איך ניט געוואוסט, קלאָגט זיך ער האָט אַ שטאַרקן קאָפּווייטיק. — אַ נאָווינע ביי גאָט, — האָב איך זיך געטראַכט. אים ניט ליב געהאָט, אים ניט געקענט פאַרטראָגן. אַ מענטש טוט מיר אַ טובה וואָס ער לעבט אויף דער וועלט. דבורה איז צוגעגאַנגען צו אים, אַ טאָפּ געטון דעם שטערן. — האָסט היץ?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן? איך האָב אַ גראַדוסניק?

— קיין גראַדוסניק איז ניטאָ, אָבער קענסט דאָך פילן, אַז מ'האָט היץ פילט מען עס, אין די אויגן, — האָט זי געענטפערט שוין אַ ביסל ברוגזלעך. זי איז שולדיק וואָס ס'איז ניטאָ קיין גראַדוסניק. מער האָט גאָרניט געפעלט, נאָר אַ גראַדוסניק.

— איך קען די אויגן ניט עפענען, — האָט ער שוין זיך געקלאָגט, ניט געבייזערט.

— ווען איך קען קריגן אַן אַספּירין, — האָט ער זיך שוין געבעטן.

— זי האָט נאָכאַמאָל אַ טאָפּ געטון זיין שטערן, איז אָפּגעגאַנגען פון מאַן און גענומען „אַנטון" זיך, דאָס קינד. אַנטון. געשלאָפן איז מען אין די זאַכן, מער ניט מ'האָט אַרונטערגענומען דאָס רעקל, צי דאָס אויבערשטע קליידל און עס אַוועקגעלייגט צוקאָפּנס.

— וואוהין איז? — האָב איך אַ פרעג געטון.

— צוגיין צו מיקיטען, — האָט זי שטיל געענטפערט, — אפשר האָט ער אַן אַספּירין, — האָט זי צוגעגעבן בסוד.

— מיקיטע אַן אַספּירין?

— אפשר פאַרט ער אין שטאָט אַריין, וועט ער ברענגען, — האָט זי ווי פאַרענטפערט זיך פאַר איר נאַרישער השערה אַז מיקיטע האָט אַספּירין ביי זיך אין שטוב.

— וואָס איז אים?

— זי האָט קענטיק דערפילט אין מיינע רייד די שנאה צו אים, און עס האָט איר, קענטיק, פאַרדראָסן.

— אייך גייט עס שטאַרק אָן?

— אַזוי טראַציק. דאָס האָט מיך שוין פאַרדראָסן. עס האָט מיך

פֿאַרדראָסן, ווייל געוויינלעך איז זי געווען זייער פֿריינטלעך צו מיר און, ווי זאָל איך אייך זאָגן, מיך האָט פֿאַרדראָסן וואָס זי האָט אים ליב, אַזאַ . . . רוף איך זיך אָן — איר קענט זיך גיין, דאָס קינד לאָזט דאָ.

— איך ווייס ניט, עד היום ווייס איך ניט, אפשר ווען איך זאָג עס איר מער פֿריינטלעך, וואָלט זי מיך אפשר געפֿאָלגט, ביי מיר איז עס אַרויסגעקומען ווי אַ באַפֿעל. — זאָרגט זיך פֿאַר זיך, — האָט ז׳ מיר אָפּגעענטפֿערט, און גענומען אויסריכטן דאָס קינד צום גיין.

— איך האָב געוואוסט אַז ווען אים טוט ווי דער קאָפּ טאָר דאָס קינד ניט צוטרעטן נאָענט צו אים, און ווען ער טרייבט עס אַוועק פֿון זיך וויל עס באַין אופֿן ניט צוגיין צו מיר אָדער צו עוזרן, בלויז מיט דער מוטער וויל עס זיין. זי האָט עס מסתּם געוואוסט נאָך בעסער פֿון מיר, הייסט עס, אַז זי איז גערעכט וואָס זי נעמט מיט דאָס קינד, פֿונדעסטוועגן האָט מיך פֿאַרדראָסן איר ענטפֿער. ווען זי איז אַרויס־געגאַנגען איז דער פֿאַרדרוס ווי פֿאַרשוואונדן, אָבער מיך האָט אַרומ־געכאַפּט אַן אומרואיקייט. איך האָב אַ קוק געטון אין ווינקל צו איר אַנאַטאָלן, ער איז געליגן שטיל, עוזר, האָב איך געהערט, איז געשלאָפֿן. טיגער, וואָס איז ביז אַהער אויך געליגן רואיק, האָט גלייך נאָך איר אַרויסגיין זיך אויפֿגעהויבן, גענומען זיך אַרומדרייען, כאַפּנדיק מיין קוק, איז ער צוגעגאַנגען צו מיר, זיך אַ רייב געטון אָן מיין שענקל, אַ הויב געטון די מאָרדע צום אַרויסגאַנג, צוגעגאַנגען אַהין און צוריק צו מיר, אָט ווי ער וואָלט מיר געזאָגט: גיי אַרויס. איך האָב זיך אויפֿגעהויבן, האָט ער גענומען שפּרינגען אויף מיר און פֿון מיר צו דער „טיר“.

— דו זיי דאָ, — האָב איך אים איינגענומען, געגלעט זיין קאָפּ, אים געקראַצט אונטער דער מאָרדע, דאָס האָט ער זייער ליב געהאַט, און איך האָב אים איינגעלייגט. ווען איך האָב גענומען אַרויסקריכן איז ער אונטערגעשפּרונגען, האָב איך אַ דריגע געטון מיט דעם פֿוס, זיך אַרויסגעקראָגן אין דרויסן און שנעל פֿאַרהאַקט די „טיר“.

— אַרויס אין דרויסן, האָב איך אַ שפּאַן געטון פֿון צווישן די בוימער, אַ ביסל אָן אַ זייט, פֿון וואַנען מ׳האָט געקענט כאַפּן מיטן אויג מיקיטעס שטיבל. איך האָב געזען דבורה איז געבליבן שטיין, אפשר אַ פּופּציק מעטער פֿון מיקיטעס הויף, האָט אַ נעם געטון דאָס

קינד אויף די הענט, זיך אויסגעדרייט צום וואַלד און גענומען לויפֿן. לויפֿן איר אַנטקעגן! צוכאַפּן ביי איר דאָס קינד! איז מיר דורכגעלאָפֿן די מחשבה. איך האָב ניט באַוויזן זיך אַ ריר טון, האָב איך דערהערט אַ הונט האָט אַ האַווקע געטון. עפּעס ניט געווען קיין האַווקע, קיין בילן, אָט ווי טיגער למשל, נאָר עפּעס אַזוי ווי אַ הונט, אַ חיה וואָלט אַ ביס געטון די לופֿט, איין איינציקער האַווקע, און גלייך נאָכדעם האָב איך דערזען אַ הונט. עפּעס ניט קיין הונט, אַ וואָלף האָט אַ יאָג געטון, פֿאַרלאָפֿן איר דעם וועג, זיך אַ שטעל געטון אויף די הינ־טערשטע פֿיס, מיט די פֿאָדערשטע לאַפּעס אויף איר, זי אומגע־וואָרפֿן, און איך האָב דערזען דאָס קינד הייגנעדיק אין דער לופֿטן, ביים הונט אין מויל. איך האָב אַ כאַפּ געטון די הענט צו די אויגן. ניט זען! איך האָב אָבער געזען, איך האָב געזען דעם הונט, דאָס קינד, אַזוי ווי אַ קאַץ טראָגט אַ געכאַפּט מייזל. אַ קוויטש האָט מיר אַ שטאָך געטון אין די אויערן, איך האָב אַן עפֿן געטון די אויגן, דערזען דבורהן נאָכלויפֿן, האָב איך זיך אַ בויג געטון פֿאָראויס ווי צום לויפֿן נאָך איר, און, ווי עמיצער וואָלט מיך אַ שטויס געטון אויף צוריק, האָב איך אַ פֿאַל געטון צו דער ערד. ליגנדיק האָט מיך גע־נומען וואַרפֿן ווי אין אַ קדחת. איך האָב זיך צוגעדריקט צו דער ערד, איינגעגראָבן אַפֿילו דעם פּנים און ערשט ווען איך האָב דערפֿילט אין מויל שטעכלקעס, זאַמד, האָט דער קערפּער זיך אַ ביסל איינגעשטילט, איך האָב אַ הויב געטון דעם קאָפּ, און דער ערשטער געדאַנק וואָס מיר איז געקומען: האָט דער הונט געזען אויף מיך? ערשט איצט האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ שרעק, אַ שרעק פֿאַרן אייגענעם לעבן. איך האָב איינגעצויגן דעם קאָפּ ווי אַ טשערעפּאַכע און אויפֿן בויך גענומען קריכן אויף צוריק, אין גרוב אַריין. אַריינגעקראָכן, האָב איך זיך איבערגעקוליעט איבער טיגערן וואָס איז געשפּרונגען אַנטקעגן מיר, און בין געבליבן ליגן.

— וואָסי? — האָב איך דערהערט עוזרס שטימע איבער מיר.

— מיר האָט זיך געדוכט אַז איך האָב געשריען, עוזר האָט אָבער קוים געהערט און, ווען ער האָט געכאַפּט מיינע ווערטער, האָט ער זיי גלייך ניט באַנומען, ערשט ווען ער האָט באַגריפֿן וואָס האָט פּאַסירט, האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזט צו מיר און, בלחש, זיין פּלימעניק זאָל ניט כאַפּן, גענומען מיך אויספֿרעגן. איך האָב ניט געקענט ריידן, ער

האָט מיר דערלאַנגט איין קווערטל וואַסער, אַ צווייטס, איך האָב זיך אַ ביסל באַרואיקט, אים דערציילט אַז דבורה איז אַריינגעפאַלן, זי מיטן קינד, וועגן דעם הונט האָב איך ניט דערמאָנט, פאַרוואָס, ווייס איך ניט.

— שלעכט, — האָט ער אַ זאָג געטון. — זייער שלעכט. כ׳האָב מורא אַז מיר׳ן אַלע גיין.

— מיינסט . . . ? — שיר שיר האָב איך אַרויסגעזאָגט: דער הונט האָט מיך געזען?

— אַ מענטש איז ניט מער ווי אַ מענטש. אויב מ׳זאָל זי נעמען מאַטערן, זי זאָל, חלילה, זיך אַרויסריידן, זיינען מיר אַלע קאַפּוט.

— וועגן דעם אַז זי זאָל אונדז אויסגעבן איז מיר ביז דאַן ניט געקומען אויפן זינען. ווען עוזר האָט דאָס אַרויסגעבראַכט פון מויל, האָב איך דערזען זי, דעם הונט, דאָס קינד, און תוך כדי ראיה איז מיר אַרויפגעקומען אויפן זינען — דאָס קינד, ניט אַזוי די מוטער, זי וועט זיך אפשר אַרויסדרייען, דאָס קינד אָבער, אַ קינד, קען זיך אויסריידן.

— און מיקיטע? — האָט עוזר אַ פרעג געטון. — אים האָט מען אויך פאַרנומען?

— איך ווייס ניט. ניט געזען. ריידן וועט ער ניט. ער ווייסט אַז אויף אים וואַרט די תליה.

— אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט, האָב איך דערזען, ממש דערזען אַ תליה, מיקיטען, זיך. איך האָב פאַרמאַכט די אויגן. עפּעס האָט זיך אַ רודער געטון, האָב איך אַן עפן געטון די אויגן און דערזען אים, דבורהס מאַן. ער האָט זיך אויפגעזעצט.

— דבורה ניטאָ?

— עוזר איז צוגעלאָפן צו אים. — זי איז אַוועקגעפאָרן אין שטאָט.

— אַוועקגעפאָרן אין שטאָט!

— אַוועקגעפאָרן אין שטאָט, מיט מיקיטען, קריגן אַספּירין, עפּעס . . .

— ער האָט זיך צוריק אַוועקגעלייגט.

— מיך האָט אַרומגעכאַפּט אַ מין כעס אויף אים. מיר האָט זיך געוואָלט צוגיין, אים אַ טרייסל טון, אים אַריינשרייען אין פּנים אַריין: דיין ווייב! דיין קינד! דו . . . און תוך כדי מחשבה האָב איך רחמנות

געקראָגן אויף אים: וואָס איז ער נעבעך שולדיק? מיזעראַבלע באַשע־פעניש, אָן איר וועט ער אודאי אומקומען. איך, עוזר האָבן געשוויגן, דער הונט, וואָס האָט פריער זיך געדרייט אַרום מיר, האָט זיך אַני־דערגעלייגט, געשוויגן, די גאַנצע הייל אַ הייל פון שווייגן, איך האָב דייטלעך געהערט מיין זייגערל גיין, דאָס קלאַפּן פון מיין האַרצן, און דאָס זייגערל, דאָס האַרץ האָט געשאַטקעוועט די צייט, געשניטן שטיק־לעך, ברעקלעך פון מיין לעבן, און די צייט האָט זיך געצויגן, אַלץ הייסט זיך געצויגן. איך האָב שוין ניט געקענט מער אויסהאַלטן, גע־מאַכט אַ באַוועגונג זיך אויפהויבן, טיגער האָט זיך אָבער געפעדערט, ער האָט אַ שפּרונג געטון אין דער הויך, אַ גורגל געטון, איך בין שוין אויפגעשפּרונגען — פאַרטיקו זיי קומען! דער הונט האָט מיך געזען . . .

— קאַטערינע, מיקיטעס ווייב, האָט זיך אַריינגעשטעלט. דער הונט האָט גענומען שפּרינגען אויף איר, לעקן איר פּנים, זי האָט אים געהאַלזט, געגלעט, מיר, איך און עוזר, זיינען געשטאַנען, געוואַרט. דבורהס מאַן, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט ביי קאַטערינעס אַריינקומען, האָט מיט אַמאָל אַ פרעג געטון: וואו איז מיין ווייב, דאָס קינד?

— די גויע האָט אַ פיר געטון מיטן קאָפּ צו מיר, צו עוזרן, אַט ווי זי וואָלט געוואָלט זיך מישב זיין מיט אונדז: וואָס זאָגט מען אים? אפשר גאָר געפרעגט: וואָס, איר ווייסט גאָרניט? דאַן האָט זי שטיל אַרויסגעזאָגט: די ווייב, מיקיטע זיינען אין שטאָט. די דייטשן האָבן זיי פאַרנומען.

— די דייטשן!

— איך האָב ניט דערקענט זיין קול, ניט דערקענט דעם מענטשן. ער איז אויסגעוואַקסן, דער געשריי — אַ לופט אַלאַרם. ער האָט זיך אַ לאָז געטון צום אַרויסגאַנג. איך האָב פאַרשטעלט דעם וועג. ער האָט מיך אַ שאַר געטון, האָב איך אים פאַרכאַפּט, אים אַ שטויס געטון אויף צוריק — זיץ דאָ! ווען ער פּרואווט נאָכאַמאָל וואָלט איך אפשר אַרויפגעפאַלן אויף אים, צעממיתט. ניט וואָס איך האָב מורא געהאַט. דאַן האָב איך שוין ניט מורא געהאַט, דער כעס האָט אין מיר געזאָטן. נאָך איצטער אין כעס אויף אים, זאָל אים די ערד ניט זיין צו שווער.

— עוזר האָט אים איינגענומען. וואוהין וועט ער לויפן? וואָס וועט ער אויפטון? קען גאָרניט העלפן. קאַטערינע האָט גערעדט צו אַלעמען, מיר האָט זיך געדוכט אַז זי רעדט דוקא צו מיר, האָב איך דאָך געזען

דעם הונט, דאָס קינד . . . „ווען זי זאָל זיך ניט געווען דערשרעקן. ווען זי קומט אַריין, איך וואָלט געזאָגט זי איז מיין שנור, מיין טאָכטער. האָט זי זיך אָבער דערשראָקן פאַרן הונט. אַ הונט. אַ חיה רעה. גענומען לויפן, און דאָס . . . דאָס האָט זי אַוועקגעהרגעט. זי איז אָבער אַ בריה אַ ווייבל. אַ בריה אַ ווייבל" — האָט זי שוין אַ דריי געטון דעם קאָפּ צום מאַן. „וויפיל מ'האָט זי ניט גע . . . שלאָגן, ביין און ביין, זי קען אונדז ניט, פּאַראַסקע איז זי, פּאַראַסקע פון דובראָוועקע, דאָס דאָרף פון יענער זייט וואַלד".

— פּאַראַסקע, — האָב איך איבערגעזאָגט פאַר זיך. עוזר האָט אַ פרעג געטון — און דאָס קינד?

— דאָס קינד, ווי אַ פויגעלע האָט זיך עס געטוליעט צו איר.

— כ'מיין, האָט עס ניט גערעדט, געשריען?

— פּיצעלע פויגעלע, פון שרעק האָט עס דאָס לשון פאַרלאָרן. דאָס קינד האָט ניט גערעדט. און זי וועט אויך ניט רעדן. פון מיקיטען איז אָפּגערעדט. ער האָט געגנוג אַריינגעכאַפּט, אים פאַרנומען מיט זיי, ער האָט אָבער נאָך באַוויזן מיר אָנזאָגן איך זאָל גלייך גיין אַהער, איר זאָלט גלייך פאַרלאָזן. גלייך. זיי'ן קומען זוכן, זאָלן זיי גאָרניט געפינען. געבראַכט אַ ברויט. נעמט מיט אויפן וועג.

— דער הונט וואָס האָט ביז אַהער אויסגעהערט קאַטערינעס רייד האָט גענומען זיך דרייען פון קאַטערינען צו אונדז און צוריק, אָט ווי ער וואָלט געפרעגט: נו, און איך?

— נעמט אים מיט, — האָט קאַטערינע אַ גלעט געטון דעם הונט. — וועסט גיין? יאָ, וועסט גיין. איר'ט גיין גלייך מיטן וואַלד. אין אַרום זעקס שעה גאַנג, טיגער ווייסט דעם וועג, וועט איר קומען צו אַ טיפער באַלקע, דאָרטן איז דאָ אַ קורין. איר'ט אים אפשר ניט באַמערקן, אָבער דאָרטן שטייט אַלע מאָל עמיצער. וועט אייך פרעגן ווער איר זייט, זאָגט אים: טאַנטע קאַטיאַ לאָזט גריסן. זיי'ן שוין דערקענען טיגערן. זיי'ן פרעגן וואָס, ווען? רעדט ניט צופיל. קענט זיי זאָגן מ'האָט פאַרנומען מיקיטען. ער'ט קומען וועט מען זיי לאָזן וויסן. ער'ט קומען. און זי, די ווייבל, אַז זי וועט קומען . . . וועט זיך שוין דערלאַנגען צו אייך. גייט מיט גאָט. דו בלייב דאָ, — האָט זי אַריינגערעדט דעם הונט אין אויער אַריין. — גייסט מיט זיי. — זי

האָט אַ פּעטשל געטון דעם הונט, אים אַ שטופּ געטון צו אונדז און זיך אַרויסגעכאַפּט פון גרוב.

— געוואָרן שטיל ווי אין אַ קבר. דער הונט האָט זיך אַ דריי געטון.

— נו וואָס, מיר גייען?

— יאָ, מיר גייען, — האָט עוזר געענטפערט. מיר ביידע האָבן זיך אַ דריי געטון צו אים, ער האָט אויך געמאַכט אַ באַוועגונג צום גיין. אויסגעטרונקען אַ ביסל וואַסער, געגעבן דעם הונט אויסזופן דאָס לעצטע, גענומען דעם ברויט, האָבן מיר זיך אַרויסגעלאָזט אין דרויסן. זיך צוגעפּאַסט צו דער ליכטיקער שיין, האָבן מיר אַ קוק געטון צו מיקיטעס שטיבל, זיך אומגעדרייט אין וואַלד אַריין, אַנאַטאָל האָט זיך אַ דריי געטון אויף צוריק.

— וואוהין איז? — האָט אים עוזר אָנגעכאַפּט.

— ער האָט אַ ריס געטון דעם אָרעם. — לאָזט.

— משוגענער! וועסט׳אך . . . — האָט ער אים ווידער אָנגעכאַפּט.

— לאָזט!

— אָבער ביסט׳אך קראַנק! קענסט׳אך . . .

— הערט, פּעטער, וועגן מיר קימערט זיך ניט, און פאַר זיך שרעקט זיך ניט. גייט אייך. — ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

— דער „הערט פּעטער" איז אַרויסגעקומען ניט פון אַ פלימע־ניק צו אַ פּעטער, נאָר פון איין יידן צו אַ צווייטן, וואָס זאָגט: פּעטער! מ׳קען אייך. דער „פּעטער" איז שוין געווען חל אויף מיר אויך, האָב איך אַ מאַך געטון מיטן האַנט, ווי אייגער רעדט: לאָז אים גיין, און מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען. מער האָב איך אים ניט געזען, ניט גע־הערט פון אים אויך. וועגן איר יאָ געהערט, פון מיקיטען. אים האָט מען אויסגעשלאָגן די לעצטע פאָר ציין וואָס ער האָט נאָך געהאַט, אים גוט צעממיתט, אָבער מ׳האָט אים אָפּגעלאָזט. זי האָט מען פאַר־מוטשעט צום טויט. דאָס קינד האָט מיקיטע ניט געזען. וועגן אַנאַטאָלן ניט געהערט. פאַרפאַלן געוואָרן . . . זאָל אים די ערד ניט זיין צו שווער.

— אין וואַלד, אין ד ע ם וואַלד, זיינען מיר לאַנג ניט געווען. אַ וואָכן זעקס אפשר, ניט מער. ניט געקענט אויסהאַלטן. דאָרטן

אויך . . . כלבים. ניט אַלע, אָבער געוועזן אַזוינע. אַ הונט אפשר דער בעסטער פריינד וואָס דער מענטש האָט צווישן חיות, אָבער אַ חיה, דער מענטש אויך, אַמאָל דער בעסטער פריינד און גאַנץ אָפט אַ כלב. דוכט זיך פאַרטיזאַנען, אָט איז ער גרייט אָוועקלייגן דעם קאָפּ פאַר דיר, און פאַר אַ שטיקל ברויט וועט ער דיר אַרויסלאָזן די קישקעס פון בויך. האָסט דעם דייטש, און איך און עוזר — זשידקי, קיין אַנדער נאָמען ניט געהאַט. זיך גענוג אויסגעשטאַנען ביז מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען. זיינען מיר געגאַנגען, זיך געשלעפּט פון דעם וואַלד אין אַן אַנדערן, פון איין דאָרף אין אַ צווייטן, אַמאָל געגאַנגען, אַמאָל אונטערגעפּאָרן, ניט איין מאָל געהאַלטן די נשמה אין האַנט, און ווען מ'איז אַרויס מיט גאַנצע ביינער האָט מען זיך געזאָגט: דער כלב לעבט! יאָ, מ'האָט געלעבט. אַריינגעפאַלן, געמיינט — אַן עק, דאָ איז דער סוף, מיר, איך און עוזר, זיינען צעשיידט געוואָרן, זיך ניט געריכט מיר זאָלן ווען עס איז זיך זען, ווער האָט זיך עס געריכט אַז מ'וועט דאָס אַלץ איבערלעבן? ווען מיר האָבן זיך נאָכדעם געטראָפן, שוין אין פּערנוואַלד, האָבן מיר זיך אַרומגעכאַפּט — דער כלב לעבט! דאָרטן, אין פּערנוואַלד, האָבן מיר אָפּגערוט די ביינער. אַז אַך און וויי וואָס פאַר אַ רו, אָבער פאָרט, זיכער מיטן לעבן. נו, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט וויזעס. איך האָב געוואָלט פאָרן קיין ארץ ישראל, געוואָלט זיין צווישן אייגענע, ניט צווישן כלבים, אגב, האָב איך דאָרטן אַ ברודער, דער עלטערער ברודער מיינער, אַ ייד אַ למדן און אַ גרויסער ירא שמים, וואוינט אין ירושלים, וואוינט ער. געשריבן צון אים, אפשר קען ער עפּעס אויספועלן פאַר מיר, אַליין נאָכגעגאַנגען, געוואָלט פאָרן אַהין, זיין צווישן יידן. איך האָב אויך געשריבן צו מייז יונגערן ברודער דאָ. פון ארץ ישראל גאָרניט געוואָרן. דער ברודער האָט צוגעשטעלט אַלע נויטיקע פּאַפּירן, געשיקט געלט, נו, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט אַהער. אַ פאַרמעגלעכער מענטש, די הויז דאָ — אַן אייגענע הויז, האָט אַ גוט געשעפט, האַלט מיך אויס בכבוד. איך וויל גיין אַרבעטן, איך בין אַ געזונטער מענטש, אַ גוטער בעל מלאכה, קען פאַרדינען גאַנץ פיין, לאָזט ער מיך ניט. „רו זיך אויס, די אַרבעט וועט ניט אַנטלויפן". רו איך, עס און טרינק, זיץ, ליג, אָבער . . . — ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, — איכ'ל אַנטלויפן פון דאַנען. אויב שוין יאָ זיין דאָ, איז אין אַ גאַס וואו עס וואוינען לייטער פרומע

יידן, יידישע יידן, וואָס האָבן ניט קיין הינט . . . קיין . . . ניט גוט, מיין פריינט.

זשוקאָוו האָט זיך אויפגעהויבן. איך האָב געוואוסט אַז ער האָט עס ניט געטון אומישנע, כדי מיר זאָגן — גיי דיר! איך האָב אָבער דערפילט אַז איך דאַרף שוין גיין. גענוג. ער וועט שוין מער ניט ריידן, דער קראַן איז פאַרדרייט. איך האָב זיך אויפגעהויבן און זיך געישובט: אים דערמאָנען וועגן עוזרן צי ניט? דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך געחידושט, צוויי מענטשן, איבערגעלעבט צוזאַמען אַזוי פיל, און עפּעס האָב איך ניט באַמערקט קיין איבעריקן אינטערעס אין אים צו עוזרן. אפשר אויפן סוף זיך צעווערטלט. קען אַמאָל זיין. מענטשן . . .

— נו, איכ׳ל גיין, — האָב איך אַ זאָג געטון, דערלאַנגט די האַנט.

— גייט געזונטערהייט, — האָט ער געענטפערט לעבלעך און, אָפּגעלאָזט מיין האַנט, האָט ער צוגעגעבן: אַז איר׳ט שרייבן עוזרן — איר שרייבט זיך מיט אים דורך? — שרייבט אים אַז איר האָט מיך געזען און . . . דער כלב לעבט. אוי, לעבט ער! — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ זיפץ פאַר זיך, דעם פּנים שוין געווענדעט צו דער טיר, דער גאַס.

איך בין אַרויסגעגאַנגען פון הויז, דערזען די גאַס, די בוימער, און די גאַס — עפּעס אַ לאַנגע בינע, די בוימער — ניט קיין פּאַלמעס, אלעאנדערס, צי אַפילו מאַגנאָליאס, נאָר שטומע סטאַטיסטן, אַפילו די זון, וואָס איז מיר איצט געווען אין רוקן, האָב איך ניט געפילט, איך האָב בלויז דערזען אַז איך דאַרף ווידער פאַרבייגיין דאָס הויז מיטן הונט דאָרט. אַ בליק אַהין, און איך האָב דערזען דער כלב ליגט ווי פריער, אויסגעצויגן אויפן בויך, דער קאָפּ צווישן די פאָדערשטע לאַפּעס. דרימלט ער? לויערט ער? פאַרבייגיין? אפשר אַריבערגיין אויפן צווייטן טראַטואַר? דער שכל האָט געזאָגט — אַריבערגיין. וואָס דאַרפסטו איינשטעלן, צי גאָר זיך שפּילן אין בראַוואַדאָ? און דערזעלבער שכל האָט געזאָגט — פאַרבייגיין! דוקא אויף דער זייט! איך האָב געטון דאָס צווייטע. די ליטקעס, די שיינקלען, האָב איך געפילט, ציען זיך אָן, מיין גאַנג, עפּעס אַ מיר רעסארן גאַנג, די אויגן, זיי קוקן ניט אויפן הונט און זיי זעען אים פאָרט. קוק אויף אים! קוק אים גלייך אין די אויגן! דער הונט האָט אָן עפן געטון די אויגן,

אַ דין שפּעלטעלע, אַ שפּיק געטון. — אָט דער שלימזל? שוין געזען אים. ניט כדאי . . . — און צוריק פאַרמאַכט די אויגן.

דער הונט איז שוין געווען הינטער מיר. איך בין שוין גע־גאַנגען מיט אַ נאַטירלעכן גאַנג, איך האָב זיך אַפילו ניט אומגעקוקט צי ליגט ער, איך האָב אָבער געפילט אַז דער כלב לעבט . . . אויך אין מיר. איך בין טאַקע ניט געווען „דאָרט״, אָבער איך בין איינער פון זיי. און ניט נאָר פון זיי. בין איך ניט געווען אין אוקראַינע, פּוילן, ווען מיין זיידע, עלטער עלטער זיידע איז געגאַנגען צום פּריץ און די הינט זיינען אים באַפאַלן? איך האָב אַ רעכט מורא צו האָבן פאַר הינט . . . דאָס רעדט דער פּחדן? ער טייטשט עס אויס. אפשר. אָבער איך קען די „בראַווע״. אַ קינד אין הונטס פּיסק . . . דאָסזעלבע קינד אין דער לופטן, אַ „העלדישער אַריער״ האָט עס אַ וואָרף געטון, זען צי קען ער עס דערשיסן „אין פלי״ . . .

איך האָב זיך אַ טרייסל געטון, בין אָבער גלייך אַוועקגעגאַנגען מיט אַ נאַטירלעכן מענטשלעכן גאַנג, נעמען דעם טראַמוויי, פאָרן, טון עפּעס. אַזוי גייט עס, דער כלב לעבט . . .

## פון דעמזעלבן שרייבער: